זשול ווערן.

# געזאמעלטע ווערק

עלפטער באנד.

1922.

היברו פּאַבּלישינג קאָמפּאַני
52-50 עלדרידזש סטריט, ניו יאָרק.

# צווייטער טהייל

## דער פערשטויסענער

### 1טעם קאפיטעל.

**ויכוחים וועגען דער קויל. — בויען א שיף. — הערבערט אויף א שפיץ פון א בוים. — קיין שפור. — דיא געפאנגענע טשערעפאכע. — דיא טשערע־פאכע פערשוואונדען. — הארדינג׳ס ערקלעהרונג.**

עס איז ערשט געווען פונקט זיעבען מאנאטען פון דער צייט ווען דיא רייזענדע אין לופט־באלון זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף׳ן לינקאָלן אינזעל. דורך דער צייט האָבען זיי גענוג געפאָרשט דעם אינזעל. זיי האָבען אויף איהם שפאצירט אין דער לענג און אין דער ברייט, אָבער קיין מענשען, זאָגאר קיין שפור פון מענשען האָבען זיי אויף איהם ניט ענטדעקט. זיי האָבען ערגיץ ניט געפונען קיין געגענשטאנד, קיין זאך, וואָס מען זאָל קענען דענקען, אז מענשען הענד האָבען עס ווען עס איז געמאכט. דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען דארום ביז לעצטענס געגלויבט, אז דער לינקאָלן אינזעל איז קיינמאָל ניט געווען בע־וואָהנט פון מענשען. אָבער דער לעצטער פאָרפאָל מיט דער בלייענער קויל וואָס זיי האָבען געפונען אין קערפער פון יונגען טהיער, האָט זיי צומישט זייערע געדאנקען פאקטיש האָט עס אויסגעזעהן, אז דער מעטאלענער קוגעל איז ארייגעיאָגט געוואָרען אין דער חיה פון א ביקס אָדער פון אן אנדער פייער־וואפען, און ווער האָט עס געקענט טהאָן, ווען ניט א מענש?

ווען פענקראָפט האָט דיא קויל ארויסגענומען פון זיין מויל און זיא אוועקגעלייגט אויף׳ן טיש, האָבען זיינע קאָמפּאַניאָנען דערויף געקוקט מיט ערשטוינונג און זיי האָבען אליין ניט געוואוסט וואָס צו דענקען דעריבער.

סיירוס הארדינג האָט קיין מיינונג אויסגעשפּראָכען וועגען דעם געהיימניספאָלען בלייענעם קוגעל, אָבוואָהל ער האָט וועגען דעם פיעל געדענקט און פערשיעדענע טהעאָריען האָבען זיך וועגען דיעזען געגענשטאנד געמישט אין זיין מח. ער האָט דיא קויל גענומען אין האנד, האָט זיא געדרעהט אין אלע זייטען, דאן האָט ער זיך געווענדעט צו פענקראָפט:

— זיינט איהר זיכער, פריינד פענקראָפט, אז דאָס טהיער וואָס איז פערוואונדעט געוואָרען מיט דיעזער קויל איז מעהר ניט אלט געווען וויא דריי מאָנאטען?

— ניט מעהר, הערר קאפּיטאן — האָט פענקראָפט געענטפערט — עס האָט נאָך געזויגען דער מוטער׳ס ברוסט, ווען איך האָב עס אין גרוב געפונען.

— אויב אזוי — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — זעהט עס אוים, אז ווען עס איז אין פערלויף פון דיא לעצטע דריי מאָנאטען האָט דאָ אימיצער געשאָסען.

— און דיא קויל — האָט דער רעפּאָרטער צוגעגעבען — האָט געטראָפען, אָבוואָהל ניט טויטליך פערוואונדעט דעם קליינעם שוויין.

— דאָס איז קיין צווייפעל — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט מיט א זיכערען טאָן — און דערפון קענען מיר קומען צום שלוס, אז מענשען זיינען דאָ געווען פאר אונז, אָדער אימיצער האָט בעזוכט אונזער אינזעל אין פערלויף פון דיא לעצטע דריי מאָנאטען, וועהרענד מיר זיינען שוין דאָ געווען דיא בעזיצער. זיינען יענע מענשען אהער געקומען פרייוויליג, אָדער זיינען זיי אהער פערוואָרפען געוואָרען דורך אן אונגליק, דורך א שיף־ברוך? דאָס איז א זאך וואָס מיר קענען פאָרלויפיג ניט וויסען. פיללייכט וועט עס אונז דיא צייט ערקלערען. ווער יענע מענשען זיינען געווען, אייראָפּעער אָדער האלב ווילדע פון דיא מאלאי אינזלען, אויב יענע מענשען זיינען פריינד אָדער פיינד פון אונז ציוויליזירטע, קענען מיר אויך ניט וויסען, און עס פערבלייבט אויך פאָרלויפיג פאר אונז א געהיימניס, אויב זיי געפינען זיך נאָך אויף דיעזען אינזעל אָדער ניט. אָבער דיעזע פראגען זיינען צו וויכטיג, אז מיר זאָלען זיי איבערלאָזען אויף א לאנגע צייט אונענטשיעדען.

— ניין! הונדערט מאָל ניין! טויזענד מאָל ניין! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען אויפשפּרינגענדיג פון זיין פּלאַץ — דאָ זיינען קיינע מענשען אויסער אונז ניטאָ! איך שווער אייך ביי מיין גלויבען, ביי אלעם וואָס הייליג איז, אז קיינע אנדערע מענשען זיינען אויף׳ן לינקאָלן אינזעל ניטאָ. דער אינזעל איז ניט גרויס און ווען מענשען זאָלען זיך דאָ ערגיץ געפינען, וואָלטען מיר זיי שוין לאנג געזעהן!

— עס איז אביסעל אמת — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — און מען

מוז שטוינען פון אזא געהיימניספאָלען פאל מיט דער קויל וואָס איהר האָט געפונען.

— אָבער צו דענקען אז דיא חיה איז געבאָרען געוואָרען מיט א בלייענע קויל אין איהר קערפּער — האָט זיך גידעאָן ספּילעט אָבגערופען — וועט דאָך זיין מעהר זאָנדערבאר אָדער פיליכט נאריש פון אונזער זייט.

— פיליכט — האָט זיך נעב ארויסגעכאַפּט — פיליכט האָט פּענקראָפט געהאט דיא קויל —

— קוקט זיך צו, נעב — האָט איהם פּענקראָפט איבערגעשלאָגען דיא רייד — איהר מיינט דאָך וואהרשיינליך צו זאָגען, אז דיא שטיקעל בליי איז געלעגען בעהאלטען ביי מיר אין מויל! וואו האָט עס זיך געקענט בעהאלטען? וויא איז עס מעגליך, אז א קויל זאָל זיך געפינען ביי מיר אין מויל און איך זאָל עס גאָר ניט פיהלען און וויסען?

רעדענדיג דיזע ווערטער האָט פּענקראָפט אויפגעעפענט זיין מויל גאנץ ברייט און האָט ארויסגעצייגט זיינע צוויי רייהעם צייהן.

— זעהט איהר — האָט ער ווייטער געזאָגט — צעהלט איבער, איך האָב צוויי און דרייסיג צייהן און קוקט וויא פעסט זיי זיינען, וויא געדיכט זיי זיצען איינע נעבען דיא אנדערע. אויב איהר וועט געפינען א לעכעל אין מיינעם א צאָהן אָדער א שפּאלט צווישען איין צאָהן און דעם אנדערען, וועל איך אייך ערלויבען אויסצורייסען א האלבען דוצענד פון זיי! היינט וויא אזוי קענט איהר דענקען, אז דער בלייענער קוגעל איז געלעגען אין מיין מויל?

— נעב'ס מיינונג — האָט הארדינג געזאָגט — איז זיכער ניט קיין ריכטיגע, א מענש קען זיך ניט אומטראָגען מאָנאטען לאנג מיט א קויל אונטער'ן צונג אָדער צווישען דיא צייהן און ער זאָל דערפון ניט וויסען. עס איז קלאָהר וויא דער טאָג, אז אימעצער האָט דאָ געשאָסען מיט א ביקס, אָבער איך בין געניינט צו גלויבען, אז דיא לייטע וואָס זיינען דאָ געוועזען, פיליכט מיט איי־ניגע מאָנאטען צוריק, זיינען דאָ לאנג ניט פערבליבען, וואָרום ווען זיי וואָלטען אויף'ן אינזעל געוועזען א לענגערע צייט וואָלטען מיר זיך מיט זיי בעגעגענט אָדער מיר וואָלטען אמווועניגסטען געפונען אירגענד וועלכען שפּור פון זיי. וואו זיי זיינען היגגעקומען, קען איך ניט זאָגען. יעדענפאלס דארפען מיר דיא גע־היימניס אויפקלערען. הויפּטזעכליך מוזען מיר וויסען קלאָר, אויב מענשען זיינען נאָך דאָ פאראן אָדער ניט.

— וויא דיא זאך זאָל ניט זיין — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען — דארפען מיר האנדלען זעהר פאָרזיכטיג.

— אזוי איז מיין ראטה אויך — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — ווייל מיר דארפען מורא האָבען טאָמער געפינען זיך דאָ מאלאי'ער פּיראטען (ים רויבער).

— קאפיטאַן — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען — וואָלט ניט געווען א פּלאַן, אז איידער מיר געהן ארויס זוכען דיא מענשען וואָס זיינען דאָ געווען אָדער וואָס זיינען דאָ פאראן אויף'ן אינזעל, זאָלען מיר פריהער בויען א שיפעל? איך דענק, אז דאָס וואָלט געווען זעהר א גלייכע זאך. אין א שיפעל וואָלטען מיר געקענט פאָהרען מיט דער "מערסי" און מיר וואָלטען געקענט אויס־מיידען דיא שוועריגקייט פון קריכען דורך דיא וועלדער.

— אייער אידעע — האָט הארדינג געענטפערט — איז זעהר א גוטע; אָבער מיר קענען ניט ווארטען אזוי לאַנג. עס וועט נעהמען צופיעל צייט, ווע־ניגסטענס א מאָנאט ביז מיר וועלען האָבען פערטיג א שיפעל אין וועלכע מיר זאָלען מיט זיכערהייט זיך קענען האלטען אויף'ן וואסער.

— צו וואָס אזוי פיעל צייט? — האָט פענקראָפט געפרעגט — מיר ווע־לען זיך דאָך ניט אונטערנעהמען צו בויען אזא שיף אין וועלכע מיר זאָלען קענען מאכען א רייזע איבער'ן מעער, און אזא זאָרט שיף צו קענען פאָהרען אין איהר דאָ אויף'ן טייך, קען מען מאכען אין פינף טעג.

— אין פינף טעג וועט איהר אויסבויען א שיף? — האָט נעב פער־וואונדערט געפרעגט.

— יא — האָט פענקראָפט שטאָלץ געענטפערט — מיר וועלען בויען אזא שיף וויא דיא אינדיאנער געברויכען און דיא ארבייט וועט מעהר וויא פינף טעג ניט דויערען.

— פון האָלץ? — האָט דער ניגער ווייטער געפרעגט.

— יא, פון האָלץ! — האָט דער מאטראָז געענטפערט — וואָס דען האָט איהר געדענקט, פון שטאָהל? איך וועל אייך נאָך, פריינד נעב, בעסער זאָ־גען: ניט פון האָלץ, נור פון רינדע (קאָרע). איך ווידערהאָל נאָך אמאָל מיינע ווערטער, אז אין פינף טעג צייט האָבען מיר א שיף.

— אויב אזוי — האָט הארדינג געזאָגט — בין איך צופריעדען. אָבער איך בעט אייך, מיינע פריינדע, אז ביז מיר וועלען האָבען דיא שיף פערטיג זאָלט איהר אַלע זיין העכסט פאָרזיכטיג. איהר זאָלט אויף יאגד ווייט ניט געהן און מיר זאָלען זעהן צו זיין אַלע צוזאמען.

— געוויס, קאפיטאַן — האָבען אַלע אין איין שטימע געענטפערט.

דיא קליינע קאָמפּאַניע האָט אָבגעגעסען און איידער זיי זיינען געגאַנגען שלאָפען האָבען זיי ווידער אמאָל בעשפּראָכען דיא פראגע, אויב אויסער זיי געפינען זיך נאָך מענשען אויף'ן אינזעל אָדער ניט. זיי האָבען ווידער געטראַכט און דעבאַטירט וועגען דער קויל וואָס זיי האָבען געפונען אין לייב פון דעם טהיער, אָבער זיי זיינען געוועהנליך צו קיין שלום ניט געקומען און עס איז פערבליבען ביים אלטען.

אויף מאָרגען האָט זיך פענקראָפט גענומען צו דער ארבייט. ער האָט

נאַטירליך ניט געמיינט צו בויען א שיף מיט צימערען און מיט בעקוועמליכקייטען, בלויז א מין קאסטען וואָס זאָל זיך האלטען אויף'ן וואסער און זיי זאָלען אויף איהר קענען פאָהרען. ער האָט ניט געהאט אין זינען צו בויען דיא שיף פון האָלץ, זאָנדערן פון שטיקער רינדע (קאָרע) צוגעפּאסט איינע צו דיא אנדערע. אזא שיפעל, האָט דער מאטראָז גערענקט, ווענט זיך לייכט טראָגען אויף'ן וואסער און זיי וועלען אויף איהר קענען מאכען זייער פאָרשונגס־רייזע.

צוערשט האָט מען געדארפט אויסגעפינען דיא בוימער וואָס האָבען א שטארקע און בויגזאמע קאָרע, און דאָס האָט מען ניט פיעל נעדארפט זוכען. דיא לעצטע שטורמס האָבען אומגעוואָרפען פיעלע גרויסע בירקען־בוימער (בעריאָזא אויף רוסיש). דיא קאָרע פון דיעזע בוימער איז שטארק און מען קען זיא בויגען וויא מען וויל. זיא איז אויך געדיכט גענוג און קיין וואסער קען דורך איהר ניט דורכגעהן. דיא שיפס־בויער האָבען דיעזע קאָרע געדארפט ארומשיילען פון דיא בוימער און דאן זיך נעהמען צום בויען; אָבער דאָס איז געווען א שווערע ארבייט, ווייל זיי האָבען ניט געהאט דיא נויטיגע און פאָלקאָמענע געצייג דערצו. דאָך זיינען זיי דיעזע שוויריגקייטען איבערגעקומען און זיי האָבען דיא קאָרע ארונטערגענומען אויף'ן בעסטען ארט.

דער הויפּט מאסטער איז געווען דער מאטראָז און דיא אנדערע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען איהם מיטגעהאָלפען. פענקראָפט איז געווען העכסט שטאָלץ ביי זיך מיט זיין ארכיטעקטור און ער האָט זיך געפיהלט זעהר געשמייכעלט, ווען דער אינזשיניר האָט איהם קאָמפּלימענטען געגעבען, אז ער איז א גוטער בעל מלאכה. ער האָט פריהער געמאכט הילצערנע ראמען (פריימס) און ער האָט דערויף צוגעקלאפּט דיא קאָרע מיט נעגעל — אן איינפאכע ארבייט, אָבער דער מאטראָז האָט דערמיט שטאָלצירט אזוי וויא ער זאָל זיין דער ארכיטעקט פון א מאָדערנע קריעגס־שיף.

וועהרענד דיא ארבייט איז אָנגעגאנגען פלעגען אָפּט ספּילעט און הערבערט ארויסגעהן אביסעל אויף יאגד. זיי האָבען געפאָלגט דעם אינזשיניר'ס פערזאָג און זיי זיינען קיינמאָל ניט אוועק ווייט. העכסטענס האָבען זיי אוועקגעשפּאצירט צוויי מייל פון גראניט הויז; ווייטער אָבער זיינען זיי ניט געגאנגען. אין וועג האָבען זיי שטענדיג גערעדט וועגען דער בלייענער קויל וואָס זיי האָבען געפונען אין בראטען. דער זאָנדערבארער פאָרפאל איז זיי פון זינען ניט ארויס און זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו דענקען און צו רעדען וועגען דעם. איינמאָל, דאָס איז געווען דער 26טער אָקטאָבער, האָט הערבערט געזאָגט צום רעפּאָרטער:

— הערר ספּילעט, קאפּיטאן הארדינג דרינגט פון דער קויל, אז מענשען אויסער אונז זיינען דאָ פאראן אויף'ן אינזעל, דענקט איהר ניט אז עס איז העכסט זאָנדערבאר וואָס אונז האָט נאָך ניט געטראָפען צו בעגעגנען זיך מיט זיי?

— אויב זיי זיינען נאָך דאָ — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — איז געוויס אונערקלערליך ווארום מיר האָבען זיי נאָך ניט געזעהן, אָבער —

— מיינט איהר הייסט עס צו זאָגען — איז איהם הערבערט ארייננעפאלען אין דיא רייד — אז מענשען זיינען דאָ געוועזן, אָבער זיי האָבען דעם אינזעל פערלאָזען.

— דאָס איז מעהר וויא וואהרשיינליך — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — ווארום ווען זיי וואָלטען דאָ געוועזן דיא גאנצע צייט, אָדער וועניגסטענס ווען זיי וואָלטען דאָ ערשט געוועזן, איז אונמעגליך, אז מיר זאָלען ביז איצט קיין שפור צו זיי ניט האָבען געפונען.

— אָבער ווער, דענקט איהר, זיינען יענע מענשען?

— פערוואָרפענע, אומגעפעהר אזוי וויא מיר.

— אָבער וויא אזוי האָבען זיי דעם אינזעל פערלאָזען?

— איינפאך. עס קען זיין, אז א שטורם האָט פערטראָגען זייער שיף צו דיעזען אינזעל, אָבער דיא שיף איז ניט בעשעדיגט געוואָרען און דיא לייטע זיינער נאכהער מיט דער זעלבער שיף אָבגעפאָהרען.

— אויב אזוי, טאָ ווארום האָט קאפּיטאן הארדינג אזוי מורא? ווארום האָט ער אונז פערזאָגט אז מיר זאָלען פאָרזיכטיג זיין? וויבאלד איהר דענקט, אז דיא מענשען וואָס זיינען דאָ געוועזן זיינען שוין ערשט ניטאָ, היינט פאר וועמען האָבען מיר מורא צו האָבען?

— איך וועל עס דיר ערקלערען, מיין יונגע — האָט דער רעפּאָרטער גע־ענטפערט — קיין אנדערע וויא איינוואָהנער פון דיא מאלאי אינזלען האָבען אהער ניט געקענט פערוואָרפען ווערען, ווייל קיינע ווייסע ציוויליזירטע מענ־שען פאָהרען ניט אין דיעזע געגענדען, און פאר דיא מאלאי׳ער דארף מען זיך שטארק היטען, ווייל זיי זיינען געפעהרליכע ברואים. מיר מוזען איבערטראכטען, פילייכט בריינגט זיי אירגענד וועלכע סבה וויעדער אהער און מיר דארפען זיין געווארענט פון געפאהר.

— דענקט איהר ניט, הערר ספּילעט — האָט הערבערט געפרעגט — אז מיר וועלען ווען עס איז געפינען שפורען פון יענע אונזערע געסט, וואָס האָבען אונזער אינזעל בעזוכט?

— איך וועל ניט זאָגען אז ניט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — מעגליך אז זיי האָבען דאָ איבערגעלאָזט אירגענד וועלכע שפורען און מיר וועלען זיי געפינען.

דיעזער געשפּרעך צווישען דיא צוויי פריינד איז אָנגעגאנגען וועהרענד זיי זיינען געוועזן אין א פּראכטפאָל שעהנעם טהייל פון וואלד ניט ווייט פון טייך "מערסי". דאָרט זיינען געוואקסען בוימער, וועלכע זיינען געוועזן אומגעפעהר

צוויי הונדערט פוס הויך פון דער ערד, דיא איינגעבאָרענע פון ניו־זעעלאַנד רופען דיעזע ריעזען־בוימער "קאָורים".

— מיר איז, הערר ספּילעט, איינגעפאלען א גוטע אידעע — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — איך דענק ארויפקלעטערען אויף'ן שפּיץ פון א בוים און פון דאָרט וועל איך קענען זעהן אויף א ווייטע שטרעקע ארום און ארום אין וואלד און הינטער'ן וואלד. פון אונזערע בערג קען מען ניט זעהן וואָס הינטער'ן וואלד טהוט זיך און פון דאנען וועל איך פיליייכט מעהר זעהן.

— דאָס איז א גאנץ גוטע אידעע — האָט ספּילעט געזאָגט — דיא פראגע איז אָבער אויב זיא וועט קענען פערווירקליכט ווערען. דענקסט דוא, הערבערט, אז דוא וועסט קענען בעווייזען ארויפצוקלעטערען אזוי הויך?

— איך וועל פּרובירען — האָט הערבערט געענטפערט — פיליייכט וועט עס מיר געלינגען און איך וועל עטוואָס נייעס ענטדעקען.

דער פעהיגער און פלייסיגער יונג האָט אָנגעהויבען קלעטערען אויף איינע פון דיא העכסטע בוימער און אין איניגע מינוטען ארום איז ער שוין געווען אין דער הויך ביים שפּיץ.

ער האָט פון דער הויך ארומגעקוקט דיא סאוטה זייט פון אינזעל, וואו דיא פערראייניגטע פינף קאָלאָניסטען זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען, אָבער ער האָט קיין בעזאָנדערעס ניט געזעהן. קיין רויך, קייןביידעל און קיין שפּור פון מענשען. אויף'ן ים האָט ער אויך מעהר וויא וואסער פון אונטען און הימעל פון אויבען ניט געזעהן. קיין שיף, קיין זעגעל און קיין שפּור פון קיין שיף. דעם ברעג ים האָט הערבערט ניט געקענט זעהן, ווייל דער ברעג איז בעשטאנען פון א הויכען פעלז. ער האָט דאריבער געקענט דענקען, אז א שיפעל אָדער א שיף מיט א צובראָכענעם מאסט שטעקט דאָרט ערגיץ. ער האָט זיך ארומגעקוקט אין וואלד און ער האָט דאָרט אויך קיין זאך אויסער בוימער ניט בעמערקט.

אביסעל שפּעטער האָט זיך הערבערט'ן אויסגעוויזען, אז ער זעהט א רויך גאנץ ווייט. ער האָט אָבער אָנגעשטרענגט זיינע אויגען און האָט זיך גוט צוגעקוקט און ער האָט זיך איבערציינגט אז ער האָט א טעות געהאט. דיא פאנטאזיע האָט עס איהם בלויז פאָרגעשטעלט, אָבער אין אמת'ען איז דאָרט קיין זאך ניט געווען.

ער איז ארונטערגעקראָכען פון בוים און דיא צוויי יענער האָבען זיך אומגעקעהרט אהיים אין גראניט הויז. הערבערט האָט פאר סיירוס הארדינג דערצעהלט פון זיין לעצטע אונטערנעהמונג, וויא ער האָט ארויפגעקלעטערט אויף'ן שפּיץ פון א קאָורי בוים מיט דער האָפנונג צו ערפאהרען עטוואָס וויכטיגעס, אָבער ער האָט ליידער קיינע נייעס געבראכט. דער אינזשעניר האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אָבער ער האָט א וואָרט ניט געזאָגט. זיין שווייגען האָט געמיינט: מיר

וועלען קיין זאך ניט וויסען, זאָלאנג מיר וועלען ניט האָבען דעם אינזעל גוט אויסגעפאָרשט.

מיט צוויי טעג שפעטער, דעם 28טען אָקטאָבער האָט פאסירט אן אנדער פּאָרפאַל וואָס האָט דיא בעזיצער פון אינזעל געמאכט צו דענקען און צו טראכטען דעריבער.

שפאצירענדיג ביים ברעג ים, אומגעפעהר צוויי מייל ווייט פון גראניט הויז, האָבען הערבערט און נעב דערזעהן א גרויסע שילדקרעטע (טשערעפאכע) פון א פּראכטפאָלען זאָרט. הערבערט האָט דיא חיה פריהער דערזעהן, וויא זיא איז געקראָכען צווישען דיא פעלזען און ער האָט זיך זעהר דערשראָקען.

— רעטע, נעב! רעטע! — האָט ער אויסגעשריען.

נעב איז צוגעלאָפען און האָט אויך דערזעהן דיא גרויסע קריכענדע בריאה.

— אך, וואָס פאר א שעהנעס טהיער! — האָט נעב געזאָגט — אָבער וויא אזוי קענען מיר עס פאנגען? דאָס וואָלט געווען א גרויסע איבערראשונג פאר אונזערע קאמעראדען, ווען מיר וואָלטען געפאנגען דיעזע זעלטענע בעשעפענים.

דיא טשערעפאכע איז ווירקליך געווען א זעלטענהייט. זיא איז געווען דריי פוס לאנג. דער קאָליר פון איהר ביינערנער פעל אָדער שוץ־קאמער, אונטער וועלכען זיא איז בעהאלטען, איז געוועזן גרין און גלאנציג און איהר קערפער האָט אויך דעם זעלבען קאָליר געהאט. נעב האָט אזא געלעגענהייט ניט גע־וואָלט ארויסלאָזען און ער האָט שטארק חשק געהאט צו פאנגען דיא בריאה. וויא אזוי, האָט ער ניט געוואוסט און ער האָט געדארפט אָנקומען צום יונגען הערבערט.

— דאָס איז א קלייניגקייט — האָט הערבערט געזאָגט — מיר קענען זיא לייכט פאנגען. קיין גרינגערע זאך וויא דאָס, איז גאָר ניטאָ. אוועקטראָגען דיא חיה איז פאר אונז אונמעגליך, ווייל זיא וועגט זיכער פיער הונדערט פונט. אָבער מיר קענען זיך פערזיכערען, אז זיא זאָל פערבלייבען דאָ אויף'ן אָרט ביז מיר וועלען רופען אונזערע קאָמפּאניאָנען און מיר וועלען זיא פאנגען.

— וויא אזוי וועסט דוא עס מאכען? — האָט דער ניגער נייגעריג געפרעגט.

— איינפאך — האָט הערבערט געענטפערט — לאָמיר זיא איבערקעהרען מיט'ן רוקען אראָב, וועט זיא זיך ניט קענען ריהרען פון אָרט און וועט דאָ בלייבען ליגען, זאָגאר וואָכען לאנג.

דיא שילדקרעטע האָט דערזעהן דיא מענשען און זיא האָט איהר קערפער בעהאלטען אונטער דער ביינערנער שעל. הערבערט און נעב האָבען זייערע שטע־קענס ארונטערגערוקט אונטער דער חיה און זיי האָבען זיא אָהן שוועריגקייטען איבערגעקעהרט מיט'ן רוקען ארונטער. זיא איז געבליבען ליגען אונבעוועגליך אזוי וויא א שטיין.

— אויסגעצייכענט! — האָט נעב אויסגעשריען — אונזער פריינד, העררפענקראַפט, וועט דערפון זעהר צופריעדען זיין און עס פרעחט מיך זעהר וואָסאיך וועל איהם אזא שמחה קענען אָנזאָגען.

און נעב האָט געוואוסט וואָס ער רעדט, ווייל פּאַקטיש האָבען זיך דיא איי־בעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע ניט געקענט פרעהען אזוי פיעל מיטנעב׳ס און הערבערט׳ס געפינס וויא פענקראַפט, וועלכער איז געווען א גרוי־סער ליעבהאָבער אויף א געשמאַקען ביסען. דיא פליש פון א שילדקרעטע איזזעהר געשמאַק און מען קען דערפון מאַכען דיא בעסטע געריכטען. דער מאַטראָזוואָלט זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך, ווען ער וואָלט געהאַט א מיטאָגפון שילדקרעטען פלייש.

אום צו זיין זיכערער, אז דיא בעשעפענים וועט פערבלייבען אויף׳ן אָרט,האָבען זיי אויף איהר אָנגעוואָרפען גרויסע שטיינער און דיא צוויי יעגערהאָבען זיך דאַן אומגעקעהרט צום גראַניט הויז.

געהענדיג צוריק האָבען העררבערט און נעב זיך בעדענקט צו מאַכען דעםמאַטראָז א פלוצלונגע איבערראַשונג און אליין ברייננען דיא שילדקרעטעאהיים אָהן זיין וויסען. זיי האָבען צווישען זיך אָבגערעדט, אז זיי זאָלען נעה־מען דעם וואָגען, וואָס פענקראַפט האָט געהאַט געמאַכט און וועלכען זיי האָבעןשוין אייניגע מאָל בענוצט צו ברייננען האָלץ און קויהלען, און דערויף בריינגעןדיא זעלטענע טשערעפּאַכע.

זיי זיינען געקומען אין גראַניט הויז, האָבען שטילערהייד ארונטערגענומעןדעם קליינעם וואָגען און זיי זיינען אוועק צו דעם פלאַץ וואו זיי האָבען דאָסטהיער איבערגעלאָזט. זיי זיינען געוועזען העכסט צופריעדען, וואָס זיי איז גע־לונגען ארויסצו׳גנב׳ענען דעם וואָגען און קיינער פון זייערע קאַמעראַדען האָטעס בעמערקט. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט וויא פענקראַפט וועט איבערראַשטווערען און וויא ער וועט טאַנצען פאַר פרייד ווען ער וועט פלוצלונג דערזעהןדיא שילדקרעטע, וועגען וועלכע ער האָט זאָגאַר קיינמאָל ניט גע׳חלום׳ט.

אָבער וויא איבערראַשט און פערצווייפעלט זיינען דיא צוויי יעגער גע־וואָרען, ווען זיי זיינען געקומען אויף׳ן פלאַץ און האָבען דערזעהן, אז פון דערשילדקרעטע איז אפילו קיין סימן ניט געבליבען. עס זיינען געבליבען בלויזדיא שטיינער וואָס זיי האָבען אויף איהר ארויפגעלייגט און דיא חיה אלייןאיז פערשוואונדען. זיי האָבען אָנפאַנגס זייערע אייגענע אויגען ניט געגלויבט,אָבער זיי האָבען זיך נאָכדעם איבערצייגט, אז דיא שילדקרעטע איז טאַקי ניטאָ.

— נו — האָט נעב געזאָגט — קענען זיך דיזע טהיערע אליין יאָאיבערקעהרען?

— עס שיינט אזוי — האָט העררבערט געענטפערט — אזוי ווייט וויא איך

ווייס איז דיא נאטור פון דיעזע טהיערע, אז ווען זיי ליגען אויף׳ן רוקען קענען זיי זיך ניט איבערקעהרען; אָבער פאקטיש זעהט עס אויס אנדערש.

— פערפאלען! — האָט נעב געזאָגט מיט בעדויערען — מיר האָבען אונזער פריינד פענקראָפט געוואָלט מאכען אן איבערראשונג, אָבער עס איז אונז ניט געלונגען.

— און דער קאפּיטאן וועט געוויס דארפען זיך ברעכען דעם מח צו ערקלערען דיעזע מאָדנע רעטענים — האָט הערבערט געטראכט.

— ווייסט דוא וואָס, הערבערט — האָט זיך נעב אָבגערופען — לאָמיר בעסער קיינעם ניט דערצעהלען פון אונזער נידערלאגע. מען וועט נאָך פון אונז לאכען וואָס מיר האָבען אזוי נאריש געהאנדעלט.

— אין געגענטהייל — האָט הערבערט געענטפערט — מיר דארפען און מוזען אלעס דערצעהלען, פיליכט ליגט אין דעם א געהיימניס וואָס מיר דארפען וויסען, פיליכט האָבען דיא זעלבע וואָס האָבען דעם קוגעל אריינגעיאָגט אין דער חיה, וואָס מיר האָבען ניט לאנג צוריק געהאט אויף מיטאָג, אויך אונזער טשערעפּאכע אוועקגענומען.

— פיליכט ביזט דוא גערעכט! — האָט דער ניגער צוגעגעבען.

זיי זיינען אָנגעקומען צוריק אין זייער וואָהנונג און זיי האָבען דערצעהלט וואָס זיי האָט געטראָפען.

— דומקעפּ! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — אזא גוטען ביסען האָט איהר פון מויל ארויסגעלאָזט! מיר וואָלטען דאָך פיליכט פופציג געשמאקע מאָהלצייטען געהאט!

— אָבער מיר זיינען ניט שולדיג — האָט זיך נעב פערענטפערט — מיר האָבען געטהאָן ריכטיג. מיר האָבען דיא שילדקרעטע איבערגעקעהרט אויף איהר רוקען און נאָך אָנגעלייגט פון אויבען שטיינער און מיר קענען זיך ניט ערקלערען וויא אזוי זיא איז אנטלאָפען.

— וואהרשיינליך — האָט זיך פענקראָפט געבייזערט — האָט איהר זי ניט גענוג אומגעקעהרט.

— ניט גענוג? — האָט הערבערט אויסגעשריען — וויא אזוי איז עס ניט גענוג? דארף מען מעהר און בעסער, אז מיר האָבען זאָגאר שטיינער אויף איהר ארויפגעלייגט און דאָך איז זיא פערשוואונדען געוואָרען.

— א זעלטענע געהיימניס — האָט דער מאטראָז געמורמעלט — א געהיימניס וואָס האָט נאָך ביז יעצט ניט פאסירט.

— איך ווייס — האָט הערבערט געזאָגט — אז שילדקרעטען קענען זיך ניט אומקעהרען, ווען זיי ליגען אויף׳ן רוקען, הייגט וויא קומט עס טאקי וואָס

דיעזע וואָס מיר האָבען געפונען איז געווען אן אויסנאהמע? פיליכט האָט עס עפּעס א פערבינדונג מיט דער בלייענער קויל?

— וואָס פאר א פערבינדונג קען עס האָבען מיט דער קויל? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— איינפאך — האָט הערבערט געענטפערט — פיליכט האָבען דיא זעלבע מענשען, וואָס האָבען יענע קויל אריינגעשאָסען אין דעם זויג־שוויין, פערנומען אונזער שילדקרעטע.

— דוא ביזט שוין צופיעל אבערגלויביש — האָט דער רעפּאָרטער גע־ענטפערט.

— דאָס איז ריכטיג, אז א שילקרעטע ווען זיא ליגט אויף'ן רוקען קען זיא זיך ניט איבערקעהרען אויף איהרע פיס. איך גלויב אָבער ניט, אז יעמאנד זאָל זיא האָבען אוועקגעכאפּט.

— וואו דען איז זיא הינגעקומען? — האָט הערבערט געפרעגט.

— דער מעער, דענק איך, האָט זיא אוועקגעכאפּט! — האָט דער אינזשי־ניר געענטפערט — וויא ווייט איז זיא געלעגען פון ברעג ים?

— העכסטענס — האָט הערבערט געענטפערט — פופצעהן פוס.

— איז דאָס וואסער פון מעער דאמאָלס געווען אָבגעפאלען?

— יא, קאפּיטאן.

— נו, אויב אזוי — האָט הארדינג געזאָגט — איז דיא פראגע פערענט־פערט. ווערענד איהר זייט דאָרט ניט געווען איז דאָס וואסער געשטיגען, א כוואליע האָט דיא שטיינער פון טהיער'ס רוקען ארונטערגעשליידערט און אויך געהאָלפען דעם טהיער איבערדרעהען זיך מיט דיא פיס אראָב. דיא שילקרעטע איז דאן אוועקגעשוואומען אין מעער.

— אך, וואָס פאר א דומקעפּ מיר זיינען טאקי געווען! — האָט נעב אויסגעשריען.

— איך האָב דאָך דאָס שוין פריהער געזאָגט — האָט זיך דער מאטראָז פערדריסליך אָבגערופען.

אלע זיינען געווען איינשטימיג מיט'ן אינזשיניר'ס ערקלערונג און זיי האָ־בען אויפגעהערט צו דענקען און זאָגען מיינונגען וועגען דעם.

---

## 2טעם קאַפּיטעל.

דיא ערשטע רייזע אויף זייער שיפעל. — פעסער און א קאַסטען געפונען. — אַן אוצר פון פערשיעדענע ארטיקלען. — פענקראַפט'ס אונצופריעדענהייט. — דער מזל'דיגער פסוק.

---

דעם 29טען אָקטאָבער איז דיא קאַרע־שיפעל אין גאנצען פערטיג געוואָרען. פענקראַפט האָט געהאַלטען וואָרט און ער האָט געמאכט א גאנץ לייכטע שיפעל מיט פלעצער פאר אלעמען צו זיצען. דיא ארבייט האָט געדויערט פינף טעג.

ארונטערלאָזען דיא שיפעל אין וואסער איז געווען א גאנץ לייכטע זאך. זיי האָבען זיא צוגעשלעפט ניט ווייט פון ברעג און ווען דאָס וואסער האָט זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פון ברעג, האָט דיא שיפעל אָנגעהויבען שווימען. פענקראַפט איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אריינגעכאפט אין שיפעל און זיא אָנגעהויבען טרייבען מיט א רודער.

— הורא! — האָט דער מאטראָז העכסט ענטציקט אויסגעשריען — מיט דיעזער שיף קענען מיר ארומפאָהרען ארום —

— ארום דער וועלט? — איז איהם דער רעפּאָרטער אריינגעפאלען אין דיא רייד.

— ניין, ארום אונזער אינזעל — האָט פענקראַפט געענטפערט — דער קאפּיטאן וועט נאָך אמאָל מאכען א זעגעל און מיר וועלען האָבען אַן אויסגעצייכענטע שיף. נו, הערר קאפּיטאן, און איהר, הערר ספּילעט און נעב און הערבערט, ווילט איהר ניט פּרובירען אונזער נייע שיף? קומט אריין. מיר מוזען דאָך וויסען אויב זיא וועט אונז אלע פינף קענען פיהרען!

און א פּראָבע האָט מען ווירקליך געדארפט מאכען. פיליייכט טויג גאָר דיא גאנצע ארבייט ניט? פיליייכט דארף מען עפּעס אויסבעסערען? מען קען זיך דאָך ניט אונטערנעהמען צו מאכען א רייזע אויף'ן וואסער, ווען מען איז ניט זיכער, אויב דיא שיף וועט זיך האלטען פון אויבען און וועט ניט זינקען! פענקראַפט איז צוגעפאָהרען צוריק צום ברעג אין א שמאָלען וועג צווישען פעלזען און אלע האָבען איינגעשטימט צו מאכען א קליינע רייזע אלס פּראָבע. נעב האָט א קוק געטהאָן אין שיפעל און דאָרט בעמערקט אביסעל וואסער.

— אייער שיף רינט דאָך! — האָט ער אויסגעשריען — וויא אזוי קען מען זיך אונטערנעהמען צו פאָהרען אין א רינענדע שיף?

— דאָס איז גאָר ניט! — האָט דער מאטראָז זיך אָבגערופען — דיא

האַלץ און דיא קאָרע וועט אָנגעצויגען ווערען מיט וואסער, וועט פערווייקט ווערען, און עס וועט אויפהערען רינען. ווייסט איהר ניט, אז נייע אָדער אויסגעטריקענטע הילצערנע כלים וואָס רינען, פערווייקט מען אין וואסער און זיי ווערען גוט? איך פערזיכער אייך, אז אין צוויי טעג ארום וועט קיין טראָפּען וואסער ערגיץ ניט דורכגעהן אין אונזער שיף. שפּרינגט אריין, ברידער!

זיי זיינען אַלע אריין אין שיפעל און זיי האָבען זיך צוזעצט אויף זייערע פּלעצער. פּענקראָפט האָט א טרייב געטהאָן מיט'ן רודער און דיא שיף מיט דיא פּאסאזשירען איז אוועקגעשוואומען.

עס איז דאמאָלס געווען שעהנעס וועטער. דער ים איז געווען שטיל און רוהיג. א לייכטער ווינטעל האָט געבלאָזען און דיא אָבערפלעכע פון ים האָט אויסגעזעהן אזוי וויא אַ גרויסע שטיק געקנייטשטע מאטעריע. קיין הויכע כוואַליעס האָט מען ערגיץ ניט געזעהן. נעב און הערבערט האָבען דעם מאטראָז געהאָלפען רודערען דיא שיפעל מיט וואסער־לאָפּאטעס וואָס זיינען פאר זיי געווען גרייט און דיא שיפעל האָט זיך גאנץ לייכט געגליטשט אויף'ן וואסער.

זיי זיינען אריבערגעפאָהרען דעם קאנאַל און זיי האָבען זיך געלאָזט שווימען מיט'ן מעער אין זיד זייט פון אינזעל, אומגעפעהר א האלבע מייל ווייט פון ברעג. זיי האָבען געדארפט העכסט פאָרזיכטיג זיין, אז זייער שיפעל זאָל זיך ניט אָנשטויסען אָן שטיינער און פעלזען וואָס זיינען ביי יענעם ברעג געווען אָנגעוואָרפען און זיי זיינען דארום געפאָהרען זעהר לאנגזאם. קיין גרינס, קיין בוימער זיינען ביי יענעם ברעג ניט געוואקסען.

גידעאָן ספּילעט איז דיא גאנצע צייט געזעסען מיט'ן בליי־פעדער אין האנד און האָט געצייכענט דיא פּלענער און לאנדשאפטען פון יענע געגענד. נעב, פּענקראָפט און הערבערט האָבען גערעדט און באלאקעט צווישען זיך, ווערענד סיירוס הארדינג איז געזעסען שטיל און ער האָט גענוי בעאָבאכטעט דעם לינקאָלן אינזעל פון יענער זייט. ער איז געווען פערטיעפט אין געדאנקען אזוי וויא ער זאָל טראכטען וועגען א שווערע פראגע אין נאטור וויסענשאפט.

נאָך א רייזע פון אומגעפעהר דריי פיערטעל שטונדע האָט הערבערט דערזעהן א שווארצען געגענשטאנד ביים ברעג פון וואסער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט:

— וואָס זעה איך דאָרט ביים ברעג? עפּעס איז דאָרט א זאך וואָס איך קען ניט דערקענען וואָס דאָס איז.

אַלעמען'ס אויגען זיינען געווען געריכטעט צו דעם פּלאץ וואו הערבערט האָט אָנגעצייגט.

— יא — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — עפּעס איז דאָרט. עס זעהט אוים אזוי וויא א טהייל פון א צובראָכענע שיף וואָס איז האלב געזונקען אין זאמד.

— אָה! — האָט פענקראַפט אויסגעשריען — איך זעה וואָס דאָרט איז!

— וואָס? — האָט נעב געפרעגט.

— פעסער, וועלכע זיינען פילייכט מיט עפּעס אָנגעפילט! — האָט דער מאטראָז געענטפערט.

— רודערט דיא שיף צום ברעג — האָט הארדינג בעפוילען.

פענקראַפט, נעב און הערבערט האָבען זיך גענומען צו דיא רודערס און עס האָט ניט פיעל געדויערט ביז זיי זיינען געקומען צום ברעג. אַלע פּאסאַזשירען זיינען שנעל ארונטערגעשפּרונגען פון שיפעל אויף דיא טריקענים.

פענקראַפט האָט געטראָפען. דאָס זיינען ווירקליך געווען פעסער, אָבער לעערע. צו דיא פעסער איז געווען צוגעטשעפּעט א גרויסער פערשלאָסענער קאסטען, וועלכער איז וואהרשיינליך געשוואומען צוזאמען מיט דיא פעסער ביז זיי האָבען זיך איינגעגראָבען אין זאמד.

— דאָ איז ערגיץ געשעהן א שיפס־ברוך — האָט הערבערט געזאָגט.

— עס זעהט אזוי אויס — האָט ספּילעט געענטפערט.

— אָבער וואָס זאָל דאָרט אין קאסטען זיין? — האָט פענקראַפט נייגעריג געפרעגט — איך וואָלט זעהר וועלען וויסען וואָס דאָרט געפינט זיך, אָבער דער קאסטען איז פערמאכט און מיר האָבען דאָ ניט מיט וואָס איהם צו עפּענען. לאָמיר פילייכט פּרובירען מיט א שטיין?

דער מאטראָז האָט ניט געוואַרט אויף אן ענטפער פון זיינע קאָמפּאניאָנען. ער האָט אויפגעהויבען א גרויסען שטיין און געוואָלט אויפברעכען דעם קאסטען, אָבער הארדינג האָט איהם אָנגעכאפּט ביים האנד און אָבגעהאלטען.

—פענקראַפט — האָט ער געזאָגט — קענט איהר ניט האָבען געדולד פאַר איין שטונדע צייט?

— אָבער, קאַפּיטאַן — האָט דער מאטראָז געענטפערט — פילייכט געפינט זיך דאָרט אַלעס וואָס מיר געברויכען?

— וועלען מיר עס אביסעל שפּעטער וויסען! — האָט דער אינזשיניר זיך אָבגערופען — אָבער פּאָרלויפיג האָט צוטרויען אין מיר און ברעכט ניט אויף דעם קאסטען, וועלכער וועט אונז פילייכט נוצען בריינגען. מיר מוזען איהם אריבערפיהרען גאנץ אין גראניט הויז, וואו מיר וועלען איהם קענען לייכט עפּענען און פערשפּאָרען צוברעכען. דער קאסטען איז פערפערטיגט צו קענען שווימען אויף'ן וואסער, און אזוי וויא ער איז אהער געקומען, וועלען מיר איהם אויך קענען בריינגען צו אונזער היים.

— איהר זיינט גערעכט, קאַפּיטאַן — האָט זיך דער מאטראָז פערענטפערט — איהר ווייסט דאָך, אז איך בין קיינמאָל קיין געדולדיגער. דאָס איז ביי מיר וואהרשיינליך א געבאָרענע נאטור.

דעם אינזשיניר'ס ראטה איז געווען א ריכטיגער. אין דיא ווירקליכקייט

אַלס מען דעם קאסטען אָדער דיא ארטיקלען, וואָס האָבען זיך אין איהם געפונען, ניט געקענט פערנעהמען אויף דער קליין שיפעל. עס איז געווען צו שווער פאר איהר צו האלטען אי דיא פאסאזשירען אי דיא שווערע משא. דאָ אָבער האָבען זיי געהאט א פערטיגע זאך. דיא פעסער, וועלכע שווימען נאַטירליך פון אויבען האָבען געקענט דיענען אלס בעזאָנדערע שיף פאר'ן קאסטען, אקוראט וויא זיי האָבען פריהער געדיענט איידער זיי האָבען זיך ארייגעהאקט אין זאמד.

— אָבער פון וואנען קומט דער קאסטען? ווער זיינען זיינע אייגענטהימער, און וויא אזוי איז ער פערוואָרפען געוואָרען אהין? דאָס איז געווען א פראגע וואָס מען האָט ניט געקענט ענטשיידען. דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אָבער זיי האָבען מעהר קיין בעזאָנדערע זאך, קיין געגענשטאנד געזעהן. הערבערט און נעב האָבען ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען פעלז. זיי האָבען געקוקט ארום און ארום, אָבער זיי האָבען קיין זאך ניט געזעהן.

אָבער מען האָט דאָך נים געקענט צווייפלען, אז ערגיץ איז דאָרט א שיפסברוך געשעהן. פיליכט האָט דער קאסטען אירגענד וועלכע צוזאמענבינדונג מיט דער קויל וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געפונען? פיליכט האָבען דיא לייטע וואָס האָבען געליטען דעם שיפס־ברוך געלאנדעט ערגיץ וואו אויף אן אנדער טהייל פון אינזעל? פיליכט זיינען זיי נאָך יעצט אויך דאָרט? — דאָס זיינען געווען פראגעס, וועלכע מען האָט ניט געקענט ענטשיידען. אָבער אויב מענשען זיינען פאראן ערגיץ וואו אויף'ן אינזעל און אויב זיי זיינען דיא וועלכע האָבען געליטען שיפס־ברוך, זיינען דיא קאָלאָניסטען געווען זיכער אז זיי זיינען ניט קיין ווילדע מאלאי'ער, זאָנדערן אמעריקאנער אָדער אייראָפעער, ווייל דער קאסטען, האָט אויסגעזעהן, איז געמאכט געוואָרען אין אייראָפא אָדער אין אמעריקא.

דער קאסטען איז געווען זעהר גרויס, געמאכט פון דעמבענע האָלץ. דיא ברעטער זיינען פינקטליך געווען צוגעפאסט איינע צו דיא אנדערע און צוגעצלאפט מיט קופערנע נעגעל. עס איז קענטיג געווען, אז אן ערפאהרענער בעל מלאכה האָט עס געמאכט און עס איז זיכער ניט געווען דיא ארבייט פון ווילדע. דיא צוויי גרויסע פעסער זיינען געווען צוגעבונדען צום קאסטען מיט שטארקע שטריק. פענקראָפט האָט ערקלערט, אז נאָך דיא קניפ פון דיא שטריק דערקענט ער, דאָס מאטראָזען האָבען עס פערבונדען.

בעטראכטענדיג גוט דיא פעסער מיט'ן קאסטען, האָבען דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל פערשטאנען, אז זיי זיינען ניט געווען לאנג אין וואסער און אז זיי זיינען אויף'ן זאמד אויך ניט געלעגען קיין לאנגע צייט. אינוועניג אין קאסטען איז קיין וואסער ניט אריינגעקומען, דאָס האָבען זיי אלע גוט דער־

קענט און זיי זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז אלעס וואָס אין קאסטען געפינט זיך איז גאנץ און ניט בעשעדיגט פון נאסקייט.

הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען געווען מיט איין מיינונג, אז דיא שיף, וועלכע האָט דעם קאסטען געפיהרט איז צובראָכען געוואָרען און דיא לייטע וואָס זיינען אויף׳ן שיף געפאָהרען, האָבען איהם צוגעבונדען צו דיא פעסער, אום ער זאָל שווימען אויף׳ן מעער, פיללייכט וועט ער פערשווימען נאָך זיין לאנד אָדער צו אירגענד וועלכען ברעג און זיי וועלען איהם שפּעטער קענען געפינען.

— יענע לייטע — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — האָבען אונז גע־שפּאָרט א שעהן ביסעל ארבייט. מיר האָבען ערשט גאָר ניט צו טהאָן בלויז וואַרטען ביז דער פלוטה (וואסער־שטייגונג אין ים) וועט קומען און דאן וועלען מיר דעם קאסטען מיט דיא פעסער אוועקלאָזען אויף׳ן וואסער און איהם צופיהרען צום גראניט הויז. דאָרט וועלען מיר מאכען אן אונטערזוכונג וואָס אינוועניג געפינט זיך, און אויב מיר וועלען ווען עס איז געפינען דיא אייגענ־טהימער דערפון וועלען מיר עס זיי אוועקגעבען און אויב ניט —

— וועלען מיר עס האלטען פאר אונז — האָט פענקראָפט אונטער־געכאפּט.

דאָס וואסער אין ים האָט אָנגעהויבען שטייגען און האָט שוין באלד דער־גרייכט דעם קאסטען. פענקראָפט האָט אויף א בעפעהל פון אינזשיניר אָבגע־בונדען א שטיק שטריק פון דיא וואָס דער קאסטען איז געווען צוגעבונדען צו דיא פעסער און עס צוגעבונדען צו דער שיפעל, אום צו קענען פיהרען אי דיא פאסאזשירען, אי דיא פראכט צוזאמען. דער מאטראָז און נעב האָבען נאכהער מיט זייערע וואסער־לאָפּאטעס ארומגעגראָבען דעם זאמד ארום קאסטען און ארום דיא פעסער און באלד וויא דיא שיפעל האָט אָנגעהויבען שווימען, זיי־נען דיא פעסער מיט׳ן קאסטען נאָכגעשוואומען.

דער קאסטען איז געווען שווער און דיא פעסער האָבען זיך מיט דער משא קוים געהאלטען אויף׳ן וואסער. דער מאטראָז האָט שטארק מורא געהאט, אז דיא שטריק וואָס האָבען אָנגעהאלטען דעם קאסטען אָן דיא פעסער זאָלען זיך ניט אָבבינדען אָדער צוריסען ווערען און דער געהיימער אוצר זאָל ניט זינקען, אָבער גליקליכערווייזע האָבען קיינע סבות פאסירט און מיט א שטונדע און א האלב שפּעטער זיינען זיי צוגעפאָהרען צום ברעג מעער נעבען דיא גראניט הויז.

דיא שיפעל און דער קאסטען זיינען ארויסגעשלעפּט געוואָרען אויף׳ן זאמד. נעב איז שנעל געלאָפען אין הויז און האָט געבראכט געצייג מיט וועלכע צו עפע־נען דעם קאסטען. זיי האָבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט צו ענטדעקען דעם פערבאָרגענעם אוצר.

פענקראַפט, וועלכער האָט אונגעדולדיג געוואַרט אויף דעם גליקליכען מאָמענט ווען מען וועט דעם קאַסטען עפענען, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך גענומען צו דער ארבייט מיט אזא פלייסיגקייט, אז ער האָט ניט גע־פיהלט ווען ער האָט זיך א פינגער צוקלאַפּט און א שטראָם בלוט איז פון איהם גערונען. זיי האָבען פאַרזיכטיג אָבגעריסען דיא שלעסער און ווען זיי האָבען דעם דעק געעפענט האָבען זיי דערזעהן, אז אונטער דיא האָלץ ליגט נאָך א קאַסטען פון צין.

— אָה! — האָט נעב אויסגעשריען — פיעלייכט איז דאָרט איינגעמאכץ?

— איך דענק אז ניט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— זאָל בעסער זיין יא! — האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען און גע־שלונגען דיא שפּייעכץ — אָה! אזא קאַסטען איינגעמאכץ וואָלטען מיר געהאט צו קוויקען זיך און צו נאשען יאָהרען לאנג.

דער רעפּאָרטער, הארדינג און הערבערט האָבען געלאכט פון פענקראַפט׳ס וואונש.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אויפגעריסען דעם צינענעם צודעק און דער אוצר איז ענטדעקט געוואָרען. דאָרט איז ניט געווען קיין איינגעמאכץ, זאָנדערן טהייערערע און וויכטיגערע ארטיקלען. דאָרט זיינען געווען פערשיעדענע ווערק־צייג, וואפען, אינסטרומענטען, קליידער, ביכער און געשיר. ביי יעדען אר־טיקעל וואָס זיי האָבען ארויסגענומען פון קאַסטען, האָבען דיא קאָלאָניסטען אייניגע מאָל "הורא!" געשריען און זיי האָבען איינפאך געטאנצט פאר פרייד.

גידעאָן ספּילעט האָט אין זיין נאָטיץ ביכעל פערצייכענט א ליסטע פון דיא אַלע זאכען וואָס זיי האָבען אין קאַסטען געפונען. ער האָט דיא אַלע זאכען קלאַ־סיפיצירט און פערשריבען יעדען זאָרט בעזונדער, וויא פאָלגט:

געצייג: — 3 מעסערס מיט אייניגע קלונגען, 2 האָלץ־העקער׳ס העק, 2 קלענערע העק, 3 הובלען, 2 ברעך־העק, 6 מייסעלען (דלאָטעס), 2 פיילען, 3 האמערס, 3 עגבערס, 2 גרויסע עגבערס, 10 זעקלעך נעגעל, 3 פערשיעדענע זעגען, 2 קעסטלעך נאָדלען.

וואפען: — 2 גרויסע ביקסען, 2 קלענערע ביקסען, 5 קליינע שווערדען, 4 גרעסערע שווערדען, 2 פעסלעך שיס־פּולווער, צו 25 פונט יעדע, 12 קעסט־לעך קוילען.

אינסטרומענטען: — 1 סעקסטאנט (אסטראָנאָמישעם מעסט־אינסטרו־מענט), 1 דאָפּעלטע אָפּערא גלאָז, 1 טעלעסקאָפּ, 1 קעסטעל מאטהעמאטישע אינסטרומענטען, 1 מעער קאָמפּאס, 1 פאהרענהייט טערמאָמעטער, 1 באראָ־מעטער, 1 באקס וואָס ענטהאלט א פאָטאָגראפישען אפּאראט און אַלע זאכען וואָס מען געברויכט צו פאָטאָגראפיע.

קליידער: — 2 דוצענד העמדער פון א גוטע מאטעריע, 3 דוצענד זאָקען, אויך פון דער זעלבער מאטעריע.

כלים: — 1 אייזערנער טאָפּ, 6 קופערנע פאנען, 3 אייזערנע שיסלען, 10 מעטאלענע טעלער, 2 קעסלען, 1 קליין טראָגבארע אויוועלע, 6 טיש־מעסערס.

ביכער: — 1 ביבל, 1 אטלאס (לאנד־קארטען בוך), 1 ווערטער־בוך פון פערשיעדענע פּאָלינעזישע אידיאָמס (אייגענטהימליכע אויסדריקע), 1 ווערטער־בוך פון נאטור וויסענשאפט אין זעקס טהיילען, 3 ריס פאפיר (א ריס איז 480 בויגען), 2 ביכער מיט לעערע בלעטער.

— מען מוז צוגעבען — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — אז דער אייגענטהימער פון דיעזע אלע ארטיקלען איז געווען אָדער איז ערשט אויך א פּראקטישער מענש! ווערק־צייג, געוועהר, אינסטרומענטען, קליידער, כלים און ביכער זיינען זאכען וועלכע זיינען נויטיג איבעראל וואו מען איז. עס קען זיין אז יענער מאן וואָס האָט עס אלעס צוגעגרייט האָט ערוואַרטעט א שיפס־ברוך און ער האָט זיך מיט דיעזע זאכען בעזאָרגט. אז מען האָט דאָס אלעס, פעהלט שוין גאָר ניט.

— יא, פעהלט שוין גאָר ניט — האָט הארדינג א מורמעל געטהאָן אין דער שטיל.

— אָבער ערשט — האָט הערבערט זיך אָבגערופען — זיינען מיר זיכער, אז דיא שיף וואָס האָט עס געפיהרט האָט ניט בעלאנגט צו מאלאי׳ער!

— עס זעהט אזוי אויס — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — עס איז צו גלויבען, אז אן אמעריקאנישע אָדער אייראָפּאישע שיף האָט ערגיץ פערבלאָנדזעט אין דיעזע געגענדען און וועהרענד דיא שיף האָט געהאלטען ביי אונטערגעהן, האָבען דיא פאסאזשירען דיא אלע זאכען פערפּאקט אין קאסטען און עס ארייגגעוואָרפען אין ים.

— דענקט איהר אויך אזוי, קאפּיטאן? — האָט הערבערט געפרעגט.

— יא, מיין יונגע — האָט הארדינג געענטפערט — איך דענק, אז אזוי קען עס זיין. דיא פּאסאזשירען פון שיף האָבען אין צייט פון געפאהר פערפּאקט אלעס וואָס נויטיג איז און עס געראַטעט.

— זאָגאר דיא זאכען וואָס ווערען געברויכט צו פאָטאָגראפיע! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען.

— וואָס אָנבעלאנגט דעם פאָטאָגראפישען אפּאראט — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — איז עס גראָדע ניט אזא נויטווענדיגקייט. מעהר קליידער, שיספּולווער און קוילען וואָלטען בעסער צוניץ געקומען וויא דיא ארטיקלען פאר פאָטאָגראפיע.

— אָבער איז ערגיץ אויף דיא אינסטרומענטען, קליידער אָדער כלים

ניטאָ אירגענד וועלכער נאָמען אָדער אדרעס ? — האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט — לאָמיר נור זעהן פּיליכט וועלען מיר קענען אויסגעפינען צו וועמען זיי האָבען בעלאַנגט.

דער רעפּאָרטער האָט זעהר גוט צוגעטראָפען מיט זיין פראגע. דאָס איז געווען א זאך וואָס מען האָט געדארפט אויסגעפינען. זיי האָבען זיך באלד גענומען און גענוי בעקוקט יעדען ארטיקעל בעזונדער, אָבער זיי האָבען אויף קיינע קיין וואָרט, קיין זילבע, זאָגאר קיין בוכשטאב ניט געפונען. געוועהנליך געפינט מען שטענדיג אויף געוויסע ארטיקלען דיא נעמען פון דיא בעלי מלאכה וואָס האָבען זיי געמאכט און מיט דיזע איז געווען אן אויסנאהמע, אָבוואָהל זיי זיינען אלע געווען גוט געמאכט און זייערע מאסטערס האָבען מיט זיי געמעגט שטאָלצירען.

אלע ארטיקלען זיינען געווען ניי און אין בעסטען צושטאנד. דיא ווערטער־ביכער און דיא ביבל זיינען געווען אין ענגליש, אָבער עס זיינען אויף זיי ניט גע־ווען דיא נעמען פון דיא ארויסגעבער. דער אטלאַס איז געווען אין פראנצויזיש און אויך אויף דיזען בוך איז ניט געווען קיין נאָמען און קיין דאטום, ווען עס איז געדרוקט געוואָרען.

נאָכדעם וויא אלע ארטיקלען זיינען גענוי אונטערזוכט געוואָרען האָט סיירוס הארדינג געזאָגט :

— מיינע פריינדע, איך האָב פריהער צוגעשטימט צו אייער מיינונג, אז דיזע אלע ארטיקלען זיינען איינגעפּאקט געוואָרען פון פּאסאזשירען פון א שיף אין דער צייט ווען דיא שיף האָט געהאלטען ביים אונטערגעהן ; אָבער איך ציה מיך ערשט צוריק פון דיזער מיינונג. אין צייט פון געפאהר וואָלטען דיא לייטע געכאפּט וואָס עס וואָלט זיי אין האנד ניט געקומען. זיי וואָלטען קיין צייט געהאט אויסצוקלייבען אלע נייע ארטיקלען פון בעסטען זאָרט און עס וואָלט זיי אויך אין זינען ניט געלעגען צו פערפּאקען עס אין א דאָפּעלטען קאסטען פון האָלץ און צין. איך בין דארום גענייגט צו גלויבען, אז דאָס איז אלעס גע־ווען צוגעגרייט פון פריהער, צו וואָס פאר א צוועק, קען איך ניט וויסען.

אָבער וויא דיא זאך זאָל ניט זיין, איז דער קאסטען געווען א טהייערער, אונשאצבארער אוצר פאר דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל. דיא לייטע האָבען געדאנקט און געלויבט גאָט פאר דיזער געפינס, וועלכע וועט זיי זיכער גרויסע נוצען ברייננגען אויף דעם איינזאמען און געהיימניספאָלען אינזעל.

אָבער איינער פון דיא פינף קאָלאָניסטען איז ניט אין גאנצען צופריעדען געווען. דאָס איז געווען פּענקראָפט. ער האָט ניט אנערקענט דיא וויכטיגקייט פון דיא אלע זאכען וואָס זיינען געווען אין קאסטען, זאָלאנג ער האָט דאָרט ניט געפונען א זאך צו וועלכע ער האָט גרויס לוסט געהאט.

— דאָס זיינען אַלץ גוטע זאכען — האָט ער געזאָגט — איבערהויפּט דיא ביקסען; אָבער נאָך אַלעמען האָב איך אין קאסטען ניט געפונען וואָס עס זאָל הויפּטזעכליך זיין גוט פאר מיר.

— ווארום, פריינד פּענקראָפּט? האָט איהר נאָך מעהר ערווארטעט? — האָט נעב געפרעגט — וואָס נאָך פעהלט אייך?

— כאָטש איין האלב פונט טאבאק — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — ווען איך האָב עס, וואָלט איך שוין געוועזען העכסט צופריעדען, ווייל מיר וואָלט שוין קיין זאך ניט געפעהלט.

אַלע האָבען זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון געלעכטער. דעם מאטראָז האָט פערדראָסען וואָס מען לאכט פון איהם, אָבער ער האָט געשוויגען.

צוליעב דיא ענטדעקונג פון דעם קאסטען מיט דיא אַרטיקלען האָבען דיא קאָלאָניסטען געפונען נאָך מעהר נויטיג אויסצופאָרשען דעם אינזעל ארום און ארום. הארדינג האָט זיינע קאָמפּאַניאָנען געגעבען צו ערקלעהרען, אז עס קען זעהר זיין, דאָס דיא מענשען צו וועמען דער קאסטען בעלאַנגט זיינען ערגיץ וואו פערוואָרפען געוואָרען אויף'ן אינזעל און זיי ליגען פיללייכט אָהן שוץ און אָהן לעבענס־מיטעל און מען מוז זיי דארום אויפזוכען און שאפען פאר זיי הילף. הארדינג האָט מיט דיא איבעריגע פון דער קאָמפּאַניע אָבגערעדט, אז זיי זאָלען מאָרגען גאנץ פריה וויעדער ארויספאָהרען מיט זייער שיפעל, דיעזען מאָל ביי אַן אנדער זייט פון לינקאָלן אינזעל. דערווייל האָבען זיי אַלעס ביס־לעכווייז איבערטראָגען אין דער הויך אין גראַניט הויז און זיי זיינען געגאַנגען שלאָפען.

פאר'ן שלאָף האָט הערבערט געבעטען דעם אינזשיניר ער זאָל פאר זיי פאָרלעזען א קאפּיטעל אָדער מעהר פון דער ביבל. פּענקראָפּט, וועלכער איז געוועזען אבערגלויביש, האָט פערלאַנגט, אז הארדינג זאָל אַן עפען טהאָן דיא ביבל און דער ערשטער פסוק אויף וועלכען זיין בליק וועט פאַלען וועט דיענען אַלס גורל פאר זייער צוקונפט.

דער אינזשיניר האָט איהם צוליעב געטהאָן. ער האָט אַן עפען געטהאָן דעם בוך און זיין בליק איז געפאַלען אויף א פסוק, וועלכער איז ביים זייט געוועזען געצייכענט מיט א בליי־פעדער. דער פסוק איז געוועזען: „יעדער איינער וואָס וועט בעטען וועט בעקומען און ווער עס וועט זוכען וועט געפינען“.

אַלע האָבען עס אָנגענומען פאר א גוטען סימן.

---

## 3טעם קאפּיטעל.

**דיא צווייטע רייזע אויף׳ן וואסער. — כריין, ריבען און זעגעפּט. — א שעהנע וואלד פּאַנאָראמא. — יוקאליפּטוס בוימער און זייערע נוצען. — מחנות אַפּען (מאַנקים). — דער וואסער־פאל.**

---

אויף מאָרגען, דעם 30טען אָקטאָבער, גאנץ פריה, זיינען דיא קאָלאָניסטען געווען פערטיג צו דער רייזע, וועלכע זיי האָבען אָנגענומען פאר העכסט נויטיג און וויכטיג. פאקטיש האָבען שוין דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל פאר זיך אליין גאָר ניט געדארפט. זיי זיינען שוין געווען פערזאָרגט מיט אלעם און זיי האָבען ערשט אָנגעהויבען זאָרגען פאר אנדערע.

זיי האָבען דארום איינגעשטימט צו מאכען דיא רייזע אין זייער שיפעל, פיליכט וועלען זיי געפינען אזעלכע וואָס ווארטען אויף הילף, פיליכט ליגען ערגיץ פערוואָרפענע פאסאזשירען פון דער זעלבער שיף, וואָס האָט געפיהרט דעם קאסטען וואָס זיי האָבען געפונען, און זיי וועלען זיי רעטען.

עס איז נויטיג געווען זיי זאָלען מיטנעהמען אייניגע זאכען מיט זיך און אויך פערזאָרגען זיך, אז אין פאל זיי וועלען נאָך ברויכבארעס געפינען זאָלען זיי עס קענען ברייננגען אהיים אין גראניט הויז. אויב א שיף איז ערגיץ אין יענע געגענד צובראָכען געוואָרען, וואלגערען זיך זיכער ערגיץ ביי דיא ברעגען שטי־קער פון יענער שיף וואָס קען זיי, דיא בעזיצער פון אינזעל, גאנץ גוט צוניץ קומען. אָבער זייער שיפעל קען קיין שווערע משא ניט פיהרען און פיליכט געפינען זיי טהיילען פון א שיף, וועלען זיי עס מיט׳ן וואסער גאנץ זיכער ניט קענען בריינגען. אזעלכע זאכען וואָלט פיעל לייכטער געווען צו פיהרען מיט א וואָגען אויף א טרוקענעם וועג. זיי האָבען אפילו געהאט א וואָגען, אָבער ער איז געווען אומגעלומפּערט און שווער און שלעפען איהם מיט משא א ווייטע שטרעקע איז ניט קיין ארבייט פאר מענשען. פענקראָפט האָט זיך דאַן ארומגעזעהן, אז אויסער א האלב פונט טאבאק וואָס האָט געפעהלט אין קאס־טען, האָט זיי נאָך געפעהלט א וויכטיגערע און נויטווענדיגערע זאך — א פאָר פערד, וואָס וואָלטען זיי זעהר, זעהר צוניץ געקומען.

שפּייז אויף׳ן וועג האָט נעב איינגעפּאקט געטריקענטע פלייש און א גרוי־סען קרוג מיט ביער, אָדער א געטראנק וואָס זיי פלעגען מאכען פון זאפט פון בוימער. דאָס, האָבען זיי גערעכענט, וועלען זיי האָבען גענוג אויף דריי טעג און דאן וועלען זיי אלענפאלס זיך אומקעהרען צוריק אהיים. נעב האָט אויך מיטגענומען דעם טראַנגבארען אויוועלע וואָס זיי האָבען אין קאסטען געפונען, פיליכט וועלען זיי עס דארפען געברויכען אונטער וועגענס.

ווערק־צייג און אינסטרומענטען האָבען זיי מיטגענומען דיא צוויי גרויסע העק, פיליכט וועט זיי אויסקומען אויסהאַקען ביימער, דעם טעלעסקאָפ און דעם קאָמפּאַס.

געוועהר האָבען זיי גענומען דיא צוויי גרויסע ביקסען, אין וועלכע מען האָט געקענט געברויכען קרעמען־שטיינדלעך צום שיסען. זיי האָבען אויך מיטגענומען א פּאָר שווערדען און אביסעל קוילען און שיס־פּולווער.

פענקראָפט, הערבערט און נעב האָבען געטראָגען דיא וואפען און זיי האָבען זיך געפיהלט שטאָלץ אזוי וויא קריעגס־העלדען, אָבוואָהל זיי האָבען דעם אינזשיניר געמוזט געבען זייער עהרען וואָרט, אז זיי וועלען ניט שיסען און ניט בענוצען קיין וואפען, סיידען אין פאַל עס וועט נויטיג זיין.

ארום זעקס אוהר אין דער פריה זיינען דיא לייטע אָבגעפאָהרען מיט זייער שיפעל. טאָפּ איז מיט זיי מיטגעפאָהרען.

עס איז דאמאָלס אָנגעקומען דער פלוטה (שטייגונג פון וואסער). דיא "מערסי" איז דאן געוועזען טיעף און דאָס וואסער איז געלאָפען שטראָמיג. דיא קאָלאָניסטען אָדער דיא פאָרשער האָבען זאָגאר ניט פיעל געדארפט בענוצען זייערע רודערס, ווייל דער שטראָם האָט דיא שיפעל געטריבען און מענשליכע הילף איז געוועזען ניט נויטיג. זיי זיינען געקומען צום פלאץ, וואו פענקראָפט האָט מיט זיבען מאָנאטען צוריק געמאכט דיא ערשטע רעפט (האָלץ־פליטע), אויף וועלכע זיי האָבען געפיהרט הייצונגס־מאטעריאל צו זייער ערשטע היים, אין דיא "טשימנים".

דער טייך האָט זיך דאָרט פערדרעהט און איז אוועק פיעל ברייטער. דיא ברעגען פון טייך זיינען דאָרט געוועזען זעהר שעהן. דיא נאטור האָט זיי בעציערט מיט פּראכטפאָלע ביימער פון פערשיעדענע גאטונגען. סיירוס הארדינג האָט זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון דער פראכטפאָלער פאנאָראמא וואָס דיא ברעגען פון טייך האָבען פאָרגעשטעלט. דאָרט זיינען געוועזען אזעלכע ביימער וואָס האָבען געטראָגען פרוכט, פון וועלכע מען קען אויסדריקען א זאָרט אויל. הערבערט האָט דאָרט ענטדעקט א זאָרט קליינע ביימלעך, וועלכע ווערען פערוואנדעלט אין שטריק מאטעריאל, ווען מען ווייקט זיי אין וואסער.

פון צייט צו צייט זיינען זיי צוגעפאָהרען צום ברעג און ספּילעט, הערבערט און פענקראָפט זיינען מיט ביקסען אין דיא הענד ארויסגעשפּרונגען אויף דיא טריקענים. זיי האָבען ניט געדענקט אָנצופיהרען א יאגד אויף אירגענד וועלכע טהיערע אָדער פויגלען, ווייל זיי האָבען דאָך אלע זייער וואָרט געגעבען ניט צו שיסען סיידען דאָס וועט העכסט נויטיג זיין; אָבער אויסער טהיערע און פויגלען זיינען פאראן נאָך ניצליכע זאכען. זיי האָבען געדענקט פיליכט וועלען זיי געפינען ניצליכע פלאנצונגען און זיי וועלען עס נעהמען אויף זייער שיפעל. דער יונגער נאטור־פאָרשער, הערבערט, האָט ענטדעקט איינציגע מינים

וואקסונגען, וועלכע מען קען זעען און קולטיווירען און געברויכען צום עסען, צווישען אנדערע אויך כריין, ריבען און א זאָרט סאלאטע. אין איין פּלאץ האָבען זיי אָנגעטראָפען א מין פּלאנצע, אומגעפעהר דריי פוס הויך, מיט קליינע צווייגען און מיט ברוינליכע קערענדלעך.

— ווייסט איהר וואָס פאר א פּלאנצע דאָס איז ? — האָט הערבערט גע־פרעגט דעם מאטראָז.

— טאבאק ! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען, אָבוואָהל ער האָט אין זיין לעבען ניט געזעהן וויא זיין ליעבלינג פּלאנצע וואקסט.

— ניין, הערר פענקראָפט — האָט הערבערט געזאָגט — דאָס איז ניט קיין טאבאק, זאָנדערען מאָסטארד (זענעפט, גאָרטשיצע).

— זאָל עס הענגען ! זאָל עס געהן צום טייפעל ! — האָט פענקראָפט אויס־געשריען — אָבער ווען דוא וועסט אמאָל געפינען טאבאק, זאָלסט דוא מיר, הערבערט, אָנזאָגען.

— מיר וועלען אמאָל דאָס אויך געפינען — האָט זיך ספּילעט אָבגע־רופען.

— אויב עס וועט קומען אזא גליקליכער טאָג — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווייס איך ניט וואָס עס וועט אונז נאָך פעהלען. מיר דאכט, אז מיר וועלען שוין דאמאָלס אלעס האָבען.

זיי האָבען דיא דאָזיגע פּלאנצונגען אויסגעריסען מיט דיא וואָרצלען און זיי האָבען זיי אוועקגעטראָגען אין שיפעל, וואו זיי האָבען געטראָפען סיירוס הארדינג פערטיעפט אין געדאנקען.

דער רעפּאָרטער, דער מאטראָז און הערבערט האָבען שפּעטער אויך פּאָרט־געזעצט צו בעזוכען אָפט דיא ברעגען, אום צו זוכען פּלאנצונגען אָדער אנדערע זאכען, פון וועלכע זיי וועלען קענען מאכען א געברויך.

וועהרענד זיי האָבען אזוי איינמאָל שפּאצירט ביים ברעג וואסער, איז דעם רעפּאָרטער געלונגען צו פאנגען צוויי לעבעדיגע פויגלען, וועלכע האָבען געהאט לאנגע, דינע שנאָבלען, לאנגע העלדזער, קורצע פליעגעל און קיין עקען. הערבערט האָט דיעזע פויגלען אָנגערופען מיטן נאָמען "טינאמאָוס". זיי האָבען בעשלאָסען מיטצונעהמען דיא עופות אהיים און זיי זאָלען זיין דיא ערשטע עופות צום האָדעווען, און ווען זיי וועלען אמאָל פאנגען נאָך, וועלען זיי מאכען א גאנצען פויגעל־הויף.

דער קראָך פון זייערע ביקסען האָט זיך דיא גאנצע צייט ניט געהערט. דאָס ערשטע מאָל וואָס דער אָבקלאנג פון א שאָס האָט זיך געהערט איבער'ן וואלד פון פאר וועסט איז געווען, ווען זיי האָבען דערזעהן א שעהנעם פויגעל, עהנליך צו אן אייז־פויגעל אָדער קעניגס־פישער. פענקראָפט האָט דערזעהענדיג דיעזען פויגעל ניט געקענט וויעדערשטעהן דעם נסיון און ער האָט אויסגעשאָסען טראָצ־

דעם וואָס קאַפּיטאַן האַרדינג האָט זיי פערזאָגט זיי זאָלען ניט שיסען סיידען ביי אַ גרויסע נויטווענדיגקייט.

דער פויגעל איז געווען אַ דזשאַקאַמאַר מיט בלישצענדע פעדערען פון אַ מעטאַל קאָליר. דיא קויל האָט דעם פויגעל געטראָפען. ער איז אַרונטערגעפאַלען אויף דער ערד און טאָפּ האָט איהם אוועקגעטראָגען צום שיף. אַביסעל שפּעטער האָט הערבערט געטויטעט זעקס לאָרים. דער לאָרי איז אַ פויגעל גרויס אַזוי וויא אַ טויב מיט עכט שעהנע פעדערען. זיין פלייש איז זעהר געשמאַק, פיעל בעסער וויא דיא פלייש פון אַ דזשאַקאַמאַר. פּענקראָפט האָט זיך געפּיהלט אַביסעל ניעדערגעשלאָגען דערפון וואָס דער יונגער הערבערט האָט איהם איבערשטיגען און געמאַכט אַ בעסערען פאַנג.

אַרום צעהן דעם זייגער אין דער פריה האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען געזעצט עסען פריהשטיק אונטער דעם שאָטען פון געדיכטע שעהנע בוימער. זיי זיינען דאַמאָלס געווען פינף מייל ווייט פון דעם אָנפאַנג פון דעם "מערסי" טייך. דיא פאָרשער האָבען אַרומגעקוקט דיא געגענד אין אַלע זייטען, אָבער זיי האָבען ערגיץ ניט בעמערקט קיין מינדסטען שפּור פון מענשען. קיין אויסגעהאַקטער בוים, קיין אָבגעשניטענע צווייג איז ערגיץ ניט געזעהן געוואָרען, קיין טריט אָדער אירגענד וועלכער צייכען פון אַ מענשען'ס אָנוועזענהייט האָט מען געקענט געפינען. דער אינזשיניר האָט דאַרום בעפוילען, אַז זיי זאָלען אַריבערפאָהרען אין וועסט (מערב) זייט פון לינקאָלן אינזעל, פיללייכט וועלען זיי דאָרט עטוואָס געפינען.

נאָך'ן עסען זיינען זיי אַריין צוריק אין זייער שיפעל און זיי זיינען ווייטער געפאָהרען. ווען זיי זיינען אָבגעפאָהרען אַ שטיקעל וועג זיינען דיא בוימער אין וואַלד געוואָרען שיטערער; אָבער וואָס ווייטער דיא בוימער זיינען געשטאַנען איינע פון דיא אַנדערע אַלץ שעהנער האָט דער וואַלד אויסגעזעהן. דער פרייער פּלאַץ האָט געמאַכט דיא בוימער צו וואַקסען ברייטער און העכער און זיי האָבען פאָרגעשטעלט אַ פּראַכטפאָלעס בילד.

הערבערט'ס בליקען האָבען זיך געוואָרפען אויף איינינע הויכע, פּרעכטיגע בוימער און ער האָט ענטציקט אויסגעשריען:

— יוקאַליפּטען! יוקאַליפּטען!

דאָס זיינען ווירקליך געווען יוקאַליפּטען, וועלכע זיינען פון דעם זעלבען גאַטונג וויא דיא יוקאַליפּטוס בוימער וואָס וואַקסען אין אויסטראַליען און אין ניי־זעעלאַנד. אין אויסטראַליען רופט מען אויך דיעזע בוימער "גומי־בוימער". איינינע פון דיעזע בוימער זיינען געווען אַריבער צוויי הונדערט פוס הויך. זייער אונטערשטער טהייל האָט געמאָסטען צוואַנציג פוס אין אומקרייז, עס הייסט, אַז מען האָט געדאַרפט האָבען אַ פאָדעם פון 20 פוס לאַנג אַרומצורינגלען אַ שטאַם פון אַ בוים. זייער קאָרע איז געווען בעדעקט מיט שפּאַלטען,

וועלבע זיינען געווען אָנגעפילט מיט רויטע שמעקענדיגע גומי. עס קען ניט זיין שעהנער און פּראכטפאָלער ווייא דיעזער זאָרט בוימער, וועלבע זיינען אויך פּעררעכענט אלס דיא ריעזען פון וואלד, אלס דיא העכסטע אין דער בוימער־וועלט.

דער באָדען ארום דיא בוימער איז געווען בעדעקט מיט געדיכטע ווייבע גראָז, און פון צווישען דיא קליינע בוימלעך וואס זיינען דאָרט געוואקסען זיי־נען אלע ווילע ארויסגעפּלויגען פערשיעדענע פויגלען, וועלבע האָבען געבלישצעט אונטער דיא שטראַלען פון דער זונן אזוי וויא בעפּליעגעלטע עדעלשטיינער.

— אָט דאָס הייסען בוימער! — האָט נעב אויסגעשריען — אָבער טויגען זיי צו עפּעס?

— פוי! — האָט פּענקראָפט געענטפּערט — זיי זיינען הויך, גרויס, אָבער זיי טויגען צו גאָר ניט. מענשען זיינען אויך פאראן הויבגעוויקסיגע, וואהרע ריעזען און זיי זיינען ניט ווערטה א גוט וואָרט.

— איך דענק אז איהר האָט א טעות — האָט זיך גידעאָן ספּילעט אָבגעע־רופען — דיא האָלץ פון יוקאליפּטוס בוימער זיינען גראדע אריין אין געברויך און עס טויג זעהר גוט צו סטאָליאר ארבייט.

— און איך — האָט הערבערט געזאָגט — וועל צוגעבען, אז דיעזער גאַטונג בוימער בריינגען נוצען אין נאָך פיעלע הינזיכטען. דיא יוקאליפּטוס פאמיליע בעשטעהט פון א סך עהנליכע בוימער. דער גואווא בוים, צום ביי־שפּיעל, וואָס איז אויך א מין יוקאליפּטוס, גיט אזא מין פרוכט פון וועלבע מען מאכט מואווא איינגעמאכץ; דער קלאָוו בוים גיט אונז א שמעקענדיגען גע־ווירץ; פּאָמעגראנאט בוימער גיבען אונז דיא טהייערע פרוכט פּאָמעגראנאטען (מילגרוימען); דיא אגוי מירטע האָט אין זיך א זאפט וואָס איז שטארק אזוי וויא אלקאָהאָל; מיר האָבען אויך בוימער, וואָס בעלאנגען צו דיא יוקאליפּטוס פאמיליען, וועלבע גיבען אונז וויין פון דעם זאפט וואָס זיי האָבען אין זיך, און אזעלבע, וואָס זייער רינדע (קאָרע) איז צימערינג. עס זיינען פאראן נאָך פיעלע און פיעלע בוימער פון דעם זעלבען מין, וועלבע מענשען געברויבען, און איהר פּענקראָפט זאָגט, אז דיעזע בוימער טויגען צו גאָר ניט! ווייסט איהר אז אזעלבע בוימער זיינען פאראן 46 גאַטונגען, וועלבע ווערען נאָך איינגעטהיילט אין דרייצעהן הונדערט פערשיעדענע זאָרטען וואָס יעדע האָט אן אנדער נאָמען?

דער יונגער הערבערט איז געווען שטאָלץ מיט זיין לעקציע איבער באָ־טאניקע (וויסענשאפט פון וואקסונגען). סיירוס הארדינג האָט צוגעהערט יעדעס וואָרט און געשמייבעלט.

— זעהר גוט, הערבערט — האָט פּענקראָפט געענטפּערט — זאָל זיין וויא דוא זאָגסט, אָבער איך קען שווערען, אז פון דיא אלע נוצבארע בוימער

וואָס דוא האָסט אויסגערעכענט, איז קיין איינער ניט אזא חויכער און ריע־זיגער וויא דיעזער.

— דאָס איז וואהר, הערר פענקראָפט.

— נו, בעשטעטינט דאָך דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, אז דיעזע בוימער טויגען אויף גאָר ניט! — האָט פענקראָפט מיט א טאָן פון טריאומף אויסגע־שריען.

— האָט איהר וויעדער א טעות, פריינד פענקראָפט — האָט זיך דער איג־זשיניר אָבגערופען — אָט דיעזע גרויסע בוימער נוצען אויך צו עפעס.

— צו וואָס, קאַפּיטאַן?

— צו שאפען געזונדהייט פאר דיא לענדער וואו זיי וואקסען. ווייסט איהר וויא מען רופט דיעזע בוימער אין אויסטראַליען און אין נייא־זעעלאנד?

— ניין, קאפּיטאַן.

— מען רופט זיי אין אלגעמיין גומי־בוימער, אָבער מען רופט זיי אויך פיבער־בוימער.

— ווייל זיי ברייננגען פיבער?

— ניין, ווייל זיי פערהינדערן פיבער, ווייל זיי פערהיטען פון דיעזע קראנקהייט.

— דאָס איז גוט צו וויסען — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — איך וועל עס נאָטירען אין מיין נאָטיץ־ביכעל.

— נאָטירט עס, פריינד ספּילעט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — ווייל דאָס שיינט צו זיין א בעשטימטע זאַך, אז דיא יוקאליפּטוס בוימער פערניכטען דעם אנשטעקונגס־גיפט. מען האָט שוין דיעזען נאטירליכען געגען־גיפט פּרובירט פלאנצען אין מיטען פון איירֹאָפּא און אין נאָרד אפריקא, וואו דיא לופט איז געווען אומגעזונד און דיא דאָרטיגע איינוואָהנער האָבען זעהר פיעל געליטען, און עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דיעזע בוימער האָבען פיעל פערבעסערט דיא געזונדהייט פון דיא פערפעסטעטע געגענדען. אין דיא געגענדען וואו עס געפינען זיך וועלדער פון אזעלכע מינים בוימער עקזיסטירט פיבער זעהר זעל־טען. גליקליכערווייזע האָבען מיר דיעזע היילונגס בוימער דאָ אויף לינקאָלן אינזעל און זיי וועלען אונז זיכער גוטעס טהאָן.

— אך, וואָס פאר א טהייערער אינזעל! וואָס פאר א געבענשטער אינזעל!

— האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען — עס פעהלט אונז דאָ ווירקליך גאָר ניט, בלויז —

— טאבאק מיינט איהר — האָט איהם הארדינג אונטערגעכאַפּט — ווארט, פריינד פענקראָפּט, מיר וועלען נאָך דאָס אויך געפינען. פאָרלויפיג אָבער מוזען מיר פאָהרען ווייטער.

זיי זיינען אָבגעפאָהרען נאָך צוויי מייל. דער טייך איז געווען בעוואקסען

מיט מעער־גראָזען און אויף שפּיציגע פעלזען האָבען וואו ניט וואו ארויסגע־שטעקט. עס איז דארום זעהר שווער געוועזען צו טרייבען דיא שיפעל און פענ־קראָפט איז שטארק אויסגעמאטערט געוואָרען. וואָס ווייטער איז דער טייך אלץ ווייניגער טיעף געווען, ביז ענדליך האָט מען שוין געמוזט שטופּען דיא שיפעל מיט פלעקער. מיט דיא רודערס האָט מען זיא שוין ניט געקענט טרייבען. ביז'ן וועסטליכען זייט פון אינזעל איז נאָך געווען א ווייטע שטרעקע.

דיא זונן האָט זיך שוין ארונטערגעלאָזט און האָט געוואָרפען איהרע לעצ־טע שטראהלען אויף דיא שפּיצען פון דיא הויכע ריעזען־בוימער. סיירוס האר־דינג האָט איינגעזעהן, אז עס איז אן אונמעגליכע זאך צו דערגרייכען דעם וועסטליכען זייט פון לינקאָלן אינזעל ביז נאכט און ער האָט בעשלאָסען צו מאכען ערגיץ א לאגער און נעכטיגען. ער האָט אויסגערעכענט, אז זיי האָבען נאָך א שטיק וועג פון פינף מייל ביז דעם וועסטליכען ברעג פון ים און זיי קענען אויף קיין פאל אהין ניט קומען ביז נאכט, ניט מיט זייער שיף און אויך ניט צופוס. ער האָט דארום געוואָלט בעקאנט מאכען זיינע קאָמפּאניאָנען, אז מען זאָל זיך אָנהויבען צוגרייטען צו נאכטלעגער, אָבער זאָלאנג דיא שיפעל האָט זיך נאָך בעוועגט, האָט הארדינג זיך ניט געוואָלט אָבשטעלען, פיללייכט וועלען זיי נאָך עפּעס ענטדעקען.

דיא שיפעל האָט זיך געשלעפּט מיט גרויס שוועריגקייטען צווישען דיא בוימער פון וואלד וואָס זיינען שוין געווען פיעל געדיכטער און מעהר בעוואָהנט פון טהיערע. פענקראָפט האָט פון ווייטענס געזעהן מחנות אפען (מאָנקים) וואָס זיינען אומגעשפּרונגען פון איין בוים אויף'ן אנדערען. מאנכע פון דיעזע טהיערע האָבען זיך אָבגעשטעלט ניט ווייט פון שיפעל און האָבען געקוקט אויף דיא מענשען, וועלכע זיי האָבען וואהרשיינליך צום ערשטען מאָל געזעהן. דער מאט־ראָז האָט גרויס לוסט געהאט צום שיסען, אָבער דער אינזשיניר האָט איהם אָבגעהאלטען ערקלערענדיג, אז פערגיסען אומזיסטע בלוט איז אן אונרעכט און זאָלאנג זיי קענען פון דיא אפען קיין נוץ ניט האָבען איז גלאט א שאָד אויסצובריינגען פולווער און קוילען.

אביסעל שפּעטער איז דיא רייזע אויף דער "מערסי" געוואָרען נאָך שווע־רער. אויסער דעם וואָס דאָס וואסער איז געווען ניט טיעף, זיינען דאָרט גע־וועזען אזוי פיעל פעלזען, אז עס איז אונמעגליך געווען אויסצומיידען זיי.

— קאפּיטאן — האָט זיך פענקראָפט אָבגערופען — מעהר וויא נאָך א פיערטעל שטונדע וועלען מיר אונזער שיף ניט קענען שטופּען. מיר וועלען זיך מוזען אָבשטעלען.

— קיין בייז — האָט הארדינג געענטפערט מיט א שמייכעל — מיר וועלען אונזער ריעזען־שיף פעראנקערען און מיר וועלען דאָ ערגיץ איבערנעכטיגען.

— וויא ווייט זיינען מיר פון גראניט הויז ? — האָט הערבערט געפרעגט.

— ביי א זיעבען מייל — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— וועלען מיר פאָהרען וויימער? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— יא, פריינד פענקראָפט — האָט הארדינג געענטפערט — זאָלאנג מיר קענען דארפען מיר פאָהרען. מאָרגען בעגינען וועלען מיר דיא שיף דאָ איבער־לאָזען און אין צוויי שטונדען צייט, האָף איך, וועלען מיר קומען צופוס צום וועסטליכען זייט פון לינקאָלן אינזעל.

אָבער ביי דיא רייד איז דיא שיפעל געבליבען שטעהן און מען האָט זיא ניט געקענט ריהרען פון אָרט. דער טייך איז דאָרט געווען ניט מעהר וויא צוואנציג פוס ברייט און דאָס וואסער אזוי ניעדעריג, אז מען האָט כמעט גע־קענט אָנטאפען דעם גרונד.

עס איז געווען אומגעפעהר פינף אוהר. דיא זונן איז שוין געווען כמעט אין גאנצען ארונטערגעלאָזט. פון צווישען דיא בוימער האָט זיך געהערט א שטארקער גערויש פון א וואסער־פאל און ווען דיא פאָרשער האָבען זיך ארומ־געקוקט, האָבען זיי געזעהן וויא א שטראָם וואסער האָט זיך געגאָסען פון א הויי־כען פעלז אין טייך "מערסי". דער טייך האָט זיך דאָרט געענדיגט. סיירוס הארדינג האָט זיך דאן איבערצייגט, אז דער וואסער־פאל איז דער שפייזער פון "טייך פון גנאדע".

עס איז בעשטימט געוואָרען, אז זיי זאָלען דאָרט ארויפגעהן אויף דיא טריקענים און אָבזוכען א פלאץ פאר נאכטלעגער. און זיי האָבען אזא פלאץ ניט פיעל געדארפט זוכען, ווייל באלד וויא זיי זיינען ארונטער פון שיפעל האָבען זיי אויסגעפונען, אז דאָרט איז א פאסענדער פלאץ צו איבערנעכטיגען. זיי האָ־בען דיא שיפעל צוגעשלעפּט מעהר צום ברעג, צוגעפעסטיגט צו א בוים און זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף'ן גראָז.

זיי האָבען באלד אויפגעלייגט א גרויסען פייער, זיי האָבען אָבגעגעסען און אָנגעהויבען דענקען וועגען שלאָפען. אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען מורא גע־האָט אז ווילדע טהיערע זאָלען ניט איינברעכען אין זייער לאגער און זיי האָבען דארום בעשטימט, אז יעדער איינער פון זיי זאָל א געוויסען טהייל פון דער נאכט זיין אויף דער וואך. אָבער דיא נאכט איז פאָראיבער און קיינע פיער־פיסיגע געסט זיינען צו זיי ניט געקומען. אויף מאָרגען, דעם 31טען אָקטאָבער אום פינף אוהר אין דער פריה זיינען זיי אלע געווען פערטיג צו געהן וויימער.

## 4טעם קאפיטעל.

א שפּאציר־גאנג צום ברעג ים. — א נייער טייך. — קיין וואסער־שטייגונג אין איהם. — דיא באמבו בוימער. — מלחמה מיט א טיגער. — בעזיעגט. — דער נאכטלעגער אין הייהל.

---

דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל האָבען אָבגעגעסען פריהשטיק און האָבען אָנגעפאנגען זייער שפּאציר צום וועסטליכען זייט פון אינזעל. זיי זיינען פריהער געגאנגען זוכען דעם קירצעסטען וועג צו זייער געווינשטען פּלאץ, ווייל זיי האָבען געוואָלט שפּאָרען צייט און גיכער אהין קומען. וויא לאנג וועט דער גאנג נעהמען? דאָס האָבען זיי בעשטימט ניט געקענט וויסען. סיירוס הארדינג האָט געזאָגט, אז אין צוויי שטונדען צייט וועלען זיי אהין קומען; אָבער דאָס האָט ניט געקענט זיין קיין זיכערהייט, ווייל ווער האָט געקענט וויסען וואָס פאר א הינדערניסע זיי וועלען האָבען אין וועג? פיליייכט וועט מען דארפען אויסהאקען א וועג צווישען דיא געדיכטע בוימלעך וואָס וואקסען דאָרט? פיליייכט וועלען זיי האָבען אנדערע שטערונגען?

שפּייז האָבען זיי מיט זיך געהאט גענוג נאָך אויף צוויי טעג און מען וועט דורך דיעזער צייט ניט דארפען מאכען קיין יאגד. סיירוס הארדינג האָט זיינע קאָמפּאניאָנען אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלען זיין אָבגעהאלטען פון שיסען, סיידען אין פאל פון נויט, דאָך האָבען זיי געהאט זייערע וואפען גרייט, פיליייכט וועלען זיי בעפאלען ווערען פון טהיערע און זיי וועלען זיך דארפען פערטהיידיגען. זיי האָבען שנעל אויסגעפונען דעם גלייכסטען און נאָהענסטען וועג און זיי האָבען זיך געלאָזט געהן. אין מאנכע פּלעצער האָבען זיי געמוזט בענוצען זייערע העק און אויסהאקען דיא בוימלעך און דערנער, וועלכע זיינען זיי געשטאנען אין וועג און געשטערט זייער גאנג. דיא בוימער וואָס זיינען געוואקסען אין יענע געגענד זיינען געוועזען אזעלכע, וואָס דיא פאָרשער פון לינקאָלן אינזעל האָבען שוין געזעהן אין אנדערע געגענדען פון זייער קליינע מלוכה.

זיי האָבען אויף'ן וועג געזעהן פיעלע אפען, וועלכע האָבען זיי אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג. דיא טהיערע האָבען געמורמעלט צווישען זיך, אזוי וויא זיי זאָלען איינע דיא אנדערע פרעגען: וואָס פאר א מאָדנע ברואים זיינען דאָס? גידעאָן ספּילעט האָט זיך געוויצעלט און געזאָגט, אז דיא אפען נעהמען זיי פיליייכט אָן אלס זייערע ניט קיין געראָטענע ברידער, וואָס געהען שטענדיג אויף צוויי פיס און האָבען וויסע, מאוס'ע פּנים'ער און קענען ניט קריכען אויף בוימער.

אין דיא ווירקליכקייט האָבען דיא אפען געמעגט שטאָלצירען געגען זייערע אור־אייניקלעך (דיא מענשען, נאָך דארווין'ס לעהרע), ווייל וועהרענד זיי, דיא מענשען האָבען געדארפט ארבייטען שווער און בימער דורכצושלאָגען זיך א וועג דורך דיא בוימלעך, דערנער, צווייגען און גראָזען, האָבען דיא זיידעס (דיא אפען) אומגעשפּרונגען אין דער הויך פון איין צווייג אויף דער אנדערער און פון איין בוים אויף'ן אנדערען אזוי לייכט און אזוי פריי אזוי וויא אויף א פרייען, גלאטען פעלד.

דער אינזשיניר און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען דאָרט אויך בעגעגענט אייניגע קליינע שווינען, קאנגארוס און אנדערע טהיערע. פּענקראָפט האָט זעהר לוסט געהאט צו שיסען, אָבער ער האָט ניט געקענט איבערטרעטען הארדינג'ס פערזאָג און ער האָט זיך געמוזט אָבהאַלטען.

— לויפט, שפּרינגט, טאנצט — האָט ער גערעדט צו דיא שטומע חיות — מיר וועלען זיך נאָך מיט אייך דורכשמועסען ווען מיר וועלען געהן צוריק.

קאפּיטאן הארדינג'ס רעכענונג אז אין צוויי שטונדען צייט וועלען זיי קומען צום וועסטליכען זייט פון אינזעל איז טאקי ניט געווען קיין ריכטיגער. דער מאן וואָס האָט פערענטפערט אסטראָנאָמישע פראגען און האָט בעוויזען וואונדער אין פיעלע זאכען, האָט דיעזען מאָל גראדע ניט געטראָפען. דער וויסענשאפטס־מאן האָט ניט גערעכנעט, אז זיי זאָלען האָבען אזוי פיעל הינדער־ניסע אין וועג און ער האָט גערעכענט, אז אין צוויי שטונדען וועלען זיי זייער שפּאציר דורכמאכען. ענדליך איז שוין געווען נאָך ניין אוהר און זיי זיינען נאָך צום געווינשטען פּלאַץ ניט געקומען.

אומגעפעהר מיט א האלבע שטונדע שפּעטער איז זיי פּלוצלונג דער וועג אָבגעהאקט געוואָרען. זיי זיינען צוגעקומען צו א שטראָם רוישענדע און שוי־מיגע וואסער און זיי האָבען ווייטער ניט געקענט געהן. דאָס וואסער איז געווען פון דרייסיג ביז פּיערציג פוס ברייט און עכט טיעף און קלאָהר. אריבערגעהן דאָרט איז געווען אונמעגליך.

— מיר זיינען פערבליבען שטעהן אין מיטען! — האָט נעב אויסגע־שריען.

— קיין בייז ניט — האָט הערבערט געענטפערט — מיר קענען דיעזען טייך לייכט אריבערשווימען.

— צו וואָס זאָלען מיר עס טהאָן? — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — דיעזער טייך לויפט וואהרשיינליך צום מעער און ווען מיר וועלען איהם אריבער־שווימען וועלען מיר גאָר ניט פערדיענען, ווייל ער וועט אונז נאכהער ווייטער פערשטעלען דעם וועג ביים ברעג מעער. לאָמיר בעסער געהן גלייך ביים ברעג פון טייך ביז מיר וועלען קומען צו אונזער געווינשטען פּלאַץ, און איך דענק אז דער טייך וועט אונז שנעל אהין ברייננגען.

— איין מינוט, מיינע העררען — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — וואָס איז דער נאָמען פון דיעזען טייך? ווען מיר איהם גאָר אויסלאָזען פון אונזער געאָגראַפיע?

— גאַנץ ריכטיג! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — לאָמיר אויס־טראַכטען עפּעס א נאָמען.

— אויף דיר, הערבערט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — פאַלט דער גורל, דוא זאָלסט דעם טייך א נאָמען געבען.

— ווענט ניט בעסער זיין — האָט הערבערט געענטפערט — אז מיר וועלען ווארטען ביז מיר וועלען קומען צום מויל פון דיעזען טייך? ווען מיר וועלען וויסען פון וואנען ער שטאמט וועלען מיר איהם קענען געבען א פאסענדערען נאָמען.

— ניט קיין קרומע זאך! — האָט הארדינג בעשטעטיגט — לאָמיר דער־וויל געהן ווייטער.

— נאָך א מינוט, מיינע פריינדע! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען אזוי וויא ער זאָל זיך דערמאָהנען אָן אן עכט וויכטיגע זאך.

— וואָס אזעלכעס? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— עס איז וואהר — האָט פענקראָפט געענטפערט — אז שיסען טהיערע אָדער פויגלען איז אונז פון קאפיטאן פערבאָטען, אָבער פאנגען פיש מעג מען דאָך, לאָמיר דאָ פאנגען אביסעל פיש אויף מיטאָג.

— מיר האָבען דערויף קיין צייט — האָט הארדינג זיך אָבגערופען.

— בלויז אויף פינף מינוט — האָט פענקראָפט זיך געבעטען — מעהר וויא פינף מינוט, הערר קאפיטאן, פערלאנג איך ניט. בלויז עטליכע פישלעך אויף מיטאָג.

דער מאטראָז האָט זיך ניט געקענט בעהערשען און ניט ווארטענדיג אויף'ן אינזשיניר'ס ערלויבניס האָט ער זיך איינגעבויגען און האָט פון צווישען דיא שטיינער מיט דיא הענד ארויסגעצויגען אייניגע דוצענד קליינע קראָפישען (אזעלכע ראקעס).

— דאָס וועט זיין גוט! — האָט נעב אויסגעשריען — אויסגעצייכענט, פריינד פענקראָפט!

— דאָס איז — האָט פענקראָפט געמורמעלט — אזוי וויא איך האָב געזאָגט: אלעס איז דאָ פאראן אויף דיעזען אינזעל, בלויז קיין טאבאק.

דער פיש פאנג האָט ווירקליך קיין פינף מינוטען אויך ניט געדויערט, ווייל דיא קראָפישען זיינען צולאָפען אין וואסער און מען האָט זיי מעהר ניט גע־קענט פאנגען. דיא געפאנגענע קראָפישען האָט פענקראָפט אריינגעלעגט אין א זעקעל, געפלאָכטען פון גראָזען און זיי זיינען אלע אוועק ווייטער.

זיי זיינען געגאנגען שנעל, ווייל דער ברעג פון טייך איז ניט געוועזען בע־

וואקסען און קיין זאך האט זייער גאנג געשטערט. פון צייט צו צייט האבען זיי אנגעטראָפען שפּורען פון טהיערע, קליינע און גרויסע, וועלכע פלעגען וואהר־שיינליך קומען צום טייך טרינקען וואסער, אבער זיי האבען קיין טהיער גע־זעהן.

אונטערדעסען האט זיך סיירוס הארדינג בעריעכענט, אז ער און זיינע קאמפּאניאָנען זיינען פיעל ווייטער פון דעם וועסטליכען זייט פון אינזעל וויא ער האט געדענקט. לויט דיא צייט פון טאג, האט הארדינג געוואוסט, אז דער פלוטה (וואסער־שטייגונג) אין ים איז אנגעקומען, היינט אנגעהמענדיג אז דער טייך ציהט זיך פון מעער און דער ברעג פון מעער איז ניט זעהר ווייט, האט דאס וואסער אין טייך אויך געדארפט שטייגען, אבער אין טייך איז נאך גאר קיין סימן פון פלוטה ניט געוועזן, פאלגליך איז זיין מויל, זיין אנפאנג וואס פאלט אריין אין ים וואהרשיינליך זעהר ווייט. דער אינזשיניר האט זיך שטארק געוואונדערט וואס ער האט אזא טעות געהאט. ער האט דארום גענומען קוקען אויפ'ן קאמפאס, אום צו איבערצייגען זיך אויף וועלכען זייט פון אינזעל זיי געפינען זיך און וויא אזוי זיי האבען צו געהן ווייטער אום צו קומען צו דיא וועסט. ער האט וועגען זיין פערלעגענהייט דערצעהלט זיינע קאמעראדען.

לויט וויא דער קאמפאס האט געצייגט זיינען זיי געגאנגען מיט'ן ריכטי־גען וועג צו מערב זייט, אבער דיא פראגע: ווארום דיא וואסער־שטייגונג קומט ניט אין טייך איז דעם אינזשיניר געלעגען אזוי וויא א שטיין אויפ'ן הארצען.

דיא קאמפאני האט זיך געלאזט געהן ווייטער מיט גאנץ שנעלע טריט און אום האלב עלף אוהר האט הערבערט, וועלכער איז געגאנגען פאראויס, איבערראשט דעם אינזשיניר און זיינע איבעריגע קאמפאניאנען מיט א פריי־דען אויסגעשריי:

— דער ים! דער ים!

אין אייניגע מינוטען ארום איז דער גאנצער וועסטליכער זייט פון לינ־קאלן אינזעל געלעגען פאר דיא אויגען פון דיא פינף קאלאניסטען.

אבער וואס פאר א קאנטראסט, וואס פאר אן אונטערשיעד עס איז געוועזן צווישען דעם ברעג פון ים אין אסטען (מזרח) פון אינזעל און דעם ברעג אין דיא וועסט (דרום) זייט! דא זיינען קיינע גראניט שטיינער און קיינע פעלזען געוועזן. דער ברעג איז געוועזן א זאמדיגער און בוימער זיינען געוואקסען ביז'ן ברעג און דיא צווייגען זיינען געוועזן פערשפּרייט אויבען איבער'ן וואסער, און וויא שעהן, וויא פרעכטיג דאס האט אויסגעזעהן!

דער ברעג איז דארט געוועזן א היבשע ביסעל העכער פון דער אבערפלעכע פון ים, און דאס מערקווירדיגסטע איז געוועזן, וואס דער ניי ענטדעקטער טייך האט זיך ארונטערגעגאסען אין מעער פון א גראניט בארג פון אומגעפעהר פיער־ציג פוס הויך. דערמיט איז ערקלערט געוואָרען דיא פראגע, ווארום דער פלוטה

האָט דעם טייך ניט דערגרייכט. פאַקטיש איז, דאָס אפילו דער העכסטער גראד וואסער־שטייגונג אין פאַסיפיק אָקעאן (שטילער־מעער) וואָלט ניט דער־גרייכט אזוי הויך ביז׳ן טייך. וויא קאפּיטאן הארדינג האָט ערקלערט, קען עס פילייכט דויערען מיליאָנען יאָהרען ביז דער גראניט באָדען פון טייך וועט אויסגעריבען ווערען פון דעם וואסער־לויף און דאן וועלען זיך דיא וואַ־סער פון טייך מיט דיא וואסערען פון מעער פעראייניגען.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז דיעזער נייער טייך זאָל גערופען ווערען „פאָלס ריווער" (פאַלענדער טייך). צו נאָרדען איז דער וואלד געוועזען שיטע־רער; דאגעגען וויעדער פון פאָלס ריווער ביז רעפּטיל ענד איז ער געוועזען גע־דיכטער, מאנכע בוימער זיינען געשטאנען גלייך און מאנכע אויסגעבויגען און אין אלגעמיין האָט עס פאָרגעשטעלט א שעהנע פּאנאָראמא. יענעם ברעג האָ־בען זיי עס גערארפט אויספאָרשען פון עק צו עק, פילייכט געפינען זיך דאָרט פערוואָרפענע מענשען אָדער וועניגסטענס עטוואָס פון אן אונטערגעגאנגענע שיף.

דער וועטער איז געוועזען שעהן און קלאָהר. זיי זיינען ארויף אויף א בערגעל, וואו נעב און פּענקראָפט האָבען צוגעגרייט א מאָהלצייט פאר זיי אלע, און פון דאָרט האָבען זיי געזעהן דעם ברעג ים אויף א גאנץ ווייטע שטרעקע, אָבער זיי האָבען קיין זאך אויסער וואסער ניט בעמערקט. דער אינזשיניר האָט עס ניט אָנגענומען פאר קיין בעוויין, אז דאָרט איז גאָר ניטאָ, און זאָלאנג ער איז דעם גאנצען ברעג ניט דורכגעגאנגען און גענוי ניט אויסגעפאָרשט, האָט ער נאָך אלץ געהאָפט, אז ער וועט דאָרט געפינען אן אנטוואָרט אויף דיא צוויי זאָנ־דערבארע רעטעניסען — דיא קויל, דורך וועלכע פּענקראָפט האָט פערלאָרען א צאָהן און דער קאסטען מיט דיא ארטיקלען און אינסטרומענטען וואָס זיי האָבען געפונען.

דיא לייטע האָבען אָבגעגעסען און קאפּיטאן הארדינג האָט געגעבען א סיגנאל מען זאָל געהן ווייטער. זיי האָבען זיך געלאָזט געהן צו זידען (דרום זייט) ביים ים, אונטער א צודעק פון געדיכטע צווייגען פון בוימער.

פון פאָלס ריווער ביז רעפּטיל ענד איז געוועזען א שטרעקע פון צוועלף מייל. אזא שטיקעל וועג וואָלטען זיי דורכגעמאכט אין פיער שטונדען צייט, ווען זיי וואָלטען געגאנגען מיט א גלייכען וועג און זיי וואָלטען קיינע הינדער־ניסע געהאט; אָבער, וויא געזאָגט, איז דאָרט דער וואלד געוועזען געדיכט און זיי האָבען גערארפט דרעהען זיך און אויסמיידען בוימער. דערצו האָבען זיי אין מאנכע פּלעצער גערארפט אויסהאקען בוימלעך און דערנער, וואָס האָבען זיי פערשטעלט דעם וועג. דאָס האָט זיי פיעל אָבגעהאלטען און דער וועג האָט ביי זיי גענומען פיעל מעהר צייט.

זיי זיינען אָבגעגאנגען א שטיק וועג, אָבער זיי האָבען קיין זאך ניט גע־

פונען. גידעאָן ספּילעט איז געווען מיט דער מיינונג, אז דאָס וואָס מען געפינט דאָרט קיין שפּור פון א שיפס־ברוך, איז נאָך ניט קיין בעוויז, אז קיין שיפס־ברוך איז דאָרט אין פערלויף פון דיא לעצטע דריי מאָנאטען ניט געווען. מעג־ליך, אז א שיף איז דאָרט ערגיץ וואו צובראָכען געוואָרען און שטיקער פון איהר וואָס זיינען דאמאָלס פיליכט ארויסגעוואָרפען געוואָרען אויף׳ן ברעג, זיי־נען נאכהער צוריק פערטראָגען געוואָרען מיט׳ן שטראָם אין מעער. דער פאקט פון דער קויל וואָס איז געפונען געוואָרען אין זויג־שוויין צייגט דאָך אויף זיכער, אז אימיצער האָט דאָרט געשאָסען אין פערלויף פון דיא לעצטע דריי מאָנאטען, וואָס דאָס טהיער איז אלט געווען. דער קאסטען מיט דיא מאטע־ריאלען און אינסטרומענטען וואָס זיי האָבען געפונען, איז פיליכט געקומען צו שווימען פון הונדערטע אָדער זאָגאר טויזענדע מיילען וויט, אָבער דיא קויל איז דאָך געווים אָבגעפייערט געוואָרען אויף׳ן אינזעל אָדער ווענינ־סטענס, אויף׳ן ים ניט וויט פון ברעג. סיירוס הארדינג האָט אויך דעם זעלבען רעבענונג געהאט.

עס איז שוין געווען פינף אוהר פארנאכט און דיא קאָלאָניסטען האָבען נאָך געהאט א היבשע שטיק וועג ביז רעפּטיל ענד, און קומען אהין און זיך אומקעהרען צוריק צו זייער נאכטלעגער ביי דער "מערסי" איידער עס וועט ווערען גוט פינסטער, האָבען זיי געוואוסט, אז זיי וועלען ניט קענען בעווייזען. זיי האָבען דארום געדענקט, אז זיי וועלען מוזען נעכטיגען ערגיץ אין יענע געגענד, וואו זיי האָבען זיך געפונען. שפּייז האָבען זיי נאָך געהאט אביסעל אין זאפּאס, און ווען עס זאָל זיי זאָגאר אויספעהלען זיינען דאָרט געווען גענוג פערשיעדענע פויגלען און ביקסען האָבען זיי דאָך אויך געהאט און זיי וועלען זיך קענען פערזאָרגען מיט גענוג לעבענס־מיטעל. עס זיינען דאָרט געווען אזוי פיעל פויגלען, אז עס איז כמעט קיין איין בוים ניט געווען אָהן א נעסט.

ארום זיעבען אוהר זיינען דיא פאָרשער אָנגעקומען צו רעפּטיל ענד. דאָרט האָט זיך דער וואלד געענדיגט און דער ברעג ים איז געווען וויא געוועהנליך בעדעקט מיט פעלזען, שטיינער און זאמד. דאָרט האָבען דיא לייטע געהאָפט, אז מען קען פיליכט עפּעס געפינען, אָבער עס איז שוין געווען שטאָק פינסטער און מען האָט קיין זאך ניט געקענט זעהן. זיי האָבען דארום זייערע וויטערע אונטערזוכונגען אָבגעלייגט אויף מאָרגען.

פּענקראָפט און הערבערט זיינען אוועק אויסזוכען א פּאסענדען אָרט אויף שלאָפען. זיי האָבען ביים ברעג וואלד פון פּאר וועסט געפונען געדיכטע באמבו בוימלעך און הערבערט האָט זיך שטארק דערפרעהט.

— גוט! — האָט ער אויסגעשריען — דאָס איז א ווערטהפאָלע ענט־דעקונג!

— א ווערטהפאָלע? — האָט פענקראָפט שפּאסהאפט געפרעגט — פיעל איז עס ביי דיר ווערטה?

— גאנץ געוויס איז עס א ווערטהפאָלע ענטדעקונג — האָט הערבערט געענטפערט — איך וועל אייך זאָגען, הערר פענקראָפט, ווען מען צושניידט די קאָרע פון א באמבו בוים אויף לאנגע דינע פּאסען פלעכט מען דערפון קערב, פון דיא זעלבע קאָרע מאכט מען כינעזישען פּאפּיר, פון דיא צווייגען מאכט מען שפּאציר שטעקלעך און ליולקע ציבוקעס; גרויסע באמבו בוימער זיינען זעהר גוט פאר בוי־מאטעריאל, ווייל זיי זיינען לייכט און שטארק און קיינע אינזעקטען קענען עס ניט פערדערבען. דיא בינעזער מאכען פון דיעזע בוימער כלים און בעכערס אויף טרינקען טהעע. נו, וואָס זאָגט איהר ערשט? ניין! אייך אינטערעסירען ניט אזעלכע זאכען! אָבער —

— וואָס אָבער?

— אָבער איך קען אייך זאָגען נאָך א זאך, אז אין אינדיען עסט מען דיעזע בוימער אזוי וויא שפּארגעל (א מין פלאנצע, אספּאראגוס אין ענגליש). נו, פריינד, וויא געפעלט אייך דאָס?

— שפּארגעל, דרייסיג פוס הויך? — האָט זיך דער מאטראָז געוואונדערט — און עס איז געשמאק אויך?

— אויסגעצייכענט! — האָט הערבערט געענטפערט — אָבער ניט אזעלכע באמבוס וואָס זיינען דרייסיג פוס הויך עסט מען. אלס שפּייז ווערען נור געברויכט דיא יונגע בוימלעך.

— זעהר פיין, זעהר פיין! — האָט פענקראָפט צופריעדען געענטפערט.

— איך וועל אייך זאָגען נאָך א זאך — האָט הערבערט פאָרטגעזעצט — אז ווען מען ווייקט איין אין עסיג דיא הארץ פון א יונגע באמבו־צווייג, קומט דערפון ארויס א גאנץ גוטער מאכל אזוי וויא זויערע אוגערקעס און דאָס גלייבען.

— איז געוויס גוט! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען.

— נאָך ניט אלעס — האָט הערבערט געזאָגט — דיא באמבו בוימער גיבען פון זיך ארויס אזא זיסען זאפט, פון וועלכען מען קען מאכען אן אויסגעצייכענטען געטראנק.

— דאָס אלעס? מעהר גאָר ניט? — האָט דער מאטראָז געפרעגט.

— דאָס אלעס — האָט הערבערט געענטפערט — וואָס נאָך ווילט איהר?

— און צום רויכערען קען מען דיא באמבוס ניט געברויכען?

— ניין, מיין אָרימער פענקראָפט.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך. אלעס קריגט מען דאָ אויף דיעזען אינזעל, נור ניט עפּעס צום רויכערען! — האָט פענקראָפט בייז אויסגעשריען.

הערבערט און פענקראָפט האָבען ניט געדארפט לאנג זוכען אן אָרט וואו

צו נעכטיגען. צווישען דיא פעלזען זיינען דאָרט געווען לעכער און הייהלען, וואו מען האָט געקענט בעקוועם שלאָפען און זיין געשיצט פון ווינד און פון רעגען. זיי האָבען געוואָלט אריינגעהן אין איינע פון דיא הייהלען, אָבער זיי האָבען פון אינוועניג דערהערט א הויכען ברומען און זיי האָבען זיך דערשראָקען.

— קום צוריק! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — שנעל, הערבערט! אונזערע ביקסען זיינען אָנגעלאָדען מיט קליינע קייל־כלעך און פאר א טהיער וואָס קען אזוי הויך ברומען, וועלען אונזערע קוילען ווירקען אזוי וויא זאלץ קערענדלעך!

פענקראָפט האָט הערבערט'ן אָנגעכאפט ביים האנד און ער האָט איהם ארויסגעשלעפט הינטער א פעלז. באלד האָט זיך א שעהנעם טהיער בעוויזען ביים אריינגאנג פון הייהל.

דאָס איז געווען א יאגואר, א מין טיגער, פינף פוס לאנג. זיין פעל איז געווען פון געלען קאָליר און מיט לאנגע שווארצע פאסען. זיין ברוסט איז געווען וויים. הערבערט האָט באלד דערקענט וואָס פאר א בעשעפניס דאָס איז.

דער יאגואר האָט זיך ארומגעקוקט ארום און ארום מיט זיינע בייזע בליש־צענדע אויגען. אין דיעזען מאָמענט האָט זיך גידעאָן ספילעט בעוויזען פון הינטער א פעלז און הערבערט, וועלכער האָט געדענקט, אז דער רעפּאָרטער זעהט ניט דיא ווילדע חיה, האָט געוואָלט לויפען אנטקעגען איהם, אום צו פער־היטען איהם פון געפאהר, אָבער ספילעט האָט צו איהם א וואונק געטהאָן, אז ער זאָל פערבלייבען אויף זיין פּלאץ. ביי א צעהן פוס ווייט פון יאגואר איז ספילעט געבליבען שטעהן אונבעוועגט און ווען דיא חיה האָט איהם דער־זעהן האָט זיא זיך געוואָלט ווארפען אויף איהם. ספילעט האָט אויסגעשאָסען. דיא קויל האָט געטראָפען דעם יאגואר אין אויג און ער איז געפאלען טויט.

הערבערט און פענקראָפט זיינען צוגעלאָפען. הארדינג און נעב זיינען אויך געקומען צולויפען און זיי זיינען אלע העכסט צופריעדען געווען מיט'ן רעפּאָרטער'ס ערפאָלגרייכען זיעג. זיי האָבען בעוואונדערט דעם יאגואר'ס שעה־נע פעל און געדענקט, אז דאָס וועט זיי קענען נוצען אלס דיוואן אין זייער גרא־ניט הויז.

— אָה, הערר ספילעט, וויא איך בעוואונדער אייך און וויא איך בין אייך מקנא! — האָט הערבערט אויסגעשריען.

— עס איז גאָר ניט אזא גרויסע זאך — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — דוא, מיין יונגע, האָסט דאָס אויך געקענט טהאָן.

— מיט אזא קאלטבלוטיגקייט? מיט אזא געלאסענהייט?

— וואָס איז דאָ אזעלכעס? שטעל זיך פאָר, הערבערט, אז דיעזער יא־גואר איז מעהר ניט א האָז, וואָלסט דוא עפּעס מורא געהאט צו שיסען?

— וואָס? — האָט פענקראָפט געפרעגט — אָט דיעזע חיה איז ניט מעהר

געפעהרליך וויא א חאַז? ווען איך וואָלט עס געוואוסט, וואָלט איך נאָך פריהער געשאָסען.

אלע האָבען אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער און פענקראָפט האָט זיך געשעהמט פאר זיך אליין, וואָס ער איז געווען אזא פיינלינג און מורא געהאט צו שיסען.

— אצינד — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — וויבאלד, אז דער יאגואר איז שוין דאָ ניטאָ, זעה איך ניט איין, מיינע פריינדע, ווארום מיר זאָלען זיך ניט ארייננקלייבען אין זיין וואָהנונג אויף איבער נאכט.

— און וואָס ווער זיין אז אנדערע ווילען קומען? — האָט הערבערט געפרעגט.

— לאָמיר נור אויפלייגען א פייער ביים ארייגגאנג צום הייהל — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — וועלען שוין דיא טהיערע אהער ניט קומען.

— אויב אזוי — האָט זיך דער מאטראָז אבגערופען — טאָ לאָמיר טאקי ארייננגעהן אין יאגוארס הויז. קומט, פריינדע, קומט!

אָבער איידער זיי זיינען אריין אין הייהל, האָט זיך נעב גענומען אָב־שינדען דעם געטויטעטען טיגער, ווערהענד דיא אנדערע פיער האָבען אָנגעקלי־בען האָלץ און זיי האָבען אויפגעלייגט א פייער. סיירום הארדינג האָט אָבגע־בראָכען אייניגע באמבו צווייגען און ער האָט עס ארויפגעלייגט אויף׳ן פייער. ווען זיי זיינען דערמיט פערטיג געוואָרען זיינען זיי אריין אין הייהל, וואו עס זיינען געלעגען פיעלע ביינער. זיי האָבען אָנגעלאָדען זייערע ביקסען, האָבען עפּעס געגעסען און זיך אוועקגעלייגט אָברוהען.

פּלוצלונג האָט זיך געהערט אַן עקספּלאָזיאָן, אָדער בעסער געזאָגט: איי־ניגע קראכען. דאָס איז געקומען דערפון וואָס דער פייער האָט דערגרייכט דיא באמבו צווייגען, וועלכע האָבען געטרעשעצעט און ארויסגעגעבען א גערויש אזוי וויא פון דיא שיסעריי פון ביקסען. דיא קראכען זיינען געווען גענוג צו פערטרייבען דיא בייזעסטע און וואגענדסטע טהיערע.

דער אינזשיניר האָט עס אבזיכטליך דיא באמבו צווייגען ארויפגעלייגט אויף׳ן פייער, אום עס זאָל שיסען און קראכען און ווילדע טהיערע זאָלען פון יענע געגענד אנטלויפען. דער געלערענטער מאַן האָט געוואוסט דיא אייגענ־שאפט פון יענע בוימער, וועלכע, לויט וויא היסטאָריקער דערצעהלען, דיא טאטארען האָבען יאָהרהונדערטע בענוצט אוועקצוטרייבען ווילדע טהיערע פון זייערע לאגערען אין סענטראל אזיען.

## 5טעס קאפיטעל.

דער פאָרשונגס־שפאציר. — א שיפס־ברוך אין דער לופט. — א גרויסע שטיק לייוועגד. — א נאַטירליכער האפען. — אין מיטען נאַכט ביי דער מערסי. — דיא פערשוואומענע שיף.

---

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען זיינען יענע נאכט געשמאק געשלאָפען אין יאגואר'ס דירה און זיי האָבען גאָר ניט געפיהלט וויא דיא נאכט איז פאָראיבער.

אויף מאָרגען פריה באלד וויא דיא זונן איז אויפגעגאנגען זיינען זיי אוועק־געגאנגען צום ברעג מעער און זיי האָבען ווידער ארומגעקוקט דיא געגענד ארום. דער ים האָט זיך געזעהן גאנץ ווייט, אָבער עס איז אויף איהם קיין זאך ניט געווען צו בעמערקען. דער ברעג וואסער איז אויך געווען וויסט און לעער און קיין צייכען פון א שיף אָדער פון מענשען'ס בעזוך איז דאָרט ניט געווען.

פאר דיא קאָלאָניסטען איז נאָך דאן פערבליבען אויסצופאָרשען דעם זיד־זייט פון לינקאָלן אינזעל, פיליכט וועלען זיי דאָרט עפּעס געפינען. עס איז נור געווען א פראגע: זאָלען זיי עס שוין טהאָן, אָדער אָבלייגען עס אויף אן אנדער צייט?

ווען זיי האָבען פערלאָזען זייער שיף אין טייך מערסי, האָבען זיי געהאט אָבגערעדט, אז זיי וועלען אויספאָרשען דעם וועסטליכען זייט פון אינזעל, וואו זיי האָבען געהאָפט צו געפינען א שפור פון א שיף, און דאן וועלען זיי זיך צוריקקעהרען צום שיפעל און אָבפאָהרען נאָך זייער היים אין גראניט הויז; אָבער ערשט, אז זיי האָבען קיין ענטדעקונג געמאכט זיינען זיי געווען אין צווייפעל, אויב זיי זאָלען געהן ווייטער אָדער זיך אומקעהרען אהיים.

גידעאָן ספּילעט האָט פאָרגעשלאָגען, אז זיי זאָלען געהן ווייטער און גענוי אויספאָרשען דעם דרום זייט פון אינזעל און איין מאָל פאר אלע מאָל ענט־שיידען דיא פראגע, אויב א שיף איז דאָרט ערגיץ אונטערגעגאנגען אָדער ניט. ער האָט געפרעגט דעם אינזשיניר וויא ווייט עס קען זיין פון דעם פלאץ וואו זיי געפינען זיך ביז קלאָו קייפּ, ביים זיד־אָסט ווינקעל פון אינזעל.

— אומגעפעהר דרייסיג מייל — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— דרייסיג מייל — האָט ספּילעט געזאָגט — איז א גוטער טאָג גאנג, מיר וועלען עס נאָך פיליכט אין א טאָג ניט מאכען. יעדענפאלס, דענק איך, אז עס לוינט זיך פאר אונז צו מאכען דיעזען שפאציר און פון קלאָו קייפּ וועלען מיר שוין אוועקגעהן גלייך צום גראניט הויז.

— איהר מוזט אָבער ניט פערגעסען, אז פון קלאָו קייפּ ביז אונזער הויז איז אויך א צעהן מייל — האָט זיך הערבערט אָבגערופען.

— נו, איז צוזאמען פיערציג מייל! — האָט ספּילעט געענטפערט — אָבער מיר מוזען מאכען אן ענדע צו דער פראגע, אויב אן אונטערגעגאנגענע שיף אָדער מענשען געפינען זיך דאָ ערגיץ אָדער ניט. זאָל אונז דיזע פראגע אראָב פון געדאנק און מיר וועלען זעהן וואָס מיר האָבען ווייטער צו טהאָן.

— זעהר רעכט — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — אָבער וואָס וועט זיין מיט אונזער שיף?

— דיא שיף — האָט ספּילעט געענטפערט — קען דאָרט פערבלייבען א טאָג אָדער צוויי. וויא עס זעהט אויס זיינען דאָ קיין גנבים ניטאָ און קיינער וועט זיא ניט אוועקכאפּען.

— אָבער ווען איך דערמאָהן זיך דיא געשיכטע מיט דער שילדקרעטע (טשערעפּאכע) — האָט פּענקראָפט ערווידערט — האָב איך מורא, אז אונזער שיף קען אויך פערשוואונדען ווערען. א שילדקרעטע איבערגעקעהרט אויף'ן רוקען און אויף איהר אָנגעלייגט שטיינער און זיא איז ניט געוואָרען!

— דיא שילדקרעטע! דיא שילדקרעטע! — האָט דער רעפּאָרטער אונגעדולדיג אויסגעשריען — ווייסט איהר ניט, אז דיא שילדקרעטע האָט דער ים פערשלונגען? פערשטעהט איהר ניט, אז דער פלוטה איז דאמאָלס אָנגעקומען און דער האסט פון לויפענדען וואסער האָט איהר אומגעקעהרט צוריק אויף'ן בויך?

— ווער ווייסט? — האָט דער אינזשיניר געמורמעלט אין דער שטיל.

— אָבער — האָט זיך נעב אריינגעמישט — אָבער עס וועט זיין ניט גוט —

ער האָט זיינע רייד אין מיטען אָבגעהאקט, ווייל ער איז וואהרשיינליך ניט געווען זיכער, אויב דאָס וואָס ער וויל זאָגען איז ריכטיג.

— וואָס ווילט איהר זאָגען, נעב? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— איך מיין, איך מיין — האָט דער ניגער געשטאמעלט — אז מיר וועלען פון קלאָו קייפּ ניט קענען קומען אין גראניט הויז. אונזער וועג וועט דאָרט איבערגעהאקט ווערען.

— פריינד נעב איז גערעכט! — האָט הערבערט אויסגעשריען — דער טייך מערסי וועט אונז דאָרט שטעהן אין וועג און מיר וועלען מוזען האָבען ענטוועדער א בריק אָדער א שיף אויף איבערגעהן דעם וואסער.

— אָבער, קאפּיטאן — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — וועגען וואָס איז דאָ פאראן צו דיסקוטירען? און אויף שטיקער האָלץ וועלען מיר ניט קענען אריבערשווימען דעם טייך? דיא מערסי איז דאָך ניט קיין מעער!

— ניט געזאָרגט — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — מיר וועלען ניט דארפען שווימען אויף העלצער, ווייל מיר וועלען בויען א בריק.

— א בריק! א בריק! — האָט פּענקראָפט בעגייסטערט אויסגערופען — איז אונזער קאַפּיטאַן ניט א גוטער אינזשיניר? וועט ער ניט קענען מאַכען א בריק, וועלכען מיר וועלען שטענדיג קענען געברויכען? קומט, פריינדע, לאָמיר געהן! שפּייז האָבען מיר דערווייל, און טאָמער וועט אונז אויספעהלען וועלען מיר ארויסגעהען אויף יאגד און מיר וועלען קריגען.

אלע האָבען מסכים געווען צום רעפּאָרטערס פאָרשלאַג וואָס איז גוט געהייסען געוואָרען פון מאַטראָז, ווייל אלע האָבען געוואָלט מאַכען אן ענדע צו זייער צווייפלען און שטעלען דיא פראגע פון א צובראָכענע שיף אויף א זיכערהייט — יא, אָדער ניין. זיי האָבען דארום ניט געוואָלט פערלירען קיין צייט און טאַקי באלד אָנפאַנגען זייער פאָרשונגס־שפּאַציר.

אום זעקס אוהר אין דער פריה איז דיא קליינע קאָמפּאַניע אוועק. טאָפּ איז געלאָפען פאָראויס און האָט געשמעקט און געשפּירט ביי דיא ברעגען פון וואלד.

דיא פינף פאָרשער זיינען געגאַנגען און געהאַלטען זייערע אויגען אָפען אויף'ן ברעג פון מעער און אויף דיא גאַנצע געגענד פאר זיי, אָבער קיין זאַך איז ניט געזעהען געוואָרען. קיין צייכען, קיין שפּור וואָס זאָל פּיהרען צו איר־געגנד וועלכען פערדאַכט, אז דאָרט איז געשעהן א שיפס־ברוך, איז ניט געווען צו בעמערקען. קיין ברעקעל סימן וואָס מענשען זאָלען האָבען איבערגעלאָזט איז ניט געווען צו זעהן. וואַסער, זאַמד, שטיינער און בוימער — דאָס איז געווען אלעס וואָס מען האָט געזעהן, מעהר קיין זאַך ניט.

— ווען א שיף זאָל אהער אריינפאָהרען — האָט דער מאַטראָז געזאָגט — וואָלט זיא זיכער פערלאָרען געגאַנגען. זאַמד ברעגען און שטיינער איבעראל! זעהר א שלעכטע געגענד!

— אָבער עטוואָס וואָלט דאָך פון דער שיף איבערגעבליבען — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען.

— עס וואָלטען געקענט פערבלייבען שטיקלעך האָלץ אויף דיא פעלזען, אָבער אויף'ן זאַמד וואָלט גאָר ניט געבליבען — האָט דער מאַטראָז גע־ענטפערט.

— וואָרום?

— ווייל דיא זאַמדען ביים ים זיינען פאר שיפען מעהר געפעהרליך וויא דיא פעלזען. דיא זאַמדען קענען איינשלינגען אלעס וואָס עס פאַלט אויף זיי. אין עטליכע טעג קען אָפטמאָל א שיף איינזינקען און עס וועט גאָר ניט קענ־טיג זיין, אז א שיף איז דאָרט ווען געווען.

— אזוי, פּענקראָפט? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט — זאָגט איהר,

הייסט עס, אז עס קען מעגליך זיין, אז א שיף איז דאָרט פערוואָרפען גע־וואָרען, אָבער מען קען פון איהר גאָר ניט זעהן, ווייל זיא איז געזונקען אין זאמד?

— ניין, קאפיטאן, ניט אזוי גיך ווערט עס — האָט דער מאטראָז גע־ענטפערט — עס נעהמט געוועהנליך אביסעל צייט, אָבער יעדענפאלס, אויב אפילו א שיף איז דאָ ערגיץ געזונקען, וואָלט מען געזעהן א מאסט, א זעגעל אָדער אירגענד וואָס פון איהר.

— אויב מיר קענען נאָך האָפען — האָט הארדינג געזאָגט — טאָ לאָמיר געהן ווייטער.

אום 1 אוהר זיינען דיא קאָלאָניסטען אָנגעקומען אויף'ן אנדערען זייט פון וואשינגטאָן בעי (בוכטע). זיי זיינען שוין געהאט אָבגעגאנגען אומגעפעהר צוואנציג מייל. זיי האָבען זיך דאָרט אוועקגעזעצט רוהען און עסען.

דאָרט האָט זיך אָנגעפאנגען ניט קיין גלייכער ברעג ביים ים. אין מאנכע פּלעצער איז א שטיקעל טריקענים אריינגעקומען אין מעער און אין מאנכע ערטער ווידער איז דער מעער ארוים פון גלייכען ברעג און עס האָבען זיך געבילדעט קליינע בוכטען. אין וואסער ניט ווייט פון ברעג זיינען געלעגען גרויסע פעלזען, איבער וועלכע דיא וועלען האָבען זיך געוואָרפען מיט האסט און גערויש. דער וועג צום געהן איז דאָרט אויך געוועזען פיעל ערגער. פיעלע שטיינער און גריבער זיינען זדי געוועזען אין וועג און עס איז געוועזען זעהר שווער צו געהן.

נאָך א האלבע שטונדע רוה האָבען זיך דיא פאָרשער געלאָזט געהן ווייטער. פּענקראָפט און נעב פלעגען אלע וויילע צולויפען צום ברעג מעער, פיליכט וועלען זיי עפּעס דערזעהן, פיליכט וועלען זיי עטוואָס ענטדעקען; אָבער זיי האָבען קיין זאך ניט בעמערקט. זיי האָבען דאָרט געפונען שעל־פישען צווישען דיא פעלזען, אָבער דאָס האָט אלעמען ווייניג אינטערעסירט, זאָגאר פּענקראָפט, וועלכער האָט שטארק אין זינען געהאט דעם מאָגען און האָט געפונען אן אינטערעסע אין יעדע זאך וואָס טויג צום עסען, האָט אויך וועגען דיא שעל־פישען ווייניג אָדער גאָר ניט געדענקט.

אָבער קיין שפּור איז געפונען געוואָרען צו א שיף וואָס זאָל האָבען דאָרט ערגיץ אונטערגעגאנגען. קיין ליכט איז געוואָרפען געוואָרען אויף דער זאָנ־דערבארער געהיימער פינסטערנים און עס איז פאָרלויפיג פערבליבען א טיעפע רעטענים. ווען א שיף זאָל דאָרט געווען צובראָכען ווערען, וואָלט מען דאָך פון איהר עטוואָס געפונען. ניט דיא כוואַליעס פון ים און ניט דער זאמד פון ברעג וואָלט אלעס פערשלונגען, אָבער אז זיי האָבען קיין זאך געפונען, פערבלייבט דאָך דיא פראגע: וואו האָט דער זויג־שוויין בעקומען דיא קויל

אין זיין קערפּער און פון וואנען האָט זיך גענומען דער קאסטען מיט דיא מאַ־טעריאַלען און אינסטרומענטען וואָס זיי האָבען געפונען?

ארום דריי אוהר נאָכמיטאָג זיינען סירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאַ־ניאָנען אָנגעקומען צו א קליין טייכעל, וועלכער האָט געבילדעט א נאַטירלי־כען האפען, אָדער א קאנאל וואָס ווערט צוגעצויגען פון מעער אָדער פון א ברייטען טייך אלס א פּלאַץ אָבצושטעלען שיפען. דיא געגענד איז דאָרט געווען זעהר שעהן און גאנץ הויך פון דיא אָבערפלעכע פון ים. דער רעפּאָרטער האָט פאָרגעשלאָגען, אז זיי זאָלען דאָרט אביסעל רוהען, אום זיי זאָלען אָנ־זאמלען מעהר קרעפטען צו ענדיגען זייער שפּאציר גאנג ביז נאכט. זיי האָ־בען זיך אלע אוועקגעזעצט אונטער דעם שאָטען פון א גרופּע בוימער און זיי האָבען שוין פאר איין וועג צוגעביסען צו שטיקלעך געטריקענטע פלייש, וואָס נעב האָט מיטגעטראָגען.

זיי האָבען ארומגעקוקט דיא געגענד ארום. הארדינג האָט אויך געקוקט דורך׳ן טעלעסקאָפּ, אָבער קיין שפּור פון קיין שיף איז ניט געזעהן געוואָרען. זיי זיינען צוגעגאנגען צום ברעג וואסער, זיי האָבען פאָרזיכטיג בעאָבאכטעט דעם באָדען, פּיליכט וועלען זיי ערגיץ בעמערקען טריט פון מענשען אָדער אירגענד וועלכע זאך וואָס זאָל צייגען אויף א מענשען׳ס בעזוך.

— נו — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — עס זעהט אויס, אז מיר דארפען זיך טרייסטען דערמיט וואָס מיר זיינען זיכער, אז קיינער וועט ניט קומען צו אונז פאָדערען דאָס רעכט אויף דעם לינקאָלן אינזעל, וורייל מיר זיינען דאָ דיא איינציגע בעזיצער.

— אָבער וויא פערענטפערט איהר דעם פאָרפאל מיט דער קויל? — האָט הערבערט געפרעגט.

— אה, דער טייפעל זאָל זיא צוכאַפּען, יענע קויל! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — זיא האָט מיר געמאכט מיט א קייער ווענינער!

— צו וואָס פאר א שלום קענען מיר דאָך קומען? — האָט דער רע־פּאָרטער געפרעגט.

— איך מיין — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אז מיט דריי מאָ־נאטען אָדער ווענינער צוריק, איז אהער א שיף צוגעקומען, אויב אבזיכטליך אָדער זיא איז דורך א סיבה פערוואָרפען געוואָרען, קען איך ניט וויסען, און יעמאנד פון יענער שיף האָט עס דעם זויג־שוויין געשאָסען.

— מיינט איהר צו זאָגען, אז דיא שיף איז דאָ פערשוואונדען געוואָרען און האָט קיין שפּור ניט איבערגעלאָזט? — האָט דער רעפּאָרטער מיט פער־וואונדערונג געפרעגט.

— ניין, מיין טהייערער ספּילעט — האָט הארדינג געענטפערט — אזא זאך איז אונגלויבליך. אָבער אז א מענש איז דאָ געווען, מוזט איהר דאָך

צוגעבען, און אז ער איז ערשט ניטאָ, האָט ער אונזער אינזעל וואהרשיינליך פערלאָזען.

— איך פערשטעה, הערר קאפיטאן — האָט הערבערט זיך אָבגערופען — איהר מיינט אז א שיף איז דאָ צוגעפאָהרען און איז נאכהער אָבגעפאָהרען.

— אזוי ווייזט עס אויס.

— און מיר האָבען דורכגעלאָזט א געלעגענהייט צו פאָהרען צוריק אהיים — האָט נעב געזאָגט מיט בעדויערען.

— איך האָב מורא, אז אזוי איז עס.

— פערפאלען! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — זאָבאלד מיר האָבען אזא גוטע געלעגענהייט פערלאָרען מוזען מיר שוין פערבלייבען היענע און רעכענען דיא גראניט הויז פאר אונזער היים. קומט לאָמיר געהן אהיים און לאָמיר פערגעסען אונזער געבורטס־לאנד.

דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען זיך נור וואָס אויפגעהויבען צו געהן ווייטער, ווען טאפ האָט זיי פלוצלונג איבעררראשט מיט זיין שטארקען בילען. זיי האָבען זיך ארומגעקוקט און זיי האָבען געזעהן וויא ער לויפט פון וואלד האלטענדיג אין מויל א גרויסע שמוציגע שמאטע.

נעב האָט עס צוגעכאפט. דאָס איז געווען א שטיקעל שטארקע לייוועגד אויסגעשמירט אין בלאָטע.

טאפ האָט ניט אויפגעהערט צו בילען. ער איז געלאָפען הין און צוריק און האָט געמאכט פערשיעדענע בעוועגונגען אזוי וויא ער זאָל רופען זיין ווירטה אין וואלד.

— עפּעס איז דאָרט, וואָס וועט אונז ערקלערען דיא געהיימניס פון דער קויל! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

— א פערוואָרפענער! — האָט הערבערט אויסגערופען.

— פיליייכט א פערוואונדעטער — האָט נעב צוגעגעבען.

— פיליייכט גאָר א טויטער! — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט זיין מיי־נונג.

אלע זיינען צוגעלאָפען צום וואלד וואו דער הונד איז געשטאנען. האר־דינג און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען צוגעגרייט זייערע וואפען, אין פאל מען וועט זיי דארפען געברויכען געגען שונאים.

זיי זיינען אריין אין וואלד, אָבער צו זייער גרעסטע פערוואונדערונג האָ־בען זיי דאָרט קיין שפּור פון קיין מענשען ניט געזעהן. בוימלעך און דערנער זיינען געוואקסען אזוי ענג, אז זיי האָבען מאנכע געמוזט אויסהאקען צו מאכען א וועג. מען האָט אויך קיין פאל ניט געקענט גלויבען, אז א לעבעדיגער מענש האָט דאָרט ווען עס איז דעם באָדען בעטראָטען, אָבער טאפ איז געלאָפען

פאַראויס און ער האָט אַלץ געבילט אָהן אן אויפהער. דיא לייטע האָבען ניט געקענט פערשטעהן וואָס דאָס זאָל בעדייטען.

אין א זיבען־אכט מינוט ארום האָט זיך דער הונד אָבגעשטעלט אויף א בערגעל וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט הויכע בוימער. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטען און אין דער הויך אויף דיא בוימער, אָבער זיי האָבען קיין זאך ניט געזעהן.

— וואָס איז מיט דיר, טאָפּ? — האָט זיך הארדינג געווענדעט צום הונד.

טאָפּ האָט אָנגעהויבען בילען העכער און ער האָט מיט דיא פיס געשאַרט דיא ערד ארום א הויכען בוים. פּלוצלונג האָט פּענקראָפט אויסגעשריען מיט אַלע קרעפטען:

— אָה! גרויסארטיג, אויסגעצייכענט!

— וואָס איז? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— מיר האָבען געזוכט א שיפס־ברוך אין מעער אָדער אויף׳ן לאַנד — האָט פּענקראָפט געענטפערט — און ענדליך! —

— ענדליך וואָס?

— ענדליך האָבען מיר געפונען א שיפס־ברוך אין דער לופט!

ביי דיעזע ווערטער האָט דער מאַטראָז אָנגעצייגט אויף א גרויסע שמאַטע וואָס איז געהאָנגען אין דער הויך אויף׳ן שפּיץ פון א בוים. א שטיקעל פון יענער שמאַטע איז עס אראָבגעפאַלען און טאָפּ האָט עס געפונען.

— אָבער וואָס האָט עס צו טהאָן מיט א שיפס־ברוך? — האָט דער רע־פּאָרטער געפרעגט.

— ענטשולדיגט, העער ספּילעט — האָט פּענקראָפט געענטפערט — איך ווייס וואָס איך רייד.

— איך פערשטעה אייך ניט — האָט ספּילעט געזאָגט קוקענדיג דעם מאַטראָז גלייך אין דיא אויגען.

— וואָס פערשטעהט איהר דאָ ניט? — האָט דער מאַטראָז געענטפערט — דאָס איז אַן איבערבלייבונג פון א שיפס־ברוך אין דער לופט. דאָס איז טאַקי פון אונזער צובראָכענע לופט־שיף, פון אונזער באַלון וואָס האָט אונז אהער געבראַכט.

פּענקראָפט האָט קיין טעות געהאַט. דיא שטיק שמאַטע איז ווירקליך געווען פון יענעם באַלון וואָס זיי האָבען אוועקגע׳גנב׳עט פון ריטשמאָנד. דיא קאָ־לאָניסטען האָבען זיך אַלע באַלד איבערצייגט, אז אזוי איז עס.

פּענקראָפט איז העכסט איבערראַשט געווען פון זיין ענטדעקונג און ער האָט איינינגע מאָל „הוררא!" אויסגעשריען.

— דאָס איז א גוטע שטיק צייג! — האָט ער העכסט ענטציקט געזאָגט —

דאָס קען אונז גאנץ גוט צוניץ קומען. מיר קענען דערפון האָבען העמדער און טיכלעך! וואָס זאָגט איהר, הערר ספּילעט, אויף אזא אינזעל וואו העמדער וואקסען אויף בוימער?

און דאָס איז ווירקליך פאר דיא פערוואָרפענע געווען א טהייערע געפינס. דיא גרויסע שמאטע, וועלכע איז פערטראָגען געוואָרען פון ווינד נאָך דער קאטאסטראָפע איבער׳ן ים, איז געווען דער צוריסענער לופט־זאק פון באלון. דאָס איז געווען א פּאָר הונדערט איילען לייוועגד פון בעסטען זאָרט און פאר דיא פינף פערזאָן אויף׳ן איינזאמען אינזעל איז עס געווען אן אוצר וואָס זיין ווערטה איז ניט געווען אָבצושאצען. פּענקראָפט האָט זיך אלזאָ ניט אומזיסט געפרעהט מיט דער געפינס און זיינע קאָמפּאניאָנען, וועלכע האָבען ניט ווע־ניגער פון איהם פערשטאנען דיא נוצען וואָס זיי קענען האָבען פון דער שטיק לייוועגד, זיינען אויך העכסט צופריעדען געווען דערפון.

מען האָט דיא שטיק לייוועגד געדאַרפט ארונטערנעהמען פון בוים, אָבער דאָס איז געווען ניט קיין לייכטע שטיק ארבייט. נעב, הערבערט און פּענקראָפט האָבען ארויפגעקלעטערט אויף׳ן שפּיץ־בוים און זיי האָבען אויסגעפונען, אז דער צוריסענער לופט־זאק איז פערדרעהט און פערפּלאָנטערט אין דיא צוויי־גען און מען קען איהם ניט אויספּלאָנטערען. און דאָרט איז ניט געווען בלויז דיא שטיק לייוועגד, זאָנדערן אויך דער גאנצער באלון, אין וועלכען בלויז א פּאָר טהיילען זיינען געווען צובראָכען.

פולע צוויי שטונדען צייט האָבען זיי שווער געארבייט, ביז זיי האָבען ענדליך אלעס אויסגעפּלאָנטערט און ארונטערגעוואָרפען אויף דער ערד. זיי האָבען עס בעטראכט אלס אן אוצר, וואָס איז זיי אראָבגעפאלען פון הימעל.

— קאפּיטאן — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען — אויב מיר וועלען אמאָל בעשליסען צו פערלאָזען דיעזען אינזעל, וועלען מיר איהם ניט אוועק אין א באלון. דער טייפעל זאָל זיי נעהמען, דיא באלונען! זיי פליהען ניט דאָרט וואו מען וויל! מיר האָבען דאָך שוין געהאט אביסעל ערפאהרונג אין דעם. מיר וועלען שוין אלזאָ פון דיעזער צובראָכענער לופט־שיף קיין אנדע־רע ניט מאכען. דעריבער וואָלט איך, הערר קאפּיטאן, געזאָגט, אז מיר זאָלען אויפבויען א היבשע שיף און פון א טהייל פון דיעזע לייוועגד מאכען זעגלען און פון דיא איבעריגע — אונטער־וועש! איז עס א שלעכטער פּלאן? — א זעגעל־שיף וועט אונז שטענדיג צוניץ קומען, און א באלון? — פערוויסט זאָלען זיי ווערען דיא באלונען!

— מיר וועלען זעהן, פריינד פּענקראָפט — האָט הארדינג געענטפערט — מיר וועלען זיך איבערלייגען וועגען דעם.

— אָבער דערווייל דאַרף מען עס אוועקלייגען אין א זיכערען אָרט — האָט נעב בעמערקט.

הארדינג, ספּילעט, פּענקראָפט און הערבערט האָבען אויך וועגען דעם גע־דענקט, אָבער וויא אזוי קען מען אזא שווערע משא ערגיץ אוועקטראָגען? פון טראנספּאָרטירען אלעס אין גראַניט הויז, האָט מען גאָר ניט געקענט דענ־קען, דערצו וואָלט מען געדאַרפט א שטארקען וואָגען מיט א פּאָר פערד, און קיין אנדער זיכערען פּלאץ אוועקצולייגען זייער געפונענעם אוצר האָבען זיי ניט געהאט.

זיי זיינען אוועק צום ברעג פון מעער און נאָך א היבשע צייט זוכען האָבען זיי ענדליך ענטדעקט א הייהל צווישען דיא פעלזען, וואו קיין רעגען, קיין וואסער האָט ניט געקענט צוקומען און זיי האָבען בעשלאָסען אָבצולייגען דאָרט אלעס וואָס זיי האָבען געפונען פון זייער באַלון.

אלע פינף בעזיצער פון אינזעל האָבען שווער געארבייט שלעפּענדיג דיא לייווענד, שטריק, האָלץ און אייזען פון דער צובראָכענער לופט־שיף. זיי זיינען אויסגעווייקט געוואָרען פון שוויים און זיי האָבען זיך אזוי פערמאטערט, אז זיי האָבען זיך קוים אויף דיא פיס געהאלטען.

אום זעקס אוהר זיינען זיי ענדליך פערטיג געוואָרען מיט דער ארבייט און אלעס פון באַלון איז געווען אריבערגעטראָגען אין הייהל צווישען דיא פעלזען.

זיי האָבען זיך אלע אוועקגעזעצט רוהען אביסעל. זיי האָבען דאַן דעם טייכעל וואָס איז פערביי געלאָפען א נאָמען געגעבען "פאָרט באַלון" צום אנדענקונג פון זייער באַלון וואָס זיי האָבען געפונען. זיי האָבען נאכהער אביסעל גערעדט וועגען פּלענער פאר דיא צוקונפט, וואָס זיי וועלען טהאָן, וואָס זיי וועלען מאכען און וויא זיי וועלען דיא מאטעריאלען פון באַלון ברייגגען אהיים אין גראַניט הויז. זיי האָבען אָבגערעדט, אז זיי וועלען בויען א בריק איבער דער "מערסי", דאַן וועלען זיי מאכען א שטארקען וואָגען און זיי וועלען אלעס אריבערפיהרען מיט א טרוקענעם וועג. מיט זייער שיפעל, האָבען זיי געוואוסט, וועלען זיי עס ניט קענען ברייגגען, ווייל זיא וועט אזא שווערע משא ניט אויסהאלטען. זיי האָבען אויך פּראָיעקטירט וועגען בויען א גרעסערע און שטארקערע שיף, אין וועלכע מען זאָל קענען ארויספאָהרען אביסעל ווייטער אויף'ן ים און מען זאָל צו יעדער צייט קענען ארומפאָהרען ארום דעם לינקאָלן אינזעל, און נאָך עהנליכע פּלענער און פּראָיעקטען.

ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך אויפגעהויבען צו געהן ווייטער איז שוין געווען נאכט און עכט פינסטער. זיי זיינען אָנגעקומען צו יענעם פּלאץ וואו זיי האָבען מיט א פּאָר טעג צוריק דעם קאסטען געפונען. פון דאָרט האָבען זיי נאָך געהאט פיער מייל צום גראַניט הויז. אָבער זיי האָבען ניט געקענט געהן מיט א גלייכען וועג צוליעב שטיינער און דערנער, וועלכע זיי האָבען

געמוזט אויסמיידען און דער גאנג האָט ביי זיי לאנג געדויערט. ווען זיי זיי־נען געקומען צום "מערסי" טייך איז שוין געווען האלבע נאכט.

דער טייך איז דאָרט געווען ביי אכציג פוס ברייט. פּרובירען געהן אָדער שווימען האָבען זיי מורא געהאט. דאָס וואָלט ווירקליך געווען צו ריזיקאליש. אָבער זיי זיינען אלע זעהר גערן געווען צו קומען וואָס שנעלער אהיים און עפּעס עסען און לייגען זיך שלאָפען. זיי זיינען געווען שטארק אויסגעמאטערט און אויסגעהונגערט און זיי האָבען געוואָלט וואָס שנעלער דערלעבען דעם מאָ־מענט, ווען זיי וועלען אריבערטרעטען דעם שוועל פון זייער וואָהנונג.

פּענקראָפט און נעב זיינען אוועק אויסהאקען א פּאָר בוימער, אום צו מאכען א רעפט (פּליטע) אויף וועלכע אריבערצושווימען דעם טייך, הארדינג און ספּי־לעט זיינען געזעסען ביים ברעג וואסער, וועהרענד הערבערט האָט אומגעשפּאצירט הין און צוריק. פּלוצלונג איז ער געקומען צולויפען און אָנצייגענדיג אויף'ן טייך, האָט ער אויסגעשריען:

— וואָס שווימט עס דאָרט אויף'ן מערסי?

פּענקראָפט האָט אוועקגעוואָרפען דיא האק און זיך ארומגעקוקט. ער האָט מיט זיינע שאַרפע אויגען דערזעהן פון דער ווייטענס וויא א געגענשטאנד שווימט אויף'ן וואסער.

— א שיפעל! א שיפעל! — האָט ער אויסגעשריען מיט אן אומגעלום־פּערטען קול.

אלע האָבען זיך ארומגעקוקט און צו זייער גרויס פערוואונדערונג האָבען זיי ווירקליך דערזעהן א שיפעל.

— העי! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען, ניט בעדענקענדיג זיך, פּיליכט איז גאָר גלייכער צו שווייגען — העי! שטעהט א ווייל!

קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען און דיא שיפעל איז צוגעקומען נעהענ־טער. ווען זיא איז געקומען אומגעפעהר צוועלף פוס ווייט פון דיא קאָלאָ־ניסטען, האָט דער מאטראָז אויסגערופען:

— דאָס איז דאָך אונזער שיף! זיא איז דאָרט אָבגעריסען געוואָרען פון איהר בעפעסטיגונג און איז געקומען מיט'ן שטראָם! איך מוז זאָגען, אז זיא איז געקומען ריכטיג אין צייט.

— אונזער שיף? — האָט דער אינזשיניר געמורמעלט מיט פערוואונ־דערונג.

פּענקראָפט איז גערעכט געווען. דאָס איז ווירקליך געווען זייער שיפעל, וועלכע זיי האָבען געהאט צוגעבונדען ביי דער ענדע פון טייך מערסי. מען האָט זיא ערשט געדאַרפט פערכאַפּען און אָבהאלטען אז זיא זאָל ניט פער־

שווימען ווייט. נעב און פענקראָפט האָבען מיט א לאנגען פלאָקען זיא פער־האלטען און צוגעשלעפּט צום ברעג.

דער אינזשיניר איז דער ערשטער אריינגעשפּרונגען. ער האָט בעטראכט דיא שטריק מיט וועלכע דיא שיף איז געווען צוגעבונדען, און ער האָט זיך אי־בערציינט, אז זיא איז זעהר אויסגעריבען, וואהרשיינליך וויל זיא האָט זיך געריבען אָן דיא פעלזען, און דערפון איז זיא צוריסען געוואָרען.

— נו — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — איז עס ניט א זאָנדערבארע פּאסירונג ?

— געוויס — האָט הארדינג געענטפערט — געוויס איז עס זאָנדערבאר.

דער וואונדער איז דאָ ניט אזוי געווען וואָס דיא שיפעל איז אָבגעריסען געוואָרען און איז אוועקגעשוואומען. דאָס איז א נאטירליכע זאך וואָס מען קען שטענדיג ערווארטען ; דער וואונדער איז אָבער געווען דער גליקליכער צופאל וואָס פונקט דאמאָלס, ווען דיא בעזיצער פון אינזעל זיינען געווען ביים וואסער איז דיא שיף צוגעשוואומען. ווען זיא וואָלט געווען אנקומען א פיער־טעל שטונדע פריהער אָדער א פיערטעל שטונדע שפּעטער, וואָלט זיא אוועקגע־שוואומען אין מעער און מען וואָלט גאָר ניט געוואוסט וואו זיא איז הינגעקומען.

ווען דיא לייטע וואָלטען געגלויבט אין גייסטער, וואָלטען זיי דיעזען פּאָרפאל מיט דער שיפעל צוגערעכענט צו דיא ארבייט פון אן איבערנאטיר־ליכע קראפט, פון א גייסט, וואָס זיין אויפגאבע איז צו בעשיצען און צו העל־פען פערוואָרפענע.

פענקראָפט און הערבערט האָבען זיך גענומען פאר דיא רודערס און אין א ווייל ארום זיינען זיי שוין געווען ביים אנדערען ברעג פון טייך. זיי האָבען דיא שיפעל צוגעפעסטיגט ביים ברעג ניט ווייט פון דיא "טשימנים" און אליין האָבען זיי זיך געלאָזט געהן צום שטריק-לייטער, וואָס האָט געפיהרט צום גראניט הויז.

אָבער טאפּ, וועלכער איז געלאָפען פאָראויס, האָט אין יענעם מאָמענט שטארק אנגעהויבען בילען און ווען נעב איז צוגעלאָפען, האָט ער א ווילדען געשריי געטהאָן.

דער לייטער וואָס האָט געפיהרט צו זייער וואהנונג איז דאָרט ניט געווען.

## 6טעם קאפיטעל.

א נאכט אין דיא "טשומנים". — פייל און בויגען ארונטערצונעהמען דעם לייטער. — אן אונערוואַרטעטע ערקלערונג. — מלחמה געגען אפען. — זוכען אן אנדער וועג. — א נייער מיטגליעד אין דער קאָלאָניע.

---

סיירוס הארדינג איז געבליבען שטעהן אזוי וויא צומישט און ער האָט א וואָרט ניט געזאָגט. זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען געזוכט אין דער פינסטער. זיי האָבען געטאַפּט דיא גראַניט וואנד, פּילייכט האָט דער ווינד פערטראָגען דעם לייטער אָן א זייט. זיי האָבען געקוקט און געטאַפּט אויף דער ערד, פּילייכט איז ער ארונטערגעפאלען, אָבער זיי האָבען קיין סימן פון א לייטער ניט געפונען.

— א שעהנע חכמה! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — פּילייכט נעהמט איהר עס אָן פאר א שפּאס, אָבער ניט איך! מיר זעהט אויס, אז ווען הונגעריגע, אויסגעמאַטערטע און שלעפערדיגע קומען אהיים און קענען ניט אריינקומען אין זייער וואָהנונג, איז עס גאָר קיין געלעכטער ניט.

— ווער לאכט דען? — האָט זיך נעב אָבגערופען — אָה! וואָס ווע־לען מיר יעצט טהאָן?

— איך האָב אָנגעהויבען דענקען — האָט פּענקראָפט ווייטער געזאָגט — אז עפּעס מאָדנע, אויסערגעוועהנליכע זאכען פּאסירען דאָ אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

— מאָדנע? אויסערגעוועהנליכע? — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — עס הויבט זיך גאָר ניט אָן, פּענקראָפט! עס קען גאָר ניט זיין נאַטירליכער וויא דאָס איז. יעמאנד האָט איינפאך צוגענומען דעם לייטער אין דער צייט פון אונזער אָבוועזענהייט.

— יעמאנד, זאָגט איהר, האָט דעם לייטער צוגענומען? — האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען — ערקלערט זשע מיר, ווער?

— דער זעלבער וואָס האָט אריינגעיאָגט דיא קויל אין זויג־שוויין! — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— אויב אזוי — האָט פּענקראָפט געזאָגט — אויב אימיצער איז דאָ פאראן, וועל איך צו איהם אזוי לאנג שרייען, ביז ער וועט מיר ענטפערן.

און ער האָט באלד אָנגעהויבען שרייען און רופען. זיין שטימע האָט אָב־געקלונגען צווישען דיא פעלזען, אָבער קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען.

זיי האָבען זיך אלע גוט צוגעהערט און זיי האָט אויסגעוויזען, אז זיי דע־

רען א געלעכטער, אָבער פון וואנען דער געלעכטער קומט, האָבען זיי ניט גע־
קענט פערשטעהן.

דער פּאָרפּאָל מיט'ן פערשוואונדענעם לייטער איז ווירקליך געוועזן אן
אונערקלערליכע געהיימניס. אין פערלויף פון דיא זיעבען מאָנאטען, וואָס דיא
פערוואָרפענע האָבען זיך געפונען אויף'ן לינקאָלן אינזעל, האָבען זיי שוין פיעלע
זאָנדערבארקייטען געזעהן און בייגעוואָהנט, אָבער אלע מאָדנע און זאָנדערבאָ־
רע פּאַסירונגען האָבען זיי נוצען געבראכט און דאָס איז געוועזען דאָס ערשטע
מאָל וואָס יעמאנד אָדער דיא נאטור זעלבסט האָט זיי אָבגעטהאָן א שפּיצעל,
און א מיאוס'ען שפּיצעל, פון וועלכען זיי וועלען פיליי‏כט דארפען פיעל ליידען.

אָבער וויא דיא זאַך איז געוועזן, זיינען דיא קאָלאָניסטען געוועזן זעהר
מיעד, הונגעריג און שלעפעריג. פון דעם זאפּאס שפּייז וואָס זיי האָבען מיטגענו־
מען אין וועג האָבען זיי שוין מעהר ניט געהאט און זיי איז אויסגעקומען צו
הונגערען און ניט האָבען קיין אָברוה יענע נאכט. זיי האָבען קיין אנדער ברירה
געהאט, נור צו פערבלייבען איבער נאכט הינטער'ן גראניט בארג אונטער זייער
וואָהנונג.

דיא קאָלאָניסטען זיינען זעהר פערצווייפעלט געוואָרען. זיי האָבען גע־
דענקט, געטראכט, זיך בעראטהען איינע מיט דיא אנדערע, אָבער זיי האָבען
קיין מיטעל געפונען וויא אזוי צו קומען אין זייער וואָהנונג, וואָס איז גע־
וועזען ביי אכציג פוס הויך פון דער ערד.

— מיינע פריינדע — האָט זיך ענדליך קאפּיטאן הארדינג אָבגערופען
— מיר האָבען ערשט גאָר ניט צו טהאָן. מיר קענען ערשט אין דיא פינסטער־
ניש פון דער נאכט גאָר ניט מאכען. מיר האָבען בלויז איין וועג, צו ווארטען
ביז עס וועט טאָג ווערען און דאן וועלען מיר האנדלען לויט דיא אומשטענ־
דען, דאן וועלען מיר זעהן וואָס מיר דארפען און מיר קענען טהאָן. אָבער אזוי
וויא וואָס צו עסען האָבען מיר דאך סאי וויא סאי ניט, לאָמיר אמוועניגסטען
זעהן האָבען א בעסערען נאכטלעגער. צו וואָס זאָלען מיר זיך וואלגערען דאָ
אין דרויסען? לאָמיר בעסער געהן אין דיא "טשימנים" און איבערשלאָפען
דאָרט דיא נאכט. אמוועניגסטען וועלען מיר דאָרט זיין מעהר געשיצט און
מיר וועלען קענען רוהיג שלאָפען.

דיא איבעריגע בעזיצער פון אינזעל האָבען איינגעזעהן, אז זייער פיהרער,
קאפּיטאן הארדינג, האָט רעכט און זיי האָבען זיין ראטה אָנגענומען.

אָבער פריהער איידער זיי זיינען אוועק אין דיא "טשימנים" האָט סיי־
רוס הארדינג פערזאָגט זיין הונד, אז ער זאָל האלטען וואך אונטער דיא
פענסטער פון גראניט הויז. דער געלערענטער טאָפּ האָט פערשטאנען וואָס
זיין ווירטה רעדט צו איהם און ער איז פערבליבען אויף זיין פּאָסטען אזוי וויא
א סאָלדאט.

האַרדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען זיך אוועקגעלייגט אויף'ן ווייכען זאַמד אין דיא "טשימנים", אָבער טראָצדעם וואָס זיי זיינען געוועזן שרעקליך מיעד, האָבען זיי דאָך ניט געקענט איינשלאָפען. דיא נייגעריגקייט צו וויסען וואָס עס האָט מיט זייער ליטער פּאַסירט און דיא געדאַנקען וואָס זיי האָבען וועגען דעם איבערגעטראַכט, האָבען זיי ניט געלאָזט שלאָפען. זיי האָבען מיט אונגעדולד ערוואַרטעט דעם טאָג, פיליכט וועט דיא זאָנדערבאַרע געהיימנים אויפגעקלערט ווערען.

און וועהרענד זיי האָבען געדענקט וועגען זייער וואָהנונג, צו וועלכער זיי האָבען ניט געקענט צוקומען, האָבען זיי איבערגעטראַכט, פיליכט האָט מען זיי בערויבט, פיליכט האָט מען פון דאָרט צוגענומען זייערע געצייג און אנדערע אַרטיקלען, וועלכע האָבען זיי אַזוי פיעל צייט און מיה געקאָסט און זיי וועלען ערשט אַלעס דאַרפען מאַכען אויף דאָס ניי. ספּילעט, פּענקראָפט, נעב און הערבערט האָבען איינפאַך ניט געקענט רוהען. זיי זיינען איינציגווייז אַלע מאָל אַרויסגעלאָפען פון דיא "טשימנים", פיליכט וועלען זיי עפּעס זעהן, פיליכט וועלען זיי עפּעס הערען, פיליכט וועט זיי טאַפּ עפּעס אָנזאָגען. בלויז סיירוס האַרדינג איז פערבליבען געדולדיג, וויא זיין שטייגער איז געוועזן, אָדער וועניגסטענס האָט ער זיין אונגעדולד ניט אַרויסגעצייגט.

— דאָס האָט יעמאַנד אונז אָבגעטהאָן א שפּיצעל — האָט פּענקראָפט איינינגע מאָל ווידערהאָלט — דאָס פּראָוועט יעמאַנד שפּאַס מיט אונז! אָבער איך האָב ניט ליעב אַזעלכע שפּיצלעך, איך האָב פיינד אַזא שפּאַס! זאָל נור יענער חכם אַריינפאַלען אין מיינע הענד, וועל איך איהם דערצעהלען א מעשה, וואָס ער וועט האָבען צו געדענקען.

וויא נור עס האָט אָנגעהויבען טאָגען און אביסעל ליכט האָט זיך בעוויזען אין מזרח זייט, זיינען אַלע קאָלאָניסטען אוועק צום ברעג ים ביי דער גראַניט הויז. דער האָריזאָנט אין מזרח-זייט איז אַלע ווייַלע אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער געוואָרען, ביז דיא זונן האָט אַרויסגעשיינט און בעלויכטען דעם שפּיץ בארג. האַרדינג און זיינע קאַמעראַדען האָבען געקענט זעהן דיא פענסטער פון זייער וואָהנונג אין דער הויך. זיי האָבען קיין ענדערונג אויף דיא פענסטער בעמערקט. דיא לאָדענס זיינען געווען צוגעמאַכט און אַלעס איז דאָרט געוועזן אין אָרדנונג אַזוי וויא זיי האָבען עס איבערגעלאָזט.

עס איז ערשט קיין צווייפעל געוועזן, אַז אימיצער האָט זיך אין גראַניט הויז אַריינגעקליבען און האָט אַרויפגעשלעפּט דעם ליטער אַזוי וויא זיי, דיא בעזיצער פון הויז, פלעגען טהאָן. וואָרום וויא האָט מען אַנדערש געקענט דענקען?

דער אויבערשטער ליטער, וועלכער איז שטענדיג געהאַנגען פון טהיר, איז געוועזן אויף זיין פּלאַץ, אָבער דער אונטערשטער ליטער איז געוועזן אַרויפגע־

צויגען. מען האָט אַנדערש ניט געקענט דענקען, נור אז דיא וואָס האָבען פער־באפט דיא גראַניט הויז האָבען זיך בעוואָרענט, אז מען זאָל צו זיי ניט קענען צוקומען.

פענקראָפט האָט ווידער אמאָל אויסגעשריען, אָבער קיין אנטוואָרט איז אלץ ניט געקומען.

— דיא לומפען! — האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען — זיי שלאָפען דאָרט רוהיג אזוי וויא אין זייער אייגענע הויז! שטעהט דאָרט אויף, איהר פיראַטען, שלעפער, רויבער, קינדער פון דזשאָהן בול!

פענקראָפט איז געווען א יענקי, א געבאָרענער אמעריקאַנער און א ביטע־רער שונא פון דיא ענגלענדער. "דזשאָהן בול", וואָס איז ענגלאַנד'ס ביי־נאָמען אזוי וויא "אָנקעל סעם" פאַר דיא פעראייניגטע שטאאטען, איז דארום ביי איהם געווען פערדעכענט אלס דער ערגסטער שימפף־וואָרט.

דיא זונן האָט זיך אויפגעהויבען און דיא גאַנצע גראַניט הויז איז בע־לויכטען געוואָרען פון איהרע שטראַהלען. אָבער מען האָט ביי דיא העלע ליכ־טיגקייט ניט געקענט זעהן מעהר וויא פריהער. אין הויז איז געווען שטיל און רוהיג און קיין שאָרך איז פון דאָרט געהערט געוואָרען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען געשטאַנען און געטראַכט און געקלערט און דיס־קוטירט דיא פראַגע און זיי זיינען געקומען צום בעשלוס, אז אימיצער איז אין זייער הויז פאַראַן. מיט איין זאַך זיינען זיי געווען זיכער, אז דיא לייטע וואָס געפינען זיך דאָרט האָבען קיין אנדער וועג ארויסצוגעהן און זיי וועלען זיך פריהער אָדער שפּעטער מוזען בעווייזען ביי דעם ארויסגאַנג דורך'ן לייטער.

הערבערט האָט נאָכדעם דערזעהן, אז א שטיקעל פון דעם ארויפגעצוי־גענעם שטריק־לייטער הענגט ארונטער אין דער הויך פון שוועל פון טהיר און ער איז געפאַלען אויף א קלוגע אידעע, וועלכע ער האָט באַלד איבערגעגעבען זיינע קאָמפּאַניאָנען. זיין פּלאַן איז געווען פאָלגענדער:

מען זאָל צו א לאַנגע שטריקעל צובינדען א האַטשיק (הוק) און עס ארויפשיסען מיט א פייל און בויגען אין דער הויך אזוי אז דער האַטשיק זאָל פערכאַפּען דעם שטאַפּעל פון לייטער וואָס הענגט ארויס פון שוועל און דאַן וועלען זיי איהם מיט דער שטריקעל פּרובירען ארונטערציהען. צום גליק האָבען זיי געהאַט א פייל און בויגען אין דיא "טשימנים". א לאַנגע שטריקעל צוזאַ־מענגעדרעהט פון אזעלכע גראָז האָבען זיי דאָרט אויך געפונען און דער פראָ־יעקט איז לייכט דורכגעפיהרט געוואָרען.

פענקראָפט האָט פון א צווייג פון א בוים געמאַכט א האַטשיק, וועלכען ער האָט צוגעבונדען צום שטריקעל, דאַן צום פייל און בויגען און הערבערט האָט זיך אונטערגענומען צו שיסען און טרעפען פונקט אין ציעל.

**סיירוס הארדינג, גידעאָן ספּילעט, פענקראָפט און נעב זיינען אָבגע־**

גאַנגען אביסעל פון וויטענס צו זעהן פיליייכט וועט יעמאנד ארויסקוקען פון א פענסטער. דער רעפּאָרטער האָט געהאלטען זיין ביקס געציעלט אין דער הויך צום גראניט הויז.

הערבערט האָט אויפגעבויגען דעם בויגען און אָבגעלאָזט. דיא פייל איז ארויפגעפלויגען און דער הוק האָט פערטשעפּעט דעם אויבערשטען לייטער.

ער האָט באלד א כאפּ געטהאָן דעם צווייטען ברעג פון שטריקעל, אָבער אין דעם מאָמענט ווען ער האָט געוואָלט ארונטערציהען דעם לייטער האָט זיך א זאָנדערבארע האנד בעוויזען אין טהיר און א שלעפּ געטהאָן דעם לייטער אין גראניט הויז.

— אך, דיא באנדיטען, דיא שופטען! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — אויב א קויל קען אייך טרעפען, וועט איהר עס באלד בעקומען.

— אָבער ווער זאָל עס דאָרט זיין? — האָט נעב געפרעגט.

— איהר זעהט ניט ווער דאָס איז? — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— ניין, איך זעה ניט! — האָבען נעב און פּענקראָפט ביידע מיט אמאָל געענטפערט.

— דאָס איז אן אפּע (מאָנקי) — האָט דער רעפּאָרטער ערקלערט — א סאפּאנגאָ, אן אָראנג־אוטאנג, א באבון, א גאָרילא אָדער אן אנדער זאָרט אפּע.

און דאָס איז טאַקי אזוי געוועזען אין דיא ווירקליכקייט. אפּען האָבען ארויפגעקלעטערט, האָבען פערכאפּט דיא וואָהנונג פון דיא קאָלאָניסטען און זיך דאָרט בעזעצט.

דאָס איז באלד בעשטעטיגט געוואָרען, ווייל אייניגע אפּען האָבען זיך בעוויזען ביי דיא פענסטער פון גראניט הויז, פון וועלכע זיי האָבען אָבגעשטופּט דיא לאָדענס און מען האָט דייטליך געזעהן וויא זיי מאכען זייערע משונה׳־ דיגע גרימאסען.

— איך האָב געוואוסט — האָט דער מאטראָז געזאָגט — אז יעמאנד האָט אונז אָבגעטהאָן א שפּיצעל, אָבער אמוועניגסטען איינער פון דיא שפּאס־מאכער דאַרף און מוז בעשטראָפט ווערען פאַר זיי אלע.

ריידענדיג דיעזע ווערטער, האָט פּענקראָפט געציעלט מיט זיין ביקס און האָט אָבגעפייערט. אלע אפּען זיינען פערשוואונדען געוואָרען, בלויז איינע וואָס איז געטראָפען געוואָרען פון דער קויל איז ארונטערגעפאלען אויף דער ערד א טויטליך פערוואונדעטע. אין א ווייילע ארום איז זיא געוועזען טויט.

דיא געטויטעטע אפּע איז געוועזען פון א גרויסען זאָרט. אויב דאָס איז געוועזען א שימפּאנזע, אן אָראנג־אוטאנג, א גאָרילא, אָדער אן אנדער מין איז ניט געוועזען בעשטימט. אָבער זיא איז געוועזען פון דער פאמיליע אפּען וואָס זיינען מעהר עהנליך צו א מענשען. הערבערט האָט ערקלערט אז דאָס איז אן אָראנג־אוטאנג.

— א שעהנעם טהיער! — האָט נעב אויסגעשריען — א גרויסארטיגעס בעשעפעניס.

— זיא געפעלט אייך? — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — מיר געפעלט זיא גאָר ניט! אָבער וואָס טויג מיר, אויב דיא אפע איז שעהן אָדער מיאוס? זאָגט מיר בעסער וויא אזוי ווע לען מיר קומען אין אונזער הויז?

— אונזער הערבערט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — קען גוט ציעלען. זיין בויגען איז דאָ, וועט ער פּרובירען נאָך אמאָל ארונטערשלעפּען דעם לייטער.

— אָבער וויא קלוג דיא אפען זיינען — האָט פענקראָפט געזאָגט — זיי האָבען נור דערהערט א שאָס בעוויזען זיי זיך שוין ניט מעהר אין דיא פענסטער! — ווער ווייסט וואָס פאר א פּערוויסטונג זיי האָבען שוין געמאכט אין אונזער וואָהנונג! זיי וועלען דאָך דאָרט אלעס איבערקעהרען קאפּויר.

— האָט געדולד — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — זיי וועלען אונז דאָ לאנג ניט האלטען.

— איך בין מיט דעם ניט זיכער — האָט דער מאטראָז געענטפערט — זאָלאנג איך זעה זיי דאָ ניט אלע טויט, קענען מיר נאָך דאָ ווארטען און ווארטען.

דער אינזשיניר האָט ווירקליך ניט געהאט וואָס צו זאָגען דעריבער, ווייל ער האָט אייגענטליך אליין אויך געצווייפעלט, אויב זיי וועלען אזוי גיך קענען בעוואָהנען זייער הויז, וועלכע האָט זיי אזוי פיעל מיה און צייט געקאָסט.

הערבערט האָט אייניגע מאָל ארויפגעשאָסען א פייל מיט דער שטריקעל און דעם הוק, אָבער ער האָט שוין קיין איין מאָל ניט פערכאפּט דעם לייטער, וועלכער איז שוין בלויז א קליין שטיקעל ארויס אויסוועניג פון טהיר. נאָך שווערע מיה האָט ענדליך דער הוק שוין פערטשעפּעט דעם לייטער, אָבער ווען ער האָט דיא שטריקעל א ציה געטהאָן, האָט זיא זיך צוריסען און דער לייטער איז פערבליבען אויף'ן זעלבען אָרט. ווען עס זאָל זיך ניט האנדלען וועגען זייער הויז, וועגען זייער אייגענטהום וואָס פיער־פיסיגע, אָדער בעסער געזאָגט, פיער־הענדיגע ברואים האָבען פערנומען, וואָלטען דיא קאָלאָניסטען געהאט א היבשע ביסעל שפּאס פון דיא ניט געלונגענע פּראָבעס ארונטערצו־שלעפּען דעם לייטער; אָבער דאָ האָט זיך זיי ניט געוואָלט לאכען און זיי זיינען אלע העכסט אויפגערעגט געוועזן.

צוויי שטונדען זיינען אוועק און דיא אפען האָבען זיך ניט בעוויזען, אָבער אז זיי זיינען דאָרט געוועזן האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל זיכער גע־וואוסט, ווייל זיי האָבען א פּאָר מאָל געזעהן א פוס אָדער א נאָז פון אן אפע ביים טהיר אָדער ביי דיא פענסטער. דיא לייטע האָבען געשאָסען, אָבער דיא קוילען האָבען דיא פיער־הענדיגע רויבער ניט געטראָפען.

— לאָמיר זיך בעהאלטען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — פיליכט

װעלען דיא אפען מיינען אז מיר זיינען שוין אװעק און זיי װעלען זיך װיעדער בעװייזען. זאָלען ספּילעט און הערבערט זיך בעהאלטען דאָ הינטער דיא פעלזען און אין פאל דיא װילדע, שטומע רױבער װעלען זיך בעװייזען װעלען זיי אויף זיי שיסען.

דעם אינזשעניר׳ס בעפעהל איז באלד אויסגעפיהרט געװאָרען, און װעהרענד דער רעפּאָרטער און דער יונגער הערבערט, דיא בעסטע שיסער פון דער קאָלאָ־ניע, האָבען זיך פערשטעקט הינטער דיא פעלזען אזוי אז זיי זאָלען קענען זעהן דיא אפען און דיא אפען זאָלען זיי ניט זעהן, זיינען הארדינג, פענקראָפט און נעב אװעק אין װאלד פאנגען אירגענד װעלכע טהיערע אָדער פויגעל צום עסען. דיא לייטע זיינען געװען הונגעריג און דיא שפּייז װאָס זיי האָבען מיט זיך געהאט איז שוין אין גאנצען אויסגעגאנגען.

אין א האלבע שטונדע ארום זיינען דיא יעגער צוריק געקומען מיט אייניגע פעלזען־טױבען, װעלכע זיי האָבען אָבגעבראָטען. קיין אפע האָט זיך נאָך ביז יענער צייט ניט בעװיזען. דיא אלע פינף קאָלאָניסטען זיינען דערװייל אװעק אָן א זייט און זיך געזעצט עסען. טאָפּ איז פערבליבען אויף דער װאך צו היי־טען פיליכט װעלען זיך דיא מענשען־עהנליכע טהיערע בעװייזען אין דיא פענסטער פון גראניט הויז.

עס זיינען אריבער נאָך צװיי שטונדען און דיא לאגע האָט זיך אלץ ניט געענדערט. דיא אפען האָבען זיך ניט געלאָזט הערען און זעהן און מען האָט געקענט דענקען, אז זיי זיינען שוין דאָרט ניטאָ. דיא פראגע האָט זיך אָבער גע־שטעלט: װאו זיינען זיי אהינגעקומען? װאהרשיינליך האָבען זיי זיך דאָרט פערקליבען אין דעם מאגאזין, װאו זיי האָבען זייערע אלע װיכטיגסטע זאכען, און װער װייסט װאָס פאר א חורבן זיי קענען דאָרט מאכען?

— ענדליך האלטען מיר ניט אזוי גוט — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — און איך זעה גאָר ניט קיין װעג, מיר זאָלען אונזער הויז װיעדער קענען בע־זיצען.

— אָבער מיר מוזען דיעזע אבשייליכע ארומשלעפּער פערטרייבען! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — איך בין זיכער, אז מיר װעלען זיי בייקומען, אויב אפילו זיי זיינען פאראן צװאנציג שטיק. האָבען מיר ניט עפּעס א װעג װיא אזוי צו קומען צו זיי?

— לאָמיר פּרובירען געהן אין גראניט הויז דורך דער אלטער װעג ביים לייק, װאָס מיר האָבען פערשטעלט — האָט זיך דער אינזשעניר אָבגערופען — קיין אנדער װעג האָבען מיר דאָך ניט.

— אָה! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — און מיר איז עס גאָר אויף׳ן זינען ניט געפאלען.

דאָס איז װירקליך געװען דער איינציגער מיטעל װיא אזוי צו קומען

אין גראניט הויז און אָנפיהרען א קאמפף מיט דיא באָזאים וואָס האָבען פער־כאפּט זייער וואָהנונג. דאָס האָט דיא קאָלאָניסטען געראָרפּט קאָסטען א היבשע ביסעל מיה און צייט. דיא עפענונג פון געוועזענעם אונטערערדישען קאנאל איז געוועזן פעסט פערמאכט און פערמויערט מיט שטיינער, וועלכע מען וועט מוזען צו־ווארפען און נאכהער, ווען זיי וועלען האָבען זייערע אונגעבעטענע געסט ארויסגעטריבען, וועלען זיי עס מוזען צוריק פערמאכען. אָבער זיי האָבען דאָך קיין אנדער מיטעל ניט געהאט וויא אזוי צו ערוועראבען צוריק דאָס וואָס דיא טהיערע האָבען פון זיי גערויבט און זיי האָבען בעשלאָסען צו טהאָן אזוי וויא האַרדינג האָט געראטהען.

עס איז שוין געוועזן נאָך צוועלף אוהר, ווען דיא קאָלאָניסטען זיינען אוועק אין דיא "טשימנים", זיי האָבען פון דאָרט גענומען גראָב־אייזענס און ברעך־אייזענס און זיי זיינען אוועק אויפברעכען דעם ארייגאנג צום הייהל וואָס האָט געפיהרט צום גראניט הויז. דעם הונד האָבען זיי איבערגעלאָזט ביים זייט פון ים אכטונג צו געבען פיליייכט וועלען זיך דיא אפען בעווייזען.

אָבער זיי זיינען בלויז אָבגעגאנגען ביי א פופציג טריט פון דיא "טשימ־נים", ווען טאפּ האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען שטארק בילען. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך באלד אומגעקעהרט צוריק צום זייט פון ים, הינטער דער גראניט הויז.

זיי זיינען אהין אָנגעקומען און זיי האָבען געזעהן וויא איייניגע אפען זיינען אומגעלאָפען צושראָקענע פון איין פענסטער צום אנדערען. עס האָט אויסגעזעהן, אז זיי ווילען אנטלויפען, אָבער זיי געפינען קיין וועג. פאר וואָס דיא טהיערע האָבען זיך פּלוצלונג דערשראָקען איז געוועזן א זאך וואָס מען האָט ניט געקענט ערקלעהרען. דיא טהיערע האָבען ניט פּרובירט ארונטערלאָזען דעם לייטער און ארונטערגעהן. זיי האָבען דערויף קיין שכל ניט געהאט אָדער זיי האָבען זיך אין שרעק פערגעסען אָן דיזען מיטעל. דיא קאָלאָניסטען האָ־בען איניגע מאָל אויסגעשאָסען. אייניגע פון דיא אפען זיינען פערוואונדעטע אָדער געטויטעטע ארייגעפאלען צוריק אין גראניט הויז און זייערע קוויטשע־רייען און געשרייען האָבען פערהילכט דיא לופט. דיא איבעריגע זיינען אומ־געלאָפען אזוי וויא פער'סם'טע און זיי זיינען ענדליך ארונטערגעפאלען און זייערע ביינער זיינען צושמעטערט געוואָרען. א פאָר מינוטען איז געוועזן שטיל און עס האָט אויסגעזעהן, אז קיין לעבעדיגע בעשעפנים איז שוין אין גראניט הויז ניטאָ.

באלד נאָכדעם האָבען דיא קאָלאָניסטען דערזעהן, וויא דער ארויפגעצוי־גענער לייטער לאָזט זיך ארונטער פון פענסטער. עס האָט ניט פיעל געדויערט און ער איז ארונטערגעפאלען אויף דער ערד.

— הוראה! — האָט פענקראַפט אויסגעשריען און אָנגעהויבען פּאטשען מיט דיא הענד — הוראה! איז דאָס ניט א זעלטענע זאַך?

— יא — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — זעהר זאָנדערבאר.

הארדינג האָט ניט געווארט און איז דער ערשטער צוגעשפּרונגען צום לייטער.

— זייט פאָרזיכטיג, קאפּיטאן! — האָט פענקראַפט אויסגעשריען — פיליכט זיינען נאָך דאָרט פאראן אייניגע פון דיעזע שופטען.

— מיר וועלען עס באלד זעהן — האָט דער אינזשיניר געענטפערט און האָט אָנגעהויבען קלעטערען אויף'ן לייטער.

אלע זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען איהם נאָכגעפאָלגט און אין א מינוט ארום זיינען זיי שוין געווען ביים שוועל פון גראניט הויז. זיי זיינען אריין אינוועניג. זיי האָבען איבעראל געזוכט און זיי האָבען קיין איינעם פון דיא פיער־הענדיגע טהיערע ניט געפונען א לעבעדיגען.

— אצינד — האָט דער מאטראָז מיט פערוואונדערונג געפרעגט — ווער האָט אונז דעם לייטער ארונטערגעשיקט? צום טייפעל זאָל ער געהן, ווער עס זאָל דאָרט ניט זיין!

הארדינג, ספּילעט און הערבערט האָבען זיך אויך ניט וועניג געוואונדערט און זיי האָבען דיעזע זאָנדערבארע געהיימניס ניט געקענט ערקלערען.

פּלוצלונג האָט זיך געהערט א ווילדער געשריי און א גרויסע, צושראָקענע אפּע, וועלכע האָט זיך געהאט בעהאלטען אין הייהל ביים אריינגאנג אין גראַניט הויז, איז אריינגעלאָפען. נעב האָט זיא פון איהר בעהעלטעניס פערטריבען און אריינגעיאָגט אין הויז.

— אָה, אָט איז דער רויבער! — האָט פענקראַפט אויסגעשריען און האָט געכאפּט א האק און געוואָלט ווארפען דעם טהיער אין קאָפּ. אָבער הארדינג האָט איהם אָנגעכאפּט ביים האנד און געזאָגט:

— טשעפּעט איהם ניט, פענקראַפט, לאָזט איהם צורוה.

— וואָס? — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — שענקען איהם? בעגנאדיגען איהם?

— יא, מיין פריינד — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — ער האָט פערדיענט גנאדע דערפאר וואָס ער האָט אונז דעם לייטער ארונטערגעוואָרפען.

דער אינזשיניר האָט דיעזע ווערטער געזאָגט אין אזא טאָן, וואָס מען האָט ניט געקענט פערשטעהן, אויב ער מיינט עס ערנסט אָדער ער שפּאסט.

דאָך האָבען זיי זיך אלע געוואָרפען אויף דער צושראָקענער חיה, וועלכע האָט געקעמפּפט מיט אלע קרעפטען ביז ענדליך האָבען זיי איהר בייגעקומען און געבונדען.

— אצינד האָבען מיר איהם שוין! — האָט דער מאטראָז העכסט ענטציקט אויסגערופען — אָבער וואָס וועלען מיר פון איהם מאכען?

— א דיענער, א קנעכט! — האָט הערבערט געענטפערט.

און דער יונג האָט עס געמיינט גאנץ ערנסט, ווייל ער האָט געוואוסט וויא קלוג דיעזע חיה איז און וויא מען קען איהר אויסלערנען און האָבען פון איהר נוצען.

דיעזע אפע איז געווען אן אָראנג־אוטאנג, וועלכער איז פיעל עהנליכער צו א מענשען וויא אנדערע אפען און האָט מעהר פערשטאנד וויא אלע אנדערע פון דיעזען מין טהיערע, וואָס געהען אויף פיער הענד. דיעזע טהיערע קען מען לייכט אויסלערנען צו טהאָן פערשיעדענע הויז ארבייט, וויא דערלאנגען צום טיש, רייניגען דיא צימערען, רייניגען קליידער, פוצען שיך און דאָס גלייכען. מען לערענט זיי זאָגאר אויס צו בענוצען גאָפעל־מעסער אזוי וויא א מענש און צו טרינקען וויין אָדער אנדערע געטרענקע אזוי וויא א גוטער שכור.

דער געפאנגענער אָראנג־אוטאנג איז געווען א גרויסגעוויקסיגער, אום־געפעהר זעקס פוס לאנג און אין אלגעמיין פעסט געבויט, מיט שעהנע ווייכע האָר און קליינע, קלוגע אויגען.

— א פיינער בחור! — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווען מיר וואָלטען פערשטאנען זיין שפראך, וואָלטען מיר זיך מיט איהם דורכגעשמועסט.

— אָבער, מיין הערר — האָט זיך נעב געווענדעט צום אינזשיניר — מיינט איהר עס טאקי ערנסט, אז מיר וועלען איהם מאכען פאר א דיענער?

— יא, נעב — האָט הארדינג געענטפערט — אָבער איהר דארפט ניט זיין אייפערזיכטיג.

— איך האָף — האָט הערבערט זיך אָבגערופען — אז מיר וועלען פון איהם מאכען אן אויסגעצייכענטען דיענער. ער שיינט צו זיין נאך גאָר יונג און מען וועט איהם שנעל קענען אויסלערנען. אָבער מען דארף מיט איהם ניט אָנגעהן שטרענג, מען דארף צו איהם זיין מילד, וועט ער אונז ליעב האָבען אזוי וויא א טרייער הונד האָט ליעב זיין ווירטה.

פענקראָפט האָט אין יענעם מאָמענט פערגעסען זיין פיינדשאפט און זיינע ראכע פלענער צום פערבליבענעם "שפאָס־מאכער". ער איז צוגעגאנגען צום אָראנג־אוטאנג, האָט געגלעט זיין פעל און צו איהם פריינדליך גערעדט:

— נו, אלטער בחור, וואָס מאכסט דוא? ווילסט דוא זיין איינער פון אונזערע קאָלאָניסטען? ווילסט דוא אריינטרעטען אין דיענסט ביי קאפיטאן סיירוס הארדינג? וועסט דוא צופריעדען זיין מיט דיין געהאלט, וואָס וועט בלויז זיין דיין עסען און טרינקען?

דער אָראנג־אוטאנג האָט אויף יעדער פראגע געענטפערט מיט א ברום.

**דיא פינף קאָלאָניסטען האָבען אלזאָ אריינגעקראָגען א זעקסטען מיטגליעד**

אין זייער קאָלאָניע. זיי האָבען אַנגעהויבען טראַכטען וויא אזוי א נאָמען צו געבען דעם נייעם מיטגליעד און דער מאטראָז האָט געבעטען, אז מען זאָל איהם א נאָמען געבען "דזשופּיטער" (יופּיטער), צום אנדענקען פון אן אפּע מיט דיעזען נאָמען, וועלכע ער האָט אמאָל געקענט.

פּענקראָפט'ס קאָמפּאַניאָנען האָבען עס איהם צוליעב געטהאָן און אזוי איז עס פערבליבען, אז דער נאָמען פון דעם אָראנג־אוטאנג זאָל זיין דזשופּיטער אָדער "דזשופּ" אין קורצען.

און אָהן מעהרערע צערעמאָניעס איז יופּיטער אָדער יופּ אַנגענומען גע־וואָרען אלס שטענדיגער מיטגליעד פון גראַניט הויז.

## 7טעם קאפּיטעל.

א בריק איבער דעם טייך "מערסי". — א וואסער פעסטונג. — א קליין אינזעל אויף א גרעסערען. — דיא קאָרן געוועטעניס. — א געפליעגעל־הויף. — א טויבען־שטיבעלע. — א רייזע אין א וואָגען.

---

דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל זיינען אלזאָ געקומען אין זייער וואָה־נונג ניט דורך'ן אלטען אריינגאנג און זיי האָבען דורכדעם געשפּאָרט פיעל מיה און צייט. דער גליק האָט זיי געשפּיעלט און פונקט דאמאָלס ווען זיי האָבען געוואָלט אויפברעכען דעם אריינגאנג אין טונעל, וואָס זיי האָבען אליין פער־מויערט, האָבען זיך דיא אפען דערשראָקען, האָבען זיך אַנגעהויבען ארומיאָגען ביי דיא פענסטער און דיא ענדע איז געוועזען, אז זיי זיינען געטויטעט געוואָרען און דיא לעצטע וואָס איז פערבליבען האָט דעם שטריק־לייטער ארונטערגע־וואָרפען. פאר וואָס דיא טהיערע האָבען זיך פּלוצלונג צושראָקען, האָבען דיא מענשען ניט געקענט וויסען. פיליכט האָבען זיי ערפאהרען, אז דיא צוויי־הענדיגע ברואים וואָס זיינען עהנליך צו זיין געהען זיי בעפאַלען פון אן אנדער זייט? דאָס איז געוועזען דיא איינציגע ערקלעהרונג וואָס מען האָט דערויף גע־קענט געבען.

דורך'ן טאָג האָבען דיא קאָלאָניסטען אוועקגעשלעפּט דיא טויטע קערפּער פון דיא אפען אין וואלד און זיי האָבען זיי דאָרט בעגראָבען. נאכהער האָבען זיי זיך גענומען בריינגען אין אָרדנונג אלעס וואָס דיא אונגעוויינשטע געסט האָבען צוואוואָרפען אין גראניט הויז. קיין שאדען האָבען דיא אפען ניט געמאכט. אָב־וואָהל זיי האָבען אלעס צושליידערט און איבערגעקעהרט, אָבער צובראָכען האָבען זיי קיין זאך ניט.

זייער נייעם מיטגליעד דזשופ האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט פערגעסען. פענקראָפט האָט איהם אָבגעבונדען דיא פאָדערשטע פיס און ער האָט איהם גע־געבען צו פרעסען ווילדע מאנדלען און אנדערע זאכען, וועלכע דזשופ האָט גע־שלונגען מיט גרויס אפעטיט. זיינע הינטערשטע פיס האָבען זיי געלאָזט גע־בונדען, ביז ער וועט זיך מעהר צוגעוואָהנען און ווערען מעהר היימיש מיט דיא מענשען פון גראניט הויז.

איידער זיי זיינען געגאנגען שלאָפען האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען ארומ־געזעצט ארום זייער טיש און זיי האָבען בעשפּראָכען דיא פראגע וועגען בויען א בריק איבער דער "מערסי", אום זיי זאָלען האָבען א פערבינדונג מיט'ן זיד־ליכען זייט פון אינזעל און עס זאָל זיי לייכט זיין צו געהן אהין אויף יאגד און פאנגען טהיערע וואָס האָבען ווייכע, וואָלענע האָר, וועלכע דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען געוואָלט בעקומען.

דיא קליידער פראגע איז ערשט ביי דיא קאָלאָניסטען געוואָרען אן ערנסטע. וואָס א טאָג ווייטער זיינען זייערע קליידער אלץ מעהר אָבגעניצט געוואָרען און מען האָט געמוזט דענקען וועגען נייע. א בריק איבער דער "מערסי", האָבען זיי אויסגערעכענט, וועט זיי מאכען לייכטער צו ברייננגען זייער צובראָ־כענעם באלון און זיי וועלען פון דיא לייווענד קענען מאכען אונטערוועש און זומער־קליידער, און עס וועט זיי אויך לייכט ברייננגען אין דיא וועלדער פון זידליכען זייט פון לינקאָלן אינזעל, וואו זיי וועלען קענען פאנגען אזעלכע טהיע־רע, וואָס זיי וועלען פון זייערע פעל קענען מאכען אויבער קליידער פאר ווינטער.

זייער פּלאן איז געוועזען, וויא זיי האָבען שוין אמאָל געהאט אָבגערעדט, אז זיי זאָלען אזעלכע טהיערע פאנגען לעבעדיגע און זיי האָדעווען אין א פּלאץ וואָס זיי וועלען ארומצאמען מיט א פּארקאן, אָדער ארומצאמען א שטיקעל וואלד, וואו אזעלכע חיות געפינען זיך און דיא חיות וועלען פערבלייבען גע־פאנגענע.

זיי האָבען אויך אויסגעארבייט פּלענער וויא אזוי און וואו צו האָדעווען עופות. זייער לעצטער בעשלוס איז געוועזען, אז דער היהנער־הויף זאָל זיין ניט ווייט פון גראניט הויז, אום מען זאָל צו יעדער צייט קענען בעקומען אייער און עופות צום קאָכען אָדער צום בראָטען. דיא פּאָר פויגלען וואָס זיי האָבען געהאט געפאנגען לעבעדיגע, האָבען זיי שוין געהאט אויף אן אָנפאנג און זיי האָבען געהאָפט צו פאנגען נאָך און נאָך.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אויך בעשטימט צו מאכען א נייעם וואָגען, א בעסערען וויא דער וואָס זיי האָבען געהאט, און מיט'ן נייעם וואָגען ברייננגען זייער באלון מיט א טרוקענעם וועג איבער דעם בריק וואָס זיי וועלען בויען. זיי האָבען אויך איינע דיא אנדערע געגעבען האָפנונג, אז זיי וועלען נאָך מיט דער

צייט פאנגען אזעלכע טהיערע, וועלכע זיי וועלען אויסלערנען און צוגעוואָהנען צו געהן אין שפאן און שלעפען א וואָגען אזוי וויא פערד אָדער עזלען.

אויף מאָרגען, דעם דריטען נאָוועמבער, האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל אָנגעהויבען בויען דעם בריק. אלע פינף פערזאָן האָבען זיך בעטהייליגט אין דער ארבייט, ווער מיט א זעג, ווער מיט א האק און ווער מיט א האמער. דער פּלאץ וואו דער בריק איז געבויט געוואָרען איז געווען אומגעפעהר דריי מייל ווייט פון פּאָרט באלון, דער אָרט וואו זיי האָבען זייער צובראָכענעם באלון גע־פונען. דיא ברייט פון טייך איז אין יענעם פּלאץ געווען 80 פוס.

סיירוס הארדינג האָט געפּלאנט נאָך א וויכטיגע זאך. ער האָט, נעמליך, געוואָלט, אז דיא גראניט הויז אָדער דיא גאנצע פּראָספּעקט האיטס, וואו זיי האָבען אויך געהאט זייער קאָרן־פעלד און וואו זיי האָבען געדענקט צו מא־כען דיא שטאהלען אָדער שטייגען פאר עופות, זאָל זיין פערשלאָסען פון אלע זייטען און קיינע טהיערע זאָלען אהין ניט קענען צוקומען. דיא ערפאהרונג וואָס זיי האָבען געהאט מיט דיא אפען האָט דעם אינזשיניר געבראכט צו דענקען וועגען דעם. ער האָט געוואָלט פערהיטען אז נאָך אמאָל זאָל אזא זאך ניט קענען פאסירען און ער האָט זיין וואונש און זיין פּלאן איבערגעגעבען צו זיינע קאָמפּאניאָנען. דער פּלאן איז געווען גאָר אן איינפאכער. ער האָט גע־מיינט צו מאכען א וואסער־פעסטונג אין אלע זייטען, ארומרינגלען דיא "טשימ־נים" און דיא גראניט הויז מיט וואסער.

אין דריי זייטען איז שוין פּראָספּעקט האיטס, דער פעלזען־בארג, וואו דיא "טשימנים" און דיא גראניט הויז האָבען זיך געפונען, געווען פערצאמט מיט וואסער. אין אָסטען־זייט איז געווען דער ים. ביים נאָרד־וועסט ווינקעל האָט זיך געצויגען דער לייק (אָזיערא) גרענט און דאן, מעהר צו נאָרדען, דער גראָבען וואָס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען דורכגעריסען מיט ניטראָ־גליצערין, אום צו מאכען פריי דיא הייהל אונטער'ן פעלזען־בארג, וואו דאָס וואסער פון אָזיעראָ איז פריהער אָבגעלאָפען. פון דיעזען גראָבען האָט שוין דאָס וואסער אליין דורכגעגראָבען א וועג צום ים, אָבער בלויז א שמאָלע און ניט קיין טיעפע רינע. דיעזע רינע אָדער גראָבען האָט קאפּיטאן הארדינג גע־דענקט צו מאכען ברייטער און טיעפער, אום טהיערע זאָלען דאָרט ניט קענען אריבערגעהן. צו זידען (דרום זייט) איז געווען דער טייך "מערסי", און אין גאנצען פריי איז בלויז פערבליבען דער וועסטליכער זייט, וואו דער אינזשיניר האָט גערעכענט דורכגראָבען א קאנאל, פון לייק גרענט ביז דעם טייך מערסי, אומגעפעהר א מייל לאנג.

— אז מיר וועלען אזוי מאכען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — וועט פּראָספּעקט האיטס ווערען אן אינזעל פאר זיך. מיר וועלען קענען האָבען פער־בינדונג מיט'ן גאנצען לינקאָלן אינזעל דורך דעם בריק וואָס מיר געהען בויען

איבער׳ן מערסי און דורך דיא קליינע בריקען וואָס מיר האָבען שוין אמאָל געמאכט. מיר וועלען בויען נאָך צוויי קליינע בריקען, איינעם איבער׳ן קאנאל, וואָס איך דענק צו גראָבען און נאָך איינעם איבער׳ן אָבלויף פון לייק גרענט. מיר וועלען בויען דיא בריקען אזוי, אז מען זאָל זיי קענען אויפהויבען און ארונטערלאָזען. אונזער פּאלאסט און אונזער פערמעגען וועלען אויף דיעזען ארט זיין בעפעסטיגט און מיר וועלען פאר קיינעם און פאר קיין זאך ניט דארפען מורא האָבען.

דיא וויכטיגסטע ארבייט איז פריהער פון אלעס געווען צו בויען דעם בריק איבער׳ן "מערסי". דיא קאָלאָניסטען האָבען אויסגעהאקט בוימער און זיי ארומגעטיעסעט אלס באלקענס, דיקערע און דינערע. דער פּלאַן איז געוועזן, אז אויף׳ן ברעג פון דער רעכטער זייט פון טייך זאָל דער בריק ליגען פעסט און דעם צווייטען זייט בריק זאָל מען קענען אויפהויבען הויך פון דער ערד.

דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך געווען א שווערע שטיק ארבייט. דער טייך איז אין יענעם פּלאַץ, וויא געזאָגט, געווען אכציג פוס ברייט און דער בריק האָט געמוזט זיין פעסט געבויט, אז ער זאָל קענען אויפהאלטען א שווערע משא. אָבער זיי האָבען אלעס געקענט מאכען, ווייל קיין געצייג און מאטעריאלען האָבען זיי ניט געפעהלט; ענערגיע ביי דיא ארבייטער איז אויך געווען גע־נוג, און וואָס אָנבעלאנגט צו דיא ארכיטעקטור, איז קאפּיטאן הארדינג געווען גענוג ארכיטעקט צו מאכען אלעס ריכטיג אָהן אירגענד וועלכען פעהלער.

דריי וואָכען האָט געדויערט ביז דיא בעזיצער פון אינזעל זיינען פער־טיג געוואָרען מיט בויען דעם בריק. דיא גאנצע דריי וואָכען האָבען זיי שווער געארבייט כמעט אָהן אויפהער. זיי האָבען זייערע מאָהלצייטען געגעסען ביי דער ארבייט און זיי האָבען זיך ניט פערגונען א שטיקעל צייט צו רוהען. בלויז ביי נאכט ווען מען האָט שוין גאָר ניט געקענט טהאָן, פלעגען זיי געהן אין גראניט הויז שלאָפען און בעגינען פלעגען זיי זיך וויעדער אומקעהרען צו דער ארבייט.

דורך דער צייט איז דזשופּ מעהר געוואָהנט געוואָרען מיט דיא מענשען. דיא ווילדע אפּע פלעגט זיך איינקוקען אויף אלעס וואָס זיינע פאנגער פלע־גען טהאָן און וויא עס האָט אויסגעזעהן, האָט זיא שוין פיעלע זאכען א רעכט ביסעל פערשטאנען. אָבער דיא איינוואָהנער פון גראניט הויז האָבען זייער נייעם מיטגליעד נאָך ניט געוואָלט בענוצען צו קיין זאך ביז זיי וועלען פערטיג ווערען מיט זייער נויטיגע ארבייט און דאן וועלען זיי זיך נעהמען צייט צו געבען דזשופּ׳ן לעקציאָנען און מאכען איהם ניצליך. טאפּ און דזשופּ זיינען געווען צוויי גוטע פריינד און זיי פלעגעןביידע שטיפען און זיך שפּיעלען.

דעם 26טען נאָוועמבער איז דער בריק פערטיג געוואָרען און איז ארויס־געקומען גוט וויא געוואונשען. סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען זיי־

נען געוועזן העכסט צופריעדען מיט דער שטיק ארבייט וואָס זיי האָבען אָב־געטהאָן.

אצינד האָבען זיי אָנגעהויבען דענקען וועגען אריבערברייינגען זייער באַלון. אָבער דערצו האָט מען געמוזט האָבען א גוטען וואָגען און מען האָט אויך געדאַרפט דורכשניידען א וועג דורך'ן געדיכטען וואלד. אזוי פיעל ארבייט האָט געוועהנליך געדאַרפט פערנעהמען פיעל צייט. דיא קאָלאָניסטען האָבען דארום בעשלאָסען נאָכצוזוכען, אויב דאָס אריבערברייינגען דעם באלון איז אזא נויטווענדיגקייט. דיא הויפט זאך האָבען זיי געזשאלעוועט, אז דיא לייווענד זאָל ניט פערפוילט ווערען און זיי האָבען עס דעריבער געוואָלט אריבערנעהמען אין גראַניט הויז אין א זיכערען פלאץ. זיי האָבען דארום געשיקט נעב און פענקראָפט נאָך פאָרט באלון געוואָהר ווערען צו זייער צובראָכענע לופט־שיף וואָס זיי האָבען דאָרט בעהאַלטען אין א הייהל. דיא צוויי האָבען געבראכט אן אנטוואָרט, אז אַלעס איז דאָרט גאַנץ און קיין רעגען און קיין נאסקייט קען צום באלון ניט צוקומען. עס איז דארום ביי אַלע פינף בעשלאָסען געוואָרען, אז דיא ארבייט פון ברייינגען דעם באלון זאָל פאָרלויפיג אָבגעלייגט ווערען און זיי זאָלען דערוויל טהאָן וויכטיגערע ארבייט ארום פראָספעקט האיטס.

— דיא ערשטע זאך — האָט פענקראָפט געזאָגט — דאַרפען מיר זיך בעפעסטיגען ארום און ארום מיט וואסער, אזוי וויא הערר האַרדינג האָט פאָר־געשלאָגען. מיר ווילען דאך האָדעווען געפליגעל, מוזען מיר פריהער זיין בע־וואָרענט אז קיינע פוקסען אָדער אנדערע היהנער־פרעסער זאָלען ניט קענען צו־קומען צום שטייג אָדער שטאַהל פון דיא עופות.

— געוויס אזוי — האָט נעב בעשטעטיגט — אז מיר וועלען זיין ארומגעצאַמט און בעפעסטיגט וועלען מיר וויסען אז מיר זיינען ביי אונז אין דיא הענד און מיר וועלען קענען טהאָן און מאכען וואָס מיר וועלען דאַרפען און וואָס אונזער הארץ וועט גלוסטען.

— מיר וועלען קענען צוגרייטען א פלאץ פאר אונזער צווייטע קאָרן פעלד!

— האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — יא, פריינדע! מיר וועלען נאָך דאָ דערלעבען צו עסען ברויט מיט געבראָטענע היהנער אויף'ן היימישען ארט.

און דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען עס ווירקליך געקענט האָפען. דאָס איז ניט געוועזן פענקראָפט'ס א פוסטע פאנטאזיע, זאָנדערן עס האָט טאקי אזוי געצייגט, אז מיט דער צייט וועלען זיי האָבען תבואה צו באקען ברויט, ווייל דער איינציגער קערענדעל וואָס זיי האָבען אמאָל פערזעעט, איז זעהר פיין אויסגעוואקסען. עס איז געוועזן א וואהרע גערעטענים און דער קערענדעל האָט ארויסגעגעבען אזוי פיעל תבואה וואָס מען האָט קוים געקענט ערוואַרטען. צעהן זאנגען האָט דער קערענדעל ארויסגעגעבען און יעדער זאנג האָט ענטהאַל־טען צו אכציג קערנער, אזוי וויא דער אינזשיניר האָט אמאָל געזאָגט, אָבער

מען דארף ניט פערגעסען, אז ניט שטענדיג גיט א קערענדעל ארויס אזוי פיעל; ווען עס זאָל שטענדיג זיין אזעלכע גערעטעניסען, וואָלט די וועלט געווען פערפלייצט מיט תבואה אָדער מען וואָלט פיעל ווייניגער פעלדער בעארבייטעט, אָבער צו פערדאנקען דעם מאטראָז, וועלכער האָט די גאנצע זעקס מאָנאטען צייט אכטונג געגעבען אויף דער "קאָרן פעלד" האָט די קאָלאָניע פון לינקאָלן אינזעל געהאט אזא גערעטעניס. די קאָלאָניסטען האָבען אלזאָ ערשט פערמאָגט אכט הונדערט קערנער פון קאָרן און זיי האָבען געקענט ערווארטען, אז אין אנדערע זעקס מאָנאטען ארום וועלען זיי שוין האָבען אכט הונדערט מאָל אכט הונדערט קערנער, און אזוי וועט זיך די צאָהל פערגרעסערען מיט נאָך א האלב יאָהר שפּעטער און עס וועט פיעל ניט דויערען ביז זיי וועלען האָבען גענוג ברויט זאָגאר צו פערקויפען, ווען זיי וועלען נור האָבען צו ווען.

אָבער סיירוס הארדינג האָט געפונען פאר נויטיג איבערצולאָזען פופציג קערנער און 750 זיינען בעשטימט געוואָרען צו פערזייען. די קאָלאָניסטען האָבען אויסגעארבייט א שטיקעל פעלד אויף פּראָספּעקט האויטס, האָבען עס ארומגעצאמט, אז טהיערע זאָל אהין ניט קענען צוקומען און האָבען די קערנער פאָרזיכטיג פערזייעט. אום צו פערהיטען, אז פויגלען זאָלען די קערנער ניט אויספּיקען, האָבען זיי אויף פּענקראָפט'ס ראטה אוועקגעשטעלט איניגע שרעק־בילדער (סטראשידלעס) און זיי האָבען די איבעריגע ארבייט צו מאַכען וואקסען די קאָרן איבערגעלאָזט פאר דער נאטור.

דעם 21טען נאָוועמבער האָט דער אינזשיניר אָנגעהויבען מאכען די פּלענער פאר דעם קאנאל וואָס זיי האָבען געוואָלט גראָבען אין מערב זייט פון פּראָספּעקט האויטס. דאָרט איז געווען פון אויבען צוויי אָדער דריי פוס ערד און אונטען איז געווען גראניט שטיין. עס איז דארום נויטיג געווען צו פּאבריצירען נאָך ניטראָ־גליצערין אויפצורייסען די שטיינער, אום צו מאכען דעם קאנאל טיעף גענוג. די ארבייט איז אָנגעגאנגען שנעל און אין ווייניגער וויא צוויי וואָכען צייט האָבען זיי געהאט פערטיג א גראָבען פון צוועלף פוס ברייט און זעקס פוס טיעף אויף די גאנצע לענג פון דעם אָרט, וואו דער לייק גרענט האָט זיך פערדרעהט ביז דעם טייך מערסי. ביים לייק איז זיי אויסגעקומען צו מאכען א בעזאָנדערען שמאָלען גראָבען, איבער וועלכען זיי האָבען געמאכט א קליינעם בריק. דעם גראָבען האָבען זיי א נאָמען געגעבען גליצערין קריק.

אין מיטען פון מאָנאט דעצעמבער איז די גאנצע ארבייט פאָלשטענדיג פערטיג געווען און די פּראָספּעקט האויטס האָט דאן פאָרגעשטעלט א קליינעם אינזעל אויף א גרעסערען אינזעל. די גאנצע שטיקעל הויכע לאנד איז געווען ארומגערינגעלט מיט וואסער און מען האָט אהין ניט געקענט צוקומען.

אין פערלויף פון מאָנאט דעצעמבער איז די היץ געווען זעהר גרויס. אָבער

דאָס האָט ניט געשטערט דיא בעזיצער פון אינזעל פון טהאָן זייער ארבייט. זיי האָבען געשטרעבט צו האָבען א געפליגעל־הויף — א פּלאַץ צו האָדעווען עופות, און זיי האָבען עס געמאכט, ניט אכטענד דערויף וואָס זיי האָבען ביי דער ארבייט זעהר געשוויצט.

הערר דזשופּ, דער געפאנגענער אָראנג־אוטאנג, וועלכען דיא קאָלאָניסטען האָבען פריהער געהאלטען צוגעבונדען, איז פריי געוואָרען זאָבאלד דער קאַנאל איז געוואָרען פערטיג. אצינד אז דער פּלאַץ איז געווען ארומגערינגעלט מיט וואסער איז ניט געווען מורא צו האָבען, אז דיא פיער־הענדיגע חיה וועט אנטלויפען און מען האָט איהר געלאָזט פראנק און פריי אומגעהן.

דזשופּ איז געווען א קלוגעס טהיער און העכסט ארבייטס־פלייסיג. מען האָט איהם אָנגעהויבען לערנען צו טהאָן פערשיעדענע זאכען, אום ער זאָל נוצען בריינגען דיא מענשהייט פון לינקאָלן אינזעל און ער האָט אלעס גוט פערשטאנען און איז געווען געהאָרכזאם. ער פלעגט שלעפּען האָלץ פון וואלד און אָבראמען שטיינער פון יעדען פּלאַץ וואָס מען האָט איהם אָנגעצייגט. ער איז געוואָרען ניצליך אין דער געזעלשאפט און האָט אויפגעהערט עסען לאסקאווען ברויט.

דער פּלאַץ פאר דיא עופות האָט פערנומען צוויי הונדערט קוואדראט איילען, וואָס איז געווען ארומגעצאמט און אינווענדיג זיינען געמאכט געוואָרען שטייגען און שטיבלעך אלס נעסטען פאר דיא פויגלען.

עס האָט ניט לאנג געדויערט ביז דיא קאָלאָניסטען האָבען אין זייער געפליגעל־הויף געהאט א היבשע צאָהל פערשיעדענע פויגלען. סיירוס הארדינג האָט אויך געמאכט א טויבען־שטיבעלע, אין וועלכע ער האָט בעזעצט עטליכע טויבען וואָס זיי האָבען געפאנגען. דיא פערוואָרפענע אמעריקאנער האָבען זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך קוקענדיג אויף זייער פערמעגען וואָס זיי האָבען ערוואָרבען אויף דעם איינזאמען, געהיימניספאָלען אינזעל.

עס איז ענדליך געקומען דיא צייט צו אָנהויבען דענקען וועגען אריבערבריינגען דעם באלון און מאכען א געברויך פון דיא לייוועגד. פעררוכטען דעם לופט־זאק און מאכען פון דעם צושטערטען באלון צוריק א פליה־מאשין, דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען אין זינען ניט געהאט. זיי וואָלטען ביי קיינע אומשטענדען נאָך אמאָל ניט ריזיקירט צו אונטערנעהמען א רייזע אין דער לופט. זיי האָבען שוין געהאט א גוטע לעקציאָן פון ערשטען מאָל און מעהר האָבען זיי עס ניט געוואָלט פּרובירען. זייער פּלאַן איז דארום געווען צו מאכען פון דיא לייוועגד העמדער און אנדערע זאכען וואָס זיי האָבען געדארפט צו זייער געברויך.

א וואָגען אויף בריינגען דיא משא פון פּאָרט באלון צום גראניט הויז האָבען זיי געהאט. דעם אומגעלומפּערטען וואָגען וואָס פענקראָפט האָט אמאָל

געמאכט האָבען דיא קאָלאָניסטען איבערגעבויט און אויסגעבעסערט. עס איז שוין געווען מעהר עהנליך צו א וואָגען און פיעל לייכטער צו פיהרען און צו קירעווען וויא פריהער; אָבער אלץ ניט צו שלעפּען אין איהם א שווערע משא א ווייטע שטרעקע און נאָך אויף א וועג וואָס איז בעדעקט מיט דערנער און איז פול מיט גריבער און שטיינער. דערצו האָט מען געדאַרפט האָבען פערד אָדער אָקסען, ווייל מענשען וואָלטען עס ניט געקענט בעוויזען. דיא פראגע איז נור געווען, אויב אויף'ן אינזעל געפינען זיך אזעלכע טהיערע וואָס מען קען איינ־שפּאנען אזוי וויא פערד אָדער אָקסען.

— געוויס — האָט פענקראָפט געזאָגט — מוזען מיר האָבען לאסט טהיערע, וועלכע זאָלען פאר אונז פיהרען משא ביז דער קאפּיטאַן וועט מאכען אן אויטאָמאטישען וואָגען. איך האָף אז מיר וועלען דאָ נאָך אמאָל האָבען א באהן אויך, אָבער ביז יענער גליקליכער טאָג וועט קומען מוזען מיר האָבען פערד, עזלען, אָקסען אָדער וואָס עס איז.

גידעאָן ספּילעט, נעב און הערבערט האָבען ניט ערוואַרטעט אז זיי זאָלען אזוי שנעל האָבען אן אויטאָמאטישען וואָגען אָדער א באהן, אָבער דיא נויט־ווענדיגקייט אין לאסט טהיערע האָבען זיי געפיהלט ניט ווייניגער פון פענק־ראָפט און זיי פלעגען אויך וועגען דעם אָפט ריידען.

איין טאָג, דאָס איז געווען דער 23טער דעצעמבער האָבען דיא מיטגליע־דער פון דער קאָלאָניע געהערט וויא טאפּ האָט שטארק געבילט און נעב, וועל־כער איז אויך געווען צוזאמען מיט'ן הונד ווייט פון זיי, האָט איהם בעגלייטעט מיט זיינע געשרייען. הארדינג, ספּילעט, פענקראָפט און הערבערט, וועלכע זיינען דאמאָלס געווען אין דיא "טשימנים", זיינען ארויסגעלאָפען און זיי האָבען פון ווייטענס דערזעהן צוויי גרויסע שעהנע טהיערע, וועלכע זיינען אריבער דעם בריק איבער גליצערין קריק, וואָס איז צו יענער צייט געווען ארונטערגעלאָזט. אויף'ן בליק האָבען דיא טהיערע אויסגעזעהן אזוי וויא פערד אָדער אמוועניגסטען אזוי וויא עזלען, אן "ער" און "זיא". דיא טהיערע האָבען געקוקט אויף דיא מענשען און זיי האָבען וואהרשיינליך ניט געוואוסט, אז דיע־זע צוויי־פיסיגע ברואים וועלען זיין זייערע בעלי הבתים.

— דאָס זיינען אָנאגאס! — האָט הערבערט אויסגעשריען — דאָס זייי־נען א זאָרט זעבראס!

— ווארום ניט עזלען? — האָט נעב געפרעגט — זיי זיינען דאָך ריכטיג וויא עזלען.

— ניין, מיין פריינד — האָט הערבערט געענטפערט — דאָס זיינען ניט קיין עזלען, ווייל זייערע אויערען זיינען ניט לאנג און זיי זיינען שעהנער פון עזלען.

— זאָל זיין אָנאגאס, זאָל זיין עזלען, זאָל זיין פערד, זאָל זיין היהנער,

אבי זיי זיינען לאַסט־פיהרער! — האָט זיך פּענקראָפּט אריינגעמישט — צו וואָס טויג אייך רעדען וועגען דעם? לאָמיר זיי בעסער פאנגען.

דער מאַטראָז האָט זיך איינגעבויגען און לאנגזאם, קריכענדיג אויף דיא הענד און אויף דיא פיס איז ער דורך דיא הויכע גראָז צוגעקומען צום בריק און איהם אויפגעהויבען. דיא טהיערע זיינען דאן פערבליבען געפאנגענע אין דער קליינער טעריטאָריע וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען ארומגערינגעלט מיט וואסער.

אצינד האָט זיך געשטעלט דיא פראגע: זאָלען זיי דיא טהיערע כאַפּען און שוין צווינגען זיי צו שלעפּען משא, אָדער ווארטען ביז זיי וועלען צוגעוואָהנט ווערען צו דיא מענשען און דאן וועט זיין לייכטער צו מאכען זיי ניצליך? דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך וועגען דעם בעראַטהען און זיי האָבען בעשלאָסען אז זיי זאָלען דיא צוקינפטיגע לאַסט־פיהרער לאָזען פריי אומלויפען אין זייער קאָלאָניע, מאכען פאר זיי א שטאהל, וואו זיי זאָלען שטענדיג האָבען גענוג גראָז צו פיטערען זיך און א שוץ־אָרט צו נעכטיגען, און ווען זיי, דיא אָנאגאס, וועלען אנערקענען דיא צוויי־פיסיגע ברואים אלס זייערע וואָהלטהעטער וועלען זיי זיך לאָזען איינשפאנען אין יאָך.

זיי האָבען אזוי געטהאָן און דיא צוויי חיות זיינען געווען פאָלשטענדיג פריי. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיי ניט געשטערט און זיי געלאָזט אומלויפען וואו זיי האָבען געוואָלט. דיא אָנאגאס איז, וויא עס האָט אויסגעזעהן, זייער טעריטאָריע ניט שטארק געפעלען געווען און זיי האָבען איינינע מאָל געמאכט א פערזוך צו אנטלויפען, אָבער דיא וואסערען ארום האָבען זיי אָבגעהאלטען. זיי האָבען איינינע מאָל פּרובירט אריבערגעהן דעם קאנאל, אָבער זיי האָבען זיך געמוזט צוריקציהען.

דיא ערשטע צייט זיינען זיי געווען ווילד און זיי זיינען אומגעלאָפען און געשפּרונגען אזוי וויא א ווילדעס טהיער אין א שטייג, אָבער נאכהער זיי־נען זיי געוואָרען רוהיגער און האָבען זיך אָנגעהויבען פיהלען מעהר היימיש פון טאָג צו טאָג.

אונטערדעסען האָבען דיא קאָלאָניסטען געמאכט שפּאַן־געצייג פון ווייכע און לאנגע גראָז און זיי האָבען אויך דורכגעשניטען א בעסערען וועג פון דעם מערסי ברעג ביז פּאָרט באלון. ווען אלעס איז פערטיג געווען, האָבען זיי זיך גענומען מאכען דיא ערשטע פּראָבע איינצושפּאנען דיא געפאנגענע טהיערע.

דיא אָנאגאס זיינען שוין אזוי געוואָהנט געווען מיט דיא מענשען, אז ווען פּענקראָפּט פלעגט זיי רופען פלעגען זיי קומען און עסען גראָז פון זיינע הענד. זיי פלעגען איהם נאָכגעהן אזוי וויא שטוב־הינד און זיי האָבען זיך ניט געוועהרט, ווען ער האָט זיי געגלעט און געגלאשצעט. פּענקראָפּט האָט זיך אונ־טערגענומען איינצושפּאנען דיא טהיערע און זיין זייער טרייבער.

דאָס איינשפּאנען דיא אָנאגאס אין וואָגען איז דעם מאטראָז ניט אָנ־געקומען שווער, אָבער באלד וויא דיא חיות האָבען דערפיהלט דעם יאָך אויף זיך, האָבען זיי אָנגעהויבען טאנצען און שפּרינגען און עס איז אָנגעקומען מיט אביסעל שוועריגקייט ביז זיי האָבען זיך צוגעוואָהנט דערצו. יענעם טאָג, דאָס איז געווען דיא ענדע פון מאָנאט דעצעמבער, האָבען דיא קאָלאָניסטען צום ערש־טען מאָל געמאכט א שפּאציר רייזע אויף א וואָגען אויף דעם געהיימניספאָלען אינזעל. הארדינג, ספּילעט, נעב און הערבערט האָבען זיך ארייגעזעצט אין זייער וואָגען אלס פּאסאזשירען און פּענקראָפט איז געווען זייער פוהרמאן, וועל־כער איז געגאנגען צו־פוס ביי דער זייט און האָט קאָנטראָלירט דיא פּאָר ווילדע פערדלעך. דיא רייזע איז געווען ניט זעהר קיין בעקוועמע, דאָך האָט עס דיא בעזיצער פון אינזעל פיעל פערגניגען פערשאפט און זיי האָבען זיך געשעצט גליקליך איבער גליקליך.

זיי זיינען געפאָהרען ביז פאָרט באלון. דאָרט האָבען זיי דעם צובראָכע־נעם באלון מיט אלעס וואָס בעלאנגט צו איהם ארויפגעלייגט אויף'ן וואָגען און אום אכט אוהר אין אבענד זיינען זיי אריבערגעפאָהרען דעם בריק איבער'ן "מערסי" טייך און זיי זיינען אָנגעקומען הינטער'ן גראניט הויז. זיי האָבען דיא אָנאגאס אויסגעשפּאנט און פערטריבען אין זייער שטאהל און דיא קאָלאָ־ניסטען האָבען געזונגען און געשפּרונגען פון פרייד ביז שפּעט אין דער נאכט.

## 8טעם קאפּיטעל.

שניידער און שוסטער ארבייט. — פאבריצירונג פון קוילען און עקספּלאָדירענ־דען שטאָף. — שילדקרעטען אייער. — דזשופּ ווערט א לאקיי. — שעפּ־סען און ציעגען. — בענקענים אהיים.

---

דיא ערשטע וואָך פון מאָנאט יאנואר, 1866 האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען פון לינקאָלן אינזעל אָבגעגעבען מיט שניידעריי, מיט נעהען העמדער און אנ־דערע זאכען פון דיא לייוועגד פון זייער באלון. דיא נאָדלען וואָס זיי האָבען געפונען אין קאסטען זיינען זיי ערשט זעהר גוט צוניץ געקומען. אָהן דיעזע קליינע אינסטרומענטען וואָלטען דיא שניידער קיין שניידער ניט געווען.

פּאָדים האָט זיי אויך ניט געפעהלט. זיי האָבען ארויסגעצויגען דיא פּאָדים פון דיא שטיקער לייוונד וואָס זיינען געווען צוגענעהט איינע צו דיא אנדערע און זיי האָבען דערמיט גענעהט וואָס זיי האָבען געדארפט. אלע פינף קאמע־ראדען האָבען זיך בעטהייליגט אין דער ארבייט, הויפּטזעכליך פּענקראָפט, וועל־כער האָט געארבייט העכסט פלייסיג. עס איז בעוואוסט, אז מאטראָזען האָבען א

גרויסע לוסט צו שניידערייי און אונזער מאטראָז האָט זיך צו דיעזער ארבייט צוגעכאפּט און גאָר ניט געוואָלט אויפהערען.

איידער דיא לייווענד איז גענומען געוואָרען צו דער ארבייט, האָט מען זיא אויסגעוואשען מיט סאָדא און פּאָטאש, וואָס זיינען ארויסגעצויגען געוואָרען פון וואָרצלען און פלאנצונגען. דער קלעי וואָס איז געווען אויף דיא מאַטעריע איז ארונטער און עס איז געוואָרען ווייך און ווייס. זיי האָבען אויפגענעהט איינינגע דוצענד העמדער, האָבען געמאכט לייליכער אויף זייערע בעטען און אויך געמאכט זאָקען, זעלבסטפערשטענדליך ניט קיין געשטריקטע, זאָנדערן גענעהטע פון דיא זעלבע לייווענד. וויא בעקוועם, וויא אנגענעהם עס איז זיי געווען אין דיא נייע, ריינע העמדער און זאָקען און וויא געשמאק עס איז זיי געווען צו שלאָפען אויף א ווייסען לייליך! דיא לייטע האָבען זיך געפיהלט אזוי וויא ניי בעלעבט און צו זייער פרייד איז גאָר קיין גלייכען געווען. דיא קליידער און בעט־צייג וואָס זיי האָבען געמאכט זיינען ניט געווען אזוי פיין און איידעל. ווען דיא פערוואָרפענע וואָלטען געווען אין זייער היים אָדער אנדערשוואו אין א ציוויליזירטעם לאנד, וואָלטען זיי אזעלכע קליידער ביי קיינע אומשטענדען ניט געטראָגען; אויף'ן איינזאמען אינזעל אָבער איז עס ביי זיי געווען טהייער אזוי וויא קייזערליכע קליידונג.

אומגעפעהר אין דער זעלבער צייט האָבען דיא קאָלאָניסטען אויך געמאכט שטיוועל פון דיא פעל פון זעע־הינד. דיא שיך אין וועלכע זיי זיינען געקומען פון ריטשמאָנד זיינען שוין געווען צוריסען און זיי זיינען פערבליבען כמעט באָרפוס. דיא שטיוועל וואָס זיי האָבען זיך אויפגענעהט, קען מען זיך פאָרשטעלען, האָבען ניט אזוי גוט געפּאסט צו זייערע פיס און זיי זיינען געווען גרויס גענוג, אז מען זאָל קיין היהנער־אויגען ניט קענען אָנרייבען.

דיא היץ איז דאָרט אין אָנפאנג פון יאָהר 1866 געווען זעהר גרויס. דאָך זיינען דיא בעזיצער פון אינזעל זעהר אָפּט געגאנגען אויף יאגד און זיי האָבען געפאנגען פערשיעדענע פויגלען און טהיערע. סיירוס הארדינג האָט אָנגעזאָגט דיא יעגער, אז זיי זאָלען וויא וויית מעגליך שפּאָרען פולווער און קוילען, ווייל מען מוז אביסעל בעהאלטען פאר דיא צוקונפט. ווער ווייסט וואָס מיט זיי וועט פּאסירען? ווער ווייסט וואָס דער שיקזאל וועט זיי בעשטימען? פיליכט וועלען זיי אמאָל דארפען געברויכען דיא שיס־מאטעריאלען צו פערטהיידיגען זייערע לעבענס?

אָבער וויא שפּארזאם מען זאָל ניט זיין מיט א זאך וואָס מען געברויכט און מען האָט עס ניט פיעל, מוז עס דאָך אויסגעהן. מען האָט אלזאָ ניט געקענט ערווארטען, אז דיא קוילען און שיס־פולווער וואָס זיי האָבען געפונען אין קאסטען זאָלען ביי זיי דויערען יאָהרען לאנג, זאָגאר וויא שפּארזאם זיי זאָ־

לען ניט זיין. סיירוס הארדינג האָט דארום בעשלאָסען צו פאבריצירען אליין קוילען און אן עקספּלאָדירענדען שטאָף.

מיט קוילען איז ניט געווען קיין שווערע זאך. אנשטאָט בלייענע קוילען האָט דער אינזשיניר געמאכט שטיקלעך אייזען, א זאך וואָס ער האָט לייכט געקענט בעקומען. וועגען שיס־פּולווער אָבער איז שוין געווען א פראגע וואָס איז ניט אזוי לייכט געווען צו ענטשיידען. סיירוס הארדינג האָט געקענט פאבריצירען פּול־ווער, וויל די מאטעריאלען וואָס מען ברויכט דערצו האָט ער לייכט געקענט קריגען, אָבער דאָס איז א זאך וואָס מוז געמאכט ווערען מיט שטרענגע פאר־זיכטיגקייט און אָהן ספּעציעלע געצייג דערצו איז עס זעהר שווער צו מאכען. ער האָט דארום בעשלאָסען צו פאבריצירען פּייראָקסיל, אָדער שיס־בוימוואָל (גאָן־קאָטאָן אין ענגליש) אנשטאָט שיס־פּולווער. אום צו שאפען דיעזען עקס־פּלאָדירענדען מאטעריאל איז ניט נויטיג גראדע בוימוואָל אָדער פאָדים. דאָס קען אויך געמאכט ווערען פון גראָז־פעדים, פון פּאפּיער, פון עלדער בוימלעך (בוזינא אויף רוסיש) און פון אזעלכע גרינסען. דאָס ווערט געמאכט דורך א כעמישען פּראָצעס, דורך ווייקען די בוימוואָל אָדער אנדערע זאכען אין ניטריק און סאָלפּיוריק עסיד (סעליטרע און שוועבעל זויערקייט). דיביידע מינים האָט הארדינג לייכט געקענט בעקומען און עלדער בוימלעך האָבען דאָרט אויך ניט געפעהלט און ער האָט מיט זיכערהייט זיך געקענט אונטערנעהמען צו מאכען עס.

די ארבייט איז דערביי א גאנץ לייכטע. מען דארף די בוימוואָל אָדער אנדערע זאכען ווייקען אין די דערמאָהנטע כעמישע מאטעריאלען בלויז איין פיערטעל שטונדע צייט, דאן דארף מען עס אָבשווייכען מיט קאלטעם וואסער און אויסטריקענען. דיעזער שיס־מאטעריאל האָט אין זיך א חסרון וואָס עס צינדט זיך אָן צו שנעל און א ביקס קען דערפון בעשעדיגט ווערען; דערפאר אָבער האָט עס מעלות, וואָס דאָס ווערט ניט קאליע פון פייכטקייט, עס פער־שטאָפּט ניט די רעהרען פון ביקס און עס האָט פיער מאָל אזוי פיעל קראפט וויא איינפאכע שיס־פּולווער. קאפּיטאן הארדינג מיט זיינע קאמפּאניאָנען זיי־נען אוועק אין וואלד, האָבען פון דאָרט געבראכט עלדער בוימלעך און ער האָט דערפון געמאכט א היבשע ביסעל גאָן־קאָטאָן.

די אָנאגאס זיינען צוגעוואָהנט געוואָרען צו שלעפּען דעם וואָגען און די בעזיצער פון אינזעל פלעגען מיט זיי פאָהרען אין וואלד און בריינגען צוריק האָלץ, גרינסען און אנדערע נוצבארע זאכען וואָס זיי האָבען דאָרט געפונען. די קאָלאָניסטען האָבען מיט די הילף פון זייערע לאסט־פיהרער זיך אויך בעזאָרגט מיט א היבשען זאפּאס פון קויהלען. זיי האָבען אויך פאָהרענדיג אין די וועלדער אויסגעבעסערט און אויסגעגלייכט די וועגען, אום זיי זאָלען ביי א צווייטע רייזע קענען לייכטער און בעקוועמער פאָהרען.

דיא קאָלאָניסטען פלעגען אָפט ארויסגעהן פאנגען פיש אין לייק גרענט אָדער אין טייך מערסי. פענקראָפט האָט געמאכט לאנגע בייטשען מיט אייזערנע האטשיקעס, אָן וועלכע פערשיעדענע פישען פלעגען זיך אָנכאפּען. נעב און פענקראָפט פלעגען זיי קאָכען און דיא איבעריגע פלעגען זיי אויסטריקענען און בעהאלטען אין זייער שפייכלער אין גראניט הויז. דיא פערוואָרפענע האָבען שטענדיג געגעסען פון דאָס שעהנסטע און בעסטע. איין זאך האָט זיי נור גע־פעהלט — ברויט.

איינמאָל האָבען זיי געהענדיג געפונען א היבשען פּלאץ בעדעקט דורכ־אויס מיט קליינע בערגלעך אין וועלכע עס זיינען געלעגען מאסען אייער פון שילדקרעטען, טשערעפּאכעס (טוירטלס אין ענגליש). דיעזע קריכענדע און שווימענדע ברואים לייגען ביז 250 אייער א יאָהר און זיי לאָזען זיי אויסברי־הען אונטער דער זונן. עס איז דאָרט איינפאך געווען, וויא גידעאָן ספּילעט האָט בעמערקט: "אן אייער־פעלד!" דיא קאָלאָניסטען האָבען דיא אייער צו־גענומען.

אָבער זיי האָבען זיך ניט בענוגענט דערמיט און זיי האָבען אָנגעפיהרט א יאגד אויף דיא ברואים וואָס האָבען דיא אייער פּראָדוצירט און זיי האָבען געבראכט א היים א דוצענד שילדקרעטען, פון וועלכע זיי האָבען געהאט גוטע און געשמאקע זופּ.

עס איז דאָ ווערטה צו דערמאָהנען, אז דורך א גליקליכען צופאל האָבען זיך דיא בעזיצער פון אינזעל בעזאָרגט מיט א גרויסען זאפּאס לאקס אָדער סעמאָן אויף'ן קומענדען ווינטער. עס איז געווען דיא צייט, ווען דיא "זיא" פישען, דיא נקבות פון דיא לאקס שווימען ארויס איבער דיא וואסערען אויס־צוגעפינען פּאסענדע פּלעצער אָבצולייגען זייער רויג און דיא "ער" פישען, דיא זכרים פאָלגען זיי נאָך. זיי זיינען אָנגעקומען אין אונגעהייער גרויסע מחנות אין דער "מערסי". פענקראָפט, הערבערט און נעב האָבען זיי פערשטעלט דעם וועג ביי א שמאָלען פּונקט פון טייך און זיי האָבען זיי אָנגענומען מיט דיא הענד פיעל זיי האָבען געוואָלט.

צו יענער צייט איז שוין דזשופּ געווען גענוג געלערענט צו פערשטעהן פיע־לע זאכען. נעב איז דיא גאנצע צייט, זייט מען האָט דעם אָראנג־אוטאנג גע־פאנגען, געווען זיין לעהרער און ער, דער פיער־הענדיגער דזשופּ איז געווען א גוטער און געהאָרכזאמער שילער. ווען דער ניגער האָט צו איהם גערעדט, האָט ער אָנגעשטעלט מויל און אויערען און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער פערשטעהט און וויים אלעס וואָס דער צוויי־הענדיגער רעדט צו איהם. דזשופּ האָט זיך דארום דערדיענט צו א וויכטיגען אמט אין דער קאָלאָניע. מען האָט איהם, נעמליך, געמאכט פאר א לאקיי. מען האָט איהם אָנגעטהאָן א מין יאק און א פארטוך וואָס פענקראָפט האָט פאר איהם אויפגענעהט און דער אָראנג־אוטאנג

איז געווען העכסט שטאָלץ ביי זיך מיט זיינע קליידער. איבערהויפּט האָט ער זעהר שטאָלצירט מיט דיא טאשען פון זיין פארטוך און ער האָט גאָר אָנגע־קוואָלען פון זיך אליין.

דזשופּ האָט שטארק ליעב געהאט דעם ניגער, און ווען ער האָט ניט געהאט צו טראָגען האָלץ אָדער קריכען אויף בוימער ווען מען האָט געדארפט, איז ער געווען אין קיך, האָט זיך צוגעקוקט צו אלעס וואָס זיין לעהרער האָט געטהאָן און ער פלעגט פּרובירען איהם נאָכטהאָן. נעב האָט איהם אויסגעלערענט א היבשע ביסעל קיך ארבייט און דזשופּ איז דערפון העכסט צופריעדען געווען.

מען קען זיך פאָרשטעלען דעם פערגניגען וואָס דער אָראנג־אוטאנג האָט געגעבען דיא בעוואָהנער פון גראַניט הויז, ווען ער איז איינמאָל אריינגעקומען מיט א האנדטוך אויף'ן האנד גרייט צו סערווירען און צו דערלאנגען צום טיש! און ער האָט ווירקליך דיא ארבייט גוט געקענט. ער האָט געוואוסט וועלכע כלים מען דארף ברייננגען, וועלכע מען דארף צונעהמען און האָט געקענט וואשען גע־פעס אזוי וויא א ציכטיגע באלעבאָסטע. ביים עסען האָבען זיך אלע מיט איהם געשאפט אזוי וויא מיט א ריכטיגען משרת און ער האָט אלעמען געפאָלגט אזוי וויא א טרייער דיענער.

— דזשופּ, א ביסעל זופּ!

— דזשופּ, א שטיקעל פלייש!

— דזשופּ, א טעלער!

— דזשופּ, א לעפעל!

— דזשופּ, א ביסעל וואסער!

און דזשופּ האָט אלעמען געענטפערט דורך טהאט און ער האָט קיינמאָל קיין טעות געהאט און ניט פערביטען דיא אָרדערס.

נעב איז געווען זעהר שטאָלץ ביי זיך וואָס פון זיין שולע איז ארויסגע־קומען אזא וואוילער שילער און פענקראָפט האָט בעמערקט:

— דזשופּ, היינט ביזט דוא שוין ווערטה, אז דיין געהאלט זאָל פערדאָ־פּעלט ווערען.

דיא אפע איז אזוי צוגעוואָהנט געוואָרען צו דיא מענשען פון גראַניט הויז, אז זיא האָט זיך דאָרט געפונען עכט היימיש און זיא וואָלט שוין פון דאָרט ניט אוועק, זאָגאר ווען מען זאָל איהר מיט שטעקענס טרייבען. דיא קאָלאָניסטען האָבען אָנגעהויבען מיטנעהמען זייער טהיער־דיענער אין וואלד און ער האָט קיינמאָל אין זינען געהאט צו אנטלויפען. דיא לייטע פלעגען האָבען א שעהן ביסעל שפּאס, ווען פענקראָפט פלעגט דעם שטומען דזשופּ געבען א שטעקען און ער פלעגט עס טראָגען אויף'ן אקסעל אזוי וויא מען טראָגט א ביקס, און מיט וואָס פאר א גאוה, מיט וואָס פאר א שטאָלץ, אזוי וויא אן אויסגעצייכנע־טער קריעגס העלד! האָט מען געדארפט ארויפקלעטערען אויף א הויכען בוים

דערלאנגען עטוואָס, האָט מען נור געדארפט א וואונק טהאָן און דזשופ איז שוין געוועזן אין דער הויך, האָט מען געדארפט א שווערע משא אויפהויבען, האָט דזשופ ארויסגעהאָלפען. ער איז מיט איין וואָרט געווען ניצליך איבעראל, אין הויז, אין פעלד און אין וואלד.

צו ענדע יאנואר האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען גענומען בויען אן ארומצאמונג נעבען בארג פרענקלין פאר טהיערע, וועלכע האָבען אויף זיך וואָל, ספּעציעל פאר מאָסמאָנען (ווילדע שעפּסען) און ווילדע ציעגען. זיי האָבען דיעזע טהיערע געדארפט, אום צו מאכען פון זייערע פעל ווינטער קליידער.

דער פּלאַץ וואָס זיי האָבען אָבגעקליבען פאר דיעזען צוועק איז געווען אומגעפעהר פינף מייל ווייט פון גראניט הויז. דער באָדען איז דאָרט געווען בעדעקט מיט גראָז, גענוג פאר פיעלע טהיערע צו פרעסען און א שטראָם פריי־שעם וואסער איז דאָרט אויך דורכגעלאָפען. קיין בעסערען פּלאַץ וואו אויפצוהאלטען טהיערע האָט מען ניט געקענט געפינען.

אלע פריה־מאָרגען פלעגען דיא קאָלאָניסטען אהין אוועקגעהן צו דער ארבייט, אמאָל אלע פינף חברים און אמאָל דריי אָדער פיער פון זיי. זיי האָבען געבויט דעם פּארקאן אזוי הויך אז דיא שעפּסען אָדער ציעגען זאָלען ניט קענען אריבערשפּרינגען. דער ארומגעצאמטער פּלאַץ איז געווען גענוג פאר הונדערט מאָסמאָנען און ווילדע ציעגען און פאר דיא קינדער וואָס זיי וועלען ברייגען. אין איין זייט האָבען זיי געמאכט א טהויער דורך וועלכען אריינצוטרייבען דיא טהיערע אינוועניג.

דריי וואָכען האָט דיעזע ארבייט געדויערט. אינוועניג אין דיא ארומצאמונג האָבען זיי געבויט גרויסע שטאהלען, וואו דיא טהיערע זאָלען האָבען שוץ פון רעגען און קעלט. אי דיא פּארקאנען ארום אי דיא שטאהלען זיינען געבויט געוואָרען פעסט, ווייל דיא מאָסמאָנען זיינען קרעפטיגע טהיערע און זיי קענען אומווארפען א געביידע וואָס איז ניט שטארק גענוג.

ווען דיא געביידעס זיינען פערטיג געוואָרען זיינען דיא קאָלאָניסטען ארויס פּאנגען דיא געווינשטע טהיערע. דאָס איז געווען דעם זיעבענטען פעברואר. עס איז דאמאָלס געווען א שעהנער זומער טאָג און דער וועטער איז געווען זעהר אנגענעהם אויף מאכען יאגד. אלע קאָלאָניסטען האָבען זיך אין דיעזער יאגד בעטהייליגט. זאָגאר דזשופ און דיא אָנאגאס, וועלכע זיינען שוין געווען גוט געלערנט, האָבען אין דיעזער היגזיכט אויך נוצען געבראכט.

דיא יאגד איז געווען אן איינפאכע. מען האָט דיא מאָסמאָנען און דיא ווילדע ציעגען, וואָס זיינען געווען פּיעל אין יענע געגענד, געדארפט ארויסטרייבען פון וואלד און זיי פעריאָגען אין דעם ארומגעצאמטען פּלאַץ. הארדינג, פּענקראָפט, נעב און דזשופ זיינען אומגעלאָפען אין פערשיעדענע פּלעצער פון וואלד און האָבען געיאָגט דיא מאָסמאָנען און ווילדע ציעגען, וועהרענד ספּילעט און

הערבערט האָבען זיך ארומגעיאָגט מיט זייערע צוויי פערדלעך אויף'ן לאַנקע, א היבשע שטרעקע ווייט פון וואלד. טאפּ ווידער איז אומגעלאָפען אין דריטען זייט און ווען דיא טהירע זיינען ארויסגעלאָפען פון וואלד, האָט מען זיי פון דריי זייטען געיאָגט און זיי זיינען אנטלאָפען אין טהויער פון דיא ארומ־צאמונג.

קיין לייכטע ארבייט איז דאָס ניט געווען. דיא לייטע האָבען געדארפט אומלויפען, שרייען און קלאפּען מיט שטעקענס, אום אָבצושרעקען דיא חיות, אָבער דאָס האָט זיי ניט אָבגעהאלטען און זיי האָבען דיעזע מאנעווערס אָנ־געפיהרט כמעט א גאנצען טאָג. ביי א הונדערט שעפּסען און ציעגען האָבען זיי ארויסגעיאָגט פון וואלד, אָבער צוויי דריטעל פון זיי זיינען אנטלאָפען און אריבער דרייסיג זיינען ארייננעלאָפען אין דיא ארומצאמונג, דער טהויער איז פערמאכט געוואָרען און זיי זיינען פערבליבען געפאנגען.

דיא בעזיצער פון אינזעל זיינען העכסט צופריעדען געווען מיט זייער טאָג שווערע ארבייט, ווייל זיי האָבען אויפגעטהאָן א גוטע און וויכטיגע זאך פאר זייער קאָלאָניע.

יענעם אבענד זיינען דיא קאָלאָניסטען געקומען אהיים זעהר אויסגעמאַ־טערט. ווען זיי זיינען אויף מאָרגען פריה אויפגעשטאנען זיינען זיי נאָך אויך גע־ווען שטארק מיעד, דאָך זיינען זיי באלד געגאנגען געוואָהר ווערען צו זייערע געפאנגענע נעבען בארג פרענקלין. זיי האָבען דאָרט דיא אלע שעפּסען און ציעגען געפונען אומלויפענדיג זעהר ווילד. זיי האָבען געוואָלט אריבערשפּרינגען דעם פּארקאן, אָבער זיי האָבען עס ניט געקענט בעוויזען. שפּעטער האָבען זיי זיך בערוהיגט און זייער אויפרעגונג איז פערשוואונדען.

דיא מאָסמאָנען זיינען געווען שעהנע טהירע, הויך אזוי וויא יונגע הירשען, מיט לאנגע פערדרעהטע הערנער און דינע ווייכע האָר. קאפּיטאן הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען גאָר געקוואָלען קוקענדיג אויף זיי.

אין דעם פערלויף פון מאָנאט פעברואר האָט אויף'ן לינקאָלן אינזעל קיי־נע וויכטיגעס און בעזאָנדערעס ניט פּאסירט. דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען זיך געטהאָן זייער טעגליכע ארבייט. זיי זיינען געגאנגען אויף יאגד, אויסגעבעב־סערט דיא וועגען צו פּאָרט באלון און צו דיא שטאהלען פון דיא וואָל־טהיערע, און האָבען אָפטמאָל געמאכט א שפּאציר אין דיא געגענדען פון אינזעל וואו זיי זיינען פריהער ניט געווען.

איידער דער קאלטער סעזאָן איז אָנגעקומען, האָבען דיא קאָלאָניסטען געבראכט פערשיעדענע פלאנצונגען פון וואלד און זיי איבערגעפלאנצט אויף פּראָספּעקט האיטס. הערבערט פלעגט פריהער אויך ברייגגען אלערליי פלאנ־צונגען און פלעגט זיי פערפלאנצען ארום און איבער דיא גראניט הויז. זיי האָבען שוין דאָרט געהאט פיעלע מינים גרינסען און אנדערע וואקסונגען, סאי אזעלכע

וואָס זיי האָבען געוואוסט זיכער, אז מען קען זיי געברויכען צום עסען אָדער צום טרינקען און סאי אזעלכע וואָס זיי האָבען ערשט געוואָלט פּרובירען, אויב מען קען זיי צו עטוואָס געברויכען. איין טאָג האָט דער יונגער הערבערט גע־בראכט א וואקסונג עהנליך צו ציקאָריע און ער האָט זיא פערפלאנצט; דעם צווייטען טאָג האָט ער געפונען א מין שטשאוו, דעם דריטען טאָג אן אנדער מין גרינס אָדער פלאנצונג און ער האָט אלעס פערזעעט. דיא קאָלאָניסטען האָ־בען שוין געהאט א היבשען גאָרטען פון פיעלע וואקסונגען וואָס ווערען גע־ברויכט אין קיך, וויא סאלאד, באָב, קארטאָפעל, רעטעך, ריבען און דאָס גליי־כען. דיא אלע וואקסונגען זיינען געוועזן ווילדע און דיא קאָלאָניסטען האָבען זיי געוואָלט קולטיווירען און מאכען זיי מעהר געברויכבאר. לעצטענס אז זיי האָ־בען קיין וויכטיגערע ארבייט ניט געהאט, האָבען זיי געזאמעלט נאָך מינים וואקסונגען און זיי פערזעעט אין זייער גאָרטען.

זיי האָבען אויך געהאט פערשיעדענע געטרענקע, וואָס זיי האָבען אליין געמאכט פון זאפט פון בוימער, פון וואָרצלען און פון פלאנצונגען. עס האָט זיי קיין זאך געפעהלט אויסער ברויט און דעם מאטראָז — ברויט און טאבאק. אויף ברויט האָבען זיי שוין געהאט גוטע אויסזיכטען פון זייער קאָרן־פעלד, אָבער אויף טאבאק איז פאָרלויפיג קיין האָפנונג געוועזן.

צו ענדע זומער איז זייער געפליגעל־הויף רייכער געוואָרען מיט א פּאָר טראָפּפען (א מין גרויסער פויגעל), אייניגע ווילדע העהנער און אייניגע אנ־דערע פויגלען, וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געפאנגען.

אין דיא אבענדען פלעגען דיא שכנים פון גראניט הויז ארויסגעהן אויף'ן ברעג פון פּראָספּעקט האיטס אנטקעגען ים און זיי פלעגען דאָרט אָפּט אָבזיצען שטונדען לאנג און רעדען און דיסקוטירען וועגען פערשיעדענע זאכען און מאכען פלענער וואָס ווייטער צו טהאָן אין זייער קליינעם וועלטעל.

זיי פלעגען אָפּט שמועסען וועגען זייער פאָטערלאנד, פון זייער בעליעבטע און טהייערע אמעריקא, פון וועלכע זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען; וועגען דיא קריעג צווישען דיא נאָרד און דיא סאוטה, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזט אין מיטען. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אז ריטשמאָנד איז געפאלען און איז איבערגעגאנגען אין דיא הענד פון גענעראל גרענט, אָבער אויף זיכער האָבען זיי עס ניט געקענט וויסען. זיי האָבען בלויז פאנטאזירט, געדענקט, געטראכט, אז דיא נאָרד האָט געוואונען דיא מלחמה און זיי האָבען גערעדט וועגען דיא גרויסע טריאומף פאראדען וואָס ווערען געפייערט אין זייער געבורטס־לאנד, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען זיי געצווייפעלט, אויב דאָס איז ווירקליך אזוי וויא זיי שטעלען זיך פאָר אָדער פיללייכט דער גענענטהייל. דיא פערוואָר־פענע האָבען זיך דאן ארומגעזעהן אז אויסער ברויט און טאבאק פעהלט זיי אויף'ן אינזעל נאָך א זאך — א צייטונג!

שוין עלף מאָנאטען זייט זיי זיינען געוועזן אָבגעשניטען פון דער וועלט און זיי האָבען ניט געוואוסט קיין זאך וואָס צווישען דיא מענשהייט טהוט זיך. אין גיכען, דעם 24טען מערץ וועט ווערען פונקט א יאָהר זייט זיי האָבען פערלאָזען ריטשמאָנד אין באלון און זייט דאמאָלס האָבען זיי קיין איינציגעס וואָרט ניט געהערט פון זייערע לאנדסלייט!

עס איז זיי ערשט פיעל בעסער געוועזן וויא אין דער צייט ווען זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף'ן איינזאמען אינזעל. זיי האָבען דאמאָלס ניט ערווארטעט צו קומען צו אזא שטופע וויא זיי זיינען לעצטענס געווען. זיי האָבען דאמאָלס מורא געהאט אז זיי וועלען אומקומען פון הונגער און קעלט און אצינד האָבען זיי אלעס! אצינד זיינען זיי וואהרע קאָלאָניסטען, מיט א וואָהנונג, מיט שטאהלען, מיט קליידער, מיט געוועהר און מיט אלעס וואָס א מענש דארף האָבען! זיי איז אין פיעלע פעלע בעסער וויא קאָלאָניסטען, ווייל דער לינקאָלן אינזעל איז אין גאנצען זייער אייגענטהום. זיי זיינען דיא הערשער איבער איהם, דאָס איז זייער אייגענע מלוכה; קיינער האָט זיי גאָר ניט צו זאָגען און זיי קענען דאָרט טהאָן וואָס זייער הארץ גלוסט; אָבער זיי האָבען זייער איינזאמען וואָהנונגס אָרט ניט פעררעכענט אלס זייער היים און זיי זיינען זעהר גערן געוועזן צו וויסען וואָס אין זייער אלטע היים טהוט זיך. אך, ווען זיי וואָלטען נאָך געהאט א צייטונג פון וועלכע צו לייענען דיא נייעס פון דער היים, וואָלטען זיי שוין אין גאנצען צופריעדען געוועזן און זיי וואָלטען שוין מעהר קיין זאך פערלאנגט.

אין אזעלכע און עהנליכע געשפּרעכען פלעגען ספּילעט, פּענקראָפט, נעב און הערבערט פערברייינגען ביז שפּעט אין דער נאכט. סיירוס הארדינג פלעגט זיך צוהערען וואָס זיינע קאָמפּאניאָנען ריידען, אָבער ער פלעגט זיך זעלטען ווען אריינמישען. ער פלעגט זיך אמאָל א זאָג טהאָן א וואָרט און אָפט פלעגט ער בלויז שמייכלען. זיינע געדאנקען זיינען געוועזן פערנומען מיט לעזען דיא זאָנדערבארע רעטעניסען פון געהיימניספּאָלען אינזעל.

## 9טעם קאפיטעל.

שלעכטע וועטערען. — א הויב־מאשין געטריבען פון וואסער. — גלאָז פאבריקאַ־ציאָן. — דער ברויט־בוים. — פערמעהרונג פון פיה. — דזשופ אלס פוהר־מאַן. — געפונען א שכן. — פענקראַפט׳ס רייזע־פּלענער.

---

באלד אין אָנפאנג פון מאָנאט מערץ האָט זיך דער וועטער געענדערט. דיא היץ איז נאָך געוועזען זעהר גרויס, אָבער עס איז געווען א זאָנדערבארע מין היץ. עס האָט זיך געפיהלט אזוי וויא דיא אטמאָספערע איז פול מיט עלעקטרי־ציטעט און מען האָט געקענט ערווארטען א שטורם.

דעם צווייטען מערץ האָבען זיך געהערט דונערען. דער ווינד האָט געבלאָזען פון אָסטען און עס איז געקומען האָגעל. דיא בעזיצער פון גראניט הויז האָבען געמוזט האלטען דיא טהיר און לאָדען פון דיא פענסטער פערמאכט, ווייל דער האָגעל האָט געטריבען אין הויז. דער האָגעל איז געפאלען אין גרויסע שטיקער, מאנכע אזוי גרויס וויא דיא אייער פון א טויב. פענקראַפט האָט שטארק מורא געהאט אז דער האָגעל וועט פערניכטען זייער קאָרן־פעלד.

ער איז געלאָפען אין פעלד זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך, און אום צו בע־שיצען דיא קאָרן, וואָס האָט שוין ארויסגעשפּראָצט, האָט ער דיא שטיקעל פעלד צוגעדעקט מיט א שטיק ליווענד.

דער שלעכטער וועטער האָט אָנגעהאלטען א וואָך צייט. דורך דער גאנ־צער צייט האָט כמעט ניט אויפגעהערט צו דונערען.

צוליעב דעם שלעכטען וועטער זיינען דיא קאָלאָניסטען פערבליבען אין הויז דיא גאנצע וואָך צייט. קיין וויכטיגע ארבייט דרויסען האָבען זיי זאָ וויא זאָ ניט געהאט און דער וועטער האָט זיי וועניג וואָס געקימערט. אָבער דיא לייטע האָבען פיינד געהאט צו זיצען ליידיג און זיי האָבען זיך אויסגעזוכט ארבייט אין דער היים. סיירוס הארדינג האָט געמאכט א טאָק־מאשין, אויף וועלכע זיי האָבען געמאכט פערשיעדענע ארטיקלען פאר׳ן קיך און אין אלגעמיין פאר׳ן הויז. הויפּטזעכליך האָבען זיי זיך אָבגעגעבען מיט פאבריצירען קנעפּלעך, וועלכע זיי האָבען געדארפט נויטיג. דורך דער צייט האָבען זיי אויך אויסגע־בעסערט זייערע טישען, זייערע בענק און אלע שטוב כלים. זיי זיינען, מיט איין וואָרט, ליידיג ניט געזעסען און זיי האָבען דיא גאנצע צייט געטהאָן פער־שיעדענע ארט ארבייט.

דזשופ איז אויך ליידיג ניט געזעסען. ער האָט געדרעהט דיא ראָד פון דער טאָק־מאשין, האָט גערייניגט דיא קליידער פון דיא קאָלאָניסטען, האָט

דערלאַנגט צום טיש עסען, האָט אויסגעקעהרט דיא צימערען און האָט געטהאָן אַלעס וואָס א שטוב־קנעכט דאַרף טהאָן. דיא קאָלאָניסטען זיינען שטארק צו־פריעדען געווען מיט דזשופ׳ס ארבייט, ווייל אַלעס וואָס ער האָט געטהאָן איז גע־ווען בעסער וויא געוואונשען.

וואָס אָנבעלאַנגט צו געזונדהייט, זיינען דיא קאָלאָניסטען געווען געזונד און שטארק אויף אַלע גליעדער. זיי זיינען פיעל געווען אויף פרישע לופט, האָבען געטהאָן אי פיזיש, אי גייסטיגע ארבייט און זיי האָבען ניט געדאַרפט מורא האָבען פאַר אַן אטאקע פון קראנקהייט. מענשען אין ציוויליזירטע לענ־דער וואָלטען זיך ווינשען צו זיין אין אזא געזונדהייטס צושטאנד וויא זיי זיינען געווען.

דער יונגער הערבערט איז אין פערלויף פון יאָהר א היבשע ביסעל צוגע־וואקסען. ער איז געוואָרען העכער און דיקער און דער געבוי פון זיין קערפּער איז פיעל ענטוויקעלט געוואָרען. ער איז געוואָרען א פאָלקאָמענער מאַן, אי פיזיש, אי גייסטיג. ער האָט דורך דער צייט פיעל געלערענט פון דעם אינזשי־ניר און פון דעם רעפּאָרטער. פון ערשטען האָט ער בעקומען א ברייטע ידיעה אין וויסענשאַפט און פון צווייטען — אין שפּראַכען. אין זיינע לידיגע שטונדען האָט ער געלייענט דיא ביכער וואָס זיי האָבען געפונען אין קאסטען און ער האָט פון זיי אויך פיעל געלערענט.

דעם ניינטען מערץ איז דער שלעכטער וועטער פאַראיבער, אָבער דער הימעל איז פערבליבען פערוואָלקענט דעם גאנצען מאָנאַט, וועלכער איז דאָרט דער לעצטער מאָנאַט פון זומער. רעגענס און טומאַנען זיינען געווען א גאנצען מאָנאַט, מיט דער אויסנאַהמע פון דריי־פיער טעג אין וועלכע דיא זונן האָט געשיינט. דיא „זיא״־אָנאַגא האָט אין יענעם מאָנאַט געבאָרען א קינד און דיא קאָלאָניע איז רייכער געוואָרען מיט א פערדעל. דיא ווילדע שעפּסען און ציע־גען זיינען אויך פערגרעסערט געוואָרען אין צאָהל דורך דיא קליינוואַרג וואָס מאנכע פון זיי האָבען געבאָרען. פענקראָפט, נעב און הערבערט האָבען געהאט זייערע ליעבלינגע פון דיא ניי־געבאָרענע טהיערע און זיי פלעגען זיי צערטלען און זיך שפּיעלען מיט זיי. דזשופ פלעגט אויך שטיפען מיט דיא יונגע חיה׳לעך און ער האָט דערפון גרויס פערגניגען געהאט. דיא געוועזענע געפעהרליכע בע־שעפענים איז געווען פריינדליך צו דיא זויג־קינדער פון דיא שעפסען און ציע־גען און האָט קיינמאָל געדענקט זיי צו בעשעדיגען.

איין טאָג פון דיעזען מאָנאַט מערץ איז פענקראָפט אריין אין א געשפּרעך מיט סיירוס הארדינג און צווישען אנדערעס האָט ער צו איהם געזאָגט:

— קאפּיטאַן, עס איז שווער און אונבעקוועם צו קלעטערען מיט דיא שטריק־לייטער פון און אין גראַניט הויז, פיליכט וואָלט איהר געמאכט אזא מאשין,

אזא אפאראט דורך וועלכען מיר זאָלען זיך קענען ארונטערלאָזען און אויפ־הויבען?

— עס איז א גאנץ לייכטע זאך צו מאכען עם — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אָבער איז עס ווירקליך אזא נויטיגע זאך?

— גאנץ געוויס, קאפּיטאן — זאָלאנג מיר האָבען אלעס נויטיגע, ווארום זאָלען מיר זיך ניט פערגינען אביסעל לוקסוס אויך? ארויפקלעטערען מיט דיא לייטערס מיט א משא אויף'ן פּלייצע איז גאנץ שווער און אויב עס איז מעגליך צו לייכטער מאכען זיך, ווארום זאָלען מיר עס ניט טהאָן?

— זעהר גוט, פּענקראָפּט, איך וועל פּרובירען אייך צופריעדענשטעלען.

— האָט איהר שוין אזא מאשין? — האָט דער מאטראָז געפרעגט.

— מיר וועלען עס מאכען — האָט הארדינג געענטפערט.

— א דאמפף מאשין?

— ניין, א וואסער מאשין.

פּענקראָפּט האָט ניט פערשטאנען וויא אזוי מען קען מאכען א מאשין וואָס זאָל אויפהויבען און ארונטערלאָזען משא, א מין עלעוויטאָר, וואָס זאָל ניט געטריבען ווערען פון דאמפף אָדער עלעקטריציטעט, זאָנדערן דורך וואסער, און ער האָט דעם אינזשיניר מיט פערוואונדערונג אָנגעקוקט.

אין דיא ריכטיגקייט אָבער איז עס געווען א גאנץ לייכטע און איינפאכע זאך.

דעם שטראָם וואסער וואָס איז געלאָפען דורך דיא לענג פון הייהל און האָט זיך ארייגנעגאָסען אין ברונים אין גראניט הויז, האָט הארדינג שמעלער גע־מאכט, אום ער זאָל פליסען שטארקער. ביים ברונים וואו דאָס וואסער האָט זיך ארונטערגעלאָזט האָט ער איינגעריכטעט א ראָד מיט שטאַפּלען אזוי וויא אין א וואסער מיהל. דאָס וואסער האָט דיעזען ראָד געטריבען. אביסעל ווייטער ביים טהיר פון גראניט הויז האָט ער איינגעריכטעט א צווייטען ראָד, וועלכער האָט זיך געדרעהט מיט דיא קראפט פון ערשטען. ארום דיעזען ראָד האָט זיך געדרעהט א לאנגע און פעסטע שטריק, צו וועלכע מען האָט צוגעבונדען א קאָרב. אין דער קאָרב האָבען זיך געקענט ארייגזעצען פּאסאזשירען אָדער מען האָט אין איהר געקענט אָנלייגען משא און עס לייכט ארונטערלאָזען אָדער אויפהויבען אין דער הויך.

דעם 17טען מערץ איז דיעזער אפּאראט פערטיג געוואָרען און זייט דאן האָבען דיא בעוואָהנער פון גראניט הויז אויפגעהערט צו געברויכען דיא שטריק־לייטערס. מיט דיעזער מאשין האָבען זיי ארויפגעשלעפּט אין דער הויך האָלץ, קויהלען און אלעס וואָס זיי האָבען געבראכט פון פעלד אָדער פון וואלד. זיי זיינען אלע העכסט צופריעדען געווען פון דעם אפּאראט וואָס האָט זיי גע־שפּאָרט פיעל צייט און מיה. מעהר פון אלעמען איז פון דיעזע ערפינדונג צו־

פריערדען געווען דער הונד טאָפּ, וועלכער איז ניט געווען קיין גרויסער בריה אין קלעטערען אויף דיא לייטערס. זעהר אָפט פלעגט איהם נעב ארויפטראָגען אין דער הויך אויף זיינע פּלייצעס און אָפטמאָל פלעגט זיך דער הונד אַנטשעפּען אויף דזשופּ'ס אקסלען און ער פלעגט איהם ארויפנעהמען אָדער אראָבנעהמען. דזשופּ האָט געקענט קלעטערען אויף א לייטער אזוי גוט און פיליכט נאָך בעסער פון דיא צוויי־הענדיגע און ער פלעגט מיט פערגניגען טראָגען זיין חבר טאָפּ ארויף און אראָב.

אומגעפעהר אין דער זעלבער צייט האָט דער אינזשיניר פּרובירט מאכען גלאָז. דערצו האָט ער בענוצט דעם אלטען ברען־אויווען, אין וועלכען זיי האָבען געברענט זייערע ליימענע כלים. אייניגע מאָל האָט זיך איהם דיא ארבייט ניט איינגעגעבען, אָבער ענדליך איז איהם געלונגען צו פאבריצירען גלאָז אויך. דיא מאטעריאלען וואָס ער האָט דערצו געברויכט זיינען געווען: זאמד, קאלך און סאָדא. דיעזע אלע זאכען האָט ער לייכט בעקומען. זאמד האָט ניט געפעהלט ביים ברעג ים, קאלך האָט מען גענוג געפונען אין דער ערד און סאָדא האָט ער געמאכט פון איבערגעברענט גראָז.

דיא הויפּט שוועריגקייט איז געווען אין מאכען א שטיקעל געצייג וואָס איז נויטיג צו גלאָז פאבריקאציאָן, נעמליך, אן אייזערנע רעהר, מיט וועלכע אָנצונעהמען דיא צושמאָלצענע מאטעריאלען און עס אויסגיסען. אָבער ענדליך איז איהם געלונגען צו מאכען א לאנגע און דינע שטיק אייזען, וועלכע פּענקראָפט האָט צוזאמענגעבויגען און אויפגעדרעהט אין דער פאָרמע פון א פּוסטער רעהר.

דעם 28טען מערץ איז געמאכט געוואָרען דיא ריכטיגע פּראָבע צו פאבריצירען גלאָז. סיירוס הארדינג האָט גענומען הונדערט טהיילען זאמד, פינף און דרייסיג — קאלך, פיערציג — סאָדא געמישט מיט אביסעל צומאָהלענע קויהלען און ער האָט עס געלאָזט ברענען אין אויווען אזוי לאנג ביז עס איז צושמאָלצען געוואָרען און געבילדעט א מין קלעי. ער האָט דיא פליסיגקייט דאן אָנגענומען אין דער אייזערנער רעהר און ער האָט געהייסען הערבערט'ן בלאָזען אין צווייטען זייט פון רעהר. הערבערט האָט אזוי געטהאָן און ער האָט מיט'ן גאנצען אָטהעם געבלאָזען ביז דיא פליסיגקייט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף א פלאכע שטיק אייזען, וואָס איז אבזיכטליך פאר דיעזען צוועק אוועקגעלייגט געוואָרען. אזוי האָבען זיי געטהאָן אייניגע מאָל. דיא אויסגעגאָסענע פליסיגקייט איז פערקיהלט געוואָרען און עס איז געוואָרען א שטיק גלאָז, וועלכע איז נאָך אמאָל צושמאָלצען געוואָרען, וויעדער אויסגעגאָסען געוואָרען אויף דער אייזערנער פלאטע, עס גלאט געמאכט מיט א קיילעכדיגען שטעקעל און עס איז ארויסגעקומען א שויב.

עס איז אונמעגליך צו שילדערען דיא פרייד פון דיא קאָלאָניסטען, ווען זיי האָבען דיא ערשטע שויב דערזעהן. מיט דיא גלאָז וועלען זיי דאָך קענען פער־

פערטיגען זייער פאַלאַסט אין גראַניט־באַרג, אין וועלכען עס האָט קיין זאַך ניט געפעהלט, בלויז פענסטער, ריכטיגע גלעזערנע פענסטער. דיא גלאָז איז גע־וועזען ניט אזוי קלאָהר און דורכזיכטיג, אָבער וואָס האָט מען געקענט בעסער ער־וואַרטען אויף אַן איינזאַמען, וויסטען אינזעל?

אזוי האָבען זיי פאַבריצירט שויבען פאַר אַלע פענסטער פון גראַניט הויז. זיי האָבען אויך אויסגעבלאָזען פלעשער און אַנדערע כלים, אָבוואָהל זיי זיינען ניט אַרויסגעקומען אזוי גלאַט און פיין, אָבער זיי האָבען זיך דערמיט בענוגענט און זיי האָבען זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך.

סיירוס הארדינג און הערבערט זיינען איין טאָג געגאַנגען אויף יאַגד אין פאַר וועסט און זיי האָבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאַכען און אַנגעלעגענ־הייטען. פּלוצלונג האָט זיך הערבערט אָבגעשטעלט און אויסגעשריען:

— אָה, קאַפּיטאַן האַרדינג, זעהט איהר דאָרט יענעם בוים?

רעדענדיג דיעזע ווערטער האָט דער יונגער הערבערט אָנגעצייגט אויף אַ קליין בוימעל וואָס האָט ניט געהאַט קיין צווייגען. עס איז בעשטאַנען פון איין שטעקען בעדעקט מיט אַ דינע רינדע (קאָרע), פון וועלכע עס האָבען אַרויסגע־שטעקט לענגליכע בלעטער.

— און וואָס איז דען דיעזער בוים וואָס איז עהנליך צו אַ קליינער פאַלמע?

— האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— דאָס איז "סאַיקאַס רעוואָלוטאַ", פון וועלכע איך האָב אַ בילד אין אונזער בוך וועגען נאַטור געשיכטע — האָט הערבערט געענטפערט.

— אָבער איך זעה קיין פרוכט אויף דיעזען בוימעל — האָט הארדינג געזאָגט.

— ניין, קאַפּיטאַן — האָט הערבערט געענטפערט — קיין פרוכט וואַקסט אויף איהם ניט, אָבער דיעזער שטעקען ענטהאַלט אין זיך מעהל, פערטיגע מעהל.

— איז עס אַ ברויט־בוים?

— יאַ, דאָס איז דער ברויט־בוים.

— אויב אזוי, מיין יונגע — האָט האַרדינג געזאָגט — איז עס אַ ווערטה־פאָלע ענטדעקונג. זאָלאַנג אונזער ערנטע איז נאָך ניט פערטיג, וועלען מיר קענען באַקען ברויט פון דיעזע "סאַיקאַס רעוואָלוטאַ", וויא דוא רופסט עס, אויב נור דוא האָסט קיין טעות ניט און עס איז וווירקליך אַ ברויט־בוים.

און הערבערט האָט קיין טעות ניט געהאַט. ער האָט אָבגעבראָכען איין בוימעל און האַרדינג האָט געזעהן אַז אינוועניג האָבען זיך געצויגען אזוי וויא אָדערען פון האָלץ און צווישען דיעזע אָדערען איז געוועזען אָנגעפילט פייכטע מעהל, וועלכע האָט געהאַט אַן אונאַנגענעהמען גערוך, אָבער דאָס, האָט הערבערט ערקלערט, קען מען בעזייטיגען דורך אויסדריקען דיא מעהל.

סיירוס הארדינג און הערבערט האָבען אויסגעבראָכען אייניגע סאיקאס בוימלעך און זיי האָבען זיי אוועקגעטראָגען אין גראַניט הויז, וואו זיי האָבען זייערע קאמעראדען דערצעהלט וועגען זייער נייע ענטדעקונג. אויף מאָרגען זיינען אלע פינף קאָלאָניסטען אוועק אין וואלד און האָבען געבראכט פיעלע סאיקאס שטעקענס. דער אינזשיניר האָט געמאכט א דריק־מאשין מיט וועלכע מען האָט אויסגעדריקט דעם זאפט פון דיא מעהל און דער אונאנגענעהמער גערוך איז פערשוואונדען. נעב האָט פון דיא מעהל געמאכט פערשיעדענע געבעקס, וועלכע האָבען ניט געהאט דעם טעם פון געבעקס פון ווייצען מעהל, אָבער עס איז געווען עהנליך דערצו.

האָבען שוין דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל, הייסט עס, געהאט א מין ברויט אויך. מילך האָט זיי אויך ניט געפעהלט, ווייל דיא ציעגען און שעפסען וואָס זיי האָבען געהאט אין זייערע שטאהלען האָבען זיך געמאָלקען און זיי האָבען אלע טאָג געהאט פרישעס מילך. פענקראָפט און דזשופ פלעגען אלע פריהמאָרגען פאָהרען מיט זייער וואָגען און פלעגען ברייגנען מילך. דזשופ איז שוין א גאנצער מענש געוואָרען און פענקראָפט פלעגט איהם אָפט אָנפער־טרויען צו טרייבען דיא פערדלעך. דיא אפע האָט דערפון גרויס פערגניגען געהאט.

דעם ערשטען אפריל, וואָס איז דאמאָלס אויסגעפאלען אום זאָנטאג, זיינען דיא קאָלאָניסטען פאר נאכט געזעסען אויף זייער שטיינערנעם באלקאָן פון גראניט־בארג און זיי האָבען אָנגעפיהרט א געשפּרעך וועגען פערשיעדענעס. צווישען אנדערעס האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט:

— מיין טהייערער סיירוס, האָט איהר ווען עס איז זייט איהר האָט דעם סעקסטאנט (אסטראָנאָמישער מעסט־אינסטרומענט), וואָס מיר האָבען געפונען אין קאסטען, פּרובירט אויסגעפינען וואו אונזער אינזעל ליגט?

— ניין — האָט הארדינג געענטפערט — מיר ווייסען דאָך דאָס שוין.

— אָבער איך דענק — האָט ספּילעט געזאָגט — אז מיט דיעזען אינסטרו־מענט קען מען עס וויסען גענויער און פּינקטליכער און עס וואָלט גוט געווען איהר זאָלט דעם סעקסטאנט בענוצען.

— צו וואָס? וואָס פאר א גוטעס קענט איהר דערפון ערווארטען? — האָט פּענקראָפט געפרעגט — אונזער אינזעל איז בעקוועם און גוט וואו ער געפינט זיך.

—ווער קען וויסען — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — פיללייכט גע־פינען מיר זיך פיעל נעהענטער צו בעוואָהנטעם לאנד וויא הערר הארדינג האָט אויסגערעכענט?

— גאנץ ריכטיג! — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — מיר וועלען

עס מאָרגען וויסען, און ווען איך זאָל געווען צייט האָבען, וואָלטען מיר עס שוין געוואוסט.

— אומזיסטע ארבייט! — האָט דער מאטראָז געזאָגט — איך ווייס אז דער הערר קאפּיטאן האָט קיינמאָל קיין טעות ניט. סיידען אונזער אינזעל האָט זיך אוועקגערוקט פון פּלאץ, זאָנסט ליגט ער געוויס דאָרט וואו הערר הארדינג האָט אמאָל בעשטימט.

— מיר וועלען עס זעהן — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט מיט א שמייכעל.

אויף מאָרגען האָט קאפּיטאן הארדינג געמאכט זיינע בעאָבאכטונגען מיט'ן סעקסטאנט און עס האָט געוויזען כמעט דאָס זעלבע וויא ער האָט אמאָל אויסגערעכענט אָהן א סעקסטאנט. ער האָט ביי דיא ערשטע רעכענונגען בלויז א טעות געהאט אויף וועניגער וויא פינף גראַדען.

— אצינד — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — וויבאלד מיר ווייסען שוין גענוי אונטער וועלכע גראד און פּאראלעל דער לינקאָלן אינזעל געפינט זיך און אן אטלאס האָבען מיר אויך, קענען מיר זיך דאָך איבערצייגען אויב מיר האָבען דאָ לאנד אָדער אינזלען אין דיא נאכבארשאפט! וואָלט ניט ראטהזאם געווען, הערר הארדינג, נאָכצוזוכען עס?

— ווארום ניט? — האָט הארדינג צוריק געפרעגט — שאדען וועט עס געוויס ניט.

הערבערט איז באלד ארויפגעלאָפען אין גראניט הויז און האָט געבראכט דעם אטלאס. הארדינג האָט אין בוך אויפגעזוכט דיא קארטע פון זייער געגענד און קוקענדיג אויף איהר א פּאָר מינוטען האָט ער אויסגעשריען:

— אונזער לינקאָלן אינזעל האָט דאָך א נאכבאר (שכן)! מיר האָבען דאָך דאָ נאָך אן אינזעל אין דיעזען טהייל פון שטילען מעער!

— אן אינזעל? — האָט דער מאטראָז איבערראשט געפרעגט

— יא, דער אינזעל טייבאָר.

— עפּעס א וויכטיגער אינזעל?

— ניין, גאָר א קליין אינזעל, וועלכער איז נאָך פיללייכט קיינמאָל ניט בעזוכט געוואָרען פון מענשען.

— נו, וועלען מיר איהם בעזוכען! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

— מיר?

— יא, קאפּיטאן. מיר וועלען אויסבויען א שיף און מיר וועלען אהין פאָהרען. איך וועל זיך אונטערנעהמען צו טרייבען דיא שיף. וויא ווייט זיינען מיר פון יענעם אינזעל?

— אומגעפעהר 150 מייל צו נאָרד־אָסטען — האָט הארדינג געענטפערט.

— הונדערט און פופציג מייל! דאָס אלעס? — האָט דער מאטראָז זיך

אָבגערופען — ווען מיר האָבען נור א גוטען ווינד זיינען מיר דאָרט אין אכט און פיערציג שטונדען צייט.

די קאָלאָניסטען האָבען טאקי בעשלאָסען צו בויען א שיף און ארום דעם קומענדען מאָנאט אָקטאָבער, ווען עס וועלען ווערען שעהנע וועטערען, זאָלען זיי אונטערנעהמען די רייזע צום אינזעל טייבאָר.

## 10טעם קאפיטעל.

פענקראָפט בויט א שיף. — די צווייטע ערנטע. — דער וואלפיש. — א האַרפּון פון וויניארד. — ניצליכע אינסטרומענטען פון וואלפיש׳ס ביינער. — ענט־דעקט טאבאק. — דעם מאטראָז׳ס איבערראשענדער פּרעזענט

---

פענקראָפט האָט געהאט א נאטור, אז ווען ער האָט געהאט א פּלאן אין זיין קאָפּ, האָט ער ניט געקענט רוהען ביז ער האָט איהם דורכגעפיהרט. אז ער האָט זיך אריינגענומען אין זינען צו בעזוכען דעם אינזעל טייבאָר, איז עס איהם פון די געדאנקען ניט ארויס און ער האָט בעשלאָסען אויפצובויען די נויטיגע שיף אזוי שנעל וויא מעגליך.

די ערשטע זאך האָט מען גערארפט בעשטימען פון וועלכע האָלץ די שיף זאָל געמאכט ווערען און דאן: וויא גרויס זיא זאָל זיין, וואָס פאר א פאָרמע זיא זאָל האָבען און וויא פיעל לאסט זיא זאָל קענען טראָגען. די קאָלאָניסטען האָבען זיך וועגען דעם אייניגע מאָל בעראטהען און זיי האָבען אָלעס בע־שלאָסען. דעם פּלאן פון דער שיף האָט סיירוס הארדינג אויסגעארבייט. מיט די הילף פון פענקראָפט, וועלכער האָט געהאט א היבשע ידיעה אין די בוי־קונסט פון שיפען, ווייל ער האָט אייניגע יאָהר געארבייט אלס סטאָליאר אין דער פלאָטע פון די פעראייניגטע שטאאטען אין ברוקלין.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז ביז דער ווארימער סעזאָן וועט אָנקומען, אין זעקס מאָנאטען ארום, זאָלען סיירוס הארדינג און פענקראָפט ארבייטען ביים בויען די שיף, וועהרענד די איבעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָ־ניע זאָלען געהן אויף יאגד, האקען האָלץ און טהאָן אנדערע נויטיגע הויז־ארבייט.

די קאָלאָניסטען האָבען אויסגעקליבען פּאסענדע ביימער צו בויען די שיף. די ביימער זיינען אויסגעהאקט געוואָרען און מען האָט זיי צוגעשלעפּט נע־בען די "טשימניס", דער בעשטימטער אָרט וואו די שיף האָט גערארפט גע־בויט ווערען. ווען דער מאטעריאל איז געווען פערטיג, האָבען זיך הארדינג און פענקראָפט גענומען צו דער ארבייט.

פענקראָפט האָט געארבייט זעהר פלייסיג. ער האָט זיך ניט פערגונען א שטיקעל צייט צו רוהען און ווען זיינע קרעפטען וואָלטען איהם ערלויבט, וואָלט ער טאָג און נאכט, אָהן אָברוה געארבייט, אום צו זעהן וואָס שנעלער זיין שיף א פערטיגע.

קיין זאך איז פאר'ן מאטראָז ניט געווען וויכטיג, אז עס זאָל איהם אויף א וויילע שטערען פון זיין ארבייט. אָבער איין טאָג, דאָס איז געווען דער 15טער אפריל, האָט ער אויפגעגעבען זיין ארבייט ביי דער שיף און האָט זיך בעשעפטיגט מיט אן אנדער זאך. ער האָט יענעם טאָג ארונטערגענומען דיא קאָרן פון פעלד. דיעזען מאָל איז דיא תבואה געווען זעהר געראָטען און עס האָט ארויסגעגעבען נאך מעהר זאנגען און קערנער וויא קאפיטאן הארדינג האָט אמאָל געהאט אויסגע־רעכענט. פענקראָפט האָט דיא זאנגען אויסגעקלאפט און אָבגעמאָסטען דיא ריינע קערנער. עס איז געווען פינף בושעלס קאָרן. ער האָט וועגען דיעזען אוצר בעריכטעט דעם קאפיטאן.

— פינף בושעלס! — האָט דער אינזשיניר אויסגעשריען — הונדערט און דרייסיג טויזענד קע־נער האָבען מיר אין א בושעל, צוזאמען אלזאָ זעקס הונ־דערט און פופציג טויזענד קערנער!

— מיר וועלען עס דיעזען מאָל אין גאנצען פערזעען — האָט דער מאט־ראָז געזאָגט — מיר וועלען בלויז איבערלאָזען אביסעל אין זאפאס, פיללייכט וועלען מיר עס מוזען האָבען.

— יא, פענקראָפט, און אויב דיא קומענדע ערנטע וועט זיין אזוי גוט וויא איצטיגע, וועלען מיר שוין האָבען אונזער אייגענס פיער טויזענד בושעל קאָרן.

— און מיר וועלען שוין באקען ברויט?

— יא.

— מיר דארפען דאך אָבער א מיהל צו מאָהלען דיא קאָרן?

— מיר וועלען מאכען א מיהל אויך.

דיא קאָלאָניסטען האָבען באלד געמאכט פאָרבערייטונגען צו פערזעען ווייטער זייער פעלד. דיעזען מאָל האָבען זיי פערנומען פיעל מעהר פלאץ און זיי האָבען דיא ערד אויסגעארבייט פיעל בעסער. פענקראָפט האָט בלויז גע־זעהן אז אלעס זאָל געטהאָן ווערען אין אָרדנונג וויא געהעריג איז און ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיין בעשעפטיגונג ביים בויען דיא שיף.

ספילעט און הערבערט זיינען דורך דער צייט איינינע מאָל געגאנגען אויף יאגד. זיי האָבען בעזוכט געגענדען אין וואלד פון פאר וועסט, וואו זיי זיינען נאך קיינמאָל ניט געווען. זיי זיינען איין טאָג אריין אין אזא געדיכטען שטיקעל וואלד, דאָס דיא שטראהלען פון דער זונן האָבען קוים עטוואָס דורכגעדרונגען צווישען דיא צווייגען פון דיא בוימער. דער רעפאָרטער האָט דערשפירט אן

אנגענעהמען גערוך פון געוויסע פלאנצונגען מיט דינע שטעקלעך, וואָס זיינען דאָרט געוואקסען. ער האָט דיא פלאנצונגען בעטראכט. עס זיינען אויף זיי געוואקסען בלומען און קליינע בעערען (יאגדעס). ער האָט איינע פון דיא פלאנצונגען אָבגעבראָכען און געצייגט זיין קאָמפּאַניאָן.

— וואָס קען עס זיין, הערבערט? — האָט ער געפרעגט.

— הערר ספּילעט — האָט דער יונגער באָטאניקער (וואָס וויים דיא וויסענשאפט פון פלאנצונגען) גענטפערט — דאָס איז אן אוצר פאר וועלכען פּענקראָפט וועט אייך אייביג דאנקבאר זיין.

— איז דאָס טאבאק?

— יא, דאָס איז טאבאק, אָבוואָהל ניט פון בעסטען זאָרט, אָבער טאבאק איז עס.

— אָה, וויא צופריעדען אונזער פּענקראָפט וועט עס זיין פון דיעזער מתנה! — האָט ספּילעט אויסגעשריען — איך שטעל זיך פאָר מיט וואָס פאר א פרייד ער וועט עס אויפנעהמען.

— איך בין געפאלען אויף אן אידעע, הערר ספּילעט — האָט הערבערט זיך אָבגערופען — איך דענק, אז מיר זאָלען פּענקראָפט'ן גאָר ניט דערצעהלען. לאָמיר אָנרייסען טאבאק בלעטער און לאָמיר עס בעהאלטען אין גראניט הויז און אין א שעהנעם פריהמאָרגען וועלען מיר איהם מאכען א פלוצלונגע איבערראשונג און איהם געבען א פערטיגע אָנגעפילטע ליולקע מיט טאבאק צום רויכערען.

— אָבגעמאכט! — האָט ספּילעט גענטפערט — און אין יענעם שעהנעם פריהמאָרגען וועט שוין אונזער מאטראָז צוגעבען, אז אויף לינקאָלן אינזעל פעהלט קיין זאך ניט.

דער רעפּאָרטער און הערבערט האָבען אָנגעריסען א היבשע ביסעל טאבאק בלעטער און עס אוועקגעטראָגען אהיים אין גראניט הויז. זיי האָבען עס אריינגעשמוגעלט אין הויז און זיי זיינען זעהר פאָרזיכטיג געווען, אז פּענקראָפט זאָל עס ניט בעמערקען, אום זייער פּלאן פון א פלוצלונגע איבערראשונג זאָל ניט צושטערט ווערען.

ספּילעט און הערבערט האָבען דעם סוד פון דיא טאבאק פערטרויט צו הארדינג און נעב. דער מאטראָז האָט קיין פערדאכט געהאט אז עפּעס א געהיימניס געהט פאָר ביי זיי אין הויז. עס האָט געדויערט צוויי מאָנאטען צייט ביז מען האָט געקענט מאכען דעם טאבאק פערטיג צום רויכערען. מען האָט דיא בלעטער געדארפט טריקענען, צושפּאלטען און דאן ביז א געוויסען גראד ברענען אויף הייסע שטיינער, דאָך האָבען זיי אויסגעפיהרט צו טהאָן אלעס און דער מאטראָז זאָל גאָר ניט וויסען און קיין אהנונג ניט האָבען, אז עטוואָס ווערט געטהאָן הינטער זיינע פּלייצעס. ער איז געווען בעשעפטיגט ביים בויען דיא שיף און ער האָט יוט געוואוסט וואָס איז גראניט הויז געהט פאָר.

איין טאָג האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל דערזעהן אַן אונגעהייער גרויסעס טהיער שווימענדיג אין מעער ניט ווייט פון ברעג. דאָס איז געווען א גרויסער וואַלפיש, וואָס האָט בעלאַנגט צו דעם זאָרט וואָס ווערט גערופען "קייפּ וואַלפיש".

— וויא גליקליך וואָלטען מיר געווען — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווען מיר וואָלטען ערשט געהאט א שיף, א ריכטיגע שיף און דערצו א הארפּון (אזא שפּיעז מיט וועלכע מען טויטעט גרויסע ים־טהיערע)! איך וואָלט זיך מיט אייך אריינגעזעצט אין שיף און מיר וואָלטען דיא חיה געפאנגען. איך דענק, אז עס וואָלט ווערטה געווען דיא מיה צו פּאקען אזא מאָנסטער (אומגעלומפּערטע בריאה).

— איך וואָלט זעהר וועלען זעהן וויא אזוי איהר בענוצט א הארפּון — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — דאָס איז העכסט אינטערעסאַנט.

— מיך וואונדערט זעהר — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — צו זעהן א וואַלפיש אין דיעזער געגענד.

— ווארום? — האָט הערבערט געפרעגט — מיר געפינען זיך פּונקט אין דעם טהייל פון שטילען מעער, וועלכען דיא ענגלענדער און אמעריקאנער רופען "דיא וואַלפיש פעלד". מיר זיינען צווישען ניי זעעלאנד און זיד אמעריקא, וואו וואַלפישען פון דעם זידליכען האלב־קוגעל פערבלאָנדזשען אָפט.

פענקראָפט איז אוועק צוריק צו זיין ארבייט מיט א צובראָכען הארץ. יעדער מאטראָז איז א פיש פאנגער. דאָס ליגט אין נאטור פון יעדען זעע־מאַן צו האָבען א לוסט צו פאנגען פיש, איבערהויפּט דיא גרויסע זאָרטען ים־טהיערע, וועלכע עס איז ניט לייכט צו פאנגען. א וואַלפיש פאנגער פיהלט זעהר ניט גוט, ווען ער זעהט פאר דיא אויגען א וואַלפיש און ער קען מיט איהם קיין מלחמה ניט אָנפיהרען. מען דארף אויך ניט פערגעסען, אז דאָ האָט זיך ניט געהאנדעלט בלויז אום דעם פערגניגען פון דער יאגד, זאָנדערן אויך אום דיא פעטס און ביינער פון דעם ריעזיגען פיש, וואָס וואָלטען זעהר צוניץ געקומען אין דער קאָלאָניע.

און אזוי וויא צו להכעיס איז דער וואַלפיש ניט אוועק פון יענע געגענד און ער איז געלעגען און אומגעשוואומען אין דיא וואסערען ארום לינקאָלן אינזעל. דיא קאָלאָניסטען פלעגען איהם אָפט זעהן פון דיא פענסטער פון גראַניט הויז אָדער פון פּראָספּעקט האיטס. אָפטמאָל פלעגט דער וואַלפיש צושווימען אזוי נאָהענט צום ברעג, אז מען האָט איהם פּינקטליך געקענט זעהן. זיי האָבען אויך געזעהן וויא ער ווארפט פון זיינע לופט־לעכער שטראָמען וואסער אָדער גאנצע וואָלקענס פּארע. נאטור־פאָרשער און וואַלפיש־פאנגער קענען ניט איינשטימען, אויב דאָס וואָס וואַלפישען ווארפען ארויס פון זיך איז וואסער אָדער פּארע, אָבער עס איז אין אלגעמיין אָנגענומען, אז דאָס איז פּארע, וועלכע

ווערט פערוואנדעלט אין וואסער, ווען עס הויבט זיך אויף פלוצלונג אין דער קאלטער לופט און עס פאלט צוריק אזוי וויא רעגען.

דעם מאטראָז איז דער וואלפיש פון זינען גיט ארויס. ער האָט וועגען איהם געדענקט שטעהענדיג ביי דער ארבייט, ביים עסען און זאָגאר ביינאכט אין שלאָף. זעהר אָפט פלעגט ער ריידען פון שלאָף וועגען דעם מעכטיגען ים־ריעז, וואָס וואנדערט ארום ביים אינזעל און פערשאפט איהם הארץ־קלעמענים. אָפטמאָל פלעגט זיך איהם חלום'ען, אז ער האָט דעם וואלפיש געטויטעט און ער פלעגט פון שלאָף אויסשרייען א פריידענס־געשריי. דיא אנדערע קאָלאָניס־טען פלעגען אויך ריידען וועגען דעם ים־טהיער און זיי האָבען גרויס לוסט גע־האָט צו פאנגען איהם. אָבער וויא אזוי?

אָבער דאָס וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געקענט בעווייזען צו טהאָן, איז אליין געקומען דורך א צופאל. דאָס איז געווען דעם דריטען מאי. ווען נעב איז געשטאנען אין קיך פון גראניט הויז, האָט ער דערזעהן דעם וואלפיש ליגענדיג אויף'ן זאמד ביים ברעג מעער. דער ניגער האָט אויסגעשריען מיט אן אומגעלומפערטען קול און דיא איבעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע זיינען געקומען צולויפען.

הערבערט און גידעאָן ספילעט, וועלכע האָבען זיך געקליבען געהן אויף יאגד, האָבען געכאפט העק און זיי האָבען זיך שנעל ארונטערגעלאָזט. הארדינג, פענקראָפט און נעב האָבען זיי נאָכגעפאָלגט מיט העק און ברעך־אייזענס אין זייערע הענד.

דער פלאץ וואו דער וואלפיש איז געלעגען איז געווען אומגעפעהר דריי מייל ווייט פון גראניט הויז. דיא קאָלאָניסטען זיינען געלאָפען שנעל און ווען זיי זיינען געקומען נאָהענט צום טהיער, האָבען זיי געזעהן, אז ער ליגט אונבעוועגליך און פיעלע פויגלען שטעהען אויף זיין גרויסען קערפער.

— אָה, וואָס פאר א מאָנסטער! — האָט נעב אויסגעשריען.

און עס איז ווירקליך געווען א זאָנדערבארער גרויסער וואלפיש. ער איז געווען אכציג פוס לאנג און האָט פיליכט געוואויגען 150 טויזענד פונט. דיא קאָלאָניסטען זיינען איבערראשט און דערשראָקען געשטאנען פון ווייטען און געקוקט אויף'ן ים־ריעז, וועלכער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

ער איז געווען טויט און א הארפון האָט געשטעקט אין זיין לינקע זייט.

— געפינען זיך וואלפיש־פאנגער אין דיעזע געגענד? — האָט ספילעט העכסט איבערראשט געפרעגט.

— ניין, הערר ספילעט, דאָס איז קיין בעווייז — האָט פענקראָפט געענט־פערט — וואלפישען קענען שווימען טויזענדע מייל'ען מיט א הארפון אין זייער קערפער. מעגליך אז דיעזער וואלפיש האָט בעקומען דעם הארפון אין זיינע

פאר טויזענדע מיילען וויט פון דאנען און ער איז געשוואומען ביז זיינע קרעפ־טען זיינען איהם אויסגעגאנגען און ער האָט קראפירט.

פענקראָפט האָט ארויסגעריסען דעם הארפון פון טהיער'ס זייט און איהם בעטראכט. אויף דער וואפע איז געווען פאָלגענדער אויפשריפט:

**"MARIA STELLA"**

**"VINEYARD".**

"וויניארד" איז א האפען אין שטאאט מאסאטשוזעטס און "מאריא סטעלא" איז געווען א וואלפיש־פאנגער שיף. פענקראָפט איז אויסערגעוועהנליך איבערראשט געוואָרען, ווען ער האָט דיא דריי ווערטער איבערגעלייענט און ער האָט אויסגעשריען:

— א שיף פון וויניארד! א שיף פון מיין לאנד! און דיא "מאריא סטעלא", דיא וואלפיש־פאנגער שיף! אָה! איך קען גוט דיעזע שיף און דער וויניארד האפען איז מיר אזוי בעקאנט אזוי וויא מיינע צעהן פינגער!

דיא זעלבע ווערטער האָט דער מאטראָז וויעדערהאָלט אייניגע מאָל. דיא נעמען "וויניארד" און "מאריא סטעלא" זיינען איהם געווען בעליעבט און ער האָט זיי פון מויל ניט געוואָלט ארויסלאָזען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען זיכער, אז דיא מאנשאפט פון דער "מאריא סטעלא" וועלען ניט קומען מאָהנען זייער געפאנג און זיי האָבען בעשלאָסען צו צוהאקען דעם וואלפיש און ארויסנעהמען פון איהם דיא ניצליכע זאכען. דאָס איז געווען א "זיא" וואלפיש, וועלכע האָט געהאט אין איהרע בריסט א מאסע מילך. דער נאטור־פאָרשער דאָפענבאך בעהויפטעט, אז דיא מילך פון א וואלפיש איז גוט צום געברויך אזוי וויא דיא מילך פון א קוה. און עס איז ווירק־ליך אזוי. דיא מילך פון דיעזען ים־טהיער האָט דעם זעלבען קאָליר, דיא זעלבע געדיכטקייט און דעם זעלבען טעם אָזוי וויא דיא מילך פון א קוה.

פענקראָפט, וועלכער האָט אמאָל געדיענט אויף א וואלפיש־פאנגער שיף, האָט געוואוסט וויא אזוי מען צושניידט דעם קערפער פון דיעזער בעשעפענים. דיא ארבייט איז דארום אָנגעגאנגען אונטער זיין קאָמאנדע און עס האָט גע־דויערט דריי טעג.

זיי האָבען דעם גרויסען קערפער צושניטען אויף שטיקער, וועלכע זיי האָבען צושמאָלצען און ארויסגעצויגען דיא פעטס אין גרויסע ליימענע טעפּ. פון צונג אליין האָבען זיי ארויסגעצויגען זעקס טויזענד פונט אויל. דיא אויבערשטע ליפּ האָט ארויסגעגעבען פיער טויזענד פונט. זיי האָבען אויך ארויס־גענומען דיא ביינער פון וואלפיש און זיינע גרויסע צייהן, וואָס זיינען געווען זעקס פוס לאנג. דיא פעטס האָבען דיא קאָלאָניסטען בעהאלטען צו מאכען דערפון סטעארין און גליצערין און דיא ביינער און צייהן, האָבען זיי גערעכנעט, וועלען זיי אויך מיט דער צייט צו עטוואָס צוניץ קומען.

דיא אָפּעראַציאָן האָט זיך געענדיגט. דיא פלייש פון טהיער וואָס איז פער־בליבען האָבען דיא קאָלאָניסטען איבערגעלאָזט פאר דיא פויגלען צו פרעסען און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט יעדער איינער צוריק צו זיין בעשעפטיגונג.

אָבער איידער זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט האָט קאפּיטאָן הארדינג ערקלערט זיינע קאָמפּאַניאָנען, אַז ער וויל פאבריצירען אַזעלכע אינ־סטרומענטען אָדער מאשינען וואָס וועלען זיי פיעל נוצען ברייגגען. ער האָט גע־נומען לאַנגע ביינער פון וואַלפיש און ער האָט זיי צושניטען אויף גלייכע טהייל־לען און פערשאַרפט זייערע ברעגען.

— דיעזער אינסטרומענט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — איז ניט מיינע אן אייגענע ערפינדונג. דיא יעגער אין רוסישען אמעריקא בענוצען עס צו פאנגען פערשיעדענע טהיערע. איהר זעהט, מיינע פריינדע, דיעזע ביינער לאָזען זיך בויגען און שפּרינגען אָב אַזוי וויא א פרוזשינע. ווען עס וועלען קו־מען דיא גרויסע פרעסט וועל איך דיא לאַנגע ביינדלעך צוזאַמענבויגען און בע־גיסען מיט וואַסער און זיי לאָזען צוזאַמענפריהרען צוזאַמענגעבויגענע. איך וועל עס נאכהער בעגיסען מיט פעטס און אוועקלייגען אין שנעע. ווען א טהיער וועט אזא איינגעפראָרענע ביינדעל געפינען וועט ער עס איינשלינגען. אין זיינע גע־דערים וועט דער אייז צוגעהן און דיא ביינדעל וועט זיך פלוצלונג אויסגלייכען. דיא שארפע שפּיצען וועלען דורכלעכערען זיינע געדערים און ער וועט קראַפּי־רען. דיעזע מעטהאָדע צו פאנגען טהיערע איז דיא זעלבע אזוי וויא מען פאנגט פיש מיט ווערימלעך און אייזערנע קרוקעס.

— זעהר גוט! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — א קלוגער איינפאל, איך זאָל אזוי געזונד זיין.

— דאָס איז פיעל בעסער פון נעצען — האָט פּענקראָפט צוגעגעבען.

— דיא הויפּט זאַך איז — האָט הארדינג זיך אָבגערופען — וואָס דורך דעם וועלען מיר שפּאָרען שיס־פּולווער און קוילען.

דער מאטראָז האָט זיך צוריק גענומען צו בויען דיא שיף. ער האָט גע־ארבייט אונערמיעדליך און דער פּראָגרעס פון זיין מיה האָט זיך שטארק אָנ־געזעהן. יעדען טאָג איז צו דער געביידע א היבשע ביסעל צוגעקומען און עס איז אַליץ נעהענטער און נעהענטער געוואָרען צו איהר פערפערטיגונג.

אין דער זעלבער צייט האָבען זיך זיינע קאָמפּאַניאָנען צוגעגרייט צו מאכען איהם א פּלוצלינגע איבעררראשונג און געבען איהם אן אונערוואַרטעטע בעלוינונג פאר זיין ארבייט. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז דעם 31טען מאי זאָל דער פלייסיגער מאטראָז זיין מתנה בעקומען.

יענעם נאָכמיטאָג, ווען פּענקראָפט האָט זיך אויפגעהויבען צו פערלאָזען דעם טיש נאָך׳ן עסען, האָט ער געפיהלט יעמאנד׳ס א האנד אויף זיין אקסעל. ער האָט זיך ארומגעקוקט און געזעהן אז דאָס איז געווען דער רעפּאָרטער.

— איין מינוט, הערר פּענקראָפּט — האָט גידעאָן ספּילעט צו איהם געזאָגט — איהר דאַרפט אזוי שנעל ניט אנטלויפען. איהר האָט פערגעסען אז מען דאַרף עפּעס צובייסען?

— א שעהנעם דאנק אייך, הערר ספּילעט — האָט דער מאטראָז געענט־פערט — איך געה צוריק צו מיין ארבייט.

— נו, וועט איהר אביסעל קאפע אויך ניט טרינקען?

— ניין, מיין פריינד, מעהר גאָר ניט.

— נו, פעררויכערען א פּייף (ליולקע)?

פּענקראָפּט איז אויפגעשפּרונגען און זיין געזיכט איז בלאָס געוואָרען, ווען דער רעפּאָרטער האָט איהם דערלאנגט א ליולקע אָנגעפּילט מיט טאבאק און הערבערט האָט איהם געבראכט א גליהענדע קויל צו פעררויכערען. פּענקראָפּט האָט געוואָלט בעדאנקען זיינע קאמעראַדען פאר דעם טהייערען פּרעזענט וואָס זיי האָבען איהם געגעבען, אָבער אויס גרויס איבעררראשונג האָט ער א וואָרט ניט געקענט ריידען. ער האָט שנעל אָנגעהויבען רויכערען און דער פערגניגען וואָס ער האָט דערפון געהאַט, איז געוועזען ניט אָבצושאצען.

— טאבאק! אמת'ער, ריכטיגער טאבאק! — האָט ער פון גרויס פרייד אויסגערופען.

— יא, פּענקראָפּט — האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען — אמת'ער טאבאק און ניט קיין שלעכטער זאָרט טאבאק.

— אָה, גוטער גאָט! הייליגער גאָט! — האָט פּענקראָפּט אויסגעשריען בלאָזענדיג דעם רויך פון מויל און פון דיא נאָז־לעכער — אצינד פעהלט אונז שוין גאָר ניט אויף דיעזען אינזעל. אצינד זיינען מיר שוין פערזאָרגט מיט אַלעם.

און פּענקראָפּט האָט גערויכערט און גערויכערט און גערויכערט.

— און ווער האָט דיעזען אוצר ענטדעקט? — האָט ער אביסעל שפּעטער געפרעגט — ניט דוא, הערבערט?

— ניין, מיין הערר, ניט איך, נור הערר ספּילעט.

— פריינד ספּילעט! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען דריקענדיג דעם רעפּאָרטער צו זיין ברוסט — מיט וואָס זאָל איך אייך דערפאר אָבדאנקען?

ער האָט דעם רעפּאָרטער אזוי פעסט צוגעדריקט, אז ער האָט איהם שיער דערשטיקט.

— אָה, פּענקראָפּט — האָט ספּילעט געזאָגט נאָכדעם וויא ער האָט געכאַפּט דעם אָטהעם — איהר מוזט אייער דאנקבארקייט אויך אויסדריקען צום יונגען הערבערט, און פּילייכט קומט איהם צו דאנקען מעהר וויא מיר, ווייל ער האָט דיא פלאנצונג דערקענט און ערקלערט וואָס דאָס איז. איך האָב עס געפונען, אָבער איך האָב גאָר ניט געוואוסט אז דאָס איז טאבאק. איהר דאַרפט אויך

בעדאַנקען דיא הערען הארדינג און נעב, וועלכע האָבען געהאָלפען פערפער־טיגען דעם טאבאק צום געברויך.

— מיינע פריינדע — האָט זיך דער מאַטראָז אָבגערופען — איך וועל אייך אַלעמען אמאָל אָבצאָהלען פאר דיעזען געשאַנק. מיר זיינען ערשט פריינד אויף אייביג און עס וועט פילייכט קומען א טאָג, ווען איך וועל אייך מיין חוב קענען אָבגעבען.

## 11טעם קאַפּיטעל.

ווינטער. —פאַבריצירט וואָל־צייג פאר קליידער. — די פאנג־אינסטרומענטען וויר־קען גוט. — א פויגעל אלס בריעפען־טרעגער. — שטורמס. — אויף יאגד. — סיירוס הארדינג'ס בעזוך אויף'ן גרונד פון ברונים.

---

אין מאָנאט יוני, וואָס איז אין יענע געגענד אזוי וויא דער מאָנאט דע־צעמבער אין דיא נאָרדליכע געגענדען, איז אָנגעקומען דער ווינטער און דיא קאָלאָניסטען האָבען דערפיהלט דיא נויטהווענדיגקייט צו בעזאָרגען זיך מיט ווארימע קליידער.

וואָל האָבען זיי אָבגעשאָרען פון דיא ווילדע שעפּסען וואָס זיי האָבען גע־האט אין זייערע שטאַהלען און פון דיעזע וואָל האָט מען געדארפט מאכען מאַטעריע.

אָבער וויא אזוי? קיין שפּין־מאַשין האָבען זיי ניט געהאט; קיין וועב־מאַשין געוויס ניט, היינט וואָס האָבען זיי געקענט מאכען פון דיא וואָל? סיירוס הארדינג האָט אָבער געפונען א מיטעל וויא אזוי צו פערוואנדלען דיא וואָל אין א מאַטעריע, פון וועלכע מען זאָל קענען נעהען בגדים און מען האָט דערצו קיין גרויסען מעכאַניזם ניט געדאַרפט.

דעם אינזשיניר'ס פּלאַן איז געווען, אז זיי זאָלען דיא וואָל פעלטען, מאכען דערפון פעלט, אויסקלאַפּען אָדער איינפּרעסען אזוי, אז עס זאָל דערפון ווערען א געדריקטע וואָל־צייג (געוואַנט). וויא אזוי צו מאכען דאָס, האָט ער געוואוסט.

דיא וועבעריי־קונסט איז א שפּעטערע ערפינדונג, אָבער אמאָל, אין דיא גאַנץ אַלטע צייטען, זיינען קיין וועב מאַשינען ניט געווען און מען האָט וואהר־שיינליך געטראָגען בלויז פעלטענע קליידער. פעלט ווערט היינט אויך פיעל פאַבריצירט אין איירןאָפּא און אין אמעריקא. הוטען אָדער קאַפּעליושען ווערען גע־מאַכט פון געפּרעסטע וואָל. מען מאכט דערפון אויך ווינטער־שטיוועל (וואָלי־קעס) און אנדערע ארטיקלען. סיירוס הארדינג האָט געוואָלט בעקליידען זיך און זיינע קאָמפּאַניאָנען מיט א סאָרט קליידער וואָס זיינען גוט פאר ווינטער.

ער האָט דיא וואָל איינגעוויקט אין ווארימע וואסער און עס געלאָזט ווייקען זיך פיער און צוואנציג שטונדען. נאכהער האָט ער עס געוואשען מיט סאָדא, אום ארויסצוטרייבען דיא פעטס וואָס געפינט זיך אין דיא וואָל, דאן דיא וואָל אויסגעדריקט ביז עס איז געוואָרען גוט טרוקען און עס איז פערטיג געווען צום פעלטען.

דער אינזשיניר האָט דאן געמאכט א מאשין, געטריבען פון וואסער דורך א ראָד אזוי וויא א וואסער־מיהל. דער ראָד האָט בעוועגט דיא גאנצע מאשינערי און בעוועגט צווײ גרויסע הילצערנע האמערס, וועלכע האָבען זיך געהויבען ארויף און אראָפּ און געקלאַפּט דיא וויכע וואָל אזוי לאנג ביז עס איז צוזאַמענגעפרעסט געוואָרען און עס האָט געבילדעט א דיקען פעלט, וואָס מען האָט געקענט געברויכען פאר קליידער און אלס קאָלדרעס אָדער בלאנקעטס פאר דיא בעטען. דיא קאָלאָניסטען האָבען דיא אויסגעארבייטע מאטעריע א נאָמען געגעבען "לינקאָלן פעלט".

דיא קאָלאָניסטען זיינען שוין אלזאָ געווען בעזאָרגט מיט ווארימע קליידער און בעט־צייג און זיי האָבען ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען פאר'ן קומענדען ווינטער.

דעם 20טען יוני איז דיא קעלט געוואָרען אונגעהייער שטארק. פענקראָפט האָט צו זיין גרויס בעדויערען געמוזט אויפגעבען דיא ארבייט פון בויען דיא שיף, וועלכע ער האָט געהאָפט צו פערטיג מאכען צום קומענדען פריהלינג.

דעם מאטראָז'ס אידעע איז געווען צו מאכען א פאָרשונגס רייזע נאָך'ן אינזעל טייבאָר, אָבוואָהל קאפּיטאן הארדינג האָט ניט געקענט איינשטימען צו אונטערנעהמען אזא רייזע בלויז אויס נייגעריגקייט, אָהן געוויסע בעשטימטע צוועקען. הארדינג האָט גערענקט אז מען קען אויף יענעם פערוואָרפענעם אינזעל קיין זאך ניט ענטדעקען, ווייל ער איז וויסט און לעער און בעשטעהט מעהרסטענס פון הוילע הארטע שטיינער. פאָהרען 150 מייל אין א קליין שיפעל איז צו ריזיקאליש, ווייל וואָס וועט זיין אויב דיא שיף וואָס פענקראָפט בויט וועט ניט דערגרייכען דעם געווינשטען פלאץ? וואָס וועט זיין אז זיא וועט פערטראָגען ווערען פון א שטורם? וואָס וועט פון איהר ווערען אין מיטען פון שטילען מעער?

דער אינזשיניר האָט אָפט גערעדט וועגען דעם מיט פענקראָפט און ער האָט איהם געוואָלט אָבווענדען פון זיין אידעע, אָבער דער מאטראָז האָט זיך ניט געלאָזט בויגען און ער איז געשטאנען ביי דאָס זייניגע, אז ער מוז דיא רייזע צום אינזעל טייבאָר אונטערנעהמען.

— פריינד פענקראָפט — האָט הארדינג צו איהם איינמאָל געזאָגט — איך קען אייך ניט פערשטעהן. איהר אליין ליעבט דאך אזוי פיעל דעם לינקאָלן אינ־

זעל. איהר אליין זאָגט דאָך, אז דאָ איז א גן עדן, אז דאָ פעהלט גאָר ניט, און ענדליך זיינט איהר דער ערשטער צו וועלען פערלאָזען איהם.

— איך וויל אונזער בעליעבטען אינזעל ניט פערלאָזען — האָט דער מאַט־ראָז געענטפערט — איך וויל פון דאנען ניט אוועק אויף שטענדיג, בלויז פאר איינינע טעג, קאפּיטאַן. איך וויל נור פאָהרען אהין, א בליק טהאָן וויא יענער אינזעל זעהט אויס און קומען צוריק.

— אָבער עס איז דאָרט ניטאָ וואָס צו זעהן. עס איז א וויסטער אינזעל און ער קומט ניט צום לינקאָלן אינזעל, אזוי וויא מאָג צו נאכט.

— איך וויים עס פון פריהער.

— ווארום זשע ווילט זיך אייך אהין פאָהרען?

— בלויז צו וויסען וואָס דאָרט טהוט זיך.

— אָבער דאָרט געהט גאָר ניט פאָר.

— ווער וויים? פיליכט יא.

— צוליעב א "פיליכט" לוינט זיך ניט צו ריזיקירען! און וואָס וועט זיין אז איהר וועט אויף'ן וועג פערכאפּט ווערען פון א שטורם?

— אין פריהלינג סעזאָן — האָט פענקראָפט געענטפערט — קומען ניט פאָר קיין גרויסע שטורמס און עס איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך. אָבער אזוי וויא מיר דארפען זיין פאָרבערייטעט צו אלעם, וועל איך אייך בעטען איהר זאָלט מיר ערלויבען מיטצונעהמען דעם יונגען הערבערט אויף מיין רייזע, פיליכט וועט עפּעס פאסירען וועלען מיר אין צווייען זיך גיכער קענען העלפען.

— פענקראָפט — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען ארויפלייגענדיג זיין האנד אויף'ן מאטראָז'ס שולטער — אויב, גאָט בעהיט, אן אונגליק וועט טרעפען אייך אָדער דעם יונגע, דענקט איהר אז מיר וועלען זיך אליין אייביג ניט האלטען פעראנטוואָרטליך דערפאר?

— קאפּיטאַן — האָט פענקראָפט געענטפערט — מיר וועלען אייך זיכער אזא צער ניט פערשאפען. אויסערדעם וועלען מיר נאָך רעדען דעריבער ווען דיא צייט פון דער רייזע וועט קומען. איך גלויב, אז ווען איהר וועט זעהן אייער שיף פערטיג, ווען איהר וועט זיך איבערצייגען וויא זיא וועט שווימען אויף'ן וואסער, וועט איהר זיך ניט שרעקען אזוי פיעל. אייער שיף וועט זיין א מייסטער־ווערק, א קונסט־שטיק, מיר וועלען זיא צו ערשט פּרובירען ארום אונזער אינ־זעל און דאן וועט איהר אליין צוגעבען, אז עס איז קיין ריזיקע צו פאָהרען מיט אייער שיף אין מיטען ים אויך.

— זאָגט: אונזער שיף — האָט דער אינזשיניר בעמערקט.

— זאָל זיין אונזער שיף — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אָבער איך בין זיכער, אז זיא וועט זיין גוט און מען וועט אין איהר קענען אונטער־נעהמען א גאנץ וויטע רייזע.

דערמיט האָט זיך זייער געשפּרעך געענדיגט מיט דעם בעשלוס צו בע־ראטהען זיך וועגען דער רייזע נאָך אמאָל אָדער איייניגע מאָל.

צו ענדע פון מאָנאט יוני איז ארויסגעפאַלען דער ערשטער שנעע. דיא קאָלאָניסטען האָבען פריהער בעזאָרגט גענוג שפּייז פאר דיא פיה וואָס זיי האָ־בען געהאט אין זייערע שטאהלען, דאָך פלעגען זיי אָפט געהן געוואָהר ווערען צו זייערע שעפּסען און ציעגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אוועקגעשטעלט נעצען צו פאנגען טהיערע. זיי האָבען אויך אָנגעהויבען געברויכען דיא מאשינקעס וואָס הארדינג האָט פאב־ריצירט פון דיא ביינער פון וואלפיש. דיא צובויגענע ביינדלעך זיינען איינגע־פראָרען אין וואסער און בעדעקט געוואָרען מיט פעטס און מען האָט זיי אוועקגע־לעגט אויף'ן שנעע ביים ברעג וואלד, וואו טהיערע לויפען אָפט דורך. דיא ערשטע פּראָבע איז זעהר גוט געלונגען. אויף מאָרגען האָבען דיא קאָלאָניסטען געפונען א דוצענד פוקסען, איייניגע ווילדע שווייגען און אויך א יאגואר (אמעריקאנישער טיגער) ליגענדיג טויט. דיא טהיערע האָבען איינגעשלונגען יענע ביינדלעך, וועלכע האָבען זיך אין זייערע געדערים פונאנדערגעלאָזט און זיי האָבען דער־פון קראַפּירט, ווייל זייערע מאָגענס זיינען געלעכערט געוואָרען.

גידעאָן ספּילעט האָט געהאט איייניגע מאָל פאָרגעשלאָגען זיינע קאָמפּאַ־ניאָנען, אז זיי זאָלען פּרובירען אריינוואַרפען אין ים א בריעף אין א פלאש, פילייכט וועט דיא פלאש צושווימען צו א בעוואָהנטען ברעג און מען וועט ערפאהרען פון זייער עקזיסטענץ אויף'ן לינקאָלן אינזעל. ער האָט אויך פּראָ־יעקטירט, אז מען זאָל פּרובירען שיקען אזעלכע בריעף דורך טויבען; אָבער דיא לייטע האָבען דערויף ניט געקענט לייגען קיין גרויסע האָפנונגען. דאָס נעהענטסטע בעזעצטעס לאנד איז געוועזן צוועלף הונדערט מייל ווייט פון לינקאָלן אינזעל און עס איז געוועזן ווייטלויפיג אָדער אונמעגליך צו גלוי־בען, אז א פלאש זאָל וועןן פערשווימען אָדער א פויגעל פערפליהען אזא ווייטע שטרעקע. אָבער עס האָט זיך געמאכט א צופאַל, דורך וועלכען דיא קאָלאָניסטען האָבען בעקומען אויסזיכטען צו קענען צו וויסען געבען צו אנדערע מענשען וועגען זייער עקזיסטענץ.

דעם 30טען יוני האָט הערבערט געשאָסען און לייכט פערוואונדעט אן אלבאטראָס, א מין גרויסער פויגעל, וואָס פון פליעגעל צו פליעגעל איז געוועזן צעהן פוס. דיעזער פויגעל איז פעהיג צו פליהען זעהר ווייט זאָגאר אריבער דיא ברייט פון פאסיפיק אָקעאן (שטילער מעער). הערבערט, וועלכער האָט דעם פערוואונדעטען אלבאטראָס געפאנגען, האָט געזעהן, אז זיין וואונד איז באלד פערהיילט און ער האָט בעשלאָסען צו האלטען איהם געצאמט, צו געוואָה־נען איהם צו מענשען און מאכען פאר א הויזליכעס געפליגעל. גידעאָן ספּילעט

האָט אָבער געפונען א געלעגענהייט דורכצופיהרען זיין פּלאַן דורך דיעזען פויגעל און ער האָט זיין וואונש ערקלערט צו הערבערט'ען.

דער יונגער הערבערט, וועלכער האָט אויך לוסט געהאט צו לאָזען וויסען דער וועלט פון זייער פערוואָרפען זיין אויף'ן אינזעל, האָט איינגעשטימט צו בענוצען דעם פויגעל צו דיעזען צוועק און מאכען איהם אלס שליח אָדער בריעפען־טרעגער.

דער אלבאטראָס איז פאָלשטענדיג געזונד געוואָרען. אין גירעאָן ספּילעט'ס הארץ האָט זיך ערוועקט דער זשורנאליסטישער גייסט און ער האָט אויפגע־שריבען א לאנגען בריעף, אין וועלכען ער האָט בעשריבען פיעלע איינצעלהיי־טען פון דיא געפאנגענשאפט פון דיא פינף פערזאָן אויף'ן געהיימניספאָלען אינזעל. ער האָט דעם בריעף אדרעסירט צום רעדאקטאָר פון "ניו יאָרק הע־ראָלד", מיסטער דזשיימס גאָרדאָן בענעט און געבעטען, אז דער וואָס וועט דעם בריעף בעקומען זאָל איהם אָבשיקען צום אדרעסאט.

אָבוואָהל עס איז נאָך דאן אויך געווען וויטלויפיג דערפון, אז דער בריעף זאָל אריינפאלען אין דיא הענד פון א ציוויליזירטען מענשען, וועלכער זאָל פערשטעהן זיין וויכטיגקייט און זאָל איהם, דעם געוועזענעם רעפּאָרטער, וועלען טהאָן דיא טובה און אָבשיקען דעם בריעף צו זיין צייטונג, דאָך האָט זיך גידעאָן ספּילעט געפיהלט גליקליך איבער גליקליך ביי דעם געדאנק, אז זיין וויכטיגע און אינטערעסאנטע קאָרעספּאָנדענציע וועט געדרוקט ווערען אין "ניו יאָרק הערעלד" און צעהנדליגע טויזענדע מענשען וועלען עס לייענען. ער האָט אָבגעשאצט דעם ווערטה פון אזא קאָרעספּאָנדענציע פאר זיין צייטונג און פאר איהם אלס רעפּאָרטער, אויב ער וועט נאָך אמאָל צוריק אהיים קומען, און ער האָט זיך געפיהלט אזוי וויא אין זיעבענטען הימעל.

דעם בריעף האָט ספּילעט איינגעפּאקט אין א קליין זעקעלע, געמאכט פון א צייג דורך וועלכע עס געהט ניט דורך קיין וואסער און עס צוגעבונדען צום נאקען פון אלבאטראָס. ער האָט דעם זעקעלע ניט צוגעבונדען צום פויגעל'ס פוס, ווייל דיא אלבאטראָסען זעצען זיך שטענדיג רוהען אויף'ן וואסער און ער האָט מורא געהאט, אז דאָס וואסער וועט דאָך דורכנעהמען דעם זעקעלע און דער בריעף וועט פערדאָרבען ווערען. מען האָט דעם פויגעל אָבגעלאָזט און ער איז אוועקגעפלויגען. אלע קאָלאָניסטען האָבען איהם נאָכגעקוקט ביז ער איז פערשוואונדען געוואָרען פון זייערע אויגען.

— וואוהין פליהט אונזער בריעפען־טרעגער? — האָט פּענקראָפט גע־פרעגט — אין וועלכע ריכטונג? צו וועלכעם לאנד?

— אין דיא ריכטונג פון ניי זעעלאנד — האָט הערבערט געענטפערט.

— האָב א גליקליכע רייזע! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — ערפיל דיין שליחות און פיהר אוועק דעם בריעף צום געווינשטען פּלאַץ.

פענקראַפט האָט געלעגט פיעל האָפנונגען אויף דעם געפליגעלטען שליח, אז ער וועט טהאָן פּינקטליך וויא מען פערלאַנגט און ער וועט זיין דער רעטונגס ענגעל, וועלכער וועט געבען צו וויסען דער וועלט פון דיא פינף פערוואָרפענע אמעריקאנער.

דיא קאָלאָניסטען האָבען פאָרטגעזעצט זייער ווינטער ארבייט אין גראַניט הויז. זיי האָבען פעררינכט זייערע קליידער און אנדערע זאכען אין הויז, צווישען אנדערעס האָבען זיי אויך געמאכט זעגלען פאר זייער שיף. לייווענד פאר דיא זעגלען האָבען זיי געשניטען פון דאָס וואָס איז זיי פערבליבען פון זייער באַלון.

אין פערלויף פון מאָנאט יולי איז דיא קעלט געווען זעהר שטארק, אָבער דיא בעזיצער פון גראניט הויז האָבען געהאט גענוג האָלץ און קויהלען און זיי האָבען געקענט האלטען זייערע צימערען ווארים. סיירוס הארדינג האָט געמאכט נאָך א פייער־פּלאַץ אין עס־שטוב, וואו ער און זיינע קאָמפּאַניאָנען פלעגען פערברייגגען דיא לאנגע ווינטער אבענדען. ווען זיי האָבען געארבייט האָבען זיי געשמועסט און באלאקעט וועגען פערשיעדענע זאכען און ווען זיי האָבען גערוהט האָבען זיי זיך בעשעפטיגט מיט לייענען דיא ביכער וואָס זיי האָבען געהאט און זיי האָבען ניט פערבראכט קיין שטיקעל צייט אומזיסט.

דיא לייטע האָבען זיך געפיהלט גאנץ בעקוועם. זייער וואָהנונג איז געווען בעלויכטען מיט ליכט, ווארים, ריין, ציכטיג; קיין עסען און טרינקען האָט זיי אויך ניט געפעהלט, טאבאק צום רויכערען האָבען זיי אויך געהאט און זיי פלעגען אין זייערע פרייע שטונדען זיצען און הערען וויא דער ווינד בלאָזט אין דרויסען, וויא דיא כוואליעס פון ים רוישען, און זיי האָבען געשעפּט פערגעניגען.

אָפטמאָל פלעגען זיי נאָך'ן עסען פערפיהרען א געשפּרעך וועגען זייער פאָטערלאַנד, וועגען זייערע פריינד, וועגען דיא רעגירונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און וועגען עהנליכע ערַאינערונגען פון זייער אלטע היים.

איינמאָל, ווערהענד דיא קאָלאָניסטען האָבען צווישען זיך געשמועסט, האָט ספּילעט צווישען אנדערעס געפרעגט:

— מיין טהייערער הארדינג, נאָכדעם וויא דיא וועלט איז ערשט אזוי גוט איינגעריכטעט מיט אלע מענשליכע בעדירפניסע, נאָכדעם וויא דיא אינדוסטריע און דיא קאָמערציע פון דער וועלט איז אזוי גרויס, דענקט איהר ניט, אז עס וועט אמאָל, פריהער אָדער שפּעטער, מוזען אויפהערען דיא טהעטיגקייט פון דער וועלט?

— ווארום דענקט איהר אזוי, פריינד ספּילעט? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— איך האָב אן אורזאכע דערצו — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט —

איך דענק, אז עס איז א געפאהר, אז קויהלען, וואָס איז פיליייכט דער קאָסט־באַרסטער און וויכטיגסטער מינעראל, וועלען זיך מיט דער צייט אויסשעפּען און אָהן קוילען וועלען פיעלע אינדוסטריען אויפהערען.

— יא, מיין פריינד — האָט הארדינג געזאָגט — אָט דיא שווארצע קויה־לען וואָס מיר ברענען, קענען צוגערעכענט ווערען צו דיא קאָסטבארע מינע־ראלען, און דיא נאטור צייגט עס אונז איבער דערמיט וואָס זיא האָט בעשאַ־פען דימענטען, וואָס זיינען אייגענטליך ניט מעהר וויא קריסטאליזירטע קויהלען־שטאָף.

— מיינט איהר, הערר קאפּיטאן, צו זאָגען — האָט זיך פענקראָפט אריינ־געמישט — אז מיר הייצען אונזערע אויוועגס מיט דימענטען?

— ניין, מיין פריינד — האָט הארדינג געענטפערט — מיר הייצען מיט קויהלען, ניט מיט דימענטען.

— אָבער יעדענפאלס — האָט ספּילעט פאָרטגעזעצט — גיט איהר, הייסט עס צו, אז עס וועט אמאָל קומען א טאָג, ווען דיא גאנצע קויהלען וועלען אויס־געהן און מען וועט עס שוין מעהר ניט קריגען.

— אָה! זאָרגט ניט, פריינד ספּילעט. עס זיינען נאָך פאראן גענוג קויה־לען אָדערען אין דער ערד און דיא פיעלע און פיעלע טויזענדע קויהלען־גרעבער, וואָס געבען ארויס אלע יאָהר פיעלע און פיעלע מיליאָנען טאָן (א טאָן איז 2,000 פונט) קויהלען, קענען נאָך גאַנץ לאנג ארבייטען ביז זיי וועלען דיא גאנצע קויהלען ארויסגעבען.

— אָבער, הערר הארדינג, קויהלען קומען דאָך אלע יאָהר אריין מעהר אין געברויך, און לאָמיר זאָגען, אז ערשט זיינען פאראן הונדערט טויזענד קויהלען־גרעבער וועט דאָך מיט דער צייט ווערען צוויי מאָל אזוי פיעל און זיי וועלען אויסגראָבען צוויי מאָל אזוי פיעל מאטעריאל וויא זיי גראָבען ערשט אויס, וועט דיא וועלט אמאָל ניט דארפען ליידען א קויהלען־מאנגעל?

— אָהן צווייפעל — האָט הארדינג געענטפערט — איהר דארפט דאָס אויך ניט פערגעסען אז אלע מאָל קומען צו נייע מאשינערי, וועלכע ציהען ארויס דיא קויהלען פון דער ערד זעהר שנעל, אָבער נאָך אלעמען וועט דיעזער מין ניט אזוי גיך אויסגעהן.

— אויף וויא לאנג נאָך וועלען מיר האָבען קויהלען? — האָט דער רע־פּאָרטער געפרעגט.

— אויף וועניגסטענס נאָך צוויי הונדערט און פופציג יאָהר — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— זיינען מיר, הייסט עס, פערזאָרגט — האָט זיך דער מאטראָז אָבגע־רופען — אָבער וואָס וועלען טהאָן אונזערע אור־אייניקלעך?

— זיי וועלען געפינען עטוואָס אנדערס, וואָס וועט זיי דיענען אלס היי־צונגס־מאטעריאל, האָט הערבערט געענטפערט.

— איך האָף אויך אזוי — האָט ספילעט זיך אָבגערופען — וויי' אָהן קויהלען וועלען ניט קענען געטריבען ווערען קיינע מאשינערי און אלע באהנען, שיפען און פאבריקען וועלען זיך מוזען אָבשטעלען. מען וועט קיין זאך ניט קענען פאבריצירען און מען וועט ניט קענען מאכען קיין זאך, וואָס דיא ציוויליזירטע וועלט מוז האָבען. און אזוי וויא דיא נאטור מוז אלעס נויטיגעס צושטעלען, וועט זיא וואהרשיינליך צושטעלען אזא מין מינעראל וואָס וועט פערנעהמען דעם פלאץ פון קויהלען און מען וועט אלעס קענען פאבריצירען און מאכען.

— און וואָס אזעלכעס וועט פערנעהמען דעם פלאץ פון קויהלען, קענט איהר מיר ניט זאָגען, קאפיטאן? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— יא, איך וועל איך זאָגען — האָט הארדינג געענטפערט — וואסער!

— וואסער? — האָט דער מאטראָז פערוואונדערט אויסגעשריען — מיט וואסער וועט מען הייצען שיפען און לאָקאָמאָטיווען? וואסער וועט מען גע־ברויכען היים צו מאכען וואסער?

— יא, וואסער צום הייצען און בעלייכטען — האָט הארדינג געענטפערט — איך מיין, אז פון וואסער וועט מען ארויסציהען איהרע הויפט עלעמענטען, דאָס וועט אָהן צווייפעל געטהאָן ווערען דורך עלעקטריציטעט, וואָס וועט צו יענער צייט שפיעלען א גרויסע ראָלע און דורך וועלכעס מען וועט קענען בעשאפען אזעלכעס וואָס זעהט ערשט אויס אונמעגליך. מען וועט דורך דיעזער קראפט ארויסציהען פון דיא וואסער דעם וואסער־שטאָף גאז און דעם זויער־שטאָף גאז און דיא ביידע שטאָפען צוזאמען אָדער איינציגע וועלען דיא קינפטיגע דורות געבען היץ און לייכטונג. יא, מיינע פריינדע. עס וועט אמאָל קומען א צייט ווען דיא קויהלען מאגאזינען אין דאמפפערס און לאָקאָמאָטיווען וועלען זיין אָנגעפילט מיט דיא דערמאָהנטע גאזען און זיי וועלען טהאָן דיא ארבייט פון קויהלען. עס איז דארום ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך וועגען דעם עקזיסטענץ פון אונזערע אור־אייניקלעך. זאָלאנג דיא וועלט וועט זיין בעוואָהנט, וועלען איהרע בעוואָהנער זיין פערזאָרגט מיט אלעס וואָס זיי וועלען דארפען. אויב איין פראָדוקט וואָס ווערט ערשט געברויכט וועט אויסגעהן, וועט אן אנדערער פערנעהמען זיין פלאץ. אז מען וועט ניט האָבען קיין קויהלען וועט מען הייצען מיט וואסער. יא, וואסער וועט זיין דיא קויהלען פון דער צוקונפט!

— איך וואָלט עס וועלען זעהן — האָט זיך דער מאטראָז געוואונשען.

— איהר זיינט צו גיך געבאָרען געוואָרען—האָט נעב בעמערקט—ווען איהר וואָלט זיך ניט אזוי געאיילט צו קומען אויף דער וועלט, וואָלט איהר פיליייכט דערלעבט צו זעהן עס.

דערווייל האָט טאפ אָנגעהויבען בילען און דער געשפרעך צווישען דיא

קאָלאָניסטען איז אָבגעהאקט געוואָרען. דער הונד איז אויף א ווײלע אנשוויגען געוואָרען, דאן האָט ער ווידער שטארק אָנגעהויבען בילען און האָט זיך גע־לאָזט לויפען צום ברונים.

— וואָס זעהט דאָרט דער הונד, אָדער וואָס שפּירט ער דאָרט? — האָט פענקראָפט געפּרעגט.

— און דזשופּ ברומט עפּעס אויך — האָט הערבערט צוגעגעבען.

און פאקטיש האָט דער אָראנג־אוטאנג נאָכגעפאָלגט דעם הונד און ער האָט געברומט און געצייגט צייכענס פון אונרוהיגקייט.

— עס זעהט אויס — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — אז דיעזער ברונים האָט א צוזאמענהאנג מיט׳ן מעער און א ים־טהיער קומט אהין אָבציהען דעם אָטהעם. דער הונד און דיא אפּע האָבען עס דערשפּירט.

— עס איז וואהרשיינליך אזוי — האָט דער מאטראָז געזאָגט — קיין אנדער ערקלערונג פאר טאָפּ׳ס בילען און דזשופּ׳ס ברומען קען ניט זיין. שטי־לער דאָרט, טאָפּ! און דוא, דזשופּ, געה אין דיין צימער!

דער הונד און דיא אפּע זיינען שטיל געוואָרען. דזשופּ איז אוועק אויף זיין אָרט, אָבער טאָפּ איז פערבליבען נעבען ברונים און ער האָט שטילערהייד גע־בילט און געברומט א גאנצען אבענד. דער אינזשיניר האָט עס שטארק אין זינען גענומען און ער האָט וועגען דעם פיעל געדענקט.

אין דיא לעצטע טעג פון יולי זיינען געווען געמישט רעגענס און פרעסט. יענער ווינטער איז אין אלגעמיין ניט געווען אזא קאלטער וויא דער ערשטער ווינטער וואָס דיא אנטלאָפענע פון ריטשמאָנד האָבען פערבראכט אויף׳ן לינ־קאָלן אינזעל; דערפאר אָבער זיינען געווען גרויסע ווינטען און שנעע־שטורמס. אויף׳ן ים האָבען זיך איינינע מאָל אויפגעהויבען אזעלכע שטורמס, אז עס האָט אויסגעזעהן, דאָס דיא כוואליעס וועלען אויפרייסען דעם גאנצען בארג מיט דער גראניט הויז צוזאמען.

דיא בעזיצער פון גראניט הויז פלעגען אָפטמאָל קוקען דורך דיא פענסטער אויף דעם ברויזענדען מעער. אונגעהייער הויכע כוואליעס פלעגען זיך אויפהויבען און פערפלייצען דעם ברעג און ניט איין מאָל פלעגען זיי זיך אָבכאפּען פון פענסטער, ווייל עס האָט זיי אויסגעוויזען אז א כוואליע ווארפט זיך אויף זיי אין גראניט הויז.

וועהרענד דיעזע שטורמס איז געווען שווער און זאָגאר געפעהרליך ארויס־צוגעהן דרויסען, ווייל בוימער זיינען איינגעפאלען און מען האָט געקענט אויף יעדען שריט און טריט גע׳הרג׳עט ווערען. דאָך איז ניט אוועק קיין וואָך צייט וואָס דיא קאָלאָניסטען זאָלען ניט האָבען בעזוכט דיא שטאהלען פון זייערע שעפּסען און ציעגען. דיא שטאהלען זיינען גליקליכערווייזע ווענינ וואָס בע־

שעדיגט געוואָרען פון דיא שטורמס, ווייל דער בארג פרענקלין האָט זיי פער־שטעלט. אָבער דער געפליגעל־הויף אויף פּראָספּעקט האיטס, וואָס איז געוועזן פריי ארום און ארום, האָט זעהר פיעל געליטען. דער דאַך פון טויבען־הויז איז צוויי מאָל ארונטערגעריסען געוואָרען און דיא פארקאַנען ארום זיינען איינגע־פאלען. מען האָט אלעס געדארפט איבערבויען שטארקער און בעסער וויא עס איז פריהער געוועזן, ווייל עס איז בעוויזען געוואָרען, אז דער לינקאָלן אינזעל געפינט זיך אין א מעהר געפעהרליכע געגענד פון פאסיפיק און א שוואכע געביידע קען דאָרט ניט עקזיסטירען.

אין דער ערשטער וואָך פון מאָנאט אוגוסט איז דער וועטער געוועזן פיעל מילדער. דיא שטורמס האָבען אויפגעהערט צו בושעווען, אָבער דערפאר איז דער פראָסט געוועזן שטארקער. דער טערמאָמעטער האָט געצייגט אכט גראד פאהרענהייט אונטער׳ן נול.

דעם דריטען אוגוסט האָבען דיא קאָלאָניסטען געמאכט א שפּאציר גאנג אין סאוטה־אָסט טהייל פון אינזעל. זיי האָבען געוואוסט אז ווינטער צייט גע־פינען זיך דאָרט ווילדע ענטען (קאטשקעס), גרעבען און אנדערע פויגלען, וועל־כע קענען שווימען און דיא קאָלאָניסטען האָבען בעשלאָסען צו מאכען א יאגד אויף זיי. ספּילעט, פענקראָפט, נעב און הערבערט האָבען זיך בעטהייליגט אין דער יאגד. זיי האָבען אויך מיטגענומען טאפּ און דזשופּ, בלויז איין סיירוס הארדינג איז פערבליבען אין הויז. ער האָט ערקלערט אז ער האָט עפּעס צו טהאָן און ער קען ניט מיטגעהן מיט זיינע קאָמפּאניאָנען.

דיא יעגער זיינען אוועק אין דיא ריכטונג פון פּאָרט באלון, אום פון דאָרט אוועקצוגעהן נאָך דיא זומפּען, וואו דיא פויגלען געפינען זיך. דער אינזשיניר איז העכסט צופריעדען געווען דערמיט וואָס זיינע חברים האָבען איהם איבער־געלאָזט אליין. ער האָט געוואָלט דורכפיהרען א זאַך, וועגען וועלכע ער האָט פון לאנג געדענקט און ער האָט ניט געוואָלט אז יעמאנד זאָל איהם שטערען. ער האָט דארום געווארט אויף אזא געלעגענהייט צו פערבלייבען אליין אין גראַ־ניט הויז און דיעזע געלעגענהייט איז געקומען.

דעם אינזשיניר האָט געעגבערט אין מח דיא פראגע: ווארום לויפט אזוי אָפט טאפּ ארום דעם ברונים? ווארום בילט ער? ווארום ברומט דזשופּ אין דער זעלבער צייט ווען דער הונד בילט? ווארום ווערען דיעזע טהיערע אונרוהיג? שפּירען זיי עפּעס אין ברונים? ציהען זיך פון דעם ברונים צווייגען צום ים? פערבלאָנדזען אהין פישען אָדער ים־טהיערע? — דאָס אלעס האָט הארדינג געוואָלט וויסען און ער האָט בעשלאָסען צו מאכען אונטערזוכונגען וועגען דעם.

אצינד אז קיינער פון זיינע קאָמפּאניאָנען איז ניט געווען האָט הארדינג פּעסט בעשלאָסען ארונטערצולאָזען זיך אויף׳ן גרונד פון ברונים און זעהן וואָס

דאָרט געהט פאָר. עס איז ניט געווען קיין שווערע זאך, אבער פיליכט א געפעהרליכע און זיינע קאָלעגען וואָלטען איהם ניט צוגעלאָזט צו טהאָן עס. דער אינזשיניר האָט גענומען א שטריק־לייטער, וועלכען זיי האָבען אמאָל בענוצט ארויפצוקומען אין גראניט הויז, און האָט איהם ארונטערגעלאָזט אין ברונים. אין דער הויך האָט ער איהם שטארק צוגעבונדען, אום ער זאָל זיך האַלטען פעסט. ער האָט דאן אָנגעצונדען א לאנטערנע, האָט מיטגענומען א רעוואָלווער און א מעסער און האָט זיך געלאָזט געהן ארונטער.

דיא וואנד פון דער גרוב זיינען ניט געווען גלאַט. שפיצען פון שטיינער האָבען אין פיעלע ערטער ארויסגעשטעקט און הארדינג האָט געדארפט זיין זעהר פאָרזיכטיג אז ער זאָל אָן דיא שפיצען ניט בּעשעדיגט ווערען. וויא ער האָט פערשטאנען, קענען דיא שפיצען דיענען אלס הילף פאר טהיערע ארויפ־צוקלעטערען פון אונטען ארויף אין גראניט הויז.

ער האָט ביי דיא ליכט פון דער לאנטערנע גוט בעאָבאכטעט דיא שפי־ציגע שטיינער און ער האָט ניט געפונען קיין צייכען אז א חיה זאָל דאָרט האָבען געקלעטערט ווען עס איז. ער איז ארונטער אליץ טיעפער און טיעפער און האָט בעקוקט אלע זייטען פון ברונים, אָבער ער האָט קיין פערדעכטיגען שפּור געזעהן.

דער אינזשיניר איז ענדליך געקומען צום וואסער, וועלכעס איז געווען רוהיג. אין קיין אָרט האָט הארדינג ניט בעמערקט קיין ארויסגאנג אָדער איר־גענד וועלכע לאָך אין דיא וואנד. דער ברונים איז געווען אזוי וויא אויסגע־האקט אין א פעלזען און דיא וואנד זיינען געווען גאנץ שטארק. קיין בעשעפּנים וואָלט זיכער געקענט דורכהאקען א וועג דורך דיא שטיינערנע וואנד. דיא איינ־ציגע וועג דורך וועלכע מען האָט געקענט קומען אין ברונים איז געווען דורך דעם קאנאל וואָס האָט זיך געצויגען פון גרונד פון דער טיעפער גרוב ביז'ן מעער. אָבער בלויז ים־טהיערע האָבען דאָרט געקענט דורכשווימען. וואו יענער קאנאל ענדיגט זיך און וויא טיעף ער ציהט זיך אונטער דער ערד, דאָס האָט הארדינג ניט געקענט וויסען.

א ווײַלע שפּעטער איז דער אינזשיניר ארויף צוריק אין דער הויך, האָט ארויפגעצויגען דעם לייטער, האָט צוריק צוגעדעקט דעם מויל פון ברונים און איז אריין אין עס־שטוב מורמלענדיג צו זיך אליין: „איך האָב דאָרט גאָר ניט געזעהן, אָבער עפּעס איז דאָרט פאָרט פאראן".

---

## 12טעם קאפיטעל.

פערטיג געמאכט דיא שיף. — א מלחמה מיט פוקסען. — דזשופ פערוואונדעט. — א נאָמען געגעבען דער שיף. — דיא ערשטע פראָבע. — פענקראָפט'ס עקשנות. — אן אונערוואַרטעטער דאָקומענט.

---

אין אבענד האָבען זיך דיא יעגער אומגעקעהרט אהיים אָנגעלאָדען מיט פיעלע פויגלען וואָס זיי האָבען געפאנגען. דיא פיער פערזאָן האָבען ניט געקענט טראָגען אזוי פיעל און זיי האָבען דעם הונד מיט דער אפע גענומען אלס ארויס־העלפער. טאפ האָט געטראָגען צוזאמענגעבונדען קליינע פויגלען ארום זיין האלדז און דזשופ האָט מיטגעשלעפט א גרויסען בינטעל פויגלען אויף זיין נאקען.

זיי זיינען געקומען אין גראניט הויז אויסגעמאטערטע; דערפאר אָבער האָבען זיי יענעם אבענד געהאט א גוטען מאָהלצייט און זיי האָבען יענע נאכט זעהר געשמאק געשלאָפען.

אויף מאָרגען האָט קאפיטאן הארדינג דערצעהלט דעם רעפּאָרטער וועגען זיין נעכטיגע פאָרשונג אין ברונים און ספּילעט האָט אויך צוגעגעבען, אז אָבוואָהל דער אינזשיניר האָט דאָרט גאָר ניט געזעהן, מוז דאָרט דאָך עפּעס זיין, וואָס מאכט טאפ און דזשופ אונרוהיג.

דער פראָסט האָט אָנגעהאלטען נאָך א וואָך און דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט פערלאָזט זייער וואָהנונג, אויסער וואָס זיי זיינען געווען געוואָהר ווערען צו זייערע פיה און געפליגעל.

דורך דער וואָך האָט פענקראָפט מיט דיא הילף פון יונגען הערבערט געענדיגט דיא ארבייט פון דיא זעגלען. זיי האָבעןביידע געארבייט זעהר פלייסיג און עס איז ארויסגעקומען העכסט געראָטען. צו נעהען דיא לייוועגד האָבען זיי גענוצט דיא שטריקלעך פון באלון. זיי האָבען אויך געהאט גענוג שטריק אויף ארויפציהען דיא זעגלען אויף דיא מאסטען און צו אלעס וואָס זיי האָבען געדארפט. פענקראָפט האָט אויך געמאכט א פלאג, אן אמעריקאנישען פלאג, וועלכער איז אזוי בעליעבט און טהייער ביי דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא פארבען פון דעם פלאג האָט ער געמאכט פון אזעלכע גראָזען און וואקסונגען וואָס הערבערט האָט אמאָל געפונען. דער פלאג האָט געהאט 37 שטערען לויט דעם צאָהל פון דיא שטאאטען וואָס האָבען דאמאָלס בעלאנגט צום אמעריקאנישען בונד. אָבער דער מאטראָז האָט נאכהער צוגעגעבען נאָך א שטערען, דער שטערען פון דעם "שטאאט לינקאָלן", ווייל ער האָט שוין גע־רעכענט זייער אינזעל אלס א טהייל פון דער גרויסער רעפּובליק. דיא האַלץ ארבייט פאר דיא זעגלען האָט סיירוס הארדינג אליין געמאכט.

פאַרלויפיג איז דער פלאַג ארויסגעהאנגען געוואָרען אין מיטעלסטען פענ־סטער פון גראַניט הויז. דיא קאָלאָניסטען האָבען זייער פלאַג בעגריסט מיט "הורא" געשרייען.

דער קאַלטער סעזאָן איז כמעט פאַראיבער און עס האָט אויסגעזעהן, אז דער צווייטער ווינטער אויף לינקאָלן אינזעל איז אוועק כמעט אָהן בעזאָנדערע גע־שעהעניסען, אָבער אין דער נאכט פון עלפטען אוגוסט זיינען דיא קאָלאָניסטען איבערראשט געוואָרען פון א זאָנדערבארע פאסירונג.

זיי זיינען יענע נאכט זעהר געשמאק געשלאָפען, ווען פלוצלונג האָט טאפ אָנגעהויבען שטארק בילען, דיעזען מאָל ניט ביים ברונים, זאָנדערן ביים טהיר פון גראַניט־הויז. דער הונד האָט מיט דיא פיס געריסען דיא טהיר וויא ער וואָלט זיא וועלען עפענען, און האָט געבילט אָהן אויפהער. דזשופ האָט אויך געברומט און געשריען. דער מאַטראָז איז געוועזן דער ערשטער וואָס האָט דער־הערט טאפ'ס בילען.

— וואָס איז מיט דיר, טאפ? — האָט פענקראָפט געפרעגט ליגענדיג אויף זיין געלעגער — שטער אונז ניט אונזער שלאָף.

דער הונד איז אויף א ווייל א אנשוויגען געוואָרען און האָט באלד וויעדער אָנגעפאנגען בילען. הארדינג און אלע איבעריגע האָבען זיך אויך אויפגעכאפט.

זיי האָבען שנעל אָנגעצויגען זייערע קליידער און זיינען צוגעלאָפען צו א פענסטער.

דיא ערד אונטען איז געווען בעדעקט מיט שנעע, וועלכער האָט אין דער פינסטער אויסגעזעהן אזוי וויא פון א גרויען קאָליר. דיא קאָלאָניסטען האָבען קיין זאך ניט געזעהן, אָבער זיי האָבען געהערט א געררויש און דאָס ברומען און שרייען פון טהיערע.

— וואָס פאר א טהיערע זאָלען עס דאָרטען זיין? — האָט פענקראָפט אויסגעשריען.

— וועלף, יאַגוארען אָדער אפען — האָט נעב געענטפערט.

— זיי זיינען ניט ווייט פון אונז — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — זיי זיינען שוין באלד דאָ אין דער הויף.

— אונזער געפליגעל־הויף און אונזער גאָרטען! — האָט הערבערט פער־צווייפעלט אויסגעשריען.

— וויא אזוי זיינען זיי אריבער אהער? — האָט פענקראָפט פערוואונדערט געפרעגט.

— זיי זיינען וואהרשיינליך אריבער דעם בריק פון טייך מערסי — האָט דער אינזשעניר געענטפערט — און זיי זיינען דורך יענער זייט ארויף צו פראָספּעקט האַיטס.

— אזוי איז עס ! — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — איך דערמאָהן מיך ערשט, אז איך האָב דעם בריק ניט אויפגעהויבען.

— א שעהן שטיקעל ארבייט האָט איהר אונז געמאכט, העררר ספּילעט — האָט פּענקראָפט פעררדריסליך געזאָגט.

— וואָס עס איז אָבגעטהאָן — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — קען מען צוריק ניט כאפּען. אָבער מיר מוזען זיך ערשט בעראטהען וואָס מיר זאָלען טהאָן.

עס איז קיין צווייפעל געווען, אז דער בריק איז ניט געווען אויפגעהויבען און טהירע, וועלכע זיי זאָלען ניט זיין, זיינען אריבער דעם וואסער גרענעץ און זיי לאָזען זיך צו פּראָספּעקט האיטס. מען מוז אלזאָ געפינען א מיטעל וויא אזוי צו פעריאָגען זיי, אום זיי זאָלען ניט פעראורזאכען קיין שאדען.

אָבער וואָס פאר א טהיערע דאָרט זיינען געווען האָט מען ניט געקענט וויסען. דיא חיות האָבען געשריען און געברומט אלע מאָל שטארקער, אָבער פון דיא קולות האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט שליסען צו וואָס פאר א מין זיי בעלאנגען. אביסעל שפּעטער האָט זיך הערבערט דערמאָהנט, אז ער האָט עהנליכע געשרייען פון טהיערע אמאָל געהערט ביי רעד קריק (רויטער טייכעל). ער האָט זיך אביסעל בעדענקט און ער האָט זיינע קאָמפּאניאָנען ערקלערט, אז דאָס זיינען א זאָרט פוקסען.

— פאָרווערטס ! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען.

זיי האָבען זיך אלע בעוואפענט מיט העק, ביקסען און רעוואָלווערען און זיי האָבען זיך ארונטערגעלאָזט אונטען צום ברעג פון מעער.

יענע פוקסען זיינען געפעהרליכע ברואים, הויפּטזעכליך ווען זיי זיינען א סך אין צאָהל און הונגעריג. דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געוואגט אריינצוקומען צווישען דער סטאדע ווילדע חיות און זיי האָבען געשאָסען פון אונטען ארויף אום צוריק צו טרייבען די טהיערע, אז זיי זאָלען ניט דערגרייכען דעם געפליגעל-הויף. דיא קאָלאָניסטען האָבען געוואוסט, אז ווען דיא פוקסען קלייבען זיך אהין אריין, וועט פון זייערע עופות ווענינ וואָס איבערבלייבען. דיא קאָלאָ-ניסטען האָבען אויך מורא געהאט, אז דיא טהיערע זאָלען ניט פעררדערבען זייער קאָרן פעלד און זיי האָבען געמוזט אָנווענדען אלעס מעגליכע צו פער-טרייבען זיי איידער זיי וועלען עטוואָס שאדען טהאָן.

צום גליק האָבען נאָך דיא פוקסען ניט געהאט ארויפגעקלעטערט אין דער הויך אויף פּראָספּעקט האיטס. זיי זיינען נאָך אלע געווען אונטען צווישען דעם טייך מערסי און דעם בארג און מען האָט נאָך געקענט פערהיטען, אז זיי זאָלען אין דער הויך ניט קומען. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך אויסגעשטעלט אין איין רייהע. טאפּ איז אויך געווען גרייט צו א מלחמה, זאָגאר דזשופּ איז אויך געווען

בּעוואפענט מיט א דיקע בולאווע, גרייט צו קלאפּען רעכטס און לינקס, צו יע־דער צייט ווען נעב אָדער פּענקראַפּט וועט איהם הייסען.

דיא נאכט איז געווען זעהר א פינסטערע. דיא קאָלאָניסטען האָבען דיא פוקסען פערשטעלט דעם וועג און געשאָסען. פון דעם בליאסק וואָס פלעגט זיך ארויסכאפּען פון דיא רעוואָלווערען און ביקסען האָבען דיא לייטע געזעהן מיט וועמען זיי האָבען צו טהאָן. דאָרט זיינען געווען אומגעפעהר הונדערט פוקסען, געגען וועלכע אלע פינף פערזאָן האָבען געקעמפּפט. אייניגע פון דיא טהיערע זיינען שוין געלעגען טויט אויף דער ערד, אָבער עס האָט ניט אויסגעזעהן, אז דיא מחנה איז געוואָרען קלענער. דיא קאָלאָניסטען זיינען דארום געווען אזוי וויא פעסט איבערצייגט, אז וועהרענד מאנכע פוקסען פאלען אין דער מלחמה, קומען צו אנדערע איבער'ן בריק.

דער קאמפּף איז געוואָרען א פירכטליכער. דיא טהיערע זיינען שרעקליך ווילד געוואָרען און זיי האָבען זיך געוואָרפען אויף דיא מענשען. איין פוקס איז ארויפגעשפּרונגען דעם ניגער אויף'ן רוקען און ער האָט זיך אין איהם אָנגעטשעפּעט מיט זיינע שארפע נעגעל. הערבערט האָט דער חיה דערשאָסען. טאפּ האָט געקעמפּפט וויא א העלד. ער האָט זיך געוואָרפען אויף דיא העלדזער פון דיא טהיערע און ער האָט אייניגע פון זיי דערשטיקט. דזשופּ איז אויך ניט געשטאנען מיט פערלעגטע הענד און ער האָט געקלאפּט מיט זיין שטעקען רעכטס און לינקס. דער אָראנג־אוטאנג איז שוין געווען צופּיעל וואגענד און ער איז גע־לאָפען צווישען דיא מחנה בייזע טהיערע. ביי דעם בליאסק פון א שאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען געזעהן וויא דער פיער־הענדיגער דזשופּ קעמפּפט מיט פינף פון דיא חיות, אָבער קומען איהם צו הילף האָבען זיי ניט געקענט.

דיא מלחמה האָט זיך אין צוויי שטונדען ארום געענדיגט מיט א זיעג פאר דיא קאָלאָניסטען. באלד וויא עס האָט אָנגעהויבען טאָגען זיינען דיא טהיערע וואָס זיינען ארוים מיט גאנצע ביינער אנטלאָפען איבער'ן בריק, איבערלאָזענדיג א היבשע ביסעל פון זייערע ברידער טויט און פערוואונדעט. נעב איז באלד געלאָפען און ער האָט דעם בריק אויפגעהויבען. ווען עס איז ליכטיגער געוואָרען האָבען דיא זיעגער איבערגעצעהלט דיא געפאלענע אין דער מלחמה. זיי זיינען געווען פופציג שטיק, וועלכע זיינען געלעגען צושפּרייט אויף'ן שלאכט־פעלד.

דיא קאָלאָניסטען זיינען העכסט צופריעדען געווען וואָס זיי זיינען ארוים אזוי זיעגרייך; אָבער זיי האָבען זיך באלד ארומגעזעהן, אז איינער פון זייערע, נעמליך דזשופּ, איז ניטאָ.

נעב האָט אָנגעהויבען שרייען און רופען דיא אפּע, אָבער קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דזשופּ האָט זיך ניט אָבגערופען ווען דער ניגער האָט איהם גערופען.

זיי זיינען אלע אוועק זוכען דעם פערשוואונדענעם אָראנג־אוטאנג. זיי האָבען

אָבגעראַמט דיא טויטע קערפּער פון שנעע, וואָס איז געווען בעפאַרבט מיט בלוט און דזשופּ איז געפונען געוואָרען ליגענדיג צווישען אייניגע טויטע פוקסען. דיא טויטע טהיערע ארום איהם האָבען געהאט צובראָכענע קינבאקען און צו־קלאַפּטע קערפּערס. דאָס האָט בעוויזען אז דזשופּ האָט זיי דערשלאָגען מיט דער בולאַווע, וואָס ער האָט בענוצט אלס וואַפע.

דער אָרימער דזשופּ, אָבוואָהל שווער פערוואונדעט, האָט נאָך אין זיין האנד געהאַלטען א שטיקעל פון דעם שטעקען, וועלכען ער האָט צובראָכען אויף דיא קעפּ פון דיא ווילדע טהיערע. נעב האָט זיין פּיער־הענדיגען חבר בעטראכט און ער האָט אויסגעשריען:

— ער לעבט, ער לעבט!

— און מיר וועלען איהם רעטען — האָט זיך דער מאַטראָז אָבגערופען — מיר וועלען איהם שאַפען הילף און היטען אזוי וויא ער זאָל זיין איינער פון אונזערע.

עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דזשופּ זאָל פערשטעהן וואָס מען רעדט, ווייל ער האָט אָנגעשפּארט זיין קאָפּ אויף פּענקראָפט'ס אקסעל, אזוי וויא ער זאָל איהם דאנקען. דער מאַטראָז אליין איז אויך געווען פערוואונדעט, אָבער ניט אזוי שטארק וויא זיין קאָמפּאַניאָן דזשופּ. דיא מענשען האָבען דיא טהיערע ניט געקענט אזוי פיעל בייזעס טהאָן, ווייל זייערע פייער־געוועהר האָבען זיי פערטריבען; דזשופּ אָבער האָט זיך בלויז פערטהיידיגט מיט א שטעקען און זיי האָבען געקענט צוקומען צו איהם און רייסען און בייסען זיין לייב.

נעב און פּענקראָפט האָבען דעם פערוואונדעטען אוועקגעטראָגען און ארויפ־געצויגען אין גראַניט הויז. דזשופּ האָט שמערצליך געקרעכצט, אזוי וויא ער זאָל בעטען מען זאָל איהם רעטען. מען האָט איהם אוועקגעלעגט אויף א מאַטראַץ וואָס איז אראָבגענומען געוואָרען פון איינע פון דיא בעטען און פּענקראָפט האָט זיינע וואונדען פּאָרזיכטיג אויסגעוואַשען. עס האָט אויסגעזעהן, אז קיינע אָדערען זיינען ביי דזשופּ ניט געריהרט געוואָרען, דאָך איז ער געווען זעהר קראנק פון בלוט פערלוסט. און נאָכדעם וויא מען האָט פערבאנדאזשירט זיינע וואונדען איז ער אריינגעפאַלען אין א שרעקליכען פיבער.

מען האָט איהם געגעבען לייכטע נאהרונג און בעהאנדעלט אזוי וויא א קראנקען מענשען אין אלע הינזיכטען. אָנפאנגס איז דזשופּ געווען אונרוהיג און ער האָט געאָטהעמט זעהר שווער. אָבער זיין אָטהעם איז אלע ווייל[ע] געוואָרען מעהר רעגעלמעסיג, ביז ער איז אריינגעפאַלען אין א טיעפען שלאָף. טאָפּ פלעגט פון צייט צו צייט קומען שטילערהייד, אויף דיא שפּיץ פינגער אזוי וויא איינער קומט געוואָהר ווערען צו א געפעהרליכען חולה. איינע פון דזשופּ'ס הענד איז אראָפּגעהאנגען פון זיין בעט און טאָפּ האָט זיא געלעקט מיט א סימפּאטישע מינע.

אין יענעם טאָג האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל אוועקגעשלעפּט דיא טויטע קערפּערס פון דיא פוקסען אין וואלד פון פאר ווערט און זיי דאָרט בע־גראָבען טיעף אין דער ערד.

דיעזע ערפאהרונג מיט דעם איבערפאל פון דיא טהיערע האָט דיא קאָ־לאָניסטען געדיענט אלס גוטע לעקציאָן צו זיין מעהר פּאָרזיכטיג און פון דאַ־מאָלס אָן זיינען זיי קיינמאָל ניט געגאנגען צו בעט איידער זיי זיינען געווען זיכער, אז זייערע בריקען זיינען אויפגעהויבען און קיין טהיער וועט ניט קענען אריינקומען אין זייער קליינע טעריטאָריע.

דזשופּ׳ס צושטאנד האָט זיך אין עטליכע טעג ארום אָנגעהויבען בעסע־רען. דער פיבער איז געוואָרען שוואכער און גידעאָן ספּילעט, וועלכער האָט געהאט א שטיקעל ידיעה אין מעדיצין, האָט ערקלערט, אז ער איז ארויס פון געפאהר.

דעם 16טען אוגוסט האָט דזשופּ אָנגעפאנגען עסען. נעב האָט פאר איהם פּערפּערטיגט גוטע מאכלים און נאשערייען. דזשופּ איז פון נאטור געווען א היב־שער נאשער און אבי נור ער האָט געקראָגען א שטיקעל אפּעטיט האָט ער איינ־געשלונגען דיא גוטע זאכען וואָס נעב האָט איהם דערלאנגט.

גידעאָן ספּילעט האָט אמאָל דעם ניגער אויסגערעדט פאַרוואָס ער גיט דזשופּ׳ן אזוי נאָך און געוואָהנט איהם איין צו זיין א נאשער, א פרעסער; אָבער נעב האָט איהם געענטפערט, אז דיא אָרימע אפּע קען גיט האָבען קיין בעגריעף פון אנדערע גוטע זאכען, פון אנדערע פערגניגענס, זאָל זיא וועניגסטענס הנאה האָבען פון א גוטען ביסען.

צעהן טעג איז דזשופּ געלעגען צו בעט, דעם 1טען אוגוסט איז ער אויפגע־שטאנען. זיינע וואונדען זיינען געווען פערהיילט און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער וועט זיך גאנץ שנעל פּאָלשטענדיג ערהאָלען. אזוי וויא א מענש וואָס קומט איבער א קראנקהייט, איז דזשופּ געווען הונגעריג און דער רעפּאָרטער האָט ערלויבט מען זאָל איהם געבען עסען פיעל ער פערלאנגט. נעב האָט בעקומען אָן אָרדער אז ער זאָל זיין פיער־הענדיגען שילער געבען געגוג עסען און בעפרידיגען זיין אפּעטיט.

— עס פיעל דוא ווילסט, מיין דזשופּ — האָט דער ניגער געזאָגט צו דער אפּע — און שפּאָר ניט. דוא האָסט פערגאָסען דיין בלוט פון אונזערטוועגען און דוא דארפסט עס צוריק בעקומען. אלעס וואָס איך קען טהאָן פאר דיר איז געבען דיר גוט עסען.

דעם 25טען אוגוסט האָבען זיך פּלוצלונג נעב׳ס געשרייען געהערט וועהרענד ער האָט גערופען זיינע קאמעראדען.

— קאפּיטאן, העיר ספּילעט, העיר פּענקראָפט, הערבערט, קומט שנעל! קומט גיכער!

דיא קאָלאָניסטען וואָס זיינען דאמאָלס געזעסען אין עס־שטוב זיינען אריינ־געלאָפען אין אָראנג־אוטאנג׳ס צימער פון וואנען נעב׳ס קול איז געקומען

— וואָס איז געשעהן? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— קוקט — האָט נעב געענטפערט מיט א הילכענדען געלעכטער — קוקט אויף אונזער קאמעראד דזשופּ!

און זיי האָבען אלע געזעהן וויא הערר דזשופּ איז געזעסען דיא פיס אונטער זיך אזוי וויא א טערק, האָט געררויכערט א ליולקע און האָט געבלאָזען דעם רויך געלאסען און ערנסט אזוי וויא א רייכער בעל הבית ביי זיך אין דער היים.

— מיין ליולקע! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — דער גנב האָט מיין ליולקע צוגענומען! האלט עס, האלט עס, אלטער בחור, איך שענק דיר אוועק דיא ליולקע אלס א פּרעזענט, אלס א גראטולאציאָן וואָס דוא ביזט געזונד גע־וואָרען.

און דזשופּ האָט געררויכערט און געבלאָזען דעם רויך מיט א מין שטאָלץ און צופריעדענהייט. הארדינג איז דערפון ניט איבערראשט געוואָרען און ער האָט דערצעהלט זיינע קאָמפּאניאָנען פון אייניגע פאקטען וואָס געצויימטע אפען זיינען אזוי געווען צוגעוואָהנט צום רויכערען, אז דאָס איז ביי זיי געווען א נויטווענדיגקייט אזוי גוט וויא עסען.

פון יענעם טאָג אָן האָט שוין דזשופּ געהאט זיין אייגענע ליולקע. ער פלעגט זיא אליין אָנפילען מיט טאבאק, פלעגט זיא אָנצינדען מיט א גליהענדע קויהל און פלעגט רויכערען. פּענקראָפט, וועלכער איז אליין געווען א גרויסער רויכערער איז צוליעב דעם מעהר צוגעבונדען געוואָרען צו זיין שטומען פיער־הענדיגען קאָלעגע.

— פיליייכט איז ער גאָר א מענש — האָט פּענקראָפט אמאָל געזאָגט צו נעב — וועט איהר שטארק איבערראשט ווערען, ווען ער וועט אין א שעהנעם פריהמאָרגען אָנהויבען רעדען צו אונז?

— אויף מיין וואָרט, אז ניט — האָט נעב געענטפערט — וואָס מיר וואונדערט יא, איז, וואָס ער האָט ביז ערשט ניט גערעדט. ער איז דאָך אין אלע היגזיכטען אזוי וויא א מענש, נור דער לשון פעהלט איהם.

— מיר וואָלט עס גרוים פערגניגען פערשאפט — האָט דער מאטראָז געזאָגט — ווען דזשופּ זאָל צום ביישפּיעל צו מיר קומען און זאָגען: פּענקראָפט, לאָמיר זיך בייטען מיט דיא ליולקעס.

— יא — האָט דער ניגער געזאָגט מיט א מינע פון בעדויערען — א רחמנות נעבעך אויף איהם, וואָס ער איז געבאָרען געוואָרען א שטומער.

אין מאָנאט סעפּטעמבער האָט זיך דער ווינטער געענדיגט און דיא קאָ־לאָניסטען זיינען געוואָרען מעהר טהעטיג. דאָס בויען פון דער שיף איז צוגע־גאנגען שנעל. דיא אינוועניגסטע טהיילען פון דער שיף זיינען שוין געווען פער־

טיג פון פריהער, אָבער מען האָט נאָך געדארפט מאכען דיא אויסערליכע טהיילען, צו וועלכע פענקראָפט האָט זיך גענומען העכסט פלייסיג און פון טאָג צו טאָג איז צו דער שיף צוגעקומען א היבשע ביסעל.

אזוי וויא קיין האָלץ האָט ניט געפעהלט, האָט דער מאטראָז פאָרגעשלאָגען דעם אינזשיניר, אז דיא שיף זאָל געפּאנצערט ווערען, זאָל ארומגעקלאפּט ווערען מיט נאָך ברעטער, אום זיא זאָל זיין פעסטער און זיכערער פון רינען. הארדינג האָט איינגעשטימט מיט פענקראָפט'ס אידעע און האָט געזעהן אז דיא שיף זאָל זיין אזוי פעסט און זיכער וויא מעגליך.

דעם 15טען סעפּטעמבער איז דיא געביידע געווען פערטיג. מען האָט בלויז געדארפט פערשטאָפּען דיא שפּאלטען, פערגיסען מיט פעך, אוועקשטעלען דיא מאסטען און איינריכטען דיא זעגלען. פענקראָפט האָט געבראכט אזעלכע ווייכע און דינע גראָזען מיט וועלכע זיי האָבען פערשטאָפּט דיא שפּאלטען און לעכער פון דער שיף. פעך האָט זיי אויך ניט געפעהלט. דיעזער מאטעריאל, וואָס רינט פון בוימער איז אין וואלד געווען גענוג און זיי האָבען דערמיט אויסגעקלעפּט דיא שיף. עס האָט גענומען א שטיקעל צייט ביז זיי האָבען איינגעריכטעט דיא מאסטען מיט דיא זעגלען, אָבער אין דער ערשטער וואָך פון מאָנאט אָקטאָבער איז דיא שיף געווען פאָלקאָם פערטיג און עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו מאכען מיט איהר א פּראָבע רייזע ארום לינקאָלן אינזעל, אום צו זעהן וויא וויים זיכער מען קען מיט איהר זיין אויף'ן ים.

דורך דער צייט וואָס הארדינג און פענקראָפט און אָפּטמאָל אויך דיא אנדערע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע זיינען געווען בעשעפטיגט מיט פערפערטיגען דיא שיף, האָבען זיי אויך ניט פערנאכלעסיגט אנדערע וויכטיגע ארבייט. זיי האָבען פערגרעסערט דיא שטאהלען פון זייערע שעפּסען און ציעגען, ווייל איבער'ן ווינטער זיינען צוגעקומען יונגע, וועלכע זיינען דאָרט געבאָרען געוואָרען און מען האָט געדארפט מאכען פּלאַץ פאר זיי. זיי האָבען אויך פערגרעסערט זייער געפליעגעל־הויף, אין וועלכען עס זיינען צוגעקומען פויגלען און זיי האָבען פערפלאנצט נייע מינים פלאנצונגען און גרינסען, וואָס זיי האָבען געפונען אין וואלד.

דעם צעהנטען אָקטאָבער האָבען דיא קאָלאָניסטען ארונטערגעלאָזט דיא שיף אין וואסער. מען האָט איהר אויף קיילעכדיגע קלעצער צוגעשלעפּט צום ברעג און ווען דער פלוטה (וואסער שטייגונג) איז געקומען, האָט זיא אָנגעפאנגען שווימען אויף'ן וואסער, וועהרענד דיא קאָלאָניסטען האָבען געשריען "הורא!" און זיינען אויסער זיך געווען פון פרייד.

איידער דיא שיף האָט זיך אויפגעהויבען אויף'ן וואסער, האָבען דיא קאָלאָניסטען אלע איינשטימיג ערקלעהרט דעם מאטראָז אלס קאפּיטאן פון דער נייער שיף. דיעזע עהרע האָט ער גאנץ עהרליך פערדיענט, ווייל ער האָט אויפ־

געגעבען דעם פּראָיעקט פון בויען דיא שיף, איז געווען כמעט דער גאנצער ארכיטעקט פון איהר און האָט ארום איהר געארבייט פון אָנפאנג ביז צו ענדע. קאפּיטאן פּענקראָפט איז געווען העכסט צופריעדען מיט דעם טיטול וואָס זיינע קאָלעגען האָבען איהם געגעבען און ער איז געווען זעהר שטאָלץ דערויף. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך אויך בעראטהען וועגען א נאָמען געבען זייער שיף און נאכהער וויא פערשיעדענע נעמען זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען איז פער־בליבען, אז זיא זאָל הייסען "באָנעדוועןנטשור" (גוטע אונטערנעהמונג).

באלד וויא דאָס וואסער פון ים האָט אָנגעהויבען שטייגען און דיא "באָ־נעדוועןנטשור" האָט זיך אויפגעהויבען האָט פּענקראָפט א קאָמאנדעווע געטהאָן, אז אלע זאָלען ארייננגעהען אינוועניג. עס איז דאמאָלס געווען דיא צייט פון עסען, אָבער זיי האָבען זיך ניט געוואָלט פערזאמען און זיי האָבען מיטגענומען שפּייז אויף'ן שיף. זיי האָבען ערווארטעט אז זייער רייזע וועט דויערען וועניגסטענס ביז שפּעט אין אבענד.

אום האלב עלף אוהר פאר מיטאָג זיינען אלע געווען אויף'ן שיף, זאָגאר טאפּ און דזשופּ האָבען דאָרט אויך פערנומען פּלעצער. הערבערט האָט אויפ־געהויבען דעם אנקער, וואָס איז געווען פעסט ארייננגעשטעקט אין זאמד, דיא זעגלען זיינען ארויפגעצויגען געוואָרען און דיא גרויסע לינקאָלן פלאג האָט געפלאטערט אויף'ן שפּיץ פון הויכען מאסט. קאפּיטאן פּענקראָפט האָט גאָר אָנגעקוואָלען קוקענדיג אויף זיין שיף, איבער וועלכע ער האָט איבערגענומען דיא קאָמאנדע.

סיירוס הארדינג האָט בעטראכט דיא שיף, וועהרענד זיא האָט זיך אָנגע־הויבען בעוועגען אויף'ן וואסער און ער האָט ביי זיך געטראכט, אז נאָך אלעמען איז א ריזיקע צו לאָזען יעמאנדען פאָהרען מיט איהר אזא ווייטע וועג וויא צום אינזעל טייבאָר.

עס איז געווען שעהנעס וועטער. א מילדער ווינד האָט געבלאָזען און דיא "באָנעדוועןנטשור" האָט זיך געגליטשט אויף'ן בלויען וואסער. ביי דער ערשטער פּראָבע האָט זיך דיא שיף ארויסגעציינט זעהר גוט. איהר גאנג איז געווען אויסגעצייכענט און אלע האָבען צוגעגעבען אז מען קען פון איהר גרויסע נוצען ציהען.

פּענקראָפט האָט ניט געפיהרט דיא שיף פּאזע ברעג, זאָנדערן דריי אָדער פיער מייל ווייט פון טרוקענע לאנד. פון ווייטענס האָבען דיא קאָלאָניסטען בע־סער געקענט בעאָבאכטען זייער אינזעל. זיי האָבען געקוקט אויף זייער קליינע מלוכה און זיא בעוואונדערט.

— וויא שעהן אונזער אינזעל איז! — האָט הערבערט אויסגעשריען.

— יא, אונזער אינזעל איז שעהן און גוט — האָט זיך דער ניי־געוואָרענער שיפס־קאפּיטאן אָבגערופען — איך האָב איהם ליעב אזוי וויא איך האָב ליעב

געהאט מיין אָרימע מוטער. דיעזער גוטער אינזעל האָט אונז, אָרימע און פער־וואָגעלטע אויפגענומען, און ערשט וואָס פעהלט אונז, דיא פינף פערזאָן וואָס זיינען ארונטערגעפאלען פון דיא וואָלקענס?

— גאָר ניט — האָט נעב געענטפערט — עס פעהלט אונז גאָר ניט, קאַ־פיטאַן.

און דיא צוויי בראווע מענער האָבען דריי מאָל ״הורא!״ אויסגעשריען צו עהרע פון לינקאָלן אינזעל.

דורך דער צייט איז גידעאָן ספּילעט געזעסען אָנגעשפּארט און געמאכט צייכנונגען פון דיא שעהנע פּאַנאָראַמעס וואָס ער האָט פאר זיינע אויגען געזעהן.

סיירוס הארדינג האָט אַלעס בעאָבאַכטעט און איז געזעסען שטיל.

— נו, קאַפּיטאַן הארדינג—האָט פענקראָפט געפרעגט—וואָס דענקט איהר ערשט וועגען אונזער שיף?

— עס זעהט אויס, אז זיא פיהרט זיך אויף זעהר פיין — האָט הארדינג געענטפערט.

— פיין! און דענקט איהר איצט, אז מען קען אין איהר אונטערנעהמען א וויטע רייזע?

— וואָס פאר א רייזע, פענקראָפט?

— צום ביישפּיעל, צום אינזעל טייבאָר.

— מיין פריינד — האָט הארדינג געענטפערט — איך דענק, אז זאָלאנג מיר זיינען ניט געצוואונגען דערצו, זאָלאנג מיר האָבען קיין וויכטיגע אינטערעסע צו בעזוכען יענעם אינזעל, לוינט אונז ניט צו אנפערטרויען אונזער לעבען אויף דער ״באָנעדווענטשור״. צו וואָס זאָלען מיר עס טהאָן?

— יעדער איינער וויל בעקאנט זיין מיט זיינע שכנים — האָט דער מאַט־ראָז געענטפערט — דער אינזעל טייבאָר איז אונזער איינציגער שכן מיט וועל־כען מיר קענען בעקאנט ווערען און דיא העפליכקייט פאָדערט אז מיר זאָלען עס טהאָן.

— וואָס זאָגט איהר אויף אונזער פענקראָפט? — האָט זיך דער רעפּאָר־טער אָבגערופען שפּאסהאפט — וויא שטרענג ער איז מיט העפליכקייט!

— איך בין מיט קיין זאך ניט שטרענג — האָט זיך פענקראָפט פערענט־פערט — אָבער איך האָב גרויס לוסט צו מאכען א רייזע אויף׳ן ים און ספּע־ציעל צום אינזעל טייבאָר.

— אָבער בעדענקט זיך, פענקראָפט — האָט הארדינג זיך אָבגערופען — איהר קענט דאך אליין ניט פאָהרען אזא וויטע וועג.

— נאָך איינער מיט מיר וועט זיין גענוג — האָט פענקראָפט געענטפערט.

— אויב אפילו אזוי — האָט הארדינג געזאָגט — וועט איהר ריזיקירען מיט אייך און מיט נאָך איינעם פון אונז. פערגעסט ניט, אז אונזער קאָלאָניע

פעשטעהט אין גאנצען פון פינף פערזאָן און צוויי מענשען זיינען ביי אונז פער־רעכענט אלס א גאנצע ארמעע.

— האָט קיין פורכט, קאפּיטאן — האָט פענקראָפּט מיט א זיכערען טאָן געזאָגט — עס איז אין דעם קיין ריזיקע ניטאָ.

— פיליכט, פענקראָפּט, אָבער איך מוז וויעדערהאָלען מיין מיינונג, אז זאָלאנג עס האנדעלט זיך ניט וועגען אירגענד וועלכע וויכטיגקייט, דארף מען אזא רייזע ניט אונטערנעהמען.

דער מאטראָז, אָדער קאפּיטאן פון דער "באָנאַדוועןטשור" איז אָבער גע־ווען זעהר איינגעשפּארט און ער האָט ניט אנדערש געוואָלט אז זיין אידעע זאָל דורכגעפיהרט ווערען. ער האָט אויף הארדינג'ס לעצטע ווערטער גאָר ניט גע־ענטפערט. ער האָט געדענקט, אז ער וועט עס ביים קאפּיטאן פועל'ען אן אנ־דערש מאָל און ער האָט דעם געשפּרעך וועגען דער רייזע אָבגעבראָכען. אָבער ער האָט גאָר ניט געוואוסט, אז באלד וועט א זאָנדערבארער פּאַרפאַל איהם קומען צו הילף און זיין געפּלאנטע רייזע צום וויסטען אינזעל וועט מעהר ניט זיין אן עקשנות, א קאפּריז, זאָנדערן א וויכטיגע נויטווענדיגקייט.

פענקראָפּט האָט צוגעטריבען זיין שיף נאָהענט צום ברעג ניט ווייט פון פּאָרט באלון. דיא רייזענדע האָבען דאָרט געוואָלט בעקוקען דיא קאנאלען צווי־שען דיא פעלזען. זיי זיינען געווען ניט מעהר וויא א האלב מייל ווייט פון ברעג. דיא שיף איז געגאנגען לאנגזאם, וויל דיא בערג ביים ברעג מעער האָבען פער־שטעלט דעם ווינד און דיא זעגלען זיינען געטריבען געוואָרען זעהר שוואך. הערבערט איז געזעסען ביים פאָדערשטען ברעג פון שיף, ווען ער האָט פּלוצלונג אויסגעשריען:

— רודערט אָן א זייט, פענקראָפּט! רודערט שנעל!

— וואָס איז? — האָט פענקראָפּט דערשראָקען געפרעגט — א פעלז?

— ניין — האָט הערבערט געענטפערט — וואַרט א ווילע. איך זעה ניט גוט.

אזוי רעדענדיג האָט זיך הערבערט איינגעבויגען און אריינגעשטעקט דיא האנד אין וואסער און ער האָט זיא צוריק ארויסגעצויגען אויסשרייענדיג.

— א פלאש! א פלאש!

הערבערט האָט אין זיין האנד געהאלטען א פערקאָרקעוועטע פלאש, וועל־כע ער האָט נור וואָס ארויסגעצויגען פון וואסער. סיירוס הארדינג האָט דיא פלאש צוגענומען פון הערבערט'ס האנד און ניט רעדענדיג. א וואָרט האָט ער ארויסגעצויגען דעם קאָרק און פון אינווענינג ארויסגענומען א פייכטע שטיקעל פּאפּיער אויף וועלכע עס זיינען געווען אויפגעשריעבען פאָלגענדע ווערטער:

"פערוואָרפענער... אינזעל טייבאָר: 153 וועסט לאָנגיטיוד, 37.11 וועסט לאטיטיוד".

## 13טעם קאפיטעל.

דיא רייזע צום אינזעל טייבאָר. — קאפיטאן פענקראָפט און זיין מאנשאפט. — דערגרייכט דעם אינזעל. — דיא פאָרשונג. — טהיערע און וואקסונגען. — קיין שפור צו א מענשען. — דיא לעערע ביידעל.

---

— א פערוואָרפענער! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — א פערוואָגעלטער אויף'ן אינזעל טייבאָר וועניגער וויא צוויי הונדערט מייל ווייט פון אונז! אה, קאפיטאן הארדינג, וועט איהר ערשט אויף זיין דאגעגען מיין רייזע אהין?

— ניין, פענקראָפט — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — איך בין מיט אייך איינפערשטאנען און איהר זאָלט ארויספאָהרען אזוי שנעל וויא מעגליך.

— מאָרגען?

— זאָל זיין מאָרגען!

דער אינזשיניר האָט נאָך געהאלטען דיא שטיקעל פאפיער וואָס ער האָט ארויסגענומען פון פלאש און ער האָט עס גוט בעטראכט, דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— פון דיעזען דאָקומענט, מיינע פריינדע, לויט וויא ער איז געשריבען, קענען מיר שליסען פאָלגענדעס: ערשטענס, אז דער פערוואָרפענער אויף'ן טייבאָר אינזעל איז א מאן וואָס בעזיצט א היבשע ביסעל קענטניסע אין גע־אָגראפיע, ווייל ער גיט אָן דעם ריכטיגען פונקט וואו יענער אינזעל געפינט זיך; און צווייטענס קענען מיר וויסען, אז ער איז אן ענגלישער אָדער אן אמעריקא־נער, ווייל דער דאָקומענט איז געשריבען אין ענגליש.

— דאָס איז זעהר לאָגיש — האָט ספילעט בעשטעטיגט — און דיא אַנ־וועזענהייט פון יענעם מאן אויף יענעם אינזעל גיט אונז אן ערקלערונג וועגען דעם קאסטען, וואָס מיר האָבען דאָ געפונען. עס איז וואהרשיינליך ערגיץ גע־וועזען א שיפס־ברוך, פון וועלכען יענער מאן האָט זיך גערעטעט אויף'ן אינזעל טייבאָר און דער קאסטען וואָס האָט בעלאנגט צו דער זעלבער שיף איז פער־שוואומען צום לינקאָלן אינזעל. פיליכט אויף יענעם פערוואָרפענעם'ס גליק איז פענקראָפט'ען איינגעפאלען דיא אידעע צו בויען א שיף, און יענעם'ס שיקזאל האָט בעשטימט, אז מיר זאָלען גראדע היינט פראָבירען דיא שיף און געפינען דיא פלאַש; ווען מיר וואָלטען דיא פראָבע־רייזע אָבגעלעגט אויף מאָרגען, וואָלטען מיר דיא פלאש ניט געפונען, ווייל זיא וואָלט צוקלאפט גע־וואָרען אָן דיא פעלזען.

— גאנץ ריכטיג — האָט הערבערט געזאָגט — עס איז צום פערוואָרפע־

נעמ׳ס גליק, וואָס דיא ״באַנעדרוועגטשור״ איז פערבייגעפאָהרען פונקט דיזען פלאַץ, וואו דיא פלאַש איז געשוואומען.

— קומט עס אייך ניט פאַר זאָנדערבאר? — האָט הארדינג געפרעגט דעם מאַטראָז.

—וואָס פאר א זאָנדערבארקייט? — האָט פענקראָפט צוריק געפרעגט — זעהט איהר אין דעם עטוואָס אויסערגעוועהנליכעס, הערר קאפּיטאן? דיא פלאַש האָט דאָך געמוזט ערגיץ שווימען און וואָרום ניט אהער אזוי גוט וויא ערגיץ אנדערש?

— פיליכט זיינט איהר גערעכט, פענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אָבער דאָך —

— איהר מיינט צו זאָגען — האָט איהם דער מאַטראָז אונטערגעבראָכען — אז דאָס איז געווען בעשטימט פון הימעל, אז דאָס איז געשעהן אויף דעם פערוואָגעלטען׳ס גליק; דאָס לייקען איך ניט.

— אָבער איז עטוואָס דאָ צו בעווייזען, אז דיא פלאַש איז לאנג געשוואומען אין מעער? — האָט הערבערט געפרעגט.

— ניין — האָט ספּילעט געענטפערט — דער דאָקומענט, זעהט אויס, איז ניט לאנג געשריבען געוואָרען. וואָס דענקט איהר וועגען דעם, הערר סייראָס?

— עס איז שווער צו זאָגען א ריכטיגע מיינונג וועגען דעם — האָט הארדינג געענטפערט.

— און מיר דארפען זיך ניט ברעכען דיא מחות — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — מיר וועלען עס אין גיכען וויסען.

פענקראָפט האָט וועהרענד דעם געשפּרעך ניט גערוהט און ער האָט דיא שיף שנעל געטריבען צו קלאָו קייפּ.

זיי האָבען אַלע געדענקט וועגען דעם פערוואָרפענעם אויף׳ן טייבאָר אינזעל. וועלען זיי איהם קענען רעטען אין צייט? וועלען זיי איהם קענען געבען שוץ און שטיצע איידער עס וועט זיין צו שפּעט? — מיט דיזער פראגע האָבען זיך בעשעפטיגט דיא מחות פון אַלע פינף קאָלאָניסטען. זיי אליין זיינען דאָך אויך געווען פערוואָרפענע אויף א וויסטען אינזעל, אָבער זיי האָט דאָס גליק אָבגעשפּיעלט און זיי האָבען ערוואָרבען אַלעס וואָס נויטיג איז צו א זיכערע עקזיסטענץ, און ווער ווייס אויב יענער האָט אויך אזא גליק געהאט? זיי האָבען דארום אָנגענומען אלס זייער פפליכט צו קומען יענעם עלענדען צו הילף וואָס שנעלער.

זיי זיינען ארומגעפאָהרען קלאָו קייפּ און ארום פיער דעם זייגער פאר נאכט האָט דיא ״באַנעדרוועגטשור״ געאנקערט ביי דעם מויל פון טייך מערסי. יענעם אבענד זיינען געמאכט געוואָרען אַלע פאָרבערייטונגען צו דער רייזע. עס

איז ביי דיא קאָלאָניסטען בעשלאָסען געוואָרען, אז פענקראָפט און הערבערט זאָלען פאָהרען צום טייבאָר אינזעל. פאר איין פערזאָן איז צו ריזיקאליש אונטערצונעהמען אזא רייזע, פיללייכט פאסירט א סיבה אויף'ן וועג; אין צווייען אָבער איז זיכערער. הערבערט האָט געקענט רודערען און האָט געוואוסט וויא אָנצוגעהן מיט א שיף און ער איז דארום ערוועהלט געוואָרען אלס קאָמפּאניאָן צו פענקראָפט. זיי האָבען אויסגערעכענט, אז אויב זיי וועלען ארויספאָהרען מאָרגען, דעם צעהנטען אָקטאָבער וועלען זיי קומען אויף יענעם אינזעל אום 13טען. מעהר וויא דריי טעג, האָבען זיי גערעכענט, וועט דיא רייזע ניט דויערען, זאָגאר ביי ניט עכט גינסטיגע וועטערען. איין טאָג, האָבען זיי געדענקט, וועלען דיא צוויי רייזענדע פערווײלען אויף יענעם אינזעל און דעם 17טען אָקטאָבער וועלען זיי זיין צוריק, פיללייכט מיט א נייעם מיטגליעד אין זייער קאָלאָניע.

אָבער דער פאָריגער בעשלוס, אז בלויז פענקראָפט און הערבערט זאָלען אונטערנעהמען דיא רייזע, איז געענדערט געוואָרען. גידעאָן ספּילעט האָט ניט געקענט בעהערשען זיין רעפּאָרטערשען גייסט און ער האָט אזא וויכטיגע רייזע מיט אזא וויכטיגע ענטדעקונג ניט געוואָלט דורכלאָזען און ער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער אויף'ן פּלאַץ. ער האָט זיינע קאָמפּאניאָנען ערקלערט, אז ער וועט אין גראניט הויז ניט פערבלייבען און אויב מען וועט איהם ניט אויפנעהמען אויף דער "באָנעדווענטשור", וועט ער נאָכשווימען, אָבער ער מוז זיין אויף'ן אינזעל טייבאָר און ער וועט פאר קיין פאל אזא געלעגענהייט ניט דורכלאָזען. עס איז בעשטימט געוואָרען, אז אויך ספּילעט זאָל מיטפאָהרען.

אויף מאָרגען, אום פינף אוהר אין דער פריה זיינען פענקראָפט, הערבערט און ספּילעט אָבגעפאָהרען. סיירוס הארדינג און נעב זיינען געשטאַנען ביים פענסטער פון גראניט הויז און געפאָכט מיט טיכלעך אין דער לופט אלס צייכען פון זעגנען זיך. דיא דריי רייזענדע האָבען אויך דאָס זעלבע געטהאָן ביז דיא שיף איז אָבגעפאָהרען ווייט און זיי האָבען איינע דיא אנדערע ניט געקענט זעהן.

עס איז געווען שעהנעס וועטער און דיא "באָנעדווענטשור" איז געשוואוּמען גרויסארטיג. דיא רייזענדע האָבען געהאט שפּייז און געטרענקע גענוג אויף א וואָך צייט און זיי האָבען זיך געלאָזט וואויל געהן אזוי וויא לעבעדיגע יונגען אויף א לוסט רייזע אויף א יאכט שיף. פענקראָפט האָט געשפּיעלט דיא ראָלע פון קאפּיטאַן. ער האָט געקוקט אויף'ן קאָמפּאַס און געפיהרט דיא שיף, וועהרענד הערבערט און ספּילעט האָבען געדיענט אלס דיא מאנשאפט פון שיף און זיי האָבען ערפילט זייער קאפּיטאַן'ס אָרדערס. פענקראָפט איז העכסט צופריעדען געווען מיט זיינע העלפּער.

דיא נאכט איז געווען א שטילע. דיא לבנה האָט געלויכטען בלויז א טהייל

פון דער נאכט, און ווען דיא לבנה איז אונטערגעגאנגען איז געווען עכט פינסטער. קאפּיטאן פּענקראָפּט האָט איינגעטהיילט דיא נאכט צווישען איהם און הערבערט, וועלכען ער האָט געהאַלטען אלס זיין ערשטען אָפיציער. צוויי שטונדען האָט ער קאָמאנדירט דיא שיף און הערבערט איז געשלאָפען און דיא אַנדערע צוויי שטונדען האָט הערבערט איבערגענומען דיא קאָמאנדע און פּענקראָפּט איז געשלאָפען. דער רעפּאָרטער איז געשלאָפען א גרויסען טהייל פון דער נאכט און ווען ער איז וואכענדיג געווען האָט ער געהאָלפען פּענקראָפּט'ן אָדער הערבערט'ן.

דיא נאכט איז שנעל פאַראיבער און אזוי איז אויך אוועק דער קומענדער טאָג. דיא "באָנעדווענטשור" האָט זיך געגליטשט איבער'ן בלויען וואסער אין דיא ריכטונג וואו קאפּיטאן פּענקראָפּט האָט געוואָלט און דיא רייזענדע האָבען געהאָפט, אז זיי וועלען שנעל ערגרייכען דעם אינזעל טייבאָר.

דער ים איז דורכאויס געווען לעער און פערלאָזען. מעהר וויא הימעל און וואסער האָבען זיי פאר זייערע אויגען ניט געזעהן. בלויז איינמאָל האָבען זיי געזעהן א גרויסען פויגעל דורכפליהענדיג. גידעאָן ספּילעט האָט געדענקט, אז דאָס איז פיליכט דער אלבאטראָס דורך וועלכען ער האָט אוועקגעשיקט דעם בריעף צום "ניו יאָרק הערעלד".

— וואונדערבאר — האָט הערבערט געזאָגט — ערשט איז דיא צייט ווען וואלפיש פאנגער פאָהרען ארום און דיעזער ים איז אזוי וויסט און פערלאָזען.

— פערלאָזען גאָר? — האָט זיך פּענקראָפּט אָבגערופען — פאר וואָס פערלאָזען?

— וואָס מיינט איהר? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— איך מיין — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — אז דער ים איז דאָ ניט וויסט און פערלאָזען אזוי וויא הערבערט האָט זיך אויסגעדריקט. און אונזער שיף איז עפּעס גלאַט א שטיק האָלץ? און מיר זיינען ניט קיין מענשען?

אין אבענד האָבען דיא רייזענדע אויסגערעכענט, אז זיי זיינען שוין אָבגעפאָהרען א שטרעקע פון א הונדערט און צוואַנציג מייל. דאָס הייסט, אז זיי האָבען דיעזע שטיק וועג דורכגעמאכט אין זעקס און דרייסיג שטונדען צייט. דער ווינד, וואָס האָט ביז דאַן געטריבען דיא זעגלען האָט אויפגעהערט און דיא "באָנעדווענטשור" האָט זיך געשלעפּט זעהר לאנגזאַם, דאָך האָבען דיא רייזענדע געהאָפט, אז ביז פארטאָג וועלען זיי שוין זיין אויף'ן אינזעל טייבאָר.

יענע נאכט האָבען זיי אלע דריי ניט געשלאָפען. זיי זיינען געווען זעהר אונגעדולדיג און נייגעריג צו בעטרעטען וואָס שנעלער יענע שטיקעל לאַנד, וואו דער פערוואָרפענער געפינט זיך און דאָס האָט געשטערט זייער שלאָף. זייערע געדאנקען זיינען נור געווען פערנומען מיט דעם עלענדען מאַן, וואָס

האָט דיא פלאַש מיט'ן בריעף אריינגעוואָרפען אין ים. לעבט יענער מאַן? געפינט ער זיך נאָך ערשט אויף אויף'ן אינזעל טייבאָר? וועט דער מאַן וועלען מיטפאָהרען מיט זיי נאָך לינקאָלן אינזעל? וועט ער ניט שטערען דיא רוהע און דיא פעראייניגונג אין זייער קליינע קאָלאָניע? אָט דיעזע אלע פראגעם האָבען זיי יעדער איינער זיך אליין געפרעגט, אָבער זיי האָבען זעלבסטפערשטענדליך קיין אנטוואָרט ניט געקענט בעקומען. זיי האָבען דארום מיט דאָס גרעסטע אונגעדולד ערווארטעט דיא גליקליכע שטונדע ווען זיי וועלען קומען אויף זייער געווינשטען פלאַץ און אלע פראגעם וועלען פערענטפערט ווערען.

ווען עס האָט אָנגעהויבען ליכטיג ווערען, זיינען דיא אויגען פון דיא דריי רייזענדע געווען געריכטעט צום וועסטערן האָריזאָנט, פיליכט וועלען זיי דערזעהן דעם געווינשטען אינזעל. אומגעפעהר זעקס אוהר בעגינען האָט פענקראָפט דער ערשטער דערזעהן לאַנד און ער האָט וועגען דעם אָנגעזאָגט זיינע צוויי קאָמפאַניאָנען.

און דער קאפיטאן פון דער "באָנעדווענטשור" האָט קיין טעות געהאט. ער האָט ווירקליך געהאט דאָס גליק צו דערזעהן פון ווייטענס דעם געווינשטען קליינעם אינזעל. ער, ספּילעט און הערבערט האָבען איינפאַך געטאנצט פאר פרייד. אין אייניגע שטונדען ארום וועלען זיי בעטרעטען דעם באָדען פון אינזעל טייבאָר!

זיי זיינען דאמאָלס געווען פופצעהן מייל ווייט פון יענעם אינזעל. דיא "באָנעדווענטשור" איז געשוואומען אביסעל צו דרום זייט פון אינזעל. פענקראָפט האָט דיא שיף אויסגעקירעוועט פונקט אנטקעגען און ער האָט זיא געטריבען אין א גלייכע ריכטונג.

אום עלף אוהר איז דיא שיף מיט דיא דריי רייזענדע שוין געווען בלויז צוויי מייל ווייט פון אינזעל טייבאָר. קאפיטאן פענקראָפט האָט שוין פון ווייטענס אָנגעהויבען אויסקוקען א פלאַץ, וואו צו אנקערען דיא שיף.

זיי האָבען פון שיף געזעהן דעם גאנצען אינזעל. אין מאנכע ערטער זיינען געוואקסען גרויסע בוימער, אָבער קיין צייכען פון א מענשען'ס עקזיסטענץ דאָרט איז ניט געוועזן צו בעמערקען. מען האָט ניט געזעהן קיין רויך, קיין ביידעל און קיין זאַך וואָס מענשען'ס הענד זאָלען האָבען געמאכט.

אָבער דיא רייזענדע זיינען געווען גענייגט צו גלויבען, אז דאָרט געפינט זיך א מענש, דער שרייבער פון דעם דאָקומענט וואָס זיי האָבען געפונען און זיי האָבען געהאָפט אז זיי וועלען איהם דאָרט אויפזוכען.

פענקראָפט האָט צוגעפיהרט דיא שיף צום ברעג צווישען פעלזען־שטיינער. ער האָט געדארפט זעהר פאָרזיכטיג זיין אז דיא שיף זאָל זיך ניט אָנשטויסען אָן א פעלז און עס איז איהם געלונגען אויסצומיידען יעדע געפאהר. גידעאָן ספּילעט האָט בעקוקט דעם ברעג אזוי ווייט וויא ער האָט געקענט זעהן, אָבער

ער האָט ניט בעמערקט קיין זאַך וואָס זאָל צייגען אז א מענש געפינט זיך דאָרט. זיי האָבען זיך אַלע בעוואפענט און זיינען ארויף אויף דיא טריקענים ביי א בארג פון 250 ביז 300 פוס הויך.

— פון דעם שפּיץ פון דיעזען בארג — האָט ספּילעט געזאָגט — וועלען מיר קענען זעהן דעם גאנצען אינזעל ארום און ארום. לאָמיר דארום ארויפקלע־טערען אין דער הויך, פיליי‍כט וועלען מיר פון דאָרט ענטדעקען דאָס וואָס מיר זוכען.

— יא, אזוי דארפען מיר טהאָן — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — קאפּי־טאן הארדינג איז אויף׳ן לינקאָלן אינזעל אויך דיא ערשטע זאַך ארויף אויף׳ן בארג פרענקלין און בעקוקט דעם אינזעל.

— ריכטיג — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — מיר דארפען נאָכ־פאָלגען קאפּיטאן הארדינג׳ס ביישפּיעל און שוין זיך ציהען ארויף צום שפּיץ בארג.

אז דער אינזעל איז ניט אין גאנצען וויסט, האָבען דיא פאָרשער גע־וואוסט דערפון, וואָס זיי האָבען דאָרט באלד געזעהן פערשיעדענע פויגלען און אויך צייכענס פון טהיערע האָבען זיי דאָרט בעמערקט צווישען דיא גראָז און בוימלעך. דאָס האָט פערשטארקט זייער האָפנונג, אז אויב דיא פערזאָן וואָס האָט ארייגעוואָרפען דיא פלאש מיט׳ן דאָקומענט אין ים געפינט זיך אויף׳ן אינזעל, לעבט ער, ווייל קיין נאהרונג קען איהם ניט פעהלען, זאָלאנג עס עק־זיסטירען דאָרט לעבעדיגע בעשעפּניסע, וועלכע מען קען געברויכען צום עסען.

דיא פאָרשער האָבען ארויפגעקלעטערט אויף׳ן שפּיץ בארג. פון דאָרט האָבען זיי געזעהן דעם גאנצען אינזעל, וועלכער איז געווען זעהר קליין, בלויז ביי אכט מייל אין אומקרייז. עס הייסט, אז מיט א שטריק אכט מייל לאנג האָט מען דעם גאנצען אינזעל געקענט ארומנעהמען. דער אינזעל איז געווען איי־פאָרמיג, לאנג און שמאָל. ארום און ארום איז געווען דער ים. קיין לאנד, אוי־סער דעם אינזעל האָט מען ניט געזעהן. אין מאנכע פלעצער זיינען דאָרט געווען שעהנע לאָנקעס און געדיכטע וועלדער. א שמאָלער טייך האָט זיך אין איין אָרט געצויגען דורך א גרינע לאָנקע און איז ארייגעפאלען אין ים. קיין שפּור פון א מענשען׳ס עקזיסטענץ איז ניט געווען צו בעמערקען.

— לאָמיר ארונטערגעהן — האָט פענקראָפט געזאָגט — קומט לאָמיר געהן זוכען, פיליי‍כט וועלען מיר געפינען.

זיי האָבען אָנגעהויבען ארונטערגעהן פון בארג מיט׳ן בעשלוס, אז זיי זאָ־לען פריהער אויספאָרשען דיא ברעגען ארום אינזעל און דאן, אויב עס וועט נויטיג זיין, וועלען זיי אויספאָרשען דעם אינזעל אינוועניג.

דער מאטראָז מיט זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען געקומען צוריק צום ברעג וואו זייער שיף איז געשטאנען.

זיי זיינען געגאנגען ביים ברעג ים. עס איז געווען א גלאטער וועג און בלויז אין איינינע פלעצער האבען זיי געדראפט אויסמיידען שטיינער און פעלזען, וואס האבען זיי פערשטעלט דעם וועג. דיא פארשער זיינען געגאנגען צו זידען. זיי האבען געהענדיג בעגעגענט פיעל זעע־פויגלען און זעע־הינד, וועלכע זיינען געלעגען ביים ברעג און זיי האבען זיך אריינגעכאפט אין וואסער באלד וויא זיי האבען דערזעהן דיא מענשען.

— דיעזע טהיערע — האט דער רעפארטער געזאגט — זעהן מענשען שוין ניט צום ערשטען מאל, זאנסט וואלטען זיי זיך פאר אונז ניט דערשראקען.

מיט א שטונדע שפעטער זיינען זיי אנגעקומען צו א געדיכטען וואלד. זיי האבען נאך ביז דארט ניט בעמערקט קיין צייכען פון א מענשען'ס עקזיסטענץ. זיי האבען געזוכט און נאכגעשפירט אין וואלד, אבער זיי האבען דארט אויך קיין זאך ניט ענטדעקט. זיי האבען אומשפאצירט נאך דריי שטונדען צייט, אבער זיי האבען אלץ קיין שפור פון א מענשען ניט געפונען און זיי האבען אנגעהויבען גלויבען, אז ווענינסטענס ערשט געפינט זיך דארט קיין מענש. פיליבט איז דארט יעמאנד אמאל געווען, אבער יענע פערזאן איז שוין לאנג פערשוואונדען.

נאך אלעמען איז דאך ניט געווען זיכער אז דער דאקומענט וואס זיי האבען געפונען איז ניט לאנג געשריבען געווארען. קיין דאטום איז אויף איהם ניט געווען, היינט ווער קען בעשטימט זאגען ווען דיא פלאש איז אריינגעווארפען געווארען אין וואסער? מעגליך אז יענער דאקומענט איז שוין אלט איינינע מאנאטען אדער פילייכט יאהרען און דורך דער צייט, קען דאך זיין, אז דער פערווארפענער האט דורך א געוויסען צופאל זיך אומגעקעהרט נאך זיין לאנד אדער ער איז אויף'ן אינזעל געשטארבען.

דיא דריי פארשער האבען אבגעגעסען מיטאג אויף זייער שיף און זיי האבען בעשלאסען צו מאכען ווייטער פארשונגען אויף'ן אינזעל ביז נאכט.

ווערענד זיי זיינען געווען אויף זייער צוויימען שפאציר האבען זיי אין וואלד אנגעטראפען טהיערע, וועלכע האבען אויסגעזעהן אזוי וויא ציעגען און קליינע שוויינען. מען האט זיי לייכט געקענט דערקענען, אז זיי שטאמען פון איירעפא. וויא אזוי קומען אייראפעאישע חיות אויף'ן אינזעל טייבאר? וואהר־שיינליך האבען וואלפיש פאנגער אמאל, פילייכט מיט פיעלע יאהרען צוריק, אהין געבראכט א פאר אדער מעהרערע פון זיי און זיי האבען זיך דארט פער־מעהרט. הערבערט האט גרויס לוסט געהאט צו פאנגען א פאר פון דיא טהיערע און זיי ברייגגען אויף'ן לינקאלן אינזעל.

דיא חיות האבען אלזא געדיענט אלס בעוויז אז מענשען האבען אמאל בעזוכט דעם קליינעם אינזעל. געהענדיג ווייטער אין וואלד האבען זיי געפונען נאך שפורען פון מענשען. זיי האבען דארט געפונען אויסגעהאקטע ביימער און שמאלע וועגען, וועלכע מען האט געקענט דערקענען אז זיי זיינען אמאל

אויסגעטראָטענע געוואָרען פון מענשען. די בוימער זיינען געווען צופוילט, די וועגען פערוואקסען מיט גראָז און מען האָט דערפון געקענט שליסען, אז עס זיי נען שוין פאַראיבער יאָהרען זייט מענשען זיינען דאָרט געווען.

— אָבער — האָט גידעאָן ספּילעט בעמערקט — מיר האָבען ערשט בעוויזע, ניט נור אז מענשען האָבען דיעזען אינזעל בעזוכט, זאָנדערן אויך, אז זיי האָבען דאָ געלעבט א געוויסע צייט. אצינד איז די פראגע: ווער זיינען געווען יענע מענשען, און וויפיעל פון זיי זיינען דאָ פערבליבען?

— דער דאָקומענט — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — רעדט נור וועגען איין פערזאָן, וועגען איין פערוואָרפענעם.

— אויב ער איז נאָך דאָ אויף'ן אינזעל — האָט פּענקראָפט מיט א זיכערען טאָן געזאָגט — איז אונמעגליך אז מיר זאָלען איהם ניט געפינען.

דער פאָרשונגס־שפּאציר איז פאָרטגעזעצט געוואָרען. די פאָרשער האָבען זיך געצווייגען צום וואסער־שטראָם וואָס זיי האָבען געזעהן פון שפּיץ בארג. צו די אַלע איבערצייגונגען וואָס זיי האָבען שוין ביז איצט געהאט אז מענשען האָבען ווען עס איז בעזוכט דעם אינזעל, האָבען זיי געפונען נאָך בעשטעטיגונגען דערויף. זיי האָבען, נעמליך, ענטדעקט גרינסען און וואקסונגען, וואָס וועלען געוועהנליך בענוצט אין קיך, אָבער מען האָט לייכט געקענט דערקענען, אז אמאָל, פיליכט מיט יאָהרען צוריק, איז די ערד, וואו די גרינסען זיינען געוואקסען, קולטיווירט געוואָרען פון מענשען'ס הענד.

הערבערט האָט דאָרט געפונען קאַרטאָפעל, מעהרען, קרויט, ריבען און אנדערע מינים, מאנכע אזעלכע וואָס זיי האָבען אויף לינקאָלן אינזעל ניט געהאט. הערבערט האָט בעשלאָסען צו זאמלען אייניגע מינים און ברייננגען זיי אהיים צו פערפלאנצען אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

— אויסגעצייכענט! גרויסארטיג! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — דאָס וועט צוניץ קומען אונזער נעב אין קיך און מיר וועלען דערפון אויך הנאה האָבען. אונזער רייזע וועט שוין אַלזאָ ניט זיין אומזיסט, אויב אפילו מיר וועלען דעם פערוואָרפענעם ניט געפינען.

— אָהן צווייפעל — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — אָבער לויט די אומשטענדען וויא די גרינסען וואקסען דאָ, זעהט אויס, אז קיין מענשען זיינען שוין דאָ גאנץ לאנג ניט געווען.

— איך מיין אויך אזוי — האָט הערבערט געזאָגט — א מענש, ווער ער זאָל ניט זיין, וואָלט ניט אזוי נאכלעסיג געווען מיט דיעזע וואקסונגען. ער וואָלט אזעלכע ניצליכע זאכען אויף וועלכען ניט איז ארט קולטיווירט.

— יא — האָט פּענקראָפט צוגעגעבען — אויב יעמאנד איז דאָ געווען, איז ער שוין לאנג אוועק.

— מען מוז עס צוגעבען.

— מען מוז אויך צוגעבען אז דער דאָקומענט וואָס מיר האָבען געפונען איז געשריבען געוואָרען לאנג צוריק.

— וואהרשיינליך.

— און דיא פלאש איז אָנגעקומען צו לינקאָלן אינזעל נאָכדעם וויא זיא האָט א לאנגע צייט אומגעוואנדערט איבער'ן ים.

— ווארום ניט? — האָט געפרעגט דער רעפּאָרטער — זעהר מעגליך. אָבער, פריינדע, עס ווערט שוין נאכט און איך דענק אז עס איז צייט אויפצוגעבען אונזער פאָרשונג.

— לאָמיר געהן אויף'ן שיף און מאָרגען וועלען מיר פאָרטזעצען אונזער פאָרשונגס שפּאציר אויף'ן אינזעל — האָט דער מאטראָז געזאָגט.

די אנדערע צוויי האָבען איינגעשטימט און זיי האָבען זיך געלאָזט געהן צו דער "באָנעדוועטשור".

זיי זיינען בלויז אָבגעגאנגען אייניגע טריט, ווען הערבערט האָט אָנגעצייגט אויף א גרויסען געגענשטאנד צווישען דיא בוימער און האָט אויסגעשריען:

— אביידעל! א ביידעל!

זיי האָבען זיך אלע געלאָזט לויפען אין דיא ריכטונג וואו הערבערט האָט אָנגעצייגט און באלד האָבען זיי פאר זייערע אויגען דערזעהן א ביידעל צוזאמענגעשטעלט פון דינע באלקענס און ברעטער און בעדעקט מיט א שטיק שיפס-לייווענד. דיא טהיר איז געווען האלב אָפען. פּענקראָפט האָט דיא טהיר אָבגעשפּארט און איז אריין אינוועניג.

דיא ביידעל איז געווען לעער און מען האָט דאָרט קיין זאך ניט געזעהן.

## 14טעם קאפּיטעל.

דיא וויכטיגע ענטדעקונג. — אייניגע בוכשטאבען. — הערבערט אין גרויס געפאהר. — געראטעוועט. — א פערווילדעטער מענש. — א פּיערטער פּאסאזשיר אויף'ן שיף. — דאָס שלעכטע וועטער. — דער פייער סיגנאל.

---

פּענקראָפט, הערבערט און ספּילעט זיינען פערבליבען שטעהן שטיל אין מיטען פון דער פינסטערער הייזעל.

פּענקראָפט האָט א געשריי געטהאָן אויף'ן קול און קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען.

דער מאטראָז האָט דאן מיט א שטיקעל שטאָהל און א קראמען געמאכט פייער און האָט אָנגעצונדען א טרוקענעם צווייג. ביי דער שיין פון דעם פייער האָבען דיא דריי רייזענדע געזעהן אלעס ארום זיי.

דיא פעלד־געביידע איז בעשטאַנען פון איין צימער. הינטען איז געווען א פייער־פּלאַץ, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען איניגע קאַלטע האָלצוועשקעס און איינינגע שטיקלעך טרוקענע האָלץ. פענקראַפט האַט דיא ברענענדע צווייג ארויפגעוואָרפען אויף דיא האָלץ, וועלכע האַט זיך באלד אָנגעצונדען און גע־ברענט מיט א העלען, ליכטיגען פייער.

דער מאַטראָז און זיינע צוויי קאַמפּאַניאָנען האָבען דאן דערזעהן אין א זייט פון ביידעל א בעט, א מין געלעגער וואָס איז געווען צוואוואָרפען. א קאָלדרע אָדער א בלאַנקעט, וואָס איז אויף דער בעט געלעגען, איז געווען צוגעפּוילט און אין אונאנגענעהמער גערוך האָט זיך פון איהר געהערט, א בעווייז אז מען האָט עס שוין א לאַנגע צייט ניט גענוצט. אין אן אנדער ווינקעל זיינען געשטאַ־נען צוויי פעררּאָסטעטע קעסלען און אן איבערגעקעהרטער טאָפּ. דאָרט איז אויך געווען א פּאָליצע אויף וועלכע עס זיינען געלעגען האלב צופוילטע מאַט־ראָזען קליידער און א טישעל, אויף וועלכען עס האָבען זיך געפונען א צינענע טע־לער און א ביבל וואָס איז שוין אויך געווען האלב פערפוילט. אין אן אנדער ווינקעל זיינען געלעגען איינינגע גאַנץ אַלטע אינסטרומענטען; א גראַב־אייזען א ברעך־אייזען, צוויי קליינע ביקסען, איינער פון זיי א צובראָכענער; א פולע פעסעלע שיס־פּולווער, איינינגע קעסטלעך קוילען און נאָך איינינגע קלייניגקייטען.

— קיינער איז דאָ ניטאָ — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— ניין, קיינער ניט — האָט פענקראַפט געענטפערט.

— וויא עס זעהט אויס — האָט הערבערט געזאָגט — איז עס שוין א לאַנגע צייט זייט דיעזע ביידעל איז געווען בעוואָהנט.

— יאָ, שוין זעהר לאַנג — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— הערר ספּילעט — האָט זיך פענקראַפט אָבגערופען — אַנשטאָט צו געהן נעכטיגען אויף'ן שיף, וואָלט איך געזאָגט, מיר זאָלען דאָ פערברייננגען דיא נאַכט.

— איהר זיינט גערעכט, פענקראַפט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — און טאָמער וועט דער אייגענטהימער פון דער ביידעל אָנקומען, האָף איך, אז ער וועט צופריעדען זיין מיט אזעלכע געסט וויא מיר זיינען.

— ער וועט שוין ניט קומען — האָט דער מאַטראָז געזאָגט מיט א זיכערען טאָן.

— דענקט איהר, אז ער האָט פערלאָזען דיעזען אינזעל? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— ניין — האָט פענקראַפט געענטפערט — ווען ער זאָל דיעזען אינזעל פערלאָזען, וואָלט ער צוגענומען זיינע ווערקצייג און וואפען. פאר אן עלענדען מענשען וואָס איז פערוואָרפען אין א וויסטע געגענד האָבען אזעלכע זאַכען א גרויסען ווערטה. ניין, ניין! ער האָט דיעזען אינזעל ניט פערלאָזען. ווען ער

זאָל פון דאנען אנטלויפען אין א שיפעל וואָס ער האָט אליין געמאכט, וואָלט ער דיא אלע זאכען צוגענומען, און אויב יעמאנד וואָלט איהם פון דאנען גע־רעטעט וואָלט ער אויך אזעלכע ניצליכע זאכען ניט איבערגעלאָזט. א מאן וואָס האָט געהאט דיא ערפאהרונג צו זיין פערוואָרפען אויף אן איינזאמען אינזעל, ווייס וויא צו שעצען אזעלכע ארטיקלען. ניין! טויזענד מאָל ניין! ער געפינט זיך ערגיץ דאָ אויף'ן אינזעל!

— לעבעדיג? — האָט הערבערט געפרעגט.

— לעבעדיג אָדער טויט — האָט פענקראָפט געענטפערט — אָבער אויב ער איז טויט, דענק איך, אז ער האָט זיך אליין ניט בעערדיגט און מיר וועלען ווענינסטענס געפינען זיין לייבע אָדער זיינע ביינער.

דיא פאָרשער האָבען איינגעשטימט, אז זיי זאָלען איבערנעכטיגען אין דער פערלאָזענער ביידעל. זיי האָבען געפונען טרוקענע האָלץ און אויפגעלעגט א פייער ביי וועלכען זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט און גערערט צווישען זיך. דיא טהיר פון ביידעל האָבען זיי פעסט פערמאכט אום צו זיין זיכער פון אן איבער־פאַל פון טהיערע.

זיי האָבען א לאנגע צייט געשמועסט און פאנטאזירט וועגען דעם פער־וואָרפענעם צו וועמען דיא ביידעל בעלאנגט. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט וויא ער קומט און קלאפט אין טהיר, זיי לאָזען איהם אריין און ער דריקט זייערע הענד מיט גרויס ליעבע און פריינדליכקייט. אָבער דאָס זיינען געווען פוסטע פאנטאזיעס. קיינער איז ניט געקומען און קיין מענשען־שטימע, אויסער זייערע אייגענע, האָבען זיי ניט געהערט.

איינשלאָפען האָבען זיי ניט געקענט. פערשיעדענע געדאנקען האָבען זיך געמישט אין זייערע מוחות און קיין שלאָף האָט זיי ניט גענומען. דיא צייט איז זיי געווען זעהר לאנגווייליג און דיא נאכט האָט זיך זיי געצויגען אזוי וויא א יאָהר. בלויז איין הערבערט איז יא אביסעל געשלאָפען, אָבער פענקראָפט און ספילעט האָבען זאָגאר אן אויג ניט צוגעמאכט. זיי זיינען זעהר נייגעריג געווען צו געפינען דעם אמאָליגען בעזיצער פון דער ביידעל, לעבעדיג אָדער טויט און זיי זיינען גערן געווען פאָרטצוזעצען זייערע נאָכזוכונגען אויף'ן אינזעל. דיא מיינונגען וואָס פענקראָפט האָט ארויסגעזאָגט וועגען דיא פערזאָן וואָס האָט אמאָל געהאט זיין היים אין ביידעל, זיינען געווען זעהר לאָגישע און ניט ספילעט און ניט הערבערט האָבען געצווייפעלט, אז דער מאן געפינט זיך ערגיץ דאָרט. אויב ער לעבט אירגענד וואו אין א בעסערע וואָהנונג אָדער ער איז טויט — דאָס האָבען זיי ניט געקענט זאָגען. יעדענפאלס, אויב ער איז אפילו טויט, האָבען זיי געוואָלט געפינען זיינע ביינער און זיי בעערדיגען.

עס האָט אָנגעהויבען טאָגען. פענקראָפט און זיינע קאָמפאניאָנען האָבען באַלד פערלאָזען דיא ביידעל און האָבען זיא ארומגעקוקט ארום און ארום. זיא

איז געווען געבויט אין א גוטען און בעקוועמען אָרט, ביי א בערגעל, און איז געווען ארומגערינגעלט פון געדיכטע בוימער, אזוי אז קיין ווינד האָט אהין ניט געקענט צוקומען. ביי דיא זייטען זיינען געווען לאָנקעס מיט הויכע, שעהנע גראָז.

דיא ברעטער און באלקענס פון וועלכע דיא ביידעל איז געבויט געוואָרען, האָבען דיא פאַרשער גלייך דערקענט, אז זיי זיינען פון א שיף. זיי האָבען דערפון פערשטאנען, אז א שיף איז צובראָכען געוואָרען און איז צוגעשוואָר־מען צום אינזעל טייבאָר צוזאמען מיט איין און איינציגען מאטראָז, וועלכער האָט זיך גערעטעט, און יענער גערעטעטער האָט עס פון דיא פערבליבענע געהילץ פון דער שיף אויסגעבויט פאר זיך א וואָהנונג.

דיעזע טהעאָריע איז מעהר בעשטעטיגט געוואָרען, ווען גידעאָן ספּילעט האָט אויף איינע פון דיא ברעטער בעמערקט א האלב אָבגעריבענעם אויפשריפט:

"Br—tan—a".

— בריטאניא! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען, ווען דער רעפּאָרטער האָט איהם אָנגעצייגט אויף דיא געפארבטע בוכשטאבען — דאָס איז א גע־וועהנליכער נאָמען פאר שיפען, אָבער איך קען ניט וויסען, אויב דיא שיף איז געווען אן ענגלישע אָדער אן אמעריקאנישע!

— עס איז א קליינער אונטערשיעד, פענקראָפט — האָט זיך ספּילעט אָב־גערופען.

— יא, זעהר א קליינער אונטערשיעד — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אויב נור יענער גערעטעטער מאטראָז לעבט, וועלען מיר איהם פון דאנען רעטען אלעם איינס, אויב ער איז אן אמעריקאנער אָדער אן ענגלענדער. אָבער איידער מיר פאנגען וויעדער אָן זוכען, לאָמיר געהן זעהן וואָס עס טהוט זיך אויף דער "באָנעדוועטשור".

עפּעס איז קאפּיטאן פענקראָפט פּלוצלונג אונרוהיג געוואָרען וועגען זיין שיף. עס איז איהם אריינגעפאלען א געדאנק, אז עס קען דאָך זיין דאָס יענער מאטראָז וואָס איז געקומען אויף'ן אינזעל מיט א צובראָכענע שיף לעבט ערשט אויף, היינט ווער ווייסט אויב ער האָט ניט צוגענומען זייער שיף און איז מיט איהר אָבגעפאָהרען? ער האָט זיינע קאָמפּאניאָנען ניט געזאָגט וואָס ער דענקט, אָבער ער איז העכסט צופריעדען געווען וואָס ספּילעט און הערבערט האָבען זיך ניט ענטזאגט און איינגעשטימט מיט זיין פאָרשלאג צו געהן צום שיף.

דער וועג איז שוין געווען אביסעל אויסגעטראָטען און עס איז זיי לייכט געווען צו געהן. אין צוואנציג מינוט ארום האָבען זיי דערגרייכט דעם וועסט זייט פון קליינעם אינזעל און זיי האָבען געזעהן אז דיא "באָנעדוועטשור" שטעהט פעסט אויף דעם זעלבען פּלאץ וואו זיי האָבען איהר געאנקערט.

פענקראָפט איז געווען העכסט צופריעדען. דיא שיף איז געווען זיין קינד

און יעדער פּאַטער פיהלט זיך גליקליך, ווען ער געפינט זיין קינד געזונד, נאָכ־דעם וויא ער האָט געהאַט אורזאכען מורא צו האָבען אז עס האָט איהם א סבה געטראָפען.

זיי זיינען ארויף אויף'ן שיף און געגעסען פריהשטיק. זיי האָבען געגעסען צו זאט, אום זיי זאָלען שוין קענען אויסקומען א גאנצען טאָג אומגעגעסען. זיי האָבען וואָס שנעלער געוואָלט דורכפיהרען זייער פאָרשונגס שפּאַציר און יעדע מינוט איז ביי זיי געווען טהייער. נאָך'ן עסען זיינען זיי אוועק אויף'ן אינזעל. געדענקט האָבען זיי, אז זייער איינציגער בעזיצער פון אינזעל איז גיכער טויט וויא לעבעדיג, אָבער געפינען זיין לייכע אָדער זיינע ביינער איז ביי זיי גע־ווען אזוי וויכטיג וויא געפינען איהם א לעבעדיגען.

פענקראָפט און זיינע קאָמפּאַניאָנען זיינען אָבגעגאנגען א שטיק וועג און זיי האָבען קיין זאך ניט געפונען. א האַלבען טאָג האָבען זיי געזוכט אין דיא געדיכטע וועלדער און זיי האָבען אַלץ קיין שפור פון א לייכע אָדער מענשען ביינער ניט ענטדעקט. דיא פאָרשער האָבען שוין כמעט אויפגעגעבען דיא האָפנונג צו ענטדעקען דאָס איבערגעבליבענע פון יענעם אונגליקליכען פער־וואָרפענעם. זיי האָבען געדענקט אז ווילדע טהיערע האָבען זיין לייכע אויפגע־פרעסען ביז'ן לעצטען ביין און עס איז פון איהם קיין זכר געבליבען. דאָך האָבען זיי ווייטער געפאָרשט און געזוכט.

ארום צוויי אוהר נאָכמיטאָג זיינען זיי זעהר מיעד געוואָרען און זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אָברוהען אונטער דעם שאָטען פון א בוים.

— לאָמיר היינט ענדיגען אונזער פאָרשונגס גאנג — האָט פענקראָפט געזאָגט צו זיינע קאמעראדען — און מאָרגען פריה וועלען מיר ארויספאָהרען אהיים.

— איך דענק — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — אז מיר קענען אָהן צווייפעל צונעהמען דיא כלים און אינסטרומענטען וואָס געפינען זיך אין ביידעל.

— איך דענק אויך אזוי — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — דיא אלע זאכען וועלען אונז צוניץ קומען.

— געוויס — האָט פענקראָפט בעשטעטיגט — אָבער מיר דארפען ניט פערגעסען צו פאנגען א פּאָר אָדער מעהר פון דיא שוויינען וואָס מיר האָבען דאָ געזעהן און אויף'ן לינקאָלן אינזעל זיינען זיי ניטאָ.

— מיר דארפען אויך ניט פערגעסען אויפצוזאמלען אביסעל זאמען פון דיא גרינסען וואָס מיר האָבען דאָ געפונען — האָט הערבערט צוגעגעבען — אז מיר וועלען דאָס האָבען וועלען אונז שוין קיינע גרינסען ניט פעהלען.

— אָבער — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען נאָך א קורצען נאָכ־דענקען — פיליכט וואָלט גלייכער געווען, אז מיר זאָלען זיך פערזאמען נאָך

א טאָג אויף'ן אינזעל טייבאַר, אום מיר זאָלען קענען זאמלען אלע זאכען וואָס מיר האָבען ניט אויף אונזער אינזעל?

— ניין, הערר ספּילעט — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — איך בעט אייך, אז מאָרגען ווען עס וועט אָנהויבען טאָגען זאָלען מיר ארויספאָהרען. עס זעהט אויס, אז מיר וועלען יעצט האָבען א גינסטיגען ווינד וואָס וועט טרייבען אונזער שיף צו דער ריכטונג וואָס מיר דאַרפען. לאָמיר מעהר ניט וואַרטען, ווייל מיר קענען זיך נאָך דערוואַרטען אויף אן אונגינסטיגען וועטער.

— אויב אזוי — האָט הערבערט געזאָגט אויפהויבענדיג זיך פון פּלאַץ — לאָמיר ניט פערלירען קיין צייט.

— מיר וועלען קיין צייט פערלירען — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — דוא, הערבערט, געה און קלייב צוזאַמען דיא זאמען. דוא ביזט דאָך א שטיקעל באָטאניקער, ווייסט דוא בעסער וועלכע צו נעהמען וויא מיר, און וועהרענד דוא וועסט דאָס טהאָן וועל איך און הערר ספּילעט ארויסגעהן אויף יאגד און מיר וועלען פאנגען עטליכע שווייניען. איך דענק, אז מיר וועלען עס קענען בעווייזען אהן אונזער הונד טאָפּ.

הערבערט איז אוועק אין דער ריכטונג וואו דיא גרינסען האָבען געוואַקסען און דער מאַטראָז מיט'ן רעפּאָרטער זיינען אוועק אין וואַלד.

דיא צוויי יעגער האָבען אָנגעטראָפען פיעלע פון דיא טהיערע וואָס זיי האָבען געזוכט, אָבער זיי האָבען זיך ניט געלאָזט פאנגען.

א שטונדע צייט האָבען זיי זיך ארומגעיאָגט אין וואַלד און עס איז זיי ניט געלונגען צו פאנגען זאָגאר איין שוויין. ענדליך האָבען זיי דערזעהן א פּאָר פון דיא טהיערע ליגענדיג צווישען געדיכטע בוימער און עס האָט אויסגעזעהן אז מען קען זיי לייכט פאנגען. אָבער פּלוצלונג האָבען זיי דערהערט א געשריי געמישט מיט אונמענשליכע שרעקליכע קולות. דאָס האָט פּאַסירט אין דעם מאָמענט, ווען פּענקראָפּט האָט שוין געהאַט צוגעגרייט א שטריק צו פערוואַרפען אויף דיא שווייניען און בינדען זיי. דיא טהיערע האָבען זיך אויפגעהויבען און זיינען אנטלאָפען.

— דאָס איז הערבערט'ס שטימע — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— לאָמיר לויפען! — האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען.

ספּילעט און פּענקראָפּט האָבען זיך געלאָזט שנעל לויפען צו דעם אָרט פון וואַנען דיא געשרייען האָבען זיך געהערט.

זיי האָבען ניט געדאַרפט פיעל לויפען, ווייל זיי האָבען באלד דערזעהן דעם יונגען הערבערט ליגענדיג אויף דער ערד און אָ גרויסע ווילדע בריאה וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא אן אַפּע האָט איהם געהאַלטען מיט איהרע לאַנגע הענד גרייט צו טהאָן איהם בייזעס.

פּענקראָפּט און ספּילעט האָבען זיך זעהר דערשראָקען, אָבער זיי האָבען

זיך ניט פערלאָרען און זיי האָבען זיך ביידע אויגענבליקליך א וואָרף געטהאָן אויף דער זאָנדערבארער בעשעפענים. אי פענקראָפט, אי ספילעט זיינען געווען קרעפטיגע מענשען און עס האָט בלויז גענומען א קליינע ווײלע ביז זיי האָבען דיא בריאה געבונדען מיט א שטריק. דיא חיה איז פערבליבען ליגען הילפלאָז און האָט זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

— ביזט דוא בעשעדיגט, הערבערט? — האָט ספילעט געפרעגט.

— ניין, ניין! — האָט דער יונגע געענטפערט.

— אך, ווען דיעזע אבשייליכע אפע וואָלט איהם געווען בייזעס געטהאָן! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען.

— דאָס איז ניט קיין אפע — האָט זיך הערבערט אָבגערופען.

ביי דיעזע ווערטער האָבען זיך דער מאַטראָז און דער רעפּאָרטער צוגעקוקט צו דער געבונדענער בריאה אויף דער ערד און זיי האָבען דערקענט, אז דאָס איז ווירקליך ניט קיין אפע, זאָנדערן א מענש! אָבער וואָס פאר א מענש! א ווילדער, אן אומגעלומפערטער, וואָס זעהט אויס פיעל שרעקליכער וויא דיא ווילדעסטע, בייזעסטע חיה.

שאָרסקע האָר, א לאנגע, צופּודערטע באָרד, דער גאנצער קערפּער כמעט נאַקעט, בלויז א שמאטע ארומגעבונדען ארום זיין גארטעל, ווילדע אויגען, גרויסע הענד און לאנגע נעגעל, דיא הויט דונקעל-ברוין, דיא פיס הארט אזוי וויא האָרן — דאָס האָט פאָרגעשטעלט דיא זאָנדערבארע בעשעפענים, וועלכע האָט געהאט א פרעטענזיע צו רופען זיך מענש! אָבער מען האָט מיט רעכט געקענט פרעגען, אויב אין דיעזען אומגעלומפערטען קערפּער געפינט זיך א זעעלע, א מענשליכער גייסט, א נשמה, אָדער ער איז אין גאנצען א ווילדעס טהיער.

— ביזט דוא זיכער אז דאָס איז א מענש, אָדער איז אמאָל געווען א מענש? — האָט פענקראָפט געפרעגט הערבערט׳ן.

— אך! וועגען דעם איז גאָר קיין צווייפעל ניט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— איז ער עס וואהרשיינליך דער פערוואָרפענער — האָט זיך הערבערט אָבגערופען.

— יא — האָט גידעאָן ספילעט געענטפערט — אָבער דער אונגליקליכער האָט שוין לאנג קיינע מענשליכעס אין זיך.

דער רעפּאָרטער האָט ריכטיג געזאָגט. עס האָט אויסגעזעהן, אז אויב יענער מאן איז אפילו אמאָל געווען א ציוויליזירטער, איז ער פערווילדעט געוואָרען. דיא איינזאמקייט האָט איהם פערוואנדעלט אין א ווילדע חיה אָדער א וואלד-מענש.

א הייזעריגער קרעכץ האָט זיך אלע מאָל ארויסגעבאפט פון ווילדען׳ס האלדז צווישען זיינע צייהן, וועלכע זיינען געווען שארף אזוי וויא דיא צייהן

פון נעפעהרליכסטען וואלד־מוזיק. עס האָט אויסגעזעהן אז ער האָט זיין גע־דענקונגס־קראפט (זכרון) שוין פון לאנג פערלאָרען און ער האָט שוין לאנג פערגעסען וויא צו געברויכען א ביקס אָדער אירגענד וועלכען אנדערען אינ־סטרומענט. ער געדענקט שוין געוויס ניט וויא צו מאכען פייער און האָט שוין קיין בעגריעף פון מענשליכע טהעטיגקייט. מען האָט געקענט דערקענען, אז ער איז קערפערליך קרעפטיג, אָבער דיא גייסטיגע געפיהלען זיינען ביי איהם אָבגעשטאָרבען.

גידעאָן ספילעט האָט צו איהם גערעדט, אָבער עס האָט ניט אויסגע־זעהן, אז דער פערווילדעטער זאָל האָבען עפּעס פערשטאנען. עס האָט אויסגע־וויזען אז ער הערט זאָגאר ניט וואָס מען רעדט צו איהם. אָבער ווען דער רע־פּאָרטער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין אונגליקליכען'ס אויגען, האָט ער פער־שטאנען, אז דער גאנצער שכל, דער גאנצער מענשען־פערשטאנד איז נאָך ביי איהם ניט אוועקגענומען געוואָרען. דער געבונדענער האָט זיך ניט גע־וועהרט און האָט זאָגאר קיין פערזוך געמאכט צו צורייסען דיא שטריק אָדער בעפרייען זיך אויף וועלכען ארט עס זאָל ניט זיין. איז ער שטארק איבערראשט פון דיא אָנוועזענהייט פון מענשען, וועמעס מיטברודער ער איז אמאָל אויך געוועזען? האָט זיך אין איהם ערוועקט א שטיקעל געדעכניס און ער האָט זיך דערמאָהנט אז ער איז אויך א מענש? ווען מען זאָל איהם פריי מאכען וואָלט ער אנטלאָפען אָדער ער וואָלט פערבליבען רוהיג נעבען זיינע געוועזענע ברידער? דאָס האָבען דיא דריי פאָרשער ניט געקענט וויסען. זיי האָבען ניט געוואָלט ריזיקירען און אָבבינדען איהם, אויס מורא פילייכט וועט ער אנטלויפען און זיי וועלען מיט איהם דארפען שטרייטען.

— וויא דיא זאך זאָל ניט זיין — האָט גידעאָן ספילעט געזאָגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען — איז אונזער פפליכט צו נעהמען איהם מיט אונז נאָך לינקאָלן אינזעל. אויב ער וועט זיך צוריק אויסמענשלען אָדער ניט, קענען מיר ניט וויסען, אָבער יעדענפאלס טאָרען מיר איהם דאָ ניט איבערלאָזען.

— יא — האָט הערבערט געענטפערט — מיר מוזען איהם מיטנעהמען, און פילייכט וועט אונז געלינגען אויפצואוועקען אין איהם דיא מענשליכע גע־פיהלען און ער וועט ווערען צוריק א מענש אזוי וויא מיר אלע.

— א מענשליכער גייסט, א נשמה שטארבט ניט — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — און מיר וועלען אויפטהאָן א גוטע און וויכטיגע זאך, אויב אונז וועט געלינגען צו רעטען א מענשען פון ווילדקייט.

פּענקראָפט האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, וויא ער זאָל זאָגען: שמועסט זיך ניט איין קיין נארישקייטען. ער וועט שוין קיין מענש קיינמאָל ניט זיין.

— מיר מוזען פּרובירען — האָט דער רעפּאָרטער ווייטער געזאָגט — מיר מוזען איהם מיטנעהמען. דער מענשליכער געפיהל דיקטירט אונז אזוי.

פענקראַפט און הערבערט האָבען אויך אנדערש ניט גערענקט און זיינען אַלע געווען זיכער, אז סיירוס הארדינג וועט אויך ניט האָבען דאגעגען, ווען זיי וועלען זייער קאָלאָניע רייכער מאכען מיט דעם פערווילדערטען. זיי האָבען בע־שלאָסען צו נעהמען דעם אונגליקליכען צו דער "באַנעדרווענטשור" און אָבפאָהרען אהיים.

— ווען מיר איהם טראָגען א געבונדענעם? — האָט דער מאטראָז געפרעגט.

— פילייכט וועט ער געהן מיט די פיס אויב מיר וועלען איהם אָבבינדען? — האָט הערבערט געזאָגט.

— לאָמיר פרובירען — האָט פענקראַפט געענטפערט.

זיי האָבען איהם אָבגעבונדען די פיס, אָבער זיינע הענד האָבען זיי געלאָזט געבונדען. דער ווילדער איז אויפגעשטאנען, אָבער ער האָט קיין פערזוך געמאכט צו אנטלויפען. ער האָט מיט זיינע בייזע, ווילדע אויגען אָנגעקוקט די דריי פערזאָן, וועלכע זיינען געשטאנען נאָהענט פון איהם, אָבער עס איז אויף איהם ניט קענטיג געווען, אויב ער בעגרייפט אז ער איז אויך א מיטברודער פון דיעזע דריי, אָדער ער פערשטעהט עס ניט.

אויף דעם רעפּאָרטער'ס ראטה, איז דער ווילדער מענש אוועקגעפיהרט גע־וואָרען איןביידעל. זיי האָבען גערענקט, אז ווען ער וועט דערזעהן די ביידעל מיט אַלעם וואָס דאָרט געפינט זיך און וועלכעס עס האָט זיכער אמאָל בעלאנגט צו איהם, וועט ער זיך פילייכט דערמאָהנען פון זיין פערגאנגענהייט. פילייכט וועט דאָס אויף איהם מאכען א ווירקונג און מענשליכע געפיהלען וועלען זיך צו איהם אומקעהרען. די ביידעל איז געווען ניט ווייט און אין אייניגע מינוטען צייט זיינען זיי אהין אָנגעקומען. אָבער דער געפאנגענער איז פערבליבען גלייכ־גילטיג אזוי וויא פריהער און עס איז קענטיג געווען אז ער האָט זיך קיין זאך ניט דערמאָהנט און האָט קיין זאך ניט געוואוסט.

ספּילעט, פענקראַפט און הערבערט האָבען דערפון געדרונגען, אז דער אונ־גליקליכער געפינט זיך שוין אויף'ן קליינעם אינזעל א גאנץ לאנגע צייט און די איינזאמקייט האָט איהם פערוואנדעלט אין א ווילדע חיה.

דער רעפּאָרטער האָט זיך נאכהער בעדענקט, אז פילייכט פייער וועט אויף זייער געפאנגענעם מאכען א ווירקונג און ער וועט עטוואָס צו זיך קומען. אויף ווילדע ט:היערע מאכט פייער אויך א געוויסע ווירקונג, בפרט אויף אזעל־כען וואָס איז אמאָל געווען א מענש. זיי האָבען אָנגעצונדען פייער. באלד פון אָנפאנג האָט אויסגעוויזען, אז דאָס האָט געמאכט א שטיקעל ווירקונג אויף זיין ווילדען גייסט, אָבער באלד האָט ער זיך אָבגעדרעהט אָן א זייט און ער האָט ניט ארויסגעצייגט קיין צייכען, אז דער מענש האָט אין איהם עטוואָס אָבגעלעבט.

דיא פאַרשער האָבען געזעהן, אז זיי קענען מיט איהם גאָר ניט מאכען און עס איז ביי זיי פערבליבען אז זיי זאָלען איהם שוין מיטנעהמען אויף דער "באַנעדרווענטשור" און איהם האלטען דאָרט ביז זיי וועלען צוזאמען אָבפאָהרען אהיים נאָך לינקאָלן אינזעל.

אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט ענדערען זייער פאָריגען בעשלוס צו ברייני־גען אהיים זאמען פון גרינסען, וועלכע זיינען אויף'ן לינקאָלן אינזעל ניטאָ און אויך א פּאָר אָדער מעהר פון דיא שווייגען וואָס זיי האָבען אויף'ן אינזעל טיי־באַר בעגעגענט. זיי האָבען דארום איבערגעלאָזט דעם פערווילדעטען אונטער דיא אויפזיכט פון פענקראָפט און ספּילעט און הערבערט זיינען אוועק אין וואלד ענדיגען זייער זאמען זאמלונג און יאגד וואָס זיי האָבען געהאט אָנגעפאנגען.

אין א פּאָר שטונדען ארום זיינען זיי צוריק געקומען מיט א היבשע ביסעל זאמען און צוויי פּאָר שווייגען און אייניגע פויגלען וואָס זיי האָבען געפאנגען. זיי האָבען אויך מיטגעבראכט דיא כלים און אינסטרומענטען פוןביידעל און זיי זיינען געוועזן פערטיג צו דער רייזע.

זיי האָבען דעם געפאנגענעם אריינגעזעצט אין א קליין צימער. ער איז געוועזן שטיל און רוהיג און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער איז טויב און שטום.

פענקראָפט האָט פּרובירט געבען איהם עסען געקאָכטע פלייש, אָבער דער ווילדער האָט עס אָבגעשטופּט פון זיך; ווען אָבער דער מאטראָז האָט איהם גע־ציינט א ווילדע ענטע (קאטשקע) וואָס הערבערט האָט נור וואָס געשאָסען, האָט דער מענש־טהיער זיא צוגעכאפּט און איינגעשלונגען.

— דענקט איהר, אז ער וועט ווען עס איז צוריק בעקומען זיין שכל, זיינע אמאָליגע געפיהלען? — האָט פענקראָפט געפרעגט — איך דענק אז זייענדיג א לאַנגע צייט איינער אליין אויף דיעזען אינזעל איז פון איהם געוואָרען דאָס וואָס ער איז ערשט, אָבער אז ער וועט א לענגערע צייט זיין צווישען אונז אויף לינקאָלן אינזעל, וועט ער צוריק ווערען א מענש.

— מעגליך — האָט ספּילעט געענטפערט.

— וויא אלט, דענקט איהר, איז ער? — האָט הערבערט געפרעגט.

— עס איז שווער צו זאָגען — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — ווייל מען קען זיינע געזיכטס־ציגע ניט זעהן צוליעב דער דיקער באָרד וואָס פער־שטעלט זיין פּנים, אָבער עס זעהט אויס, אז קיין יונגער מאן איז ער שוין ניט. איך דענק אז ער איז אומגעפעהר פופציג יאָהר אלט.

— האָט איהר, הערר ספּילעט, בעמערקט וויא טיעף זיינע אויגען זיינען געזונקען? — האָט הערבערט געפרעגט.

— יא, הערבערט, איך זעה דאָס, אָבער מען מוז צוגעבען, אז דיא אויגען זיינע זיינען מעהר מענשליכע וויא מען האָט געקענט ערוואַרטען לויט זיין גאנצען אויסזעהן.

— איך בין זעהר גערן צו וויסען וואָס הערר הארדינג וועט וועגען איהם זאָגען — האָט זיך פענקראָפט אָבגערופען — מיר זיינען געפאָהרען זוכען א מענשליכע בעשעפעניס, ענדליך וועלען מיר איהם גאָר ברייננען א מאָנסטער, אן אומגעלומפּערטע בריאה! נאָך אלעמען אָבער זיינען מיר אין דעם ניט שולדיג. מיר האָבען געטהאָן אלעס וואָס מיר האָבען געקענט.

זיי האָבען געמוזט פערבלייבען נעכטיגען אויף'ן שיף, ווייל עס איז דאמאָלס געוועזן דיא עבע (וואסער־אָבפאל פון ים) און דיא "באָנעדוועטשור" איז געשטאנען וויטליך פון ברעג. זיי האָבען דארום געמוזט ווארטען ביז מאָרגענדיגען פלוטה (וואסער־שטייגונג), ווען זייער שיף וועט זיך אויפהויבען און מען וועט זיא גלייך קענען רודערען.

דיא נאכט איז אוועק גאנץ רוהיג. אויב דער געפאנגענער ווילדער איז געשלאָפען אָדער ניט, האָבען זיינע פאנגער ניט געוואוסט. זיי האָבען איהם איינגעשפּארט אין זיין צימער און ער איז דאָרט גאנץ רוהיג געוועזן. מען האָט פון איהם קיין בעוועגונג געהערט, אָבוואָהל זיינע הענד און פיס זיינע געוועזן אָבגעבונדען.

אויף מאָרגען דעם 15טען אָקטאָבער, ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען איז געוואָרען דיא ענדערונג אין וועטער, וואָס פענקראָפט האָט פאָראויס געזאָגט. דער ווינד האָט זיך אָבגעקעהרט אין אן אנדער זייט, ניט צו דער זייט וואָס זיי האָבען געדארפט פאָהרען. אום פינף אוהר פריה איז דער אנקער פון דער "באָנעדוועטשור" אויפגעהויבען געוואָרען און דיא שיף איז אָבגעפאָהרען.

דעם ערשטען טאָג פון דער רייזע האָט קיינע בעזאָנדערס פאסירט אויף'ן שיף. דער געפאנגענער פערווילדעטער איז געוועזן שטיל און רוהיג. פון זיינע מאנערען, אָבוואָהל ווילדע, האָט מען געקענט זעהן, אז דיא בעוועגונג פון דער שיף מאכט אויף איהם א שטיקעל איינדרוק, און דערפון האָבען פענקראָפט, ספּילעט און הערבערט געשלאָסען, אז דער מאן איז אמאָל געוועזן א מאטראָז.

אויף מאָרגען איז דער ווינד שטארקער געוואָרען און האָט געבלאָזען מעהר פון זידליכען זייט. דאָס האָט דער שיף שווערער געמאכט דעם גאנג. קאפּיטאן פענקראָפט האָט געארבייט מיט אלע קרעפטען און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען איהם אויך מיטגעהאָלפען. דיא לייטע האָבען איינגעזעהן, אז אויב דער ווינד וועט ניט ווערען מילדער, וועט זיי דיא רייזע צוריק דויערען פיעל מעהר וויא דיא רייזע אהין, צום אינזעל טייבאָר.

און עס איז ווירקליך אזוי געוועזן. אין דעם פריהמאָרגען פון 17טען אָקטאָבער, נאָכדעם וויא זיי זיינען שוין געוועזן 48 שטונדען אין וועג, האָט נאָך קיין ברעקעל צייכען בעוויזען, אז זיי זאָלען זיין נאָהענט פון אינזעל לינקאָלן. וויפיעל זיי זיינען אָבגעפאָהרען פון אינזעל טייבאָר, האָבען זיי ניט געקענט וויסען. זיי וואָלטען עס פילייכט געקענט משער זיין, ווען דיא "באָנעדוועטשור"

וואָלט געגאַנגגען רעגעלמעסיג מיט איין שנעלקייט, אָבער איהר גאנג איז געוועזען זעהר אונרעגעלמעסיג און דיא רייזענדע האָבען דארום ניט געקענט וויסען וואו זיי זיינען אין דער וועלט.

דעם 18טען אָקטאָבער איז געווען א שטארקער שטורם און א כוואַליע איז אריבערגעלאָפען דיא שיף. ווען דיא רייזענדע וואָלטען געווען אויף׳ן דעק, וואָלטען זיי פיליכט אראָבגעשווייגקט געוואָרען און דער שטראָם וואָלט זיי פערטראָגען, אָבער גליקליכערווייזע זיינען זיי אלע געווען אונטען און קיינע סבות האָבען פאסירט.

אָבער דיא כוואַליע האָט איבערגעלאָזט פיעל וואסער אויף׳ן דעק און דאָס וואָלט פיליכט געשטעלט אין געפאהר דיא גאנצע שיף. קאַפּיטאַן פּענקראָפט האָט אין יענעם מאָמענט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, אָבער דער ווילדער, וועלכער איז דאמאָלס ארוים פון זיין צימער איז זיי גאָר אונערוואַרטעט צו הילף געקומען. ער האָט אָבגעריסען א שטיקעל ברעט ביי דער זייט און דאָס וואסער איז אראָבגעלאָפען. עס האָט אויסגעזעהן, אז דער מאַטראָזען געפיהל האָט אין איהם אויף א ווייל אָבגעלעבט און ער האָט ריכטיג געטראָפען וואָס צו טהאָן. דער ווילדער איז נאכהער אריין צוריק אין זיין צימער ניט צייגענדיג קיין אינטעליגענטע מינע.

דיא לאַגע פון דיא רייזענדע איז יענע נאכט געווען זעהר ניט קיין גוטע. א שטורם האָט געבלאָזען, דערצו איז געווען זעהר פינסטער און קאַלט און דיא לייטע האָבען מורא געהאט, אז זיי וועלען אומקומען אין מעער. ניט פּענקראָפט, ניט ספּילעט און ניט הערבערט האָבען יענע נאכט געדענקט וועגען שלאָפען. זיי זיינען געווען אויף דער וואך און אויסגעקוקט פיליכט וועלען זיי דערזעהן זייער אינזעל, זייער קאָלאָניע און זייער היים.

ארום צוויי אוהר פארטאָג האָט פּענקראָפט מיט זיינע שארפע אויגען דערזעהן א שיין פון דערווייטענס און ער האָט מיט אלע קרעפטען אויסגעשריען:

— א שיין! א שיין!

קאַפּיטאַן פּענקראָפט האָט קיין טעות געהאט. א העלע שיין האָט זיך ווירקליך בעוויזען אומגעפעהר צוואנציג מייל ווייט פון זיי. דאָרט איז געווען דער לינקאָלן אינזעל און דאָס האָט סיירוס הארדינג וואהרשיינליך אויפגעלעגט א פייער, אום צו צייגען זיינע קאָמפּאַניאָנען, וואָס זיינען אין וועג, דיא ריכטונג וויא זיי זאָלען פאָהרען. פּענקראָפט האָט דאן אָבגעקירעוועט דיא שיף און ער האָט זיא געטריבען מיט א גלייכע ריכטונג פונקט אנטקעגען דיא בעלייכטונג, וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א גרויסער, ליכטיגער שטערען ווייט אין האָריזאָנט.

---

## 15טעם קאפיטעל.

דיא "באָנעדוועטשור" אין דער היים. — דער פערווילדעטער אין גראַניט הויז. — הארדינג'ס פערשפרעכען. — דער גאסט מענשעלט זיך. — אָבגעשאָרען. — דעם אונגליקליכען'ס טרעהר.

---

אויף מאָרגען, דעם 20טען אָקטאָבער, אום זיעבען אוהר אין דער פריה איז דיא "באָנעדוועטשור", נאָך פיער טעג וואנדערען אויף'ן ים, אָנגעקומען צום מויל פון טייך "מערסי" אויף לינקאָלן אינזעל.

סיירוס הארדינג און נעב, וועלכע זיינען געוועזען זעהר אונרוהיג דערפון וואָס זייערע דריי קאמעראדען האָבען זיך אזוי לאנג געזאמט אין וועג, זיינען גאנץ בעגינען ארויף אין דער הויך אויף פראָספעקט האיטס און האָבען אויס־געקוקט זייער שיף מיט דיא פאסאזשירען. סיירוס הארדינג האָט דער ערשטער דערזעהן דיא "באָנעדוועטשור" פון וועיטענס און ער האָט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל און געדאנקט גאָט.

נעב האָט פון גרויס צופריעדענהייט אָנגעהויבען טאנצען. ער האָט פון גרויס איבערראשונג ארומגעכאפט דעם אינזשיניר און איהם געהאלדזט און געקושט.

צו ערשט, ווען דער אינזשיניר האָט פון וועיטענס געקענט זעהן דיא מענשען אויף'ן דעק פון שיף, האָט ער געדענקט אז דיא רייזענדע האָבען דעם פערוואָר־פענעם אויף'ן אינזעל טייבאָר ניט געפונען. ער האָט בלויז געזעהן דריי מענשען און ער האָט געטראכט, אז יענער פערוואָרפענער האָט מיט זיי ניט געוואָלט מיטפאָהרען, ווייל ער האָט קיין לוסט געהאט אומצובייטען איין געפענגניס אויף אן אנדערע.

אין דיא ריכטיגקייט זיינען אויף'ן דעק פון דער שיף בלויז געוועזען פענקראָפט, ספילעט און הערבערט. דער פאסאזשיר וואָס זיי האָבען מיטגעפיהרט איז געוועזען אין זיין צימער.

אין דעם מאָמענט וואָס דיא "באָנעדוועטשור" איז צוגעפאָהרען צום ברעג, זיינען הארדינג און נעב, וועלכע האָבען דאָרט געוואָרט, צוגעלאָפען און איידער דיא פאסאזשירען האָבען צייט געהאט ארויסצוגעהן אויף'ן זאמד האָט הארדינג געזאָגט:

— מיר זיינען דאָ געוועזען זעהר אונרוהיג, מיינע פריינדע. האָט מיט אייך א סבה פאסירט, וואָס איהר האָט זיך אזוי לאנג געזאמט?

— ניין — האָט גידעאָן ספילעט געענטפערט — אין געגענטהייל, אלעס איז געוועזען אויף'ן בעסטען ארט. מיר וועלען אייך אלעס דערצעהלען.

— יעדענפאלס אָבער — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — איז אייער רייזע געווען אומזיסט, זאָלאנג אז איהר האָט קיינעם ניט מיטגעבראכט.

— ענטשולדיגט, קאַפּיטאן — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען — מיר זיינען פיער אויף דער שיף.

— האָט איהר געפונען דעם פערוואָרפענעם?

— יא, מיר האָבען איהם געפונען.

— און איהר האָט איהם מיטגעבראכט?

— יא.

— א לעבעדיגען?

— יא, א לעבעדיגען.

— וואו איז ער? ווער איז ער?

— ער איז — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — אָדער בעסער גע־זאָגט: ער איז געווען א מענש! דאָס אלעס וואָס מיר קענען זאָגען וועגען איהם.

דיא דריי רייזענדע האָבען דאן דערצעהלט דעם אינזשיניר פון אלעס וואָס מיט זיי האָט פּאסירט פון דער צייט וואָס זיי האָבען פערלאָזט דעם אינזעל לינקאָלן ביז זיי זיינען צוריק געקומען. זיי האָבען איהם איבערגעגעבען אלעס וואָס זיי האָבען געזעהן און ענטדעקט אויף'ן אינזעל טייבאָר און וויא זיי האָבען געפאנגען דעם פערווילדעטען. ווען עס איז געקומען צו דעם פּונקט וועגען זייער געפאנגענעם, האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען:

— איך וויים ניט, הערר קאַפּיטאן, אויב מיר האָבען געהאט א רעכט צו ברייננען איהם אהער.

— גאנץ געוויס האָט איהר רעכט געהאט! — האָט דער אינזשיניר גע־ענטפערט.

— אָבער דער אונגליקליכער האָט קיין פערשטאנד! ער איז איינפאך א ווילדע חיה!

— מעגליך — האָט הארדינג געענטפערט — אז דאָס איז בלויז ערשט אזוי און מיט דער צייט וועט זיין ווילדקייט מיידען און ער וועט בעקומען זיין מענשליכען פערשטאנד. אָבער, מיינע פריינדע, דיעזער אונגליקליכער איז דאָך מיט מאָנאטען צוריק געווען א מענש אזוי וויא איך און איהר און דיא איינ־זאמקייט האָט איהם פערוואנדעלט אין א חיה, היינט ווער וויים וואָס עס וועט ווערען פון דעם לעצטען פון אונז, וואָס וועט איבערלעבען זיינע קאָמפּאניאָ־נען און וועט פערבלייבען אליין אויף דיעזען אינזעל? אז איהר האָט געפונען דיעזען אונגליקליכען אין אזא צושטאנד, זיינען מיר ניט זיכער אז איינער פון אונז וועט אויך דארפען דורכלעבען א טהיער פּעריאָדע.

— אָבער, קאַפּיטאן — האָט הערבערט געפרעגט — וואָס ברייננט איך

צו דענקען, אז דיא ווילדקייט איז צו איהם געקומען ערשט מיט איינינע מאָ־נאטען צוריק?

— ווייל דער דאָקומענט וואָס מיר האָבען געפונען איז ניט לאנג געשריבען געוואָרען — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — און דער דאָקומענט איז זי־כער געשריבען געוואָרען פון דיעזען פערוואָרפענעם.

— פיליינט — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — האָט דעם דאָקומענט געשריבען דיעזען מאַן'ס א קאָמפּאניאָן, וועלכער איז שוין לאנג טויט?

— דאָס איז אונמעגליך, מיין טהייערער ספּילעט.

— ווארום? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— ווייל ווען דאָס וואָלט אזוי געווען, וואָלט דער דאָקומענט גערעדט וועגען צוויי פערוואָרפענע — האָט הארדינג געענטפערט — ווען אָבער דער דאָקומענט רעדט נור פון איין פערזאָן, האָט עס אייער געפאנגענער געשריבען.

הערבערט האָט דאן דערצעהלט וויא אין צייט פון א שטורם אויף'ן ים, האָט זיך אויף א ווייל צום פערווילדעטען אומגעקעהרט זיין מענשען פער־שטאנד און ער האָט פאר זיי געטהאָן דיא ארבייט פון א מאטראָז.

— דאָס איז א וויכטיגער פּונקט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — דאָס בעווייזט, אז דער אונגליקליכער איז נאָך ניט פערלאָרען און זייענדיג צווישען מענשען וועט ער מיט דער צייט אויך ווערען א מענש אזוי וויא ער איז אמאָל געווען. מיר וועלען נאָך רעטען זיין זעעלע און ער וועט ווערען א ניצליכער מיטגליעד אין אונזער קאָלאָניע.

דער פערווילדעטער איז ארויסגעפיהרט געוואָרען פון זיין צימער. הארדינג און נעב האָבען איהם אָנגעקוקט מיט רחמנות'דיגע בליקען.

וויא נור דער אונגליקליכער האָט בעטראַכטען דאָס טרוקענע לאנד, האָט ער אָנגעהויבען מאכען א פערזוך צו לויפען, אָבער סירוס הארדינג האָט ארויפ־געלעגט זיין האנד אויף דעם פערווילדעטען'ס אקסעל און האָט איהם אריינגע־קוקט אין געזיכט. דער אונגליקליכער האָט זיך בערוהיגט, אזוי וויא ער זאָל פאָלגען דעם בעפעהל פון אן אויטאָריטעט. ער איז פערבליבען שטעהן מיט'ן קאָפּ ארונטערגעלאָזט אזוי וויא א דיענער פאר זיין שטרענגען ווירטה.

— אָרימער, אונגליקליכער מענש! — האָט הארדינג איינינע מאָל געזאָגט מיט בעדויערען.

דער אינזשיניר האָט דעם אונגליקליכען גוט בעטראכט און ער האָט אָן זיינע אויגען דערקענט, אז דיא מענשליכע געפיהלען זיינען נאָך אין איהם ניט אָבנעשטאָרבען אין גאנצען.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען אז דער פרעמדער, וויא דיא קאָלאָניסטען האָבען אָנגעהויבען רופען דעם פערווילדעטען, זאָל אריינגענומען ווערען אין גראניט הויז און מען זאָל איהם דאָרט אָבגעבען א בעזונדער צימער, פון וועל־



הארדינג און דער פערווילדעטער.

זייטע 836

כען ער זאָל ניט קענען אנטלויפען. מען האָט איהם אהין אוועקגעפיהרט און ארייננעזעצט אין דער וואָהנונג וואָס מען האָט פאר איהם בעשטימט. דאָס איז זיי ניט שווער אָנגעקומען, ווייל דער ווילדער האָט זיך ניט געוועהרט און זיך געלאָזט פיהרען.

פענקראָפט, ספּילעט און הערבערט, וועלכע זיינען נוּר וואָס געקומען פון וועג, זיינען געוועז זעהר הונגעריג און זיי האָבען זיך אלע דארום צוגעאיילט צו עסען פריהשטיק. ביים עסען האָבען זיי פיעל גערעדט וועגען זייער זאָנדער־בארען, אומגעלומפּערטען גאסט. זיי האָבען הויפּטזעכליך דיסקוטירט דיא פראַ־גע: פון וואָס פאר א לאנד דער אונגליקליכער קומט, און זיי זיינען געקומען צום בעשלוס, אז ער איז אן ענגלענדער אָדער אן אמעריקאנער. ערשטענס, איז דער נאָמען פון דער שיף "בריטאניא" אן ענגלישער אָדער אן אמעריקאנער; און צווייטענס האָט סיירוס הארדינג אין איהם דערקענט דיא געזיכטס־ציגע פון אזעלכען וואָס שטאמט פון דיא אנגלאָ־זאקסישע ראסע.

— אָבער, מיין יונגע — האָט דער רעפּאָרטער זיך געווענדעט צו הער־בערט — דוא האָסט אונז נאָך ניט דערצעהלט וויא אזוי דוא האָסט זיך בעגעגנט מיט'ן פרעמדען. מיר האָבען דיך געטראָפען וועהרענד דוא האָסט זיך מיט איהם געראנגעלט, אָבער וויא אזוי דער קאמפּף צווישען אייך איז געוואָרען ווייסען מיר ניט.

— אויף מיין וואָרט — האָט הערבערט געענטפערט — אז עס איז מיר שווער צו זאָגען וויא אזוי דאָס האָט פּאסירט. מיר דאכט, אז איך בין געוועזען בעשעפטיגט אין זאמלען פלאנצונגען, ווען איך האָב פּלוצלינג דערהערט א גע־רויש אזוי וויא פון שנעע אָדער שטיקער אייז וואָס פאלען ארונטער פון א הויכען בארג. איך האָב קוים צייט געהאט ארומצוקוקען זיך און דער אונגליקליכער מאן, וועלכער איז וואהרשיינליך געוועזען בעהאלטען אונטער א בוים, האָט זיך אויף מיר פּלוצלונג געוואָרפען. דאָס איז געשעהען מאָמענטאלנע און ווען איהר, הערר ספּילעט און הערר פענקראָפט, וואָלטען מיר ניט געקומען צו הילף —

— מיין יונגע — איז איהם הארדינג ארייגגעפאלען אין דיא רייד — דוא האָסט דורכגעמאכט א געפעהרליכע שטיקעל צייט, אָבער ווען ניט דיעזער צו־פאל וואָלט איהר פּילייכט דעם פרעמדען ניט געפונען און מיר וואָלטען ערשט ניט געהאט קיין נייעם קאָמפּאניאָן.

— האָפט איהר דען ווירקליך, הערר סיירוס, צו מאכען איהם פאר א מענ־שען? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— יא — האָט הארדינג געענטפערט — ער וועט נאָך זיין א מענש אזוי וויא איך און איהר.

נאָך פריהשטיק זיינען דער אינזשיניר און זיינע קאָמפּאניאָנען אוועק אויס־לאָדען דיא שיף. דער אינזשיניר האָט גוט בעקוקט און בעטראכט דיא אלע זא־

בען וואָס דיא רייזענדע האָבען פערנומען פוןביידעל אויף'ן אינזעל טייבאָר, אָבער ער האָט אויף קיין זאך גאָר ניט געפונען וואָס זאָל צייגען ווער דער פער־ווילדעטער איז.

אין אלגעמיין איז הארדינג געווען שטארק צופריעדען מיט דיא אלע זאכען וואָס זיינע קאמעראדען האָבען געבראכט פון קליינעם אינזעל. דיא קאָלאָניסטען האָבען בעשטימט אן אָרט פאר דיא שווינען און דיא פעסלעך שים־פולווער וואָס זיי האָבען מיטגעבראכט האָט הארדינג בעשלאָסען אָבצולייגען אין א מאגאזין ווייט פון גראניט הויז, אום צו זיין זיכער פון אן עקספּלאָזיאָן. פאָר־לויפיג האָבען זיי בענוצט דעם שים־מאטעריאל וואָס הארדינג האָט אליין פאבּ־ריצירט און דיא ריכטיגע שים־פולווער וואָס זיי האָבען געהאט פון פריהער און דיא וואָס איז געבראכט געוואָרען פון אינזעל טייבאָר האָט דער אינזשיניר געוואָלט האלטען אין זאפאס, פיליכט וועט מען עס אמאָל מוזען געברויכען.

נאָכדעם וויא דיא "באָנעדווענטשור" איז אויסגעלאָדען געוואָרען, האָט פענקראָפט געזאָגט צו הארדינג:

— איך דענק, אז מיר האָבען אונזער שיף געדארפט אנקערען אין א זיכערען פּלאַץ.

— דענקט איהר — האָט הארדינג געפרעגט — אז דאָ, ביים מויל פון דער "מערסי" איז ניט זיכער גענוג?

— ניין, קאפּיטאן — האָט דער מאטראָז געענטפערט — זיכער איז זיא; אָבער דאָ קומט איהר אוים צו שטעהן האלב אין זאמד און האלב אין וואסער און דאָס שאדעט איהר פיליכט. דיא "באָנעדווענטשור" איז א וואוילע שיף. זיא האָט זיך אויפגעפיהרט אויף'ן מעער זעהר פיין און מיר דארפען זיא אָבהיטען וויא זיא האָט פערדיענט.

— זאָלען מיר זיא פיליכט לאָזען שווימען אין טייך?

— ניין, קאפּיטאן, דאָ אין מערסי טייך וועט זיא קיין שוץ האָבען גע־גען ווינד. איך דענק דארום אז מיר זאָלען אונזער "באָנעדווענטשור" געבען א פּלאַץ צווישען דיא פעלזען אין פּאָרט באלון.

— דאָס טויג ניט, פריינד פענקראָפט — האָט הארדינג געזאָגט — פּאָרט באלון איז צו ווייט פון אונזער היים און עס איז פיעל בעסער מיר זאָלען האָבען אונזער שיף ביים האנד.

— וואָס דען דענקט איהר, קאפּיטאן? — האָט קאפּיטאן געפרעגט.

— איך דענק — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אז מיר וועלען מיט דער צייט אויסבויען א האפען, א ריכטיגען האפען, טאקי דאָ ניט ווייט פון גראניט הויז. אָבער פאָרלויפיג פיהרט אָב אייער שיף נאָך פּאָרט באלון.

— אויסגעצייכענט! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — יא, מיר ווע־

לען מאכען א האפען מיט א לייכט־טהורם, מיט אלעס, גאָר אויף'ן גרויסען שטיי־גער. מיט אייך, קאפיטאן, קען מען אלעס דורכפיהרען.

— יא, מיין בראווער פענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אָבער איך אליין קען גאָר ניט מאכען און איך מוז שטענדיג אָנקומען צו אייער הילף. אין יעדע אונטערנעהמונג וואָס מיר האָבען אונטערנומען האָט איהר אָבגעטהאָן ארבייט פאָר דריי אנדערע.

דער מאטראָז און הערבערט האָבען דאן אויפגעהויבען דעם אנקער און דיא "באָנעדווענטשור" איז אָבגעפאָהרען. אין צוויי שטונדען ארום האָבען זיי דיא שיף צוגעפיהרט צו פּאָרט באלון און זיא געאנקערט צווישען פעלזען.

עס זיינען פאָראיבער אייניגע טעג און דיא קאָלאָניסטען האָבען אין דעם פערווילדעטען בעמערקט א שטיקעל ענדערונג. עס האָט אויסגעזעהן, אז זיין מענשליכע נשמה הויבט אין איהם אָן אויפלעבען און ער ווערט עטוואָס היי־מישער. גאָר פון אָנפאנג איז דער פרעמדער געווען זעהר צוטראָגען. ער איז זייט א לאנגע צייט געווען געוואָהנט צו לעבען אויף פרייע לופט, אונטער'ן פרייען הימעל און דאָס געפאנגענשאפט אין גראניט הויז האָט איהם נאָך מעהר ווילד געמאכט. ער איז געווען אזוי וויא א ווילדע חיה, וועלכע ווערט איינגע־שפּאַרט אין א שטייג. דיא קאָלאָניסטען האָבען מורא געהאט, אז ער זאָל זיך ניט ארויסוואַרפען דורך א פענסטער און זיי האָבען איהם שטרענג געהיט. נאכהער אָבער איז ער געוואָרען רוהיגער און געלאסענער, ביז ער איז אין עט־ליכע טעג ארום געוואָהנט געוואָרען צו זיין נייעם ארט לעבען און עס האָט אויסגעזעהן, אז דער ווילדער גייסט הויבט פון איהם אָן פערשווינדען.

און דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאט־אורזאכען צו האָפען, אז דער ווילדער אינסטינקט וועט מיט דער צייט אין גאנצען פערשווינדען פון זייער גאסט. געקאָכטע פלייש איז שוין ביי איהם ניט געווען אזוי אבשטויסענד אזוי וויא אין דער צייט פון זיין רייזע אויף דער "באָנעדוועטשור", און אָבוואָהל ער האָט נור געגעסען רויהע פלייש, דאָך האָט ער ניט געצייגט אזא עקעל און פעראכטונג צו געקאָכטע אזוי וויא ער האָט געצייגט אויף'ן שיף. סיירוס האר־דינג האָט דעם פרעמדען אָבגעשאָרען דיא האָר פון קאָפּ און דיא באָרד, וועה־רענד ער איז געשלאָפען. דאָס האָט איהם געגעבען אָן אנדער אויסזעהן, ניט אזוי אומגעלומפערט, ניט אזוי ווילד וויא פריהער. מען האָט אויך פון איהם ארונטערגענומען דיא שמאטע וואָס ער האָט געטראָגען אויף זיין טאליע און מען האָט איהם אָנגעטהאָן קליידער, וועלכע האָבען איהם פיעל מעהר געפּאסט וויא דיא שמאטע. אָהן דיא לאנגע האָר און דער גאנצער קערפּער פערדעקט, האָט דער פרעמדער בעקומען דיא געשטאלט פון א מענשען און אויף זיין געזיכט האָט זיך בעוויזען א מענשליכע מינע. זיינע אויגען האָבען ניט

אויסגעזעהן אַזוי בייז און זיין גאַנצע פיגור איז עפּעס אזוי וויא אנדערש געוואָרען.

סיירוס הארדינג האָט אויף זיך גענומען דיא אויפגאבע צו פערברייננגען יעדען טאָג א פּאָר שטונדען צייט נעבען דעם אונגליקליכען פערווילדעטען. ער האָט געטהאָן זיין ארבייט נעבען פרעמדען און ער האָט שטענדיג אויסגעזוכט פערשיעדענע בעשעפטיגונגען, אום דער פרעמדער זאָל דערויף שענקען זיין אויפמערקזאמקייט און בעקומען צוריק מענשליכע געפיהלען. מען האָט ניט געדארפט פיעל צו ערוועקען אין איהם א שטיקעל עראינערונג פון זיין מענשליכע פעריאָדע, דאָס האָט מען באלד געזעהן וועהרענד דעם שטורם אויף'ן ים, ווען דער פערווילדעטער האָט ארונטערגעלאָזט דיא וואסער פון רעק פון דער "באָנעדוועגטשור". דער אינזשיניר פלעגט רעדען הויך אויף'ן קול, אום דער אונגליקליכער זאָל הערען, פיליכט וועט זיך ביסלעכווייז צו איהם אומקעהרען דיא הערונגס און רעדונגס־קראפט. הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען פלעגען זעהר אָפט ביים פרעמדען'ס אנוועזענהייט רעדען וועגען שיפען, וועגען פלאָטען, וועגען מעער־רייזעם — זאכען וואָס אינטערעסירען געוועהנליך א מאטראָז מעהר וויא אן אנדערען. זיי האָבען געדענקט, אז דער אונגליקליכער וועלכער איז וואהרשיינליך אמאָל געווען א מאטראָז וועט אזעלכע געשפּרעכען שנעלער בעגרייפען.

אָפטמאָל פלעגט מען בעמערקען, אז דער פרעמדער שענקט אויפמערקזאמקייט צו א געשפּרעך פון דיא קאָלאָניסטען און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער הויבט אָן עפּעס פערשטעהן. ביי איין געשפּרעך האָט מען בעמערקט אויף דעם פערווילדעטען'ס געזיכט א צייכען פון טרויער און ביי אן אנדערען האָט זיך אזוי וויא א לייכטער שמייכעל בעוויזען אויף זיינע ליפּען, אָבער גערעדט האָט ער גאָר ניט, זאָגאר קיין איין איינציגע זילבע איז פון זיין מויל ניט ארוים. ער איז געוועזן שטום אזוי וויא א פּיש און קיין מענשליכע שטימע האָט מען פון איהם ניט געהערט.

אָבער איז ער ווירקליך אין גאנצען געוועזן שטום? האָט ער דיא רעדונגס־קראפט אין גאנצען פערלאָרען? אָדער ער איז אזוי שטיל־שווייגענד? דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט וויסען. עס טרעפען אָפט משוגעים וואָס רעדען ניט, אָבוואָהל זיי בעזיצען דיא רעדונגס־קראפט. סיירוס הארדינג איז געוועזן גערן צו וויסען אויף וויא ווייט דער אונגליקליכער בעסערט זיך אין גייסט; ער האָט געוואָלט מעסטען זיינע געפיהלען און בעגריפע; ער האָט געוואָלט אריינדרינגען אין זיין נשמה און וויסען אויף וויא ווייט זיא ווערט צוריק געעדעלט און ער האָט דארום אָנגעווענדעט אלערליי מיטלען און האָט געמאכט פערשיעדענע פּראָבעס, אום צו איבערצייגען זיך אין דעם.

ער פלעגט דעם פרעמדען אלע מאָל צופיהרען צו א פענסטער און ער האָט

איהם נעלאָזט קוקען אויף'ן ים און אויף'ן וואלד ביי דער זייט פון פראָספּעקט האיטס; ער פלעגט איהם אין גראַניט הויז אלע מאָל צייגען פערשיעדענע זאכען און ער האָט ענדליך בעשלאָסען ארויסצופיהרען איהם אין וואלד און לאָזען פריי, פיליכט וועט דאָס אויף איהם מאכען א שטאַרקען איינדרוק און ער וועט עטוואָס מעהר אויסדריקען.

— אָבער — האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט — קענען מיר האָפען, אז ער וועט ניט אנטלויפען, ווען מיר וועלען איהם פריילאָזען?

— מען מוז עס פּרובירען — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— נו — האָט זיך פענקראָפט אָבגערופען — פּרובירט. אָבער איך זאָג אייך, אז ווען איהר וועט אונזער אורח ארויספיהרען אויף דער פרייער לופט, וועט ער אנטלויפען אזוי שנעל וויא זיינע פיס וועלען איהם טראָגען.

— און איך דענק ניט אזוי — האָט הארדינג געענטפערט.

— לאָמיר פּרובירען — האָט ספּילעט זיך אָבגערופען.

— יא, מיר וועלען עס פּרובירען — האָט דער אינזשיניר בעשטימט.

דאָס איז געווען דער 30טער אָקטאָבער. דער פערוואָרפענער פון אינזעל טייבאָר איז שוין דאמאָלס געווען ניין טעג געפאנגען אין גראַניט הויז. עס איז געווען א שעהנער, ווארימער טאָג. דיא זונן האָט געשיינט און האָט דעם גאנצען לינקאָלן אינזעל איינגעוויקעלט אין איהרע שטראַהלען. סיירוס הארדינג און פענקראָפט זיינען אריינגעקומען צום פרעמדען אין צימער און זיי האָבען איהם געפונען ליגענדיג אויף'ן באָדען.

— קום, מיין פריינד — האָט דער אינזשיניר צו איהם געזאָגט.

דער אונגליקליכער האָט זיך באלד אויפגעהויבען. ער האָט נאָכגעקוקט דעם אינזשיניר און איז איהם נאָכגעגאנגען, ווערענד פענקראָפט האָט זיי נאָכ־געפאָלגט פון הינטען.

קומענדיג צום טהיר האָבען הארדינג און פענקראָפט אריינגענומען דעם פערווילדעטען אין דער הויב מאשין און זיי האָבען זיך ארונטערגעלאָזט. נעב, הערבערט און ספּילעט האָבען פון פריהער פאר זיי געוואַרט אונטען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען אָבגעגאנגען ניט ווייט פון דעם פרעמדען און זיי האָבען איהם געלאָזט אליין.

דער פרעמדער איז צוגעגאנגען איייניגע טריט נעהענטער צום ים. ער האָט געוואָרפען זיינע בליקען אויף דיא ברייטע אונענדליכע וואסערען, אָבער ער האָט קיין פערזוך געמאכט צו אנטלויפען. א היבשע ווײלע איז ער געבליבען שטעהן קוקענדיג אויף דיא כוואַליעס פון ים און ער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

— דערפון איז נאָך קיין בעוויז ניט, אז ער וועט ניט אנטלויפען —

האָט דער רעפּאָרטער בעמערקט — דער ים בעגייסטערט איהם ניט פיעל און מאכט איהם קיין חשק צו אנטלויפען.

—יא — האָט הארדינג צוגעגעבען — מיר דארפען איהם נעהמען צום ברעג וואלד אויף פּראָספּעקט האיטס און דאָרט וועלען מיר ערשט זעהן וואָס עס וועט פּאסירען.

— און מיר האָבען דאָ ניט צו ריזיקירען — האָט זיך דער ניגער אָבגע־רופען — ער וועט יעדענפאלס ניט קענען אנטלויפען, ווייל אונזערע בריקען זיי־נען אויפגעהויבען.

— אָה — האָט פּענקראָפט געזאָגט — דאָס איז גאָר ניט. דער פרעמדער איז ניט א מענש וואָס זאָל זיך שרעקען פאר וואסער און אזא קליינעם וואסער־שטראָם וויא דער קריק גליצערין וועט ער גלייך אריבערגעהן אָהן א בריק.

— מיר וועלען באלד זעהן — האָט הארדינג זיך ארייגעמישט — מיר וועלען פּרובירען, וועלען מיר וויסען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זייער נייעם מיטגליעד צוגעפיהרט צום מויל פון טייך מערסי און פון דאָרט האָבען זיי ארויפגעקלעטערט אויף פּראָספּעקט האיטס.

וויא נור זיי זיינען געקומען צום ברעג וואלד און זיי האָבען דערשפּירט דעם גערוך פון פרישע גרינע בלעטער, האָט דער אונגליקליכער אָנגעהויבען אָטהע־מען אזוי וויא ער זאָל טרינקען דיא פרישע אנגענעהמע לופט און א זיפץ האָט זיך ארויסגעכאפּט פון זיין ברוסט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם געלאָזט שטעהן פריי, אָבער זיי זיינען געשטאנען נאָהענט נעבען איהם פערטיג צו כאפּען איהם אויב ער וועט פּרובי־רען אנטלויפען.

דאָס אָרימע בעשעפעניס האָט זיך ווירקליך געלאָזט לויפען. ער האָט גע־וואָלט אריבערשפּרינגען א שמאָלען וואסער וואָס איז געוועזען צווישען איהם און דעם וואלד, ער האָט זיך אָבער באלד צוריקגעצויגען, האָט ארונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און א גרויסע טרעהר איז ארונטערגעפאלען פון זיינע אויגען.

— אָה! — האָט דער אינזשיניר אויסגעשריען — דוא ווערסט צוריק א מענש, אז דוא קענסט נאָך וויינען!

---

## 16טעם קאפיטעל.

דער פערווילדעטער קומט ארויס מיט לשון. — זיין וידוי. — צוועלף יאָהר אויף'ן אינזעל. — ווערט פערשוואונדען. — בויען א מיהל. — באקען ברויט. — פרעמדער רעטעט הערבערט'ן. — ווערט אליין פערוואונדעט.

---

יא, דער אונגליקליכער מאן האָט געוויינט! עפּעס אן עראינערונג איז וואהרשיינליך דורכגעלאָפען זיין מח און ארויסגעבראכט פון איהם א טרעהר, און וויא סיירוס הארדינג האָט זיך אויסגעדריקט, איז דאָס געווען א בעוויז, אז ער ווערט צוריק א מענש, אז דיא מענשליכע געפיהלען, דער מענשליכער פערשטאנד קעהרט זיך צו איהם אום.

דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם אויף א קורצע צייט איבערגעלאָזט ביים ברעג וואלד און אליין זיינען זיי אָבגעטראָטען א היבשע ביסעל ווייט. זיי האָבען איהם געלאָזט אין גאנצען פריי, אום צו זעהן וואָס פאר א ווירקונג דאָס וועט אויף איהם מאכען, און אויב ער וועט זיך בענוצען מיט דער געלע־גענהייט צו אנטלויפען. דער אונגליקליכער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט און איז פערבליבען שטעהן פערטרויערט. קאפּיטאן הארדינג האָט איהם דאן צוריקגענומען אין גראניט הויז.

מיט צוויי טעג שפּעטער זיינען דיא קאָלאָניסטען העכסט איבערראשט געוואָרען, ווען זיי האָבען ערפאהרען, אז זייער גאסט קען רעדען און וואהר־שיינליך וויים ער און פערשטעהט אלעס. עס האָט אויסגעזעהן, אז דער פער־ווילדעטער איז אין גראניט הויז אזוי וויא א שפּיאָן וואָס קוקט נאָך אלעס, הערט זיך צו צו אלעם וואָס מען רעדט, אָבער ער האלט דעם צונג צווישען דיא צייהן און ער וויל א וואָרט ניט רעדען. ער מאכט זיך שטום, ווייל אזוי לוינט זיך איהם בעסער, ווייל אזוי פאסט איהם בעסער.

פענקראָפט, וועלכער איז געשטאנען הינטער'ן טהיר פון פרעמדען'ס צי־מער, האָט געהערט וויא דער אונגליקליכער האָט אויסגעשפּראָכען פאָלגענדע ווערטער:

— ניין! דאָ! איך! קיינמאָל ניט!

דער מאטראָז האָט עס דערצעהלט זיינע קאָמפּאניאָנען און זיי זיינען העכסט ערשטוינט געוואָרען. הארדינג האָט געגעבען זיין מיינונג, אז א טיעפע שרעקליכע געהיימניס איז פערוויקעלט אין דעם לעבען פון זייער נייעם קאָמ־פּאניאָן.

פון דאן אָן האָט דער פערווילדעטער אָנגעהויבען בענוצען ווערק־צייג און

ער פלעגט ארביימען אין גאָרטען. נאָך דער ארבייט פלעגט ער פערבלייבען אליין און ער האָט שטענדיג אויסגעמיטען דיא אנדערע איינוואָהנער פון גראַניט הויז. ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון מענשען און ווען יעמאנד פון דיא קאָלאָניסטען איז צו איהם צוגעגאנגען, האָט ער געקרעכצט און מען האָט אָן זיינע מאניערען געקענט דערקענען, אז ער קען קיין קאָמפּאני ניט פערטראָגען און דיא אָנוועזענהייט פון א מענשען איז אויף איהם א שווערע לאסט. סיירוס הארדינג האָט געבעטען זיינע קאמעראדען, אז זיי זאָלען דעם פרעמדען ניט ערגערען און זיך האלטען מיט איהם פון ווייטענס.

איז דער מאן געפלאגט פון געוויסענביסע? איז ער א פערברעכען בעגאנגען און ער קומט ערשט אָב פאר זיינע זינד? דיא קאָלאָניסטען האָבען אנדערש ניט געקענט דענקען, און גידעאָן ספּילעט האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט, אז דער פרעמדער רעדט ניט, ווייל ער האָט מורא ער זאָל זיך ניט אויסרעדען וועגען זיין געהיימנים וואָס איז צו ערנסט פאר א זייטיגע פערזאָן צו וויסען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געמוזט זיין געדולדיג און ווארטען.

מיט אייניגע טעג שפעטער, דעם דריטען נאָוועמבער, ווערענד דער פרעמדער האָט געארבייט אין גאָרטען, האָט ער פּלוצלונג אוועקגעוואָרפען דעם גראָבאייזען און טרעהרען האָבען אָנגעהויבען פליסען פון זיינע אויגען. סיירוס הארדינג, וועלכער איז געשטאנען פון ווייטענס און האָט אכטונג געגעבען אויף'ן געהיימניספאָלען מאן, האָט עס געזעהן. ער האָט זעהר מיטלייד בעקומען מיט'ן אונגליקליכען. ער איז צו איהם צוגעגאנגען, האָט לייכט בעריהרט זיין האנד און האָט געזאָגט גאנץ לאנגזאם:

— מיין פריינד, מיין פריינד!

דער פרעמדער האָט זיך ניט ארומגעקוקט, און ווען הארדינג האָט געוואָלט אָננעהמען זיין האנד, איז דער פרעמדער אָבגעשפּרונגען.

— מיין פריינד — האָט הארדינג ווידער געזאָגט מיט א ווייכע שטימע — קוקט אויף מיר. איך פערלאנג דאָס.

דער געהיימניספאָלער האָט א קוק געטהאָן אויף'ן אינזשיניר, אזוי וויא ער זאָל בעאיינפלוסט ווערען דורך א היפּנאָטישע קראפט. עס האָט אויסגעזעהן אז ער וויל אנטלויפען, אָבער עפּעס אָן אינערליכע קראפט, אָן אינערליכער געפיהל האָט איהם אָבגעהאלטען. מען האָט לייכט געקענט בעמערקען, אז עס ליגט איהם עפּעס אויף'ן צונג, אז זיינע ליפּען זיינען גרייט צו זאָגען עפּעס, אז עטוואָס דריקט איהם אויף'ן הארצען און ער וויל זיך דורכרעדען, אָבער ער קען זיך דערויף ניט בעשליסען. ענדליך איז ער געבליבען שטעהן, האָט פערלעגט זיינע הענד און האָט געזאָגט מיט א הייזעריגע שטימע אין דער ענגלישער שפּראך:

— ווער זיינט איהר?

דער אינזשיניר איז העכסט איבערראשט געוואָרען און ער האָט כמעט ניט געקענט רעדען. ער האָט זיך אָבער באַלד בערוהיגט און געענטפערט:

— פערוואָרפענע אזוי וויא איהר. מיר האָבען אייך געבראַכט אהער צוויי־שען אייערע מענשען־ברידער.

— מיינע מענשען־ברידער! — האָט דער פרעמדער אויסגעשריען — איך האָב קיינע!

— איהר געפינט זיך צווישען פריינד — האָט הארדינג איהם געטרייסט.

— פריינד! פאר מיר פריינד! — האָט דער פרעמדער אויסגעשריען און האָט בעהאַלטען זיין געזיכט אין זיינע הענד — ניין! קיינמאָל ניט! לאָזט מיך אָב, בעפרייט מיך!

ביי דיעזע ווערטער איז ער ארונטערגעלאָפען צום זייט פון מעער און איז דאָרט פערבליבען שטעהן א היבשע צייט אונבעוועגליך.

הארדינג איז אוועק צו זיינע קאָמפּאניאָנען און האָט זיי דערצעהלט וואָס עס האָט פּאסירט.

— יא, א טיעפע, זאָנדערבארע געהיימניס איז פערוויקעלט אין דיעזען מאן — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — עפּעס האָט מיט איהם פּאסירט אין זיין לעבען וואָס קוועלט איהם און פּלאגט איהם. דער מאן ליידעט פון געוויי־סענסביסע.

— איך וויים ניט — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען מיט א טאָן פון פערטראכטונג — וואָס פאר א מאן מיר האָבען אהער געבראכט. ער האָט גאָר סודות, פערבאָרגענע זאכען!

— מיר ווע̇לען יעדענפאלס דעם מאן רעספּעקטירען — האָט זיך קאפּיטאן הארדינג אָבגערופען — אויב ער איז זאָגאר בעגאנגען א פערברעכען, איז ער שוין לאנג אָבגעקומען פאר זיינע זינד און ער איז ערשט א ריינע נשמה. דער אונגליקליכער האָט פערדיענט געשעצט און געאכטעט צו ווערען.

צוויי שטונדען איז דער פרעמדער געשטאנען אליין ביים ברעג פון מעער. ער איז דיא גאנצע צייט געוועזן פערטראכט. וויא עס האָט אויסגעזעהן, האָט ער געזאמעלט עראינערונגען פון זיין פערגאנגענהייט, פון זיין לעבען ביז יעצט וואָס איז וואהרשיינליך געוועזן טרויעריג. דיא קאָלאָניסטען זיינען געשטאנען פון ווייטענס און האָבען פון איהם דיא אויגען ניט ארונטערגענומען, אָבער זיי האָבען איהם צורוה געלאָזט און ניט געשטערט זיינע געדאנקען. נאָך זיינע מינעס און מאניערען האָט מען געזעהן, אז ער איז שטארק פערזאָרגט, דערשראָקען און פערשעהמט. זיינע אויגען זיינען געוועזן רויט פון וויינען.

— מיין הערר — האָט ער ענדליך זיך געווענדעט צו הארדינג — זיינט איהר און אייערע קאָמפּאניאָנען ענגלענדער?

— ניין — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — מיר זיינען אמעריקאנער.

— אָה! — האָט דער פרעמדער געזאָגט — מיט אמעריקאַנער בין איך מעהר צופריעדען.

— און איהר, מיין פריינד? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— אן ענגלענדער — האָט ער געשווינד געענטפערט.

ביי דיעזע ווערטער איז ער צוגעגאַנגען צום סאמע ברעג ים און האָט אָנגעהויבען אומשפּאַצירען הין און צוריק. ער איז געווען זעהר צומישט און אויפגערעגט אויף דער העכסטער שטופע.

הערבערט איז צופעליג דורכגעגאַנגען נאָהענט פון איהם און ער האָט איהם א פרעג געטהאָן מיט א דערשטיקטען קול:

— וועלכער מאָנאט איז היינט?

— אָקטאָבער — האָט הערבערט געענטפערט.

— וועלכער יאָהר?

— 1866.

— צוועלף יאָהר! צוועלף יאָהר! — האָט דער פרעמדער אויסגעשריען און איז אוועק ווייטער.

הערבערט האָט פאר דיא איבעריגע קאָלאָניסטען דערצעהלט וואָס דער געהיימניספאָלער מאן האָט איהם געפרעגט און וואָס ער האָט איהם געענטפערט.

— האָט דיעזער אונגליקליכער מענש ניט געוואוסט דעם רעכענונג פון דיא מאָנאטען און יאָהרען? — האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט.

— ניין — האָט הערבערט געענטפערט — און ער איז שוין געווען צוועלף יאָהר צייט אויף'ן אינזעל טייבאָר, ווען מיר האָבען איהם דאָרט געפונען.

— צוועלף יאָהר! — האָט הארדינג מיט פערוואונדערונג אויסגעשריען — אך, צוועלף יאָהר עלענד אין איינזאם! אזא לאַנגע צייט און אונטער אזעלכע אומשטענדען איז קיין וואונדער וואָס ער איז פערווילדעט געוואָרען.

— איך בין גענייגט צו גלויבען — האָט פענקראָפט געזאָגט — אז דיעזער מאן איז ניט פערוואָרפען געוואָרען אויף יענעם אינזעל, אז ער איז ניט אן אָפּפער פון אן אונטערגעגאַנגענע שיף, זאָנדערן מען האָט איהם דאָרט איבערגעלאָזט דערפאַר וואָס ער איז א פערברעכען בעגאַנגען.

— איך גלויב אז איהר זיינט גערעכט — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען — און אויב דאָס איז אזוי, קען זיין אז דיא וואָס האָבען איהם איבערגעלאָזט אויף'ן אינזעל וועלען אמאָל קומען איהם אָבנעהמען.

— אָבער זיי וועלען איהם ניט געפינען — האָט הערבערט געזאָגט.

— מיינע פריינדע — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — לאָמיר ניט דיסקוטירען דיעזע פראגע ביז מיר וועלען וועגען דעם וויסען מעהר. איך גלויב, אז דער אונגליקליכער מאן האָט שוין גענוג געליטען, אז ער האָט שוין גענוג תשובה געטהאָן אויף דיא פעהלערען וואָס ער האָט געמאַכט, וועלכע זיי זאָלען

ניט זיין, און ער ווערט נאָך ערשט אויך גענוג געפּלאָגט און געמאַטערט, ווייל ער וויל זיינע אַמאָליגע פעהלערען אָדער זינד אָבווישען. לאָמיר איהם ניט צווינגען ער זאָל אונז זיין לעבענס־געשיכטע דערצעהלען. לאָמיר ניט זיין נייגעריג צו וויסען דאָס וואָס ער וויל פערגעסען. ער וועט עס אונז אליין דערצעהלען. ער וועט אונז זאָגען, אויב ער האָפט נאָך צו קומען ווען עס איז אין זיין לאַנד אָדער ניט. ווען מיר ווילען פון איהם מעהר ערפאהרען, ווילען מיר וויסען וויא אזוי צו האנדלען; אָבער צווינגען איהם אז ער זאָל אונז עטוואָס זאָגען אָדער דערצעהלען, טאָרען מיר ניט.

— דענקט איהר — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט — אז דער מאן האָט א צוזאָג אָדער א פערזיכערונג אז מען וועט איהם אמאָל נאָך זיין פאָטערלאנד נעהמען?

— איך צווייפעל זעהר — האָט הארדינג געענטפערט.

— ווארום דען?

— איינפאך דערפאר, ווייל ווען דער מאן זאָל האָבען אירגענד וועלכע האָפנונג אז מען וועט איהם צוריק אהיים ברייננגען, וואָלט ער יענעם דאָקומענט ניט געשריבען.

— אָבער איין זאך קען איך ניט פערשטעהן — האָט זיך דער מאטראָז אריינגעמישט.

— וואָס אזעלכעס?

— אויב דער מאן איז איבערגעלאָזט געוואָרען אויף'ן אינזעל טייבאָר מיט צוועלף יאָהר צוריק, האָט ער דאָך וואהרשיינליך שוין זייט איינינע יאָהר געלעבט אין א ווילדען צושטאנד.

— זעהר מעגליך — האָט הארדינג געענטפערט.

— אויב אזוי — האָט פענקראָפט ווייטער געזאָגט — האָט ער דאָך דעם דאָקומענט געשריבען מיט איינינע יאָהר צוריק!

— קיין צווייפעל — האָט דער אינזשיניר בעשטעטיגט — און דאָך זעהט דער דאָקומענט אויס אזוי וויא ער איז ניט לאנג געשריבען געוואָרען.

— טאָ וויא אזוי קומט עס, וואָס דיא פלאש מיט'ן דאָקומענט האָט ערשט דערגרייכט אונזער אינזעל? — האָט דער מאטראָז געפרעגט — האָט עס גע־דארפט דויערען יאָהרען ביז דיא פלאש איז צוגעשוואומען פון טייבאָר אינזעל אהער?

— ניין, דאָס קען ניט זיין, מיר האָבען זיא דאָך געפונען שווימענדיג. ווען דיא פלאש זאָל געווען צושווימען צום ברעג מיט א צייט פריהער, וואָלטען דיא כוואַליעס זיא ארויסגעשווינקט אויף'ן זאמד אָדער זיא וואָלט צושמעטערט געוואָרען אָן דיא פעלזען.

— דאָס איז א ריכטיגע פראגע — האָט קאפּיטאַן הארדינג געזאָגט נאָכ־דענקענד.

— און נאָך א זאך — האָט פּענקראָפט פאָרטגעזעצט — איך מיין, אז אויב דער דאָקומענט וואָלט געלעגען אין וואסער אייניגע יאָהר וואָלט ער פער־דאָרבען געוואָרען, זאָגאר ליגענדיג אין פלאש. דאָס פּאפּיר איז אָבער גאנץ און זעהט אויס ניי און פריש, היינט וויא אזוי קומט עס?

דעם מאטראָז'ס לאָגישע פראגעס האָבען געגעבערט דעם אינזשיניר'ס מח. ער האָט עס אויך ניט געקענט פערשטעהן און ער האָט עס בעטראכט פאר א טיפע אונערקלערליכע רעטעניס. ער האָט אויסערדעם ניט געקענט אָננעהמען, אז דער וואָס האָט דעם דאָקומענט געשריבען איז אן איינפאכער מאטראָז, ווייל עס האָט אויסגעזעהן, אז דאָס האָט געשריבען א העכערע קלאס פערזאָן וואָס האָט א ברייטע ידיעה אין הידראָגראפיע (מעער־קארטע), דען ער האָט פּינקטליך בעצייכענט דעם גראד אונטער וועלכען דער אינזעל געפינט זיך.

— דיא גאנצע זאך — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — איז פערוויקעלט אין טיפע געהיימניסע; אָבער איך ווידערהאָל נאָך אמאָל, אז מיר דארפען זיין געדולדיג און ניט צווינגען דעם אונגליקליכען, אז ער זאָל אונז דיא גע־היימניסע אויפקלערען. אויב ער וויל, מיינע פריינדע, וועט ער אונז אלעס אליין דערצעהלען. מיר דארפען נור זיין גרייט אויסצוהערען איהם.

אין פערלויף פון דיא קומענדע טעג האָט דער פרעמדער א וואָרט ניט גע־רעדט. ער האָט געארבייט פלייסיג און אונערמידליך, און אימער אין אן איינזא־מען פּלאץ, וואו קיינער פון דיא קאָלאָניסטען איז ניט געווען. אין צייט פון עסען איז ער קיינמאָל ניט געקומען אין גראניט הויז, אָבוואָהל מען האָט איהם אייניגע מאָל גערופען צום טיש. ער פלעגט אָבקומען זיינע מאָהלצייטען מיט רויהע גרינ־סען. קיין אנדער שפּייז האָט ער ניט פערזוכט.

ער פלעגט ניט קומען אין גראניט הויז נעכטיגען און ער פלעגט איבערליגען דיא נעכט אונטער א בוים אָדער הינטער א פעלז. ער האָט, מיט איין וואָרט, געלעבט אויף'ן זעלבען ארט אזוי וויא ער האָט געלעבט אויף'ן אינזעל טייבאָר איידער מען האָט איהם געפונען געפאנגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם צוגעטראָגען שפּייזען, זיי האָבען פאר איהם געבראכט בעט־צייג, אָבער ער האָט קיין זאך בעריהרט און האָט בלויז געגעסען רויהע גרינסען און איז געשלאָפען אויף דער הוילער ערד.

דיא בעזיצער פון גראניט הויז האָבען אונגעדולדיג געווארט צו וויסען וואָס דיא ענדע וועט זיין.

דעם צעהנטען נאָוועמבער, ארום אכט אוהר אין אבענד, איז דער גע־היימניספאָלער מאן פּלוצלונג, גאָר אונערווארטעט ערשיענען פאר דיא קאָלאָניס־טען, וועהרענד זיי זיינען געזעסען אויסווענינג פון גראניט הויז. זיינע אויגען זיי־

נען געוועז ווילד, זיין בליק שרעקליך און ער האָט אין אַלגעמיין אויסגעזעהן ברו־טאַל אזוי וויא אין דעם טאָג ווען ער איז געפונען געוואָרען אויף'ן אינזעל טייבאָר.

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען זיינען ערשטוינט געוואָרען ווען זיי האָבען זייער גאסט דערזעהן, אזוי שרעקליך און ווילד האָט ער אויסגעוויזען. וואָס זאָל מיט דיעזען אונגליקליכען זיין? איז איהם דער לעבען צווישען ציוויליזירטע מענשען ניט ליעב? וויל ער בעסער לעבען א טהיערישען לעבען? בענקט ער צוריק נאָך דעם איינזאמען אינזעל טייבאָר? — דאָס האָט קיינער ניט געקענט וויסען. א קליינע ווייל איז דער פרעמדער געשטאנען, דאן האָט ער אָנגעהויבען רעדען איינציגע פראזען, וועלכע האָבען געהאט א קליינעם צוזאמענהאנג:

— וויא קום איך אהער?... מיט וואָס פאר א רעכט האָט איהר מיך אוועקגעשלעפּט פון מיין אינזעל?... דענקט איהר אז עס וועט זיין אירגענד וועלכע פערבינדונג צווישען איך און מיר?... ווייסט איהר ווער איך בין, וואָס איך האָב געטהאָן און וואָרום איך בין דאָרט געווען איינער אליין?... ווייסט איהר מיין פערגאנגענהייט?... וויא אזוי ווייסט איהר, אז איך האָב ניט גע'גנב'עט, געמאָרדעט, אז איך בין ניט א שופט און א פערשאָלטענער וואָס דארף נור לעבען אזוי וויא א ווילדע חיה ווייט פון אלע מענשען?... זאָגט, ווייסט איהר עס?

דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם אויסגעהערט און זיי האָבען זיין געשפּרעך ניט געשטערט. זיי האָבען שטארק מיטלייד געהאט מיט דעם אונגליקליכען, וועלכער האָט זיך פאר זיי מתודה געווען, און טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין אַלעמען'ס אויגען. הארדינג האָט איהם געוואָלט בערוהיגען, אָבער דער פרעמ־דער האָט זיך אָבגעקעהרט אָן א זייט און האָט א מאך געטהאָן מיט'ן האנד, אלס א צייכען, אז ער וויל קיין וואָרט הערען.

— ניין, ניין! — האָט ער אויסגעשריען — איך וויל קיין זאך ניט וויסען און ניט הערען. בלויז נאָך איין וואָרט וועל איך פרעגען: בין איך פריי?

— איהר זיינט פריי — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— טאָ זייט געזונד! — האָט דער געהיימניספּאָלער מאַן אויסגעשריען און איז אנטלאָפען אזוי וויא א משוגענער.

נעב, פּענקראָפט און הערבערט האָבען איהם נאָכגעפאָלגט, אָבער זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אליין.

— מיר מוזען איהם צורוה לאָזען — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — מיר דארפען איהם ניט שטערען.

— ער וועט שוין צוריק ניט קומען! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

— ער וועט יא קומען — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

עס זיינען פאַראיבער פיעלע טעג און דער אונגליקליכער איז צוריק ניט געקומען. סיירוס הארדינג האָט זיך אָבער אלץ געהאלטען ביי זיין מיינונג,

אז ער וועט דאָך פריהער אָדער שפּעטער קומען. דיא איינזאמקייט, האָט ער געזאָגט, האָט איהם געמאכט ווילד; אָבער אזוי וויא ער האָט זיך בעגעגענט מיט מענשען און דער מענשליכער פערשטאנד האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט, וועט ער שוין ניט קענען לעבען א ווילדען לעבען אזוי וויא א חיה אין וואלד און ער וועט צוריק קומען צו זיינע מיטמענשען.

אונטערדעסען האָבען דיא קאָלאָניסטען געטהאָן פערשיעדענע ארבייט אויף פּראָספּעקט האָיטס און אין זייערע שטאהלען. עס איז איבעריג צו זאָגען, אז דיא זאמען וואָס הערבערט האָט געזאמעלט אויף'ן אינזעל טייבאָר זיינען פער־זעעט געוואָרען. זיי האָבען געמאכט א בעזונדערען קיך־גאָרטען, וואו זיי האָ־בען געהאט פערזעעט פיעלע גרינסען און וואקסונגען וואָס ווערען געברויכט צום עסען. דיא לייטע האָבען ניט גערוהט, ווייל זיי האָבען שטענדיג געפונען בעשעפטיגונג. מאנכע זאכען פון זייער גאָרטען האָבען זיי געדארפט איבער־פלאנצען, ארומגראָבען, ארומשניידען, און אלעס האָט פערנומען מעהר אָדער ווייניגער צייט. אין דיא שטאהלען האָט זיי אויך קיין ארבייט געפעהלט. דיא צאָהל פון זייערע הויז־טהיערע איז פערגרעסערט געוואָרען און מען האָט פאר זיי געדארפט צובויען שוין־פּלעצער. מען האָט אויך געמוזט פערזאָרגען זיי זאָלען האָבען גענוג גראָז צו פרעסען און מען האָט צו יעדע זאך געדארפט צולעגען מיה.

דעם 15טען נאָוועמבער האָבען זיי ארונטערגענומען פון פעלד זייער דריטע קאָרן ערנטע. וויא גרויס זייער פעלד איז אויסגעוואקסען אין פערלויף פון דיא אכטצעהן מאָנאטען זייט זיי האָבען דעם איינציגען קערנדעל פערזעעט! מיט וויפיעל זיי זיינען רייכער געוואָרען פון יענעם גליקליכען טאָג ביז איצט! זיי האָבען שוין ערשט געהאט פיער טויזענד בושעלס קאָרן אָדער פינף הונדערט מיליאָן קערנער!

בלויז צעהן בושעלס האָבען דיא קאָלאָניסטען געדארפט איבערלאָזען אויף פערזעען און דיא איבעריגע האָבען זיי געקענט אָבלעגען אין א מאגאזין.

גענויע פיער טויזענד בושעלס תבואה קען שוין זיין גענוג אויף א גאנץ יאָהר פאר דיא מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע און אויך פאר דיא שעפּסען, ציעגען, אָנאגאס און עופות וואָס זיי האָבען געהאט. אָבער מענשען קענען קיין רויהע קאָרן ניט עסען; מענשען מוזען פון דיא קערנער מאכען מעהל און באקען דערפון ברויט. דערצו מוז מען האָבען א מיהל און דאָס האָבען דיא קאָ־לאָניסטען ניט געהאט. סיירוס הארדינג האָט וועגען דעם פיעל געטראכט. ער האָט פריהער געפּלאנט צו מאכען א וואסער־מיהל. א טהייל פון דער ארבייט האָט ער שוין געהאט פערטיג. דיא מאשין וועלכע ער האָט מיט א צייט צוריק גע־מאכט אויף פעלטען דיא וואָל פון דיא שעפּסען, האָט אויך געקענט דיענען צו א מיהל, מען האָט בלויז געדארפט צומאכען נאָך מאשינערי און פערשיעדענע איינריכטונגען; אָבער נאכהער האָט דער אינזשיניר בעשלאָסען זיי זאָלען

בעסער בויען א ווינד־מיהל אויף פּראָספּעקט האיטס. דאָס, האָט ער אויסגע־רעכענט, וועט זיין בעסער און זיכערער וויא א מיהל ביים וואסער. אויסערדעם וועט א ווינד־מיהל אין דער הויך אויף'ן בארג פאָרשטעלען א שעהנעם בילד.

און דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך טאקי באלד גענומען צו דער ארבייט. זיי האָבען אויסגעקליבען האָלץ פאר דיא ווענד און פאר דיא מאשינערי און זיי האָבען אויף אויסגעזוכט גרויסע שטיינער, פון וועלכע מען זאָל קענען מאַ־כען מיהל־שטיינער. זעגלען אָדער "פליעגעל" צו טרייבען דיא מיהל האָבען זיי בעשטימט צו מאכען פון דיא ראמען (פריימס) פון זייער אמאָליגען באלון.

סיירוס הארדינג האָט געמאכט דעם פּלאן פאר'ן מיהל. א פּלאץ פאר דער נייער געביידע איז אָבגעקליבען געוואָרען ניט וויט פון זייער געפליעגעל־הויף, וואוהין זיי האָבען געבראכט דיא נויטיגע מאטעריאלען און מען האָט זיך באלד גענומען צום בויען.

דיא ארבייט איז אָנגעגאנגען זעהר שנעל. דיא קאָלאָניסטען האָבען גע־ארבייט פלייסיג און דיא מיהל איז געוואקסען פון טאָג צו טאָג.

צו ערשט איז אויפגעשטעלט געוואָרען דיא אויסערליכע געביידע, וועלכע איז געווען פיער־קאנטיג מיט א שפּיציגען דאך און איז געווען איינגעריכטעט אזוי, אז דיא גאנצע געביידע זאָל זיך קענען אומדרעהען, אום מען זאָל דיא מיהל אימער קענען שטעלען מיט דיא זעגלען אָדער "פליעגעל" צום זייט פון ווינד. ווען דיא אויסערליכע געביידע איז פערטיג געוואָרען, האָבען דיא מע־כאניקער פון לינקאָלן אינזעל געמאכט דיא מאשינערי און אלע איינריכטונגען אינוועניג, און דעם ערשטען דעצעמבער איז דיא מיהל געווען אין גאנצען פער־טיג. און דיא ארבייט איז ארויסגעקומען געראָטען און דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען זיכער מיט אן ערפאָלג.

— אצינד — האָט פּענקראָפט געזאָגט — זאָל נור ווערען א גוטער ווינד און מיר וועלען מאָהלען אונזער תבואה אויף'ן בעסטען ארט.

— א גוטער ווינד ! געווים מוז מען האָבען א גוטען ווינד — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — אָבער ער דארף ניט זיין צופיעל גוט. איך מיין צו זאָגען : צופיעל פעסט.

— וויים איך וואָס ! — האָט דער מאטראָז געענטפערט — ביי א שטאר־קערען ווינד וועט אונזעל מיהל לויפען שנעלער.

— ניין, פּענקראָפט, צו שנעל טויג ניט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — עס איז בעוואוסט פון ערפאהרונג, אז א מיהל גיט ארויס דיא בעסטע ארבייט, מאכט דיא שעהנסטע מעהל, ווען דיא זעגלען דרעהען זיך אום אין א מינוט זעקס מאָל אזוי פיעל פוס וויפיעל דער ווינד לויפט איין אין א סעקונדע. א מילדער ווינד, וועלכער לויפט דורך אריבער פיער און צוואנציג פוס אין א סעקונדע, וועט מאכען אז דיא זעגלען אָדער "פליעגעל" פון מיהל זאָלען זיך

אומדרעהען זעבצעהן מאָל אין א מינוט, און קיין שטארקערען ווינד דאַרפען מיר ניט.

— ריכטיג אזוי! — האָט הערבערט אויסגעשריען — אָט ערשט בלאָזט א מילדער ווינטעל פון נאָרד־אָסט. לאָמיר אומדרעהען אונזער מיהל צו דיעזען ווינקעל און מיר וועלען שוין קענען מאָהלען.

עס איז ניט געווען קיין אורזאכע אָבצולעגען די בענייאונג פון דער מיהל. די קאָלאָניסטען האָבען גרויס לוסט געהאט צו פערזוכען א שטיקעל אייגענעם ברויט און זיי האָבען קיין געדולד געהאט צו ווארטען מעהר. נאָך אין יענעם פריהמאָרגען האָבען זיי אויפגעמאָהלען א פּאָר בושעלס קאָרן און אויף מאָרגען צו פריהשטיק האָבען זיי שוין געהאט אן אייגענעם געבאקענעם לאבען ברויט, וועלכער איז געווען אביסעל צו שווער לויט זיין גרויס, אָבער עס איז דאָך געווען היימישער ברויט און די קאָלאָניסטען האָבען איהם געגעסען מיט גרויס אפּעטיט.

דורך דער גאנצער צייט האָט זיך דער געהיימניספּאַלער פּרעמדער ניט בעוויזען. גידעאָן ספּילעט און הערבערט האָבען איהם אייניגע מאָל געזוכט, אָבער זיי האָבען צו איהם קיין שפּור געפונען, ניט אין די וועלדער און ניט אין די פעלדער. די קאָלאָניסטען זיינען העכסט אונרוהיג געוואָרען, אָבוואָהל סיירוס הארדינג האָט געהאט פערזיכערט אז ער וועט צוריק קומען. די בעזיצער פון אינזעל זיינען געווען זיכער, אז פּאר הונגער וועט דער געוועזענער ווילדער ניט שטארבען. אז ער האָט איבערגעלעבט יאָהרען אויף'ן אינזעל טייבאָר, וועט ער אויף לינקאָלן אינזעל אויך געפינען גענוג נאהרונג צום לעבען, אָבער זיי האָבען מורא געהאט, אז זייענדיג פריי ערגיץ אין וואלד אָדער אין פעלד, וועט ער צוריק פערווילדעט ווערען אָדער ער וועט נאָך ווערען מעהר ווילד וויא ער איז געווען. סיירוס הארדינג האָט אלץ זיינע קאָמפּאניאָנען געטרייסט, אז דער פרעמדער וועט זיך אומקעהרען צו זיי.

— יא, ער וועט צוריק קומען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט מיט א זיכערען טאָן — ווען דער אונגליקליכער איז געווען אויף'ן אינזעל טייבאָר, האָט ער געוואוסט אז ער איז דאָרט אליין; דאָ אָבער ווייס ער, אז זיינע מיטברידער ווארטען פּאר איהם! אזוי וויא ער האָט שוין אביסעל אויסגערעדט זיין הארץ און האָט שוין אויך גערעדט פון זיין פערגאנגענהייט, וועט דער אָרימער און אונגליקליכער צוריק קומען און וועט אונז דערצעהלען זיין גאנצע געשיכטע, און פון דאן אָן וועט ער זיין אונזערער!

און א צופאל האָט דעם פרעמדען צוריק געבראכט צווישען די קאָלאָניסטען. דעם דריטען דעצעמבער איז הערבערט געגאנגען פאנגען פיש. ער האָט קיין וואפען געהאט מיט זיך. ווען ער פלעגט געהן פאנגען פיש אין לייק (אַזיעראָ) האָט ער קיינמאָל קיין וואפען ניט מיטגענומען, ווייל קיין געפעהרליכע

טהיערע זיינען דאָרט קיינמאָל ניט געזעהן געוואָרען. אין דער זעלבער צייט האָבען פענקראָפט און נעב געארבייט אין געפליגעל־הויף, וועהרענד הארדינג און דער רעפּאָרטער האָבען זיך בעשעפטיגט מיט מאכען סאָדא אין דיא "טשימ־ניס", וויל דיא זייף איז זיי אויסגעגאנגען און זיי האָבען געוואָלט פאבריצירען אנדערע. פּלוצלונג האָבען זיי דערהערט א געשריי:

— רעטעט! רעטעט!

סיירוס הארדינג און דער רעפּאָרטער, וועלכע זיינען געוועזען וויט פון דעם פּלאַץ פון וועלכען דיא געשרייען זיינען געקומען, האָבען ניט אזוי פיעל געהערט; פענקראָפט אָבער און נעב האָבען דיא ווערטער: "רעטעט, רעטעט!" גאנץ דייטליך געהערט און זיי זיינען געלאָפען צום לייק. דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער האָבען זיך אויך געלאָזט לויפען.

אָבער איידער פענקראָפט און נעב זיינען געקומען צום לייק, האָבען זיי דערזעהן דעם פּרעמדען, וועלכער האָט זיך פּלוצלונג, אונערוואַרטעט בעוויזען אויף יענער זייט פון גליצערין קריק. הערבערט איז דאָרט בעפאלען געוואָרען פון א שרעקליכען יאגואר. דער יונגע איז געשטאנען מיט'ן רוקען אָנגעשפּאַרט אָן א בוים, וועהרענד דיא ווילדע, בייזע חיה האָט זיך געוואָלט וואַרפען אויף איהם.

אָבער דער געהיימניספאָלער מאן איז מיט א מעסער אין האנד געלאָפען אנטקעגען דעם יאגואר. ער האָט דעם טהיער אָנגעכאַפּט פאר'ן האלדז מיט איין האנד און מיט דער צווייטער האָט ער אריינגעשטאָכען דעם מעסער אין זיין האַרץ. דער קאַמפּף האָט ניט לאנג געדויערט, אָבער דיא חיה האָט צייט געהאט צו פערוואונדען דעם מאן מיט איהרע שאַרפע נעגעל.

דער יאגואר איז געפאלען און דער פרעמדער האָט זיך גענומען לויפען. אין יענעם מאָמענט זיינען פענקראָפט און נעב צוגעקומען. הערבערט איז צו־געלאָפען צו זיין רעטער און האָט אויסגעשריען:

— ניין, ניין! איהר וועט ניט לויפען!

דערווייל זיינען הארדינג און ספּילעט אויך אָנגעקומען. דער אינזשיניר איז צוגעלאָפען צום פערוואונדעטען אונגליקליכען, פון וועלכען בלוט האָט גע־רונען און ארויפלעגענדיג זיין האנד אויף זיין אקסעל האָט ער געזאָגט.

— מיין פריינד, מיר זיינען אייך ערשט שולדיג א דאנק. אום צו רעטען אונזער יונגע, האָט איהר איינגעשטעלט אייער לעבען.

— מיין לעבען! — האָט דער פרעמדער געמורמעלט — וואָס איז ער דען ווערטה? נאָך ווענינער וויא גאָר ניט!

— זיינט איהר פערוואונדעט? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— דאָס מאכט ניט אוים — האָט דער פרעמדער געענטפערט.

הערבערט האָט געוואָלט אָנגעהמען דיא האנד, וועלכע האָט איהם נור

וואָס גערעטעט פון א זיכערען טויט, אָבער דער געהיימניספּאַלער האָט פּער־לעגט זיינע הענד אויף׳ן ברוסט. זיין געזיכט איז פערפינסטערט געוואָרען, זיינע אויגען זיינען געוואָרען שרעקליך און ער האָט אָנגעהויבען שטעלען טריט צו אנטלויפען, אָבער ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און איז געבליבען שטעהן.

— ווער זיינט איהר? — האָט ער געפרעגט מיט א בייזען טאָן — און וואָס זיינט איהר צו מיר? איך וויל וויסען ווער איהר זיינט.

דער אונגליקליכער האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהן, געוואָלט וויסען דיא געשיכטע פון דיא לייטע וועלכע האָבען איהם פריינדליך אויפגענומען. מעגליך אז ער וועט אויסהערען דיא געשיכטע פון דיא פערוואָרפענע אויף לינקאָלן אינ־זעל, וועט ער אויך דערצעהלען זיין אייגענע געשיכטע.

אין אייניגע ווערטער האָט איהם קאַפּיטאַן הארדינג דערצעהלט אז זיי זיינען אנטלאָפען פון ריטשמאָנד אין א באַלון און אז א שטורם האָט זיי פער־טראָגען און פערוואָרפען אויף דיעזען אינזעל.

דער פרעמדער האָט אַלעס אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

דאַן האָט הארדינג איהם דערצעהלט ווער זיי אַלע פינף זיינען און ער האָט זיך אליין און זיינע קאַמפּאַניאָנען פאָרגעשטעלט מיט דיא נעמען. ער האָט דעם אונגליקליכען ערקלערט, אז דער גליקליכסטער מאָמענט וואָס זיי האָבען געהאט זייט זיי געפינען זיך אויף׳ן אינזעל איז געוועזען יענער, ווען זייער שיף האָט איהם, דעם פרעמדען, געבראַכט.

ביי דיא לעצטע ווערטער איז דעם פרעמדען׳ס געזיכט רויט געוואָרען אזוי וויא ער האָט זיך פאַר עפּעס פערשעהמט און ער האָט אראָנטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

— און אצינד — האָט הארדינג געזאָגט — אז איהר ווייסט שוין ווער מיר זיינען, וועט איהר אונז געבען אייער האנד?

— ניין — האָט דער פרעמדער געענטפערט מיט א הייזעריגע שטימע — ניין! איהר זיינט אָרענטליכע מענשען, און איך... אייערע הענד זיינען ריין, און מיינע...

## 17טעם קאַפּיטעל.

דעם פרעמדען׳ס וואונש. — א הייזעל ביי דיא שטאַהלען. — דער געהיימניספּאַלער דערצעהלט זיין געשיכטע. — א קרימינעלער פערברעכער און א בעל תשובה. — דער געהיימניספּאַלער דאָקומענט.

---

דעם פרעמדען׳ס לעצטע ווערטער, וועלכע ער האָט זאָגאר ניט געענדיגט, האָבען בעשטעטיגט דיא מיינונג פון דיא קאָלאָניסטען. דער אונגליקליכער האָט וואהרשיינליך געהאט א טרויעריגע פערגאַנגענהייט. א שווערע זינד האָט גע־

פּרעסט זיין געוויסען און ביי דער צוזאמענקונפט מיט מענשען האָט ער זיך נאָך מעהר עראינערט וועגען דעם שלעכטען טהאט וואָס ער איז אמאָל בעגאנגען און ער איז געפּלאגט געוואָרען פון חרטה. דער אונגליקליכער זינדיגער האָט זיך געפיהלט ניעדערגעפאלען אנטקעגען אנדערע מענשען און ער האָט געדענקט, אז ער איז ניט ווערטה צו בעריהרען דיא האנד פון אן אָרענטליכען מאן. דיא קאָלאָניסטען פון לינקאָלן אינזעל האָבען איהם געוואָלט צייגען פריינדליכקייט, זיי האָבען איהם געוואָלט אנערקענען אלס זייער ברודער, אָבער ער האָט זייער פריינדשאפט ניט געוואָלט אָננעהמען.

דער פרעמדער געהיימניספּאָלער מאן איז אָבער ניט אנטלאָפען און ער איז פערבליבען ארום גראניט הויז.

אין וואָס בעשטעהט זיין געהיימנים? וואָס האָט דער מאן געטהאָן, וואָס ער פיהלט זיך נאָך אלץ שולדיג נאָך אזוי פיעל יאָהרען פּלאגען זיך? וועט ער ווען עס איז דערצעהלען זיין לעבענסגעשיכטע? וועט ער ענטדעקען דעם סוד, וואָס גריזשעט זיין הארץ אזוי וויא א וואָרעם? — דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט וויסען. דאָס איז געווען א זאך וואָס דיא צייט האָט געדארפט בעווייזען. דיא קאָלאָניסטען האָבען בעשלאָסען אז זיי זאָלען עס איהם קיינמאָל ניט פרעגען און אז זיי זאָלען זיך מאכען גאָר ניט וויסענדיג און פערשטעהענדיג.

איינינע טעג זיינען פאָראיבער און קיין בעזאָנדערעס האָט ניט פּאסירט. סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט האָבען געארבייט צוזאמען אלס כעמיסטען. זיי האָבען געמאכט פערשיעדענע כעמישע עקספּערימענטען און זיי האָבען זיך זעלטען ווען צושיידעט, מיט דער אויסנאהמע ווען דער רעפּאָרטער פלעגט געהן מיט הערבערט'ן אויף יאגד. פון יענעם טאָג אָן, ווען דער יאגואר איז דעם יונג בעפאלען האָט מען איהם ניט געלאָזט געהן אליין אָהן א היטער און ספּילעט פלעגט מעהרסטענטהייל מיט איהם מיטגעהן אויף יאגד און נעב און פענקראָפט פלעגען איהם בעגלייטען צו דיא פיה־שטאהלען אָדער אנדערשוואו וואוהין ער פלעגט וועלען געהן.

דער פרעמדער האָט געטהאָן פערשיעדענע ארבייט, אָבער אלץ אליין. ער האָט אויסגעמיעדען קאָמפּאני און ער האָט ניט געקענט פערטראָגען א מענשען'ס אָנוועזענהייט. ער איז ניט געגאנגען צום טיש עסען און איז שטענדיג געשלאָפען דרויסען אונטער א בוים. עס האָט אויסגעזעהן אז ער האסט דיא יעניגע וואָס האָבען איהם גערעטעט, און אנשטאָט צו דאנקבאר זיין זיי, איז ער זייער גרעסטער פיינד.

— אָבער ווארום האָט ער געבעטען הילף? — האָט אמאָל פענקראָפט גע־פרעגט ביי זיינע קאָמפּאניאָנען — ווארום האָט ער אריינגעוואָרפען דיא פלאש

מיט'ן דאָקומענט אין ים ? אויב ער איז בייז דערפאר וואָס מען האָט איהם געראַטעוועט, האָט ער דאָך דיא רעטונג ניט געדאַרפט זוכען !

— ער וועט אונז זאָגען ווארום — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — ער וועט אונז אַלעס דערצעהלען.

— ווען ?

— פיליייכט נאָך שנעלער וויא איהר ערוואַרטעט, הערר פּענקראָפט.

אין דיא ווירקליכקייט איז דער טאָג פון דעם אונגליקליכען'ס פאָלשטענדי־גען וידוי שוין געוועזען נאָהענט.

דעם צעהנטען דעצעמבער, א וואָך נאָכדעם וויא ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין גראַניט הויז, האָט הארדינג בעגעגענט דעם געהיימניספּאָלען מאַן. יענער האָט איהם אָבגעשטעלט און געזאָגט מיט א ווייכען און מילדען טאָן :

— מיין הערר, איך וויל פון אייך עפּעס בעטען.

— רעדט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אָבער צוערשט ערלויבט מיר אייך עפּעס צו פרעגען.

ביי דיעזע ווערטער איז דער פרעמדער רויט געוואָרען און עס האָט אויס־געזעהן, אז ער האָט חרטה געהאט וואָס ער האָט אָנגעפיהרט א געשפרעך מיט'ן הויפּט פיהרער פון דער קליינער קאָלאָניע. הארדינג האָט פערשטאַנען, אז דער אונגליקליכער זינדיגער האָט מורא ער זאָל איהם ניט פרעגען וועגען זיין פער־גאַנגענהייט. ער האָט איהם אָנגענומען פאַר דער האַנד און געזאָגט :

— קאַמעראַד, מיר זיינען ניט נור אייערע קאָמפּאַניאָנען, זאָנדערן אויך אייערע פריינד. איך וויל אז איהר זאָלט עס גלויבען, און אצינד וועל איך אייך צוהערען.

דער געהיימניספּאָלער האָט פערדעקט זיינע אויגען און איז געשטאַנען א היבשע וויילע ציטערענדיג און ניט רעדענדיג א וואָרט.

— מיין הערר — האָט ער ענדליך געזאָגט — איך וויל אייך בעטען איהר זאָלט מיר טהאָן א געפעליגקייט.

— וואָס אזעלכעס ?

— איך וייס, אז פיער אָדער פינף מייל ווייט פון דאנען האָט איהר שטאַהלען וואו איהר האלט געצוימטע טהיערע. דיעזע טהיערע דארפען א מענ־שען וואָס זאָל אויף זיי אכטונג געבען, וועט איהר מיר ערלויבען צו וואָהנען דאָרט צוזאַמען מיט דיא טהיערע ?

סיירוס הארדינג האָט אויף דעם אונגליקליכען געוואָרפען רחמנות בליקען פאַר א פּאָר מינוטען, דאן האָט ער געענטפערט :

— מיין פריינד, דיא שטאַהלען זיינען אזוי געבויט, אז זיי זיינען קוים גוט פאַר טהיערע.

— עס וועט זיין גוט גענוג פאַר מיר — האָט דער אונגליקליכער געזאָגט.

— מיין פריינד — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — מיר וועלען אייך קיין זאַך ניט שטערען. איהר פערלאַנגט צו וואָהנען דאָרט אין דיא טהיערען־שטאַהלען, זאָל זיין אזוי. אָבער איהר וועט שטענדיג זיין ווילקאָמען אין גראַניט הויז און ווען נור איהר וועט קומען אין אונזער וואָהנונג וועלען מיר אייך אויפנעהמען אלס פיינעם גאסט.

— קען איך שוין געהן אהין?

— איהר מוזט ווארטען ביז מיר וועלען דאָרט איינאָרדענען א פלאַץ פאר אייך, איהר זאָלט האָבען בעקוועם וואו צו זיצען און וואו צו שלאָפען.

— עס מאכט ניט אויס. פאר מיר איז גענוג וויא עס איז.

— מיין פריינד — האָט זיך הארדינג אָבגערופען — איהר מוזט א ביסעל צוואווארטען ביז מיר וועלען זיך איבערלעגען וועגען דעם.

— איך דאנק אייך, מיין הערר — האָט דער פרעמדער געזאָגט און איז אוועקגעגאנגען.

דער אינזשיניר האָט באלד דערצעהלט זיינע קאָמפּאניאָנען וואָס דער געהיימניספאָלער מאן פערלאַנגט און ער האָט זיך מיט זיי בעראַטהען וואָס צו טהאָן. זיי האָבען בעשלאָסען, אז זיי זאָלען דאָרט ביי דיא שטאַהלען אויסבויען א הילצערנע הייזקע, וואו דער אונגליקליכער זינדיגער זאָל קענען האָבען א בעקוועמע וואָהנונג.

און נאָך אין יענעם טאָג זיינען דיא קאָלאָניסטען אוועק מיט ווערק־צייג און אינסטרומענטען וואָס זיי האָבען געדארפט צו דער ארבייט און אין וועניגער וויא א וואָך צייט האָבען זיי געהאט פערטיג א הויז פאר זייער געהיימניספאָלען שכן.

דיא הייזקע איז געבויט געוואָרען אויף א בערגעל ניט וויט פון דיא שטאַהלען און פון דאָרט האָט מען געקענט זעהן אלע שעפּסען און ציעגען, וועלכע האָבען זיך שוין געצעהלט אריבער אכציג. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרט געמאכט א בעט, א טיש, א ביינקעל און א שראנק. זיי האָבען אהין אויך געבראכט א ביקס, פולווער, קוילען און איינינע ווערק־צייג.

דער פרעמדער האָט ניט געזעהן וואָס פאר וואָהנונג דיא לייטע האָבען פאר איהם געמאכט. ער איז דורך דער צייט וואָס דיא הויז האָט זיך געבויט דאָרט קיין מאָל ניט געווען. ער האָט דיא עטליכע טעג געארבייט אויף פּראָספעקט האיטס. ער האָט געגראָבען דיא ערד און האָט געמאכט א היבשע שטיק לאנד פערטיג צום פערזעען.

דאָס איז געווען דעם צוואנציגסטען דעצעמבער, ווען דיא נייע הייזעל ביי דיא שטאהלען איז אין גאנצען פערטיג געוואָרען. דער אינזשיניר האָט ראָן דעם פרעמדען געגעבען צו וויסען, אז זיין וואָהנונג איז פערטיג און אז

ער קען זיך אהין איבערקלייבען אויב ער וויל. דער פרעמדער האָט געענטפערט, אז ער וועט שוין יענע נאכט געהן אהין שלאָפען.

יענעם אבענד זיינען דיא קאָלאָניסטען געוועזען פערזאמעלט אין זייער עס־שטוב פון גראַניט הויז. עס איז דאמאָלס געוועזען אכט אוהר, דיא שטונדע אין וועלכע זייער נייער קאָמפאניאָן האָט זיי געזאָרפט פערלאָזען. דיא לייטע זיינען אבזיכטליך געזעסען אין עס־צימער און איבערגעלאָזט דעם אונגליקליכען אליין, ווייל זיי האָבען געוואוסט אז זייער אנוועזענהייט וועט איהם ערגערען און זיין דארפען זעגנען זיך מיט זיי וועט איהם שמערצען פערשאפען. זיי זיינען דארום אוועק פון זיינע אויגען, אום אויסצומיידען אז ער זאָל אונאנגענעהמ־ליכקייט ליידען.

ווערהרענד דיא קאָלאָניסטען זיינען געזעסען און אָנגעפיהרט א געשפרעך צווישען זיך, האָבען זיי געהערט א קלאפ אין טהיר און דער פרעמדער איז פלוצלונג אריינגעקומען און גלייך אָנגעהויבען רעדען.

— מיינע הערען — האָט ער געזאָגט — איידער איך פערלאָז אייך איז ניט מעהר וויא רעכט אז איהר זאָלט וויסען מיין לעבענס־געשיכטע. איך וועל עס אייך דערצעהלען.

דיעזע עטליכע ווערטער האָבען העכסט איבערראשט סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפאניאָנען.

דער אינזשיניר האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— מיר פאָדערען עס ניט פון אייך, מיין פריינד. איהר האָט דאָס רעכט ניט צו דערצעהלען אונז א וואָרט.

— ניין, עס איז מיין פפליכט צו רעדע׳ — האָט זיך דער פרעמדער אב־גערופען.

— דאן זעצט זיך און רעדט.

— ניין, איך וועל שטעהן.

— מיר זיינען גרייט אויסצוהערען אייך — האָט הארדינג געזאָגט.

דער פרעמדער איז געבליבען שטעהן אין א ווינקעל פון צימער פערלעגט דיא הענד אויף׳ן ברוסט און מיט א הייזעריגע שטימע האָט ער דערצעהלט פאָלגענדעס:

„דעם 20טען דעצעמבער, 1854, אלזאָ מיט צוועלף יאָהר צוריק, האָט דיא „דאָנקאן״, א דאמפף יאכט־שיף וואָס האָט בעלאנגט צו א שאָטלענדישען ארדעלמאן, לאָרד גלענארוואן, געאנקערט אין קייפ בערנאָוילי, ביים וועסטערן ברעג פון אויסטראליען, אונטער דעם 37טען פאראלעל. אויף יענער שיף זיינען געוועזען לאָרד גלענארוואן, זיין פרוי, א מאיאָר פון דער ענגלישער ארמעע, א פראנצויזישער געאָגראפער, א יונגע מיידעל און א יונגער אינגעל. דיא לעצטע צוויי זיינען געוועזען דיא קינדער פון קאפיטאן גרענט, וועמעס שיף „ברי־

טאניא", איז פערלאָרען געגאנגען צוזאמען מיט דיא מאנשאפט מיט א יאָהר פריהער. דער קאָמאנדיר פון דער יאכט־שיף איז געווען קאפּיטאַן דזשאהן מאנגלעס און ער האָט געהאט א מאנשאפט פון פופצעהן פּערזאָן.

"דיא אורזאכע ווארום דיא יאכט האָט געאנקערט אין יענע געגענד פון אויסטראַליען איז פאָלגענדע: מיט זעקס מאָנאטען פריהער האָט דער קאפּיטאַן פון דער "דאָנקאן" געפונען אין אירלענדישען מעער א פלאש, אין וועלכע עס איז געלעגען א דאָקומענט געשריבען אין ענגליש, דייטש און פראנצויזיש. דער דאָקומענט האָט געלויטעט, אז דריי פּערזאָן פון דער אונטערגעגאנגענער "בריטאניא", קאפּיטאַן גרענט און צוויי מאטראָזען האָבען זיך גערעטעט און זיי געפינען זיך אויף א טרוקענע שטיק לאנד, וואָס ליגט אונטער 37.11 לאטיטיוד (ברייט פון דער וועלט) זיד. דאָרט איז אויך געווען בעצייכענט אונטער וועלכען גראד יענע לאנד געפינט זיך אין לאָנגיטיוד (לענג פון ערד־קוגעל), אָבער דאָס האָט מען ניט געקענט זעהן, ווייל דיא בוכשטאבען זיינען פון נאסקייט אָבגעמעקט געוואָרען. לאָרד גלענארוואן האָט בעשלאָסען צו אונטערנעהמען א רייזע צו זוכען דעם קאפּיטאַן גרענט און זיינע צוויי מאטראָזען.

"ער איז געקומען אין פערבינדונג מיט מערי און ראָבערט גרענט, דיא צוויי קינדער פון דעם פערשוואונדענעם קאפּיטאַן און זיי האָבען איינגעשטימט מיטצופאָהרען זוכען זייער פאָטער. דיא "דאָנקאן" איז בעשטימט געוואָרען צו מאכען אויף איהר דיא פאָרשונגס־רייזע. דער לאָרד האָט מיטגענומען זיין פרוי, דעם קאפּיטאַן'ס קינדער און דיא איבעריגע פּערזאָנען און זיי זיינען אוועקגעפאָהרען. און אזוי וויא זיי האָבען פון דעם דאָקומענט געוואוסט, אז דער גערעטעטער קאפּיטאַן און זיינע מענשען געפינען זיך ערגיץ וואו אונטער דעם 37טען פּאראלעל, זיינען זיי געפאָהרען דורך פערשיעדענע ימים און לענדער, האָבען בעזוכט פיעלע אינזלען וואָס ליגען אומגעפעהר אונטער דעם בעצייכענטען פּאראלעל, אָבער זיי האָבען צום פערשוואונדענעם קאפּיטאַן קיין שפּור געפונען, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין קייפּ בערמאָויל, ביים וועסטערן ברעג פון אויסטראַליען אין דעם דאטום וואָס איך האָב אָנגעגעבען.

"לאָרד גלענארוואן'ס אבזיכט איז געווען דורכצופאָהרען אויסטראַליען אזוי וויא ער איז דורכגעפאָהרען אנדערע לענדער. ער האָט געדענקט, אז קאפּיטאַן גרענט און זיינע צוויי מאטראָזען זיינען פיליייכט געפאנגען ערגיץ וואו ביי ווילדע און ער האָט דארום זיין שיף געאנקערט אום אונטערצונעהמען א רייזע אויף דער טריקעניס. איינינע מייל וויים פון דעם ברעג וואו דיא "דאָנקאן" איז געשטאנען, איז געווען א גוט וואָס האָט בעלאנגט צו אן אירלענדער. דער גוטס־בעזיצער האָט זיך געצייגט זעהר גאסט־פריינדליך צו דיא רייזענדע און דער לאָרד האָט איהם דערצעהלט דיא אורזאכע וואָס עס האָט זיי געבראכט אין יענע געגענד. דער לאָרד האָט ביים מאן געפרעגט, פיליייכט וויים ער אָדער פיליייכט

האָט ער געהערט פון אן ענגלישע שיף "בריטאניא", וואָס איז אונטערגעגאנגען מיט א פּאָר יאָהר צוריק. דער גוטער אירלענדער האָט קיינמאָל געהערט פון אזא שיף, וואָס זאָל האָבען אונטערגעגאנגען.

"אָבער לאָרד גלענארוואן און זיינע מיטרייזענדע זיינען באלד העכסט איבערראשט געוואָרען, ווען איינער פון דעם גוטס־בעזיצער'ס דיענער איז צוגעקומען און געזאָגט:

"מיינע הערען און דאמען, געלויבט און געדאנקט איז גאָט. אויב קאפּיטאן גרענט לעבט ווירקליך, געפינט ער זיך נור ביי דיא אויסטראלישע ברעגען".

"ווער זיינט איהר?" — האָט איהם דער לאָרד געפרעגט.

"איך בין א שאָטלענדער" — האָט דער דיענער געענטפערט — "אזוי וויא איהר, מיין הערר. איך בין איינער פון קאפּיטאן גרענט'ס מאנשאפט. איינער פון דיא גערעטעטע פון זיין שיף".

"יענער מאן האָט געהייסען איירטאָן. ער איז ווירקליך געוועזן איינער פון דיא מאנשאפט פון דער "בריטאניא", דערויף האָט ער געהאט דאָקומענטען און צייגניסע. ער האָט דערצעהלט, אז ער האָט זיך געשיידעט מיט קאפּיטאן גרענט אין דעם מאָמענט, ווען זייער שיף איז צוקלאפּט געוואָרען אָן א פעלז. ער האָט געזאָגט, דאָס ער האָט געגלויבט אז קאפּיטאן גרענט איז דערטרונקען געוואָרען און ער איז דער איינציגער וואָס איז געבליבען לעבען פון יענער שיף.

"יא — האָט איירטאָן וויעדערהאָלט — "אויב קאפּיטאן גרענט לעבט, וויא ער דאָקומענט צייגט, געפינט ער זיך ערגיץ ביי דיא ברעגען פון אויסטראליען, אָבער ניט ביי דיא וועסטערן, זאָנדערן ביי דיא סאוטהערן ברעגען, ווייל דאָרט איז אונזער שיף אונטערגעגאנגען. ער איז זיכער געפאנגען צווישען ווילדע".

"יענער מאן האָט גערעדט זעהר ערנסט און מען האָט אין זיינע ווערטער ניט געקענט צווייפלען. דער אירלענדער, ביי וועמען איירטאָן האָט געדיענט שוין מעהר וויא א יאָהר צייט, האָט פערזיכערט, אז ער, איירטאָן, איז אן ערענטליכער מענש און וואָס ער זאָגט איז אמת. לאָרד גלענארוואן האָט איהם אלעם געגלויבט און אויף זיין ראטה האָט דער לאָרד בעשלאָסען דורכפורייזען אויסטראליען פון מערב צו מזרח אונטער דיא קאָמאנדע פון איירטאָן, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען צו ברייננגען זיי אין דיא געגענד וואו דיא "בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען. דער לאָרד, זיין פרוי, דיא צוויי קינדער, דער מאיאָר, דער פראנצויז, קאפּיטאן מאנגלעס און איינינע מאטראָזען האָבען זיך פערטיג געמאכט צו דער רייזע צוזאמען מיט איירטאָן, וועהרענד דיא איבעריגע מאטראָזען פון דער "דאָנקאן" מיט טאָם אָסטין אן דער שפּיצע זיינען מיט דער יאכט־שיף אָבגעפאָהרען נאָך מעלבורן צו וואַרטען אויף לאָרד גלענארוואן'ס אָרדערס וואָס זיי זאָלען טהאָן.

"דיא רייזענדע זיינען אוועק אין וועג דעם 23טען דעצעמבער, 1854.

"עס איז צייט צו ערקלערען, אז איירטאָן איז געווען א פעררעטער. ער איז אין דיא ריכטיגקייט טאקי געווען איינער פון דיא מאנשאפט פון דער "בריטאניא", אָבער ער האָט זיך געהאט צוקריעגט מיט זיין קאפּיטאן און ער האָט אָנגעפאנגען צו העטצען דיא מאנשאפט זיי זאָלען פערכאפּען דיא שיף. קאפּיטאן גרענט האָט דערפון ערפאהרען און ער האָט דעם פעררעטער ארונ־טערגעזעצט אויף א ברעג פון וועסטערן אויסטראליען און ער איז מיט זיין שיף אוועקגעפאָהרען. דער קאפּיטאן האָט זעהר רעכט געהאנדעלט. דאָס איז געווען דעם אכטען אפּריל, 1852.

"דיעזער פעררעטער האָט אלזאָ גאָר ניט געוואוסט, אויב דיא "בריטאָניא" איז אונטערגעגאנגען. ער האָט עס ערשט צום ערשטען מאָל געהערט פון לאָרד גלענארוואן. זייט ער איז אראָבגעזעצט געוואָרען פון שיף האָט ער געלעבט אונטער דעם נאָמען "בען דזשאָיס" און איז געווען דער אָנפיהרער פון א באנ־דע פערברעכער, וועלכע זיינען אנטלאָפען פון געפענגניס. ער האָט גרויס לוסט געהאט צו ווערען א פּיראט (ים־רויבער), אָבער אזוי וויא ער האָט ניט געהאט קיין שיף, האָט ער זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו בעקומען דאָס וואָס איהם האָט געפעהלט. זיין אבזיכט איז געווען צו פערנארען לאָרד גלענאר־וואן מיט זיינע מענשען און דאן אוועקרויבען דיא "דאָנקאן" און ווערען א פּיראט אויף'ן פאסיפיק (שטילען מעער)

ביי דיעזע ווערטער איז דעם פרעמדען'ס שטימע שוואך געוואָרען און ער האָט אָנגעהויבען ציטערען מיט אלע גליעדער. ער האָט זיך א ווייל אָבגערוהט און ער האָט פאָרטגעזעצט:

"אונטערדעסען איז דיא "דאָנקאן" אָבגעפאָהרען נאָך מעלבורן. פון דאָרט וואָלט איירטאָן זיא ניט געקענט פערכאפּען. ער האָט דארום דיא עקספּעדיציאָן אוועקגעפיהרט אין דיא געדיכטע וועלדער פון איסטערן אויסטראליען, שוין ניט זעהר ווייט פון דיא איסטערן ברעגען. דיא לייטע זיינען זעהר מיעד געוואָרען פון וועג. אויסער דעם האָבען זיי ניט געהאט גענוג לעבענס־מיטעל און לאָרד גלענארוואן האָט געמוזט שיקען נאָך זיין שיף. אלס שליח האָט ער אויסגעקליבען קיין אנדערען וויא איירטאָן.

"איירטאָן האָט עס אויסגעקוקט. זיין פּלאן איז געווען, אז דיא "דאָנקאן" וועט אויף'ן וועג צו אָסטען קומען אין א געוויסען פּלאַץ, וואו זיינע מענשען ווע־לען זיא אָבוואַרטען, וועלען אויסשלאַכטען דיא עטליכע מאטראָזען און וועלען דיא שיף צונעהמען. דער לאָרד האָט איהם מיטגעגעבען א בריעף צו טאָם אָסטין, וועלכער האָט אויף דער "דאָנקאן" געדיענט אלס קאפּיטאן ביי קאפּיטאן מאנגלעס'עס אָבוועזענהייט, אז ער זאָל וואָס שנעלער ארויספאָהרען. איירטאָן אָדער בען דזשאָיס איז אין צוויי טעג ארום אָנגעקומען אין מעלבורן און האָט דעם בריעף איבערגעגעבען צו אָסטין, וועלכער איז באלד אָבגעפאָהרען.

"אָבער גאָט האָט וואהרשיינליך ניט געוואָלט, אז איירטאָן'ס טייפעלשער פּלאַן זאָל דורכגעפיהרט ווערען און א זאָנדערבארער צופאל האָט איהם צו־שטערט. איירטאָן האָט שוין געהאט זיין באנדע גרייט ניט ווייט פון טופאָלד בעי, וואו זיי האָבען געדארפט צופאָהרען מיט דער "דאָנקאן" און דער איבער־פאל וואָלט דאָרט געשעהן. אָבער אָנשטאָט צו פאָהרען נאָך יענע ריכטונג איז גאָר אָסטין געפאָהרען נאָך ניי־זעעלאנד. איירטאָן האָט איהם ערקלערט, אז ער פאָהרט ניט אין ריכטיגען וועג, אָבער אָסטין האָט איהם געצייגט דעם בריעף און דאָרט איז געוועזן געשריבען אויסדריקליך אז ער זאָל פאָהרען נאָך ניי־זעעלאנד. דאָס איז געווען א גאָט זאַך. דער פראנצויז, וועלכער האָט דעם בריעף געשריבען, האָט דורך א טעות געשריבען ניי־זעעלאנד אָנשטאָט טופאָלד בעי. איירטאָן האָט פּרובירט אויספיהרען, אז דיא שיף זאָל געטריבען ווערען וויא ער האָט געוואָלט, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. אָסטין האָט געטהאָן אזוי וויא אין בריעף איז געווען געשריבען.

"זעהענדיג אז זיינע אלע פּלענער זיינען צו נישט געוואָרען, איז איירטאָן זעהר אויפגערעגט געוואָרען און ער האָט געוואָלט בעגעהן געוואלד טהאטען. אָבער מען האָט איהם געשמידט אין קייטען און ער איז געבראכט געוואָרען אלס געפאנגענער נאָך ניי־זעעלאנד.

"דיא "דאָנקאן" האָט ארומגעוואנדערט ביי יענעם ברעג ניט געפינענדיג דעם לאָרד און דיא איבעריגע לייטע וואָס זיינען מיט איהם געווען. דער קאָ־מאנדיר פון שיף האָט שוין געוואוסט, אז איירטאָן איז א באנדיט און אז ער האָט געוואָלט דורכפיהרען א טייפעלשען פּלאַן. זיי האָבען איהם דארום דיא גאנצע צייט געהאלטען געשמידט, ער זאָל קיין בייזעס קענען טהאָן.

"לאָרד גלענארוואן וויעדער האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען אויף'ן שליח וואָס ער האָט געשיקט נאָך מעלבורן. ער און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען געגאנגען צו פוס ביז טופאָלד בעי. זיי האָבען אויף'ן וועג זעהר פיעל געליטען און איבערגעקומען טויזענדע געפאהרען, און ווען זיי זיינען אהין געקומען איז דיא "דאָנקאן" ניט געווען! זיי האָבען טעלעגראפירט קיין מעלבורן און מען האָט זיי געענטפערט, אז דיא "דאָנקאן" איז אָבגעפאָהרען דעם 18טען פון יע־נעם מאָנאט — וואוהין, ווייס מען ניט.

"דער לאָרד האָט ניט געוואוסט וואָס מיט זיין שיף האָט פאסירט און ער האָט געגלויבט אז דיא "דאָנקאן" איז ארייינגעפאלען אין דיא הענד פון דעם באנ־דיט בען דזשאָיס, פון וועלכען מען האָט איהם דערצעהלט שרעקליכע זאכען, אָבער איהם איז ניט איינגעפאלען, אז דער בען דזשאָיס איז טאקי יענער געוועזענער מאטראָז מיט וועלכען ער האָט דעם בריעף געשיקט און וועלכען ער האָט אָנגענומען פאר א הויפּט אָרענטליכען מאַן.

"אָבער דער בראווער לאָרד גלענארוואן האָט זיך ניט פערלאָרען און ער איז

ניט אָבהענדיג געוואָרען. דיא וויכטיגע אויפגאבע צו געפינען דעם קאפיטאן גרענט איז ביי איהם געוועזען היילינ און ער האָט עס געוואָלט אויספיהרען אונטער אלע אומשטענדען. ער האָט געדונגען א האנדעלס שיף און איז אָבגעפאָהרען נאָך דיא ברעגען פון ניי־זעעלאנד און האָט אומגעוואנדערט אונטער דעם 37טען פאראלעל, אָבער ער האָט קיין שפור געפונען צום פערשוואונדענעם קאפיטאן און זיינע צוויי מאטראָזען. וועגען זיין פערשוואונדענע שיף האָט ער שוין כמעט ניט געדענקט. ער האָט געדענקט אז זיא איז שוין פערוואנדעלט געוואָרען אין א פיראטען שיף אין דיא הענד פון בען דזשאָיס און זיין באנדע. דיא הויפט זאך האָט ער געוואָלט אויפזוכען דעם פערשוואונדענעם קאפיטאן, אָבער זיין מיה איז געוועזען אומזיסט. ענדליך אָבער איז ער העכסט איבערראשט געוואָרען, ווען ער האָט זיך צוזאמענגעטראָפען מיט דער "דאָנקאן", וועלכע האָט איהם אומגעזוכט פינף וואָכען צייט.

"דאָס איז געשעהן דעם דריטען מערץ, 1855. לאָרד גלענארוואן איז שוין צוריק געוועזען אויף זיין אייגענע יאכט־שיף, אָבער בען דזשאָיס איז דאָרט אויך געוועזען. מען האָט איהם געבראכט פאר'ן לאָרד, וועלכער האָט פון איהם געוואָלט ארויסקריגען עטוואָס וועגען קאפיטאן גרענט, אָבער ער האָט פון איהם קיין זאך ערפאהרען. דער לאָרד האָט איהם געסטראשעט אז ער וועט איהם איבערגעבען אין דיא הענד פון גערעכטיגקייט, אָבער דער באנדיט איז אלץ פערבליבען שטום.

"דיא "דאָנקאן" האָט פאָרטגעזעצט איהר רייזע אונטער דעם 37טען פאראלעל. וועהרענד דיא רייזע האָט פרוי גלענארוואן זיך אונטערנומען ארויסצוקריגען פון באנדיט זיינע סודות.

"און עס איז איהר ענדליך געלונגען. דורך איהר איינפלוס האָט זיא אויף איהם געווירקט און איירטאָן האָט איהר פערשפּראָכען צו דערצעהלען אלעס, אָבער מיט דעם בעדינג, אז מען זאָל איהם ניט איבערגעבען צו דיא ענגלישע רעגיערונג, זאָנדערן מען זאָל איהם אוועקפיהרען אויף אירגענד וועלכען אינזעל און איהם דאָרט איבערלאָזען. לאָרד גלענארוואן האָט דערצו איינגעוויליגט.

"איירטאָן האָט אלעס מודה געוועזען. ער האָט דערצעהלט זיין גאנצע לעבענס־געשיכטע, וויא ער האָט רעוואָלטירט געגען קאפיטאן גרענט און וויא ער האָט ענדליך געפּלאנט צו פערכאפען דיא "דאָנקאן". דער לאָרד האָט זיך איבערצייגט, אז זיין געפאנגענער וויים גאָר ניט פון קאפיטאן גרענט.

"לאָרד גלענארוואן האָט געהאלטען זיין צוזאָג. דיא "דאָנקאן" האָט פאָרטגעזעצט איהר רייזע ביז זיא איז געקומען צום אינזעל טייבאָר, וואו איירטאָן האָט געדארפט איבערגעלאָזט ווערען, און אויף יענעם אינזעל זיינען אויך קאפיטאן גרענט און זיינע צוויי מאטראָזען געפונען געוואָרען. יענער אינזעל ליגט פונקט אונטער'ן 37טען פאראלעל.

”דער פערברעכער האָט דאן פערנומען דעם פּלאַץ פון דיא דריי פערוואָר־ פענע אויף'ן איינזאמען, וויסטען אינזעל. מען האָט איהם דאָרט איבערגעלאָזט און איידער דיא יאכט־שיף מיט דיא געפונענע איז אָבגעפאָהרען האָט לאָרד גלענארוואן געזאָגט:

”דאָ, איירטאָן, וועט איהר זיין ווייט פון אירגענד וועלכע לאנד און איהר וועט קיינע פערבינדונג האָבען מיט אייערע חברים און מיט קיינע מענשען. איהר קענט פון דיזען קליינעם אינזעל ניט אנטלויפען. איהר וועט דאָ זיין איינער אליין אונטער דיא אויפזיכט פון גאָט, וועלכער דרינגט אריין אין דיא טיעפענים פון יעדען'ס הארץ. אָבער איהר וועט ניט פערגעסען ווערען. אָבוואָהל איהר זיינט ניט ווערטה דערמאָהנט צו ווערען, דאָך וועלען אייך מענשען גע־ דענקען און דערמאָהנען. איך וויים, איירטאָן, וואו איהר זיינט און איך וועל וויסען וואו צו געפינען אייך. איך וועל עס קיינמאָל ניט פערגעסען!”

”און דיא 'דאָנקאן” איז אָבגעפאָהרען און איז פערשוואונדען געוואָרען. דאָס איז געשעהן דעם 18טען מערץ, 1855.

”איירטאָן איז געווען אליין, אָבער עס האָט איהם ניט געפעהלט קיין וואפען, שיס־פּולווער און קוילען, ווערקצייג און אויך זאמען פון פערשיעדענע וואקסונגען.

”דער פערשטויסענער פערברעכער האָט אויף'ן אינזעל געטראָפען א הייזעל אָדער א ביידעל, וואָס קאפּיטאן גרענט האָט געהאט אויסגעבויט און ער האָט גאָר ניט געהאט צו טהאָן, נור לעבען און תשובה טהאָן אויף זיינע זינד, וואָס ער איז אין לעבען בעגאנגען.

”מיינע הערען, דער פערשטויסענער האָט שטארק חרטה געהאט אויף דיא פערברעכענס וואָס ער האָט געטהאָן. ער האָט זיך געשעהמט פאר זיך אליין און ער האָט פיעל געליטען פון געוויסענביסע. ער האָט געזאָגט צו זיך אליין, אויב יעמאנד וועט אמאָל קומען צונעהמען איהם פון יענעם פערוואָרפענעם, איינ־ זאמען אינזעל, מוז ער זעהן אז ער זאָל ווערטה זיין אָנצונעהמען יענעמס הילף ון זיך געפינען צווישען מענשען! וויא שרעקליך דער זינדיגער האָט געליטען! ויא שוידערליך זיין געוויסען האָט איהם געפּלאָגט! וויא שווער און ביטער ר האָט געארבייט, אום ארויסצוטרייבען פון זיין מח דיא שוידערהאפטע גע־ אנקען וואָס האָבען איהם געמאטערט טאָג און נאכט! וויפיעל ער האָט גאָט עבעטען, וויפיעל טרעהרען ער האָט פערגאָסען, דאָס קען זיך פיליכט א מענש ים פאָרשטעלען!

”צוויי־דריי יאָהר איז עס אזוי אָנגעגאנגען. איירטאָן האָט אָנגעהויבען ענקען, אז ער איז שוין גענוג אָבגעקומען פאר זיינע אמאָליגע זינד און ער האָט נגעהויבען אויסקוקען פיליכט קומט אָן א שיף, וועלכע וועט איהם בעפרייען ון דיא איינזאמקייט, פיליכט וועט מען איהם צונעהמען פון דעם וויסטען

אינזעל; אָבער קיינער איז ניט געקומען און דער פערברעכער האָט ווייטער געלי־
טען און געליטען.

"אָבער זיין שטראָף איז נאָך פּילייכט געווען צו קליין. גאָט אין הימעל
האָט זיך נאָך פּילייכט ניט בענוגענט מיט דער תשובה און חרטה פון דעם זינ־
דיגען און ער איז נאָך פערווילדעט געוואָרען! ער האָט אָנגעהויבען פּיהלען אז
ער ווערט אלץ מעהר אָן זיין פערשטאנד, אז ער ווערט אלץ מעהר פערווילדעט,
ביז ער איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א חיה, אין א ווילדע בייזע און גע־
פעהרליכע חיה.

"דער פערווילדעטער האָט ניט געקענט וויסען און געדענקען ווען דיא
ווילדקייט איז צו איהם אָנגעקומען, אָבער ער איז פאקטיש געווען ווילד.

"איך דארף אייך ניט זאָגען, מיינע העררען, אז איירטאָן, בען דזשאָים
און איך זיינען איינע און דיא זעלבע פּערזאָן!

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען ביים ענדע פון פרעמדען׳ס
ערצעהלונג אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער. עס איז אונמעגליך צו שיל־
דערען וויא זיי האָבען דאמאָלס געפיהלט און דעם איינדרוק וואָס דעם מאן׳ס
וידוי האָט אויף זיי געמאכט.

— איירטאָן — האָט הארדינג געזאָגט צום פרעמדען — איהר זיינט גע־
ווען א קרימינעלער פערברעכער, אָבער איהר זיינט שוין גענוג אָבגעקומען פאר
אייערע זינד און גאָט האָט אייך שוין פערציהעט! אייער נשמה איז ערשט
ריין, א בעווייז האָט איהר, אז גאָט האָט אייך צוריק געבראכט צווישען מענשען!
איירטאָן, אצינד וועט איהר זיין אונזער קאָמפּאניאָן, אונזער קאמעראד.

איירטאָן איז אָבגעטראָטען איינינע טריט הינטער זיך.

— היער איז מיין האנד! — האָט דער אינזשיניר צו איהם געזאָגט.

איירטאָן האָט אָנגענומען דעם אינזשיניר׳ס האנד און גרויסע טרעהרען
זיינען געפאלען פון זיינע אויגען.

— וועט איהר וואָהנען מיט אונז? — האָט איהם הארדינג געפרעגט.

— קאפּיטאן הארדינג — האָט איירטאָן געענטפערט — לאָזט מיך נאָך
אויף א געוויסע צייט זיין אליין. לאָזט מיך וואָהנען אין א ביידעל נעבען אייערע
טהיערע.

— וויא איהר ווילט, איירטאָן — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט.

דער אונגליקליכער האָט אָנגעפאנגען ארויסצוגעהן, ווען דער אינזשיניר
האָט איהם אָבגעהאלטען און געפרעגט:

— מיין פריינד, אזוי וויא איהר האָט געוואָלט פערבלייבען אליין, וואָ־
רום האָט איהר ארייגגעוואָרפען אין ים דעם דאָקומענט, וועלכער האָט געפיהרט
דערצו אז איהר זאָלט געבראכט ווערען אהער?

— א דאָקומענט? א שריפט? — האָט איירטאָן געענטפערט מיט פער־וואונדערונג.

— יא — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — א דאָקומענט אין א פלאַש, א דאָקומענט אין וועלכען עס איז געווען בעצייכענט וואו דער אינזעל טייבאָר געפינט זיך.

איירטאָן האָט דורכגעפיהרט זיין האנד איבער'ן שטערען, אזוי וויא א מענש וואָס וויל זיך עטוואָס דערמאָהנען, און נאָכדעם וויא ער האָט א היבשע ווייל געטראכט, האָט ער זיך אָבגערופען:

— ניין, איך האָב קיינמאָל קיין דאָקומענט אריינגעוואָרפען אין ים!

— קיינמאָל? — האָט פענקראָפט אויסגעשריען.

— קיינמאָל!

און איירטאָן האָט זיך פערנייגט, איז צוגעגאנגען צום טהיר און האָט פערלאָזט דיא גראניט הויז.

## 18טעם קאַפיטעל.

א דיסקוסיאָן איבער'ן געפונענעם דאָקומענט. — טעלעגראַפישע דראָטען. — א טעלעגראַף. — דיא גערעטענים. — פאָטאָגראַפישע בילדער. — א לעבעדיגער שנעע.

---

— אונגליקליכער מענש! — האָט הערבערט אויסגעשריען צולויפענדיג צום טהיר. ער האָט זיך באלד אומגעקעהרט צוריק, נאָכדעם וויא ער האָט געזעהן, אז איירטאָן האָט זיך ארונטערגעלאָזט מיט'ן הויב־מאַשין.

— ער וועט צוריק קומען — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט.

— אצינד, הערר קאפיטאן — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — זאָגט מיר וואָס איז דאָס? האָט ניט איירטאָן אריינגעוואָרפען דיא פלאַש אין מעער? אויב ניט ער, טאָ ווער דען האָט עס געטהאָן? א זעלטענע געהיימניס, וואָס איך קען פאר קיין פאל ניט פערשטעהן.

— דאָס האָט ער אריינגעוואָרפען — האָט דער ניגער געענטפערט — אָבער דער אונגליקליכער געדענקט עס ניט.

— יא — האָט הערבערט בעשטעטיגט — דאָס האָט ער געטהאָן און ניט קיין אנדערער, אָבער ער איז שוין ניט געווען ביי זיין זינען און ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס ער טהוט.

— דאָס קען אנדערש ניט ערקלערט ווערען — האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען — און איך פערשטעה ערשט וויא אזוי איירטאָן, אן איינפאכער מאטראָז, האָט געקענט בעצייכענען דעם פונקט וואו דער אינזעל טייבאָר ליגט.

זאָבאלד אז קאפיטאן גרענט און לאָרד גלענאוואר האָבען איהם דאָרט איבער־געלאָזט האָבען זיי איהם וואהרשיינליך ערקלערט דיא הידראָגראפישע לאגע פון אינזעל.

— אָבער יעדענפאלס — האָט פענקראָפט געזאָגט — לאָמיר צוגעבען, אז ער האָט דיא פלאש מיט'ן דאָקומענט אריינגעוואָרפען אין ים, לאָמיר זאָגען, מיט זיעבען אָדער אכט יאָהר צוריק, ווען ער איז נאָך ניט געווען ווילד, וויא אזוי זשע קומט עס וואָס דאָס פאפיר איז ניט פערדאָרבען געוואָרען פון פייכט־קייט ?

— דאָס צייגט — האָט הארדינג געענטפערט — אז איירטאָן האָט פער־לאָרען זיינע מענשליכע געפיהלען ניט אזוי לאנג צוריק וויא מיר דענקען.

— עס פערשטעהט זיך אז אזוי מוז עס זיין — האָט פענקראָפט צוגע־געבען — אויב ניט אזוי, איז דיא גאנצע זאך אונערקלערליך.

— אָט אזוי איז עס — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — און לאָמיר אויפ־הערען דיסקוטירען וועגען דעם.

— אָבער האָט איירטאָן געזאָגט דיא ווארהייט ? — האָט דער מאטראָז געפרעגט.

— יא — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — איך געדענק גאנץ גוט, אז צייטונגען האָבען געשריבען וועגען לאָרד גלענארוואן'ס עקספּעדיציאָן און דעם רעזולטאט, וויא ער האָט דעם קאפיטאן גרענט געפונען.

— איירטאָן האָט דערצעהלט דיא ריינע ווארהייט — האָט הארדינג בע־שטעטיגט — איהר זאָלט, פריינד פענקראָפט, גאָר ניט צווייפלען אין דעם. ווען איינער בעשולדיגט זיך אליין אין א פערברעכען, זאָלט איהר איהם גלויבען. יעדעס וואָרט וואָס ער האָט געזאָגט איז אמת !

אויף מאָרגען, דעם 21טען דעצעמבער, האָבען דיא קאָלאָניסטען געזוכט איירטאָן אויף פּראָספּעקט האוטס, אָבער זיי האָבען איהם דאָרט ניט געפונען. דער אונגליקליכער האָט זיך שוין געהאט בעזעצט אין דער שטיבעלע וואָס איז פאר איהם אויסגעבויט געוואָרען ביי דיא שטאהלען. זיי האָבען זעהר מיטלייד געהאט מיט איהם, אָבער זיי האָבען גאָר ניט געקענט העלפען.

הערבערט, פענקראָפט און נעב האָבען פאָרטגעזעצט זייער שטענדיגע בעשעפטיגונג. אין יענעם טאָג זיינען הארדינג און דער רעפּאָרטער געקומען אין דיא "טשימניס", וואו זייערע דריי קאָמפּאניאָנען האָבען געארבייט.

— ווייסט איהר, מיין טהייערער סיירוס — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — אז דיא ערקלערונג וואָס איהר האָט נעכטען געגעבען וועגען דער פלאש מיט'ן דאָקומענט שטעלט מיך גאָר ניט צופריעדען ? וויא אזוי קען דאָס זיין, אז דער אונגליקליכער מאן זאָל האָבען געשריבען דעם דאָקומענט און איהם אריינגע־וואָרפען אין ים און ער זאָל וועגען דעם גאָר ניט געדענקען ?

— ניט ער האָט דיא פלאש אריינגעוואָרפען, מיין טהייערער ספּילעט.

— דענקט איהר, הייסט עס —

— איך דענק גאָר ניט, איך וויים גאָר ניט — איז איהם הארדינג אריינ־געפאלען אין דיא רייד — איך רעכען צו דיעזען פּאַרפאל צו דיא יעניגע, וועלכע איך קען ניט ערקלערען!

— ווירקליך אזוי — הערר סיירוס — עס האָבען שוין מיט אונז פּאסירט אייניגע זאכען וואָס לאָזען זיך ניט ערקלערען. אייער רעטונג, דער קאסטען וואָס מיר האָבען געפונען, טאַפּ'ס בילען ביים ברונים און ענדליך, דיא פלאש מיט'ן דאָקומענט. וועלען מיר קיינמאָל געפינען קיין אנטוואָרט צו דיעזע פראגען?

— יא! — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — מיט דער צייט וועט אלעס ערקלערט ווערען. יא, מיר וועלען אלעס וויסען, ווען זאָגאר איך זאָל צוליעב דעם דארפען אונטער דער ערד קריכען!

— א צופאל וועט אונז פיליייכט אמאָל געבען דעם שליסעל צו דיא אלע געהיימניסע!

— א צופאל! ספּילעט, איך גלויב ניט אין צופעלע און איך גלויב ניט אז עס זיינען פאראַן געהיימניסע אויף דיעזער וועלט. יעדע פּאסירונג האָט אַן אורזאכע, יעדע געשעהענים קומט פון עטוואָס, און איך האָף אז איך וועל מיט דער צייט אלעס אויסגעפינען. אָבער פּאָרלויפיג דארפען מיר ארבייטען און שאפען.

דער מאָנאט יאנואר איז אָנגעקומען. דער יאָהר 1867 האָט זיך אָנגעפאנגען. אין דיא ערשטע טעג פון נייעם יאָהר זיינען הערבערט און ספּילעט געווען ביי דיא שטאהלען און זיי האָבען דאָרט געזעהן דעם אָבגעזונדערטען, וועלכער האָט בעוואָהנט דיא שטיבעל וואָס זיי האָבען פאר איהם אויסגעבויט. ער איז דאָרט ליידיג ניט געזעסען און ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט פערשיעדענע ארבייט. דיא קאָלאָניסטען האָבען געדענקט אז לאָזען דעם מאן צופיעל אין איינזאמקייט, קען עס איהם וויעדער ברייננגען צו פערווילדעט ווערען, און זיי פלעגען איהם אָפט בעזוכען.

דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער האָבען איין טאָג געהאט א געשפּרעך, ביי וועלכען ספּילעט האָט זיך אויסגעדריקט, אז עס וואָלט פיליייכט געווען א גוטע זאך ווען מען זאָל קענען פערבינדען דיא פיה־שטאהלען מיט זייער וואָה־נונג; עס הייסט, אז אויב מיט איירטאָן וועט עטוואָס וויכטיגעס פּאסירען זאָל ער וועגען דעם גלייך קענען אָנזאָגען אין גראניט הויז.

דורך דער צייט וואָס דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען אויף'ן לינקאָלן אינזעל האָט מיט זיי פיעל אונערוואַרטעטעס פּאסירט, היינט ווער קען וויסען, וואָס עס קען ווייטער געשעהן? פיליייכט וועט איירטאָן זעהן אָדער ערפאהרען פון א זאך וואָס וועט זיין נויטיג פאר דיא קאָלאָניסטען צו וויסען, פיליייכט וועט איהם יעמאנד איבערפאלען און ער וועט דארפען הילף, פיליייכט וועט ער דער־

זעהן א שיף, פיליייכט וועט ער דערזעהן פיראטען אָדער אן אנדער וויכטיגע זאך, צו גוטען אָדער צו כייזען, און עס וואָלט זעהר גוט געווען, ווען ער זאָל געשווינד פון אלעס קענען צו וויסען געבען אין גראניט הויז. ספּילעט האָט ניט געדענקט, אז פון דיעזען געשפּרעך זאָל עפּעס ווערען. ער האָט גערעדט אזוי זיך אין דער וועלט אריין; אָבער דער אינזשיניר האָט עס שטארק אין זינען אריינגענומען און ער האָט באלד בעשלאָסען דיא זאך דורכצופיהרען.

דעם צעהנטען יאנואר האָט הארדינג געלאָזט וויסען זיינע קאָמפּאניאָנען וועגען א נייעם פּראָיעקט צו פערבינדען דיא פיה־שטאהלען מיט דער גראניט הויז.

— אָבער וויא אזוי וועט איהר עס מאכען, הערר קאפּיטאן? — האָט דער מאטראָז געפרעגט — דענקט איהר צו מאכען א טעלעגראף?

— ריכטיג אזוי — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— אן עלעקטרישען? — האָט הערבערט פערוואונדערט געפרעגט.

— געוויס אן עלעקטרישען — האָט הארדינג געענטפערט — מיר האָבען דאָ אלע נויטיגע מאטעריאלען, וואָס מען דארף האָבען צו מאכען עלעקטרישע באטארעען און דיא הויפּט שוויריגקייט וועט זיין אין מאכען דיא דראָטען. אָבער איך דענק, אז מיר וועלען דאָס אויך דורכפיהרען.

— אויב אזוי — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — צווייפעל איך שוין ניט מעהר, אז מיר וועלען נאך דאָ אמאָל אומפאָהרען אויף א באהן!

זיי האָבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט, אָנפאַנגענדיג מיט דעם שווערסטען טהייל, נעמליך, מיט פאבריצירען דיא דראָט, ווייל דאָס איז געווען דיא הויפּט זאך און אָהן דעם וואָלט דיא אנדערע ארבייט געווען נוצלאָז.

דיא אייזען פון לינקאָלן אינזעל איז געווען פון א גוטען סאָרט. זיא איז געווען וויך און האָט זיך געלאָזט ציהען און בויגען. סיירוס הארדינג האָט געמאכט צוויי שטאָהלענע פּלאטע, אין וועלכע ער האָט דורכגעבויערט קיילעכדיגע לעכלעך, גרעסערע און קלענערע. ער האָט נאכהער דיא שטיק שטאָהל פערהארטעוועט, האָט זיא איינגעפּאסט אין א הילצערנע ראהם (פריים) און צוגעפעסטיגט שטענדיג צו דער ערד א פּאָר פוס ווייט פון דעם וואסער־פאַל, וואו עס איז נאך געשטאנען דיא מאשין מיט וועלכע זיי האָבען געקלאפּט דיא וואָל פון זייערע שעפּסען און געמאכט דערפון פעלט. דער ראָד פון יענער מאשין האָט זיך פון דער קראפט פון וואסער געדרעהט זעהר פעסט. דאן האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגעקלאפּט לאנגע שטיקער אייזען. זיי האָבען דיא אייזען געגליהט אויף פייער און אזוי לאנג געקלאפּט מיט האמערס ביז עס האָט זיך אויסגעצויגען, אָבער עס איז געוועהנליך ניט געווען קיילעכדיג און גלאט אזוי וויא דראָט דארף זיין, און צו מאכען דערפון ריכטיגען דראָט, האָט הארדינג בענוצט דעם נייעם אפּאראט וואָס ער האָט געמאכט.

ער האָט יעדע לאַנגע און אויסגעקלאַפּטע שטיק אייזען פערשאַרפט ביי דיא ברעגען אזוי, אז עס זאָל קענען דורכגעהן דורך דער גרעסטער לעבעל פון דער שטאָהלענער פּלאַטע. דער דינער ברעג פון יעדען אייזען וואָס איז דורכגעצויגען געוואָרען דורך'ן לעבעל איז בעפעסטיגט געוואָרען צום אקס פון ראָד פון דער פעלט־מאַשין, וואָס האָט זיך געדרעהט און מיטגעשלעפּט דיא לאַנגע שטיק אייזען, וועלכע איז געוויקעלט געוואָרען ארום אקס. דיא וייכע אייזען וואָס דיא מאַשין האָט געשלעפּט דורך דער לאָך פון דער האַרטער שטאָהלענער פּלאַטע, האָט זיך אויף דיעזען ארט אויסגעצויגען, איז ארומגעריבען געוואָרען און איז ארויסגעקומען ביעל גלאַטער און קיילעכדיגער.

ווען דיא גאַנצע שטיק אייזען איז דורכגעגאַנגען דורך דער גרעסטער לעבעל האָט מען זיא מיט דעם זעלבען אפּאַראַט דורכגעשלעפּט דורך א קלענערע. דער דראָט איז נאָך דינער און קיילעכדיגער געוואָרען. אזוי איז יעדע שטיק אייזען דורכגעגאַנגען ביז דיא קלענסטע לעבעל פון דער שטאָהלענער פּלאַטע און עס זיינען דערפון געוואָרען קיילעכדיגע, דינע דראָטען אזוי וויא דיא וואָס מען גע־ברויכט צו טעלעגראַפען. יעדער דראָט איז געווען פון 40 ביז 50 פוס לאַנג. אזעלכע דראָטען האָט מען שוין לייכט געקענט צופעסטיגען איינע צו דיא אנדע־רע און פערציהען א טעלעגראַף אויף מיילען ווייט.

עס האָט בלויז געדויערט איניגע טעג ביז דיא דראָטען זיינען פערטיג גע־וואָרען. סיירוס הארדינג איז בלויז דיא ערשטע צייט געווען ביים פאַבריצירען דיא דראָט, דאַן האָט ער דיא ארבייט אָנפערטרויט זיינע קאָמפּאַניאָנען און ער אליין האָט זיך אָבגעגעבען מיט פאַבריצירען דיא באַטארעען.

עלעקטרישע באַטאַרעען ווערען געוועהנליך צוזאַמענגעשטעלט פון קויהלען, צינק אָדער ספּיאַלטער און קופּער. דער לעצטער מינעראַל האָט גראַדע געפעהלט אויף'ן אינזעל לינקאָלן. סיירוס הארדינג האָט פיעל מיה און צייט אוועקגעגעבען אויף זוכען קופּער, אָבער ער האָט ערגיץ קיין שפּור געפונען צו דיזען מינעראַל וועלכער איז איהם ערשט אזוי נויטיג געווען. ער האָט דארום געמוזט זוכען א מיטעל, אז ער זאָל זיך קענען בעגעהן אָהן קופּער. דעם זאָרט קויהלען, וואָס ער האָט געדאַרפט, האָט ער יא געקענט בעקומען, אָבער דיא קויהלען דאַרפען אויס־געאַרבייט ווערען פאַר דיעזען צוועק און עס איז פערבונדען מיט פיעל ארבייט. ווענגען צינק איז גאַר קיין זאָרג ניט געווען. דער קאַסטען וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען אמאָל געפונען איז אינווענדיג געווען אויסגעקלאַפּט מיט דיעזען מעטאַל און זיי האָבען עס געהאַט גאַנץ גענוג.

נאָך א גרינדליכע איבערלעגונג האָט סיירוס הארדינג בעשלאָסען צו פאַב־ריצירען אַן איינפאַכע באַטאַרעע, עהנליך צו דער וואָס בעקוועראָל האָט ער־פונדען אין יאָהר 1820, צו וועלכע מען געברויכט בלויז צינק. דיא אנדערע

זאכען וואָס מען מוז האָבען צו יענעם זאָרט באטארעען — אזאָטיק עסיד (שטיק־שטאָף זויערע) און פּאָטאש, האָט ער לייכט געקענט בעקומען.

דער אינזשיניר האָט געמאכט גלעזערנע פלעשער, וועלכע ער האָט אָנגעפילט מיט אזאָטיק עסיד. ער האָט דיא פלעשער פערשטאָפּט און דורך יעדען שטאָפּיק האָט ער דורכגעלאָזט א דינע גלעזערנע רעהר, וועלכע איז אונטען געווען פער־שטאָפּט מיט ליים און א שמאטקע. דורך דיא אויבערשטע עפענונג פון דיא רעהרען האָט ער אריינגעלאָזט פּאָטאש, וועלכע ער האָט פאבריצירט פון די'א אש פון פערשיעדענע פלאנצונגען. דיא פּאָטאש און דער עסיד האָבען געווירקט איינע אויף דיא אנדערע דורך דיא ליימענע שטאָפּקעס פון דיא רעהרען.

דאן האָט הארדינג גענומען צוויי שמאָלע פאסען צינק. איינעם האָט ער אריינגעטהאָן אין דיא אזאָטיק עסיד פון א פלאש און דעם צווייטען אין דיא פּאָ־טאש פון רעהר און אן עלעקטרישער שטראָם איז דערפון געשאפען געוואָרען, וועלכער איז איבערגעשיקט געוואָרען פון איין פאס צינק צום צווייטען. מען האָט דאן בלויז געדארפט פעראייניגען דיא צוויי שטיקלעך צינק דורך א מע־טאלענעם דראָט און דאָס האָט געבילדעט א פאזיטיוו מיט א נעגאטיוו און אן עלעקטרישע באטארעע איז געווען פערטיג. עס האָט ערשט בלויז געפעהלט צו פעראייניגען אזעלכע אפּאראטען איינע מיט דיא אנדערע און מען האָט גע־קענט ציהען א טעלעגראף אויף גאנץ ווייט.

דעם זעקסטען פעברואַרי האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגעשטעלט סלופּעס אויף'ן וועג פון גראניט הויז צו דיא פיה־שטאהלען. מיט איניגע טעג שפּעטער האָבען זיי פערצויגען דיא דראָטען און איינגעריכטעט דיא באטארעען, איינעם אין גראניט הויז און דעם צווייטען אין איירטאָן'ס הייזעל ביי דיא שטאהלען. דאן האָט הארדינג איינגעריכטעט אפּאראטען אויף שיקען און אויפנעהמען טע־לעגראמען אויףביידע סטאנציאָנען און דעם 12טען פעברואַרי איז דיא גאנצע ארבייט געווען פערטיג. יענעם טאָג האָט סיירוס הארדינג צום ערשטען מאָל געשיקט א שליחות דורך'ן דראָט. ער האָט דורך'ן טעלעגראף אָנגעפרעגט ביי איירטאָן אויב אלעס איז אין אָרדנונג אין דיא פיה שטאהלען און איירטאָן האָט איהם באלד אנטוואָרט געגעבען. פּענקראָפט איז זעהר צופריעדען געווען פון דעם טעלעגראף און אלע פריהמאָרגען און אלע אבענד פלעגט ער טעלעגרא־פירען צו איירטאָן און פלעגט אנטוואָרט בעקומען.

דיא מאָדערנע פערבינדונג וואָס איז געמאכט געוואָרען צווישען גראניט הויז און דיא פיה־שטאהלען איז געווען זעהר א גוטע זאך. ערשטענס, האָט מען שטענדיג געקענט וויסען אויב איירטאָן איז אויף זיין פּלאץ אָדער ניט; און צווייטענס, האָט עס אביסעל צושטערט זיין איינזאמקייט. אויסערדעם וואָס מען פלעגט זעהר אָפט רעדען מיט'ן אונגליקליכען דורך'ן טעלעגראף, פלעגט איהם ווער פון דיא קאָלאָניסטען בעזוכען וועניגסטענס איין מאָל אין וואָך.

איירטאָן איז געוואָרען אביסעל היימישער און ער פלעגט אַפּטמאָל קומען אין גראַניט הויז, וואו מען האָט איהם אויפגענומען אלס פיינעם גאַסט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען פערבראַכט זייער צייט מיט זייערע געוועהנליכע בעשעפטיגונג אין הויז, אין וואַלד און אין פעלד. דיא פעלדער אויף פּראָספּעקט האַיטס זיינען געווען זעהר גראָטען. דיא גרינסען וואָס זיי האָבען פערזעעט האָבען זעהר פיין געוואַקסען. דיא פּלאַנצונגען וואָס זיי האָבען געבראַכט פון אינזעל טייבאָר זיינען געוואַקסען גרויסאַרטיג און האָבען בעשעהנט זייערע גערטנער. דיא קאָרן פעלד איז געווען געדיכט בעוואַקסען מיט הויכע, פעטע זאַנגען, נאָך פיליכט בעסער וויא געוואונשען. דאָס איז שוין געווען דיא פיערטע ערנטע אויף'ן לינקאָלן אינזעל. סיירוס הארדינג האָט נאָך אמאָל אויסגערעכענט אז פון דער פיערטער זריעה וועלען זיי האָבען פיער הונדערט טויזענד מיליאָן קערנער. קיינעם פון דיא קאָלאָניסטען איז ניט איינגעפאַלען דיא נארישקייט צו פּרובירען איבערצוצעהלען דיא קערנער, אום צו זעהען וויא ווייט דער אינזשיניר האָט געטראָפען אין חשבון; פּענקראָפט אָבער האָט יא חשק געהאט צו איבערצייגען זיך אויב דער צאָהל שטימט, אָבער סיירוס הארדינג האָט איהם ערקלערט, אז אויב ער וועט זאָגאר קענען בעווייזען צו איבערצעהלען דריי הונדערט קערנער אין א מינוט אָדער אכטצעהן טויזענד אין א שטונדע, וועט עס אויך דארפען דויערען ביי א 2375 יאָהר ביז ער וועט האָבען אין גאַנצען איבערגעצעהלט. דער מאַטראָז האָט הערענדיג דיעזען חשבון אויפגעגעבען דיא אידעע פון צעהלען דיא קערנער און ער האָט געמוזט גלויבען דעם אינזשיניר אויף'ן וואָרט.

עס איז געווען פיינעס וועטער. דיא טעמפּעראַטור איז געווען ווארים בייטאָג, אָבער דיא נעכט זיינען געווען קאַלטע. עס זיינען דורך דער צייט געווען אייניגע רעגען־שטורמס, אָבער זיי האָבען ניט לאַנג אָנגעהאַלטען.

דורך דער צייט זיינען דיא עופות אין געפליגעל־הויף פון לינקאָלן אינזעל פיעל פערמעהרט געוואָרען. צו דיא אָנאַגאַס (ווילדע פערדלעך) זיינען אויך צוגעקומען צוויי יונגע, וואָס דיא "זיא" אָנאַגא האָט געבאָרען. דיא עלטערע אָנאַגאַס זיינען שוין געווען אזוי געוואָהנט צו זייער ארט לעבען, אז מען האָט אויף זיי ליכט געקענט רייטען. גידעאָן ספּילעט פלעגט זיך זעהר אָפט דורכפאָהרען רייטענדיג און ער האָט דעם יונגען הערבערט געלערענט צו רייטען. הערבערט איז נאָך אייניגע לעקציאָנען געוואָרען אן אויסגעצייכענטער רייטער.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אויך דורך דער צייט אויסגעפּאָרשט געגענדען אין פאר וועסט. אין יענע געדיכטע וועלדער האָבען זיי אָפט בעגעגענט פערשיעדענע טהיערע, וועלכע זיי האָבען געטויטעט. פון מאַנכע האָבען זיי ארונטערגענומען דיא פעל און דיא גראַניט הויז איז רייכער געוואָרען מיט א צוואַנציג שטיק טהייערע רויכוואַרג.

קאפיטאן הארדינג האָט אויך פיעל מאָל זיך בעטהייליגט אין דיא פאָר־שונגס־שפאצירען, אָבער ניט מיט דעם צוועק צו פאנגען אָדער טויטען טהיערע. ער האָט בעזוכט דיא וועלדער מיט אן אנדער אבזיכט. ער האָט דאָרט עפּעס געוואָלט געפינען, ער האָט עפּעס געוואָלט דערגעהן; אָבער ער האָט ניט ער־פאהרען קיין זאך פון דאָס וואָס ער האָט געוואָלט וויסען. טאפּ און דזשופּ, וועלכע פלעגען שטענדיג מיטגעהן מיט'ן אינזשיניר, האָבען אויך אין דיא וועל־דער קיין זאך ענטדעקט אָדער דערשפּירט. ביים ברונים פלעגט נאָך טאפּ אָפטמאָל בילען און ניט הארדינג און ניט זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען געקענט פערשטעהן וואָס דער הונד שפּירט דאָרט און ווארום ער בילט.

דער רעפּאָרטער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פאָטאָגראפישען אפּאראט וואָס זיי האָבען געפונען אין קאסטען און וועלכער איז נאָך קיינמאָל פון דיא קאָלאָ־ניסטען ניט געברויכט געוואָרען, און ער, דער רעפּאָרטער, מיט'ן יונגען הערבערט האָבען פאָטאָגראפירט איינעגע פלעצער פון לינקאָלן אינזעל. זיי האָבען דאָרט אויך געהאט אלע מאטעריאלען צו פערפערטיגען פאָטאָגראפישע בילדער און זיי האָבען אלעס פינקטליך געמאכט.

אין א קורצע צייט זיינען ספּילעט און זיין העלפער הערבערט געוואָרען גוטע פאָטאָגראפיסטען און זיי האָבען געמאכט אויסגעצייכענטע בילדער פון דיא שעהנסטע פאנאראמאס אויף'ן אינזעל. זיי האָבען אויך געמאכט בילדער פון זיי אליין און זייערע קאמעראדען. זיי האָבען פיעלע בילדער איינגעפאסט אין ראמען און אויפגעהאנגען אין גראניט הויז. ווען דאָס בילד פון דיא קאָלאָניסטען אליין איז אויפגעהאנגען געוואָרען, האָט פענקראָפט מיט פרייד אויסגעשריען: "מיר זיינען שוין צוויי מאָל אזוי פיעל מענשען אויף'ן אינזעל. אונזער בעפעלקע־רונג וואקסט!"

פענקראָפט איז ניט זאט געוואָרען צו קוקען אויף זיין בילד. אזוי וויא א קאָקעטקע ביים שפּיעגעל אזוי פלעגט ער שטעהן און קוקען אויף זיין געשטאלט אויף'ן פּאפּיער און ער האָט גאָר אָנגעקוואָלען.

דאָס בעסטע און ראיעלסטע בילד איז געוועזען פון הערין דזשופּ. דיא אפּע האָט ניט געזוכט צו מאכען א שעהנע מינע און צו אויספּיינען זיך, און איהר בילד איז ארויסגעקומען נאטור טריי, וועהרענד דיא מענשען האָבען שטעהענדיג אנטקעגען אפּאראט פּרובירט מאכען חן'דלעך, אום זיי זאָלען אויף דיא בילדער אויסזעהן שעהנער און דאָס האָט פערדאָרבען זייער ריכטיגען, נאטירליכען אויסזעהן.

אין מאָנאט מערץ האָט זיך דער זומער געענדיגט. דיעזער מאָנאט אויף לינקאָלן אינזעל איז אזוי וויא דער מאָנאט סעפּטעמבער אין נאָרדליכען לא־טיטוד. עס האָט זיך אָנגעפאנגען דער רעגען סעזאָן און דיא בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל האָבען ערוואַרטעט א פריהיגען און שטרענגען ווינטער.

דעם 21טען מערץ אין דער פריה האָט הערבערט ארויסגעקוקט פון א פענ־סטער אין דרויסען און ער האָט געזעהן אז דיא ערד איז דורכאוים ווייס.

— וואָס מאכט איהר, אָנקעל שנעע ? — האָט ער מיט איבערראשונג אויסגעשריען.

— שנעע אין דיעזער צייט ? — האָט דער רעפּאָרטער פערוואונדערט גע־פרעגט.

— יא, שנעע, הערר ספּילעט — האָט הערבערט געענטפערט.

אַלע קאָלאָניסטען זיינען צוגעגאנגען צום פענסטער און זיי האָבען זיך איבערצייגט, אז דיא ערד איז בעדעקט מיט א ווייסע מאסע.

— דאָס איז ווירקליך שנעע — האָט פענקראָפט בעשטעטיגט.

— אָדער עפּעס א זאַך וואָס איז גלייך צו שנעע — האָט זיך נעב אָבגע־רופען.

— אָבער עס איז דאָך אזוי ווארים — האָט ספּילעט געזאָגט — וויא קען זם זיין אז אין אזא ווארימען וועטער זאָל שנעע פאלען ?

סיירוס הארדינג האָט אויך א קוק געטהאָן דורך'ן פענסטער, אָבער ער אָט גאָר ניט געזאָגט, ווייל ער האָט ניט געהאט וואָס צו זאָגען. שנעע איז שנעע !

— אום גאָטעס ווילען — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — אונזערע פלאנ־יונגען וועלען דאָך פערפראָרען ווערען !

— קענט איהר דערזעהן עפּעס העלפען ? — האָט הערבערט געפרעגט.

פענקראָפט האָט ניט געענטפערט. ער איז צוגעלאָפען צום הויב־מאשין און זיך געוואָלט ארונטערלאָזען, אָבער דזשופּ האָט איהם פערכאפּט און ער האָט זיך פריהער ארונטערגעלאָזט.

וויא נור דער אָראנג־אוטאנג האָט געשטעלט זיינע פיס אויפ'ן באָדען, האָט זיך דיא ווייסע מאסע אויפגעהויבען אין דער לופט און דיא ליכטיגקייט פון דער ונן איז פערשטעלט געוואָרען אויף א היבשע ווייל.

— פויגלען ! פויגלען ! — האָט הערבערט אויסגעשריען — א לעבעדיגער נעע, וואָס פליהט אוועק !

דאָס זיינען אין דיא ריכטיגקייט געווען ים פויגלען מיט ווייסע פעדערען. י האָבען זיך אהין פערקליבען אין דיא טויזענדער און האָבען דיא קאָלאָניסטען בגענארט. קיינער פון דיא פינף פּערזאָן האָט זאָגאר צייט געהאט צו בעקוקען יא דאָזיגע ווייסע־חברה'ניקעס און מען האָט ניט געקענט וויסען צו וואָס פאר מין זיי בעלאַנגען.

מיט איינינע טעג שפּעטער, דעם 26טען מערץ איז געוואָרען פונקט צוויי הר זייט דיא קאָלאָניסטען זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויפ'ן אינזעל לינקאָלן.

## 19טעם קאפיטעל.

עראינערונגען פון דער היים. — א גליקליכע אויסזיכט. — א רייזע ארום לינקאָלן אינזעל. — פראַכטפאָלע נאַטור־געביידען. — מורא פאר א שטורם. — א געהיימניספאָלער פייער.

---

שוין צוויי יאָהר! און פאר דיא גאנצע צוויי יאָהר האָבען דיא פינף פערוואָרפענע ניט געהאט קיין פערבינדונג מיט זייערע מיטמענשען פון דער גרויסער און ברייטער וועלט! זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס אויף דער ציוויליזירטער וועלט טהוט זיך און דיא ציוויליזירטע וועלט האָט פון זיי ניט געוואוסט!

וואָס געהט ערשט פאָר אין זייער לאנד? וואָס פאר א נייעס הערט זיך דאָרט? וויא לעבען דאָרט זייערע אייגענע, אָדער איז שוין ווער פון זיי טויט? דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען זעהר געוואָלט וויסען, אָבער וויא אזוי? זייער לאנד, זייער ליעבע אמעריקא איז זיי שטענדיג געווען פאר דיא אויגען. זיי האָבען שטענדיג אין זינען געהאט דיא בירגער קריעג, וואָס האָט געפלאקערט אין יענער צייט, ווען זיי האָבען פערלאָזען ריטשמאָנד און זיי זיינען זעהר גערן געווען צו וויסען וואָס עס איז געוואָרען דיא ענדע פון דער בלוטיגער מלחמה. זיי פלעגען אָפט רעדען וועגען דעם; אָבער פון זייערע אייגענע געשפרעכען האָבען זיי קיין זאך ניט געקענט ערפאָהרען. דורך דיא צוויי יאָהר האָבען זיי קיין שיף זאָגאר פון דערווייטענס ניט געזעהן. עס איז געווען וואהרשיינליך אז דער לינקאָלן אינזעל ליגט אין אזא געגענד וואו קיין מענשען קומען ניט, היינט וויא אזוי האָבען זיי געקענט האָפען צו קומען ווען עס איז אהיים, אין דער לאנד נאָך וועלכע זיי האָבען אזוי געבענקט?

אָבער איין וועג איז נאָך געווען וואָס וואָלט געקענט פיהרען צו זייער בעפרייאונג פון דעם איינזאמען אינזעל און וועגען דעם האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאט א געשפרעך אין עס־שטוב פון גראניט הויז, אין דער ערשטער וואָך פון מאָנאט אפריל.

עס איז דאמאָלס געקומען צו רייד וועגען זייער געבורטס־לאנד, וועגען זייער בעליעבטע אמעריקא, וועלכע זיי וועלען שוין פילייכט קיינמאָל ניט זעהן, און גידעאָן ספּילעט האָט זיך אָבגערופען:

— שליסליך איז פאראן נור איין וועג, איין מיטעל וויא אזוי בעפרייט צו ווערען פון לינקאָלן אינזעל, און דאָס איז, מיר זאָלען בויען א גרויסע שיף, אזעלכע אין, וועלכע מען זאָל זיכער קענען אונטערנעהמען א רייזע פון עטליכע הונדערט מייל אויף׳ן ים. איך דענק, אז וויבאלד פענקראָפט האָט געקענט אויס־

בויען א שיפעל אין וועלכע מיר זיינען געפאָהרען הונדערט פופציג מייל צום אינזעל טייבאָר, היינט פאר וואָס זאָל מען ניט קענען בויען א גרויסע שיף אין וועלכע מיר זאָלען קענען אונטערנעהמען א ווייטערע רייזע?

— ווארום טאקי ניט? — האָט הערבערט געזאָגט — ווארום זאָלען מיר טאקי ניט קענען מאכען א שיף מיט וועלכע מיר זאָלען קענען קומען צו דיא פאָמאטאָוס אינזלען אזוי לייכט וויא מיר זיינען געקומען צום אינזעל טייבאָר?

— איך זאָג ניט, אז ניין — האָט זיך פענקראָפט אָבגערופען — איך זאָג ניט "ניין", אָבוואָהל עס איז ניט דאָסזעלבע צו מאכען א לאנגע רייזע אזוי וויא א קורצע. ווען אונזער שיף זאָל געווען פערכאפט ווערען פון א גרויסען שטורם, ווערהרענד מיר זיינען געווען אויף'ן וועג נאָך'ן אינזעל טייבאָר אָדער צוריקוועגס, האָבען מיר דאָך געוואוסט אז מיר זיינען ניט זעהר ווייט פון לאנד און מיר וואָלטען זיך געקענט רעטען; אָבער צוועלף הונדערט מייל איז א גרויסע שטיק וועג און אזא רייזע איז פיעל מעהר ריזיקאליש.

— וואָלט איהר ניט אונטערגענומען אזא רייזע, הערר פענקראָפט? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— איך וואָלט אלעס פּרובירט — האָט פענקראָפט געענטפערט — איהר ווייסט דאָך, הערר ספּילעט, אז איך בין א מענש וואָס זאָג זיך ניט אָב פון קיין זאך און שרעק זיך ניט אָב פאר קיין זאך.

— פערגעסט ניט נאָך א זאך — האָט נעב בעמערקט — פערגעסט ניט, אז מיר האָבען ערשט צווישען אונז נאָך א מאטראָז, וועלכער קען אונז פיעל העלפען.

— ווער איז דאָס? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— איירטאָן! — האָט נעב געענטפערט.

— דאָס איז אמת — האָט פענקראָפט צוגעגעבען — אָבער איך ווייס ניט אויב ער וועט וועלען מיטפאָהרען מיט אונז.

— אונזין! — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען — דענקט איהר, אז ווען לאָרד גלענארוואן'ס יאכט־שיף וואָלט געקומען צום אינזעל טייבאָר און וואָלט וועלען צונעהמען איירטאָן'ען וואָלט ער זיך ענטזאגט? דענקט איהר אז ער וואָלט בעסער געוואָלט פערבלייבען אויף'ן איינזאמען, וויסטען אינזעל?

— אָבער דאָס איז ניט דיא פראגע — האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען — מיר דארפען ניט קלערען וואָס איירטאָן וואָלט געטהאָן, ווען לאָרד גלענארוואן וואָלט איהם געקומען אָבנעהמען פון אינזעל. איך דענק אָבער, אז מיר האָבען גוטע אויסזיכטען צו בעפרייט ווערען פון דאנען אָהן אונזערע אן אייגענע שיף. לאָרד גלענארוואן האָט דאָך דעם פערשטויסענעם איירטאָן פערשפּראָכען, אז ער וועט איהם קומען אָבנעהמען, ווען ער וועט פערשטעהן אז ער, איירטאָן, איז שוין פאר זיינע זינד אָבגעקומען. איך גלויב אז דער לאָרד וועט האלטען

וואָרט און ער וועט פריהער אָדער שפּעטער קומען, און דאַן וועט ער אונז אויך מיטנעהמען אויף זיין שיף.

— געטראָפען! — האָט דער רעפּאָרטער בעשטעטיגט — און איך וועל נאָך צוגעבען, אַז דער לאָרד וועט אין גיכען קומען. פערגעסט ניט, אַז עס זיינען שוין פּאַראיבער צוועלף יאָהר זייט אייַרטאָן איז איבערגעלאָזען געוואָרען אויף'ן אינזעל.

— יאָ — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — איך שטים איין מיט אייך אַז דער לאָרד וועט אין גיכען קומען צו בעפרייען זיין געפאַנגענעם, אָבער ער וועט דאָך קומען אויף'ן אינזעל טייבאָר און ניט אויף לינקאָלן אינזעל!

— דאָס איז גאַנץ זיכער, נאָך מעהר וויא זיכער — האָט הערבערט צוגעגעבען — עס איז דאָך אונמעגליך אַז ער זאָל אהער קומען, ווייל אונזער אינזעל איז דאָך גאָר ניט געצייכענט אויף'ן מאַפּ.

— דארום, מיינע פריינדע — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — איז העכסט נויטיג פאַר אונז, אַז מיר זאָלען אויף'ן אינזעל טייבאָר איבערלאָזען אירגענד וועלכען צייכען אָדער בעווייזע, אַז מיר און אייַרטאָן געפינען זיך דאָ אויף'ן אינזעל לינקאָלן.

— געוויס—האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט—און עס קען בעסער ניט זיין וויא איבערלאָזען דאָרט אין ביידעל, וואו קאַפּיטאַן גראַנט און אייַרטאָן האָבען געוואָהנט, אַ שריפט וואו מיר זיינען און אין וועלכען פּונקט אונזער אינזעל ליגט.

— שאַדע — האָט דער מאַטראָז בעמערקט — וואָס מיר האָבען דאָס ניט געטהאָן ווען מיר זיינען געווען אויף יענעם אינזעל. דאָס וואָלט אונז געשפּאָרט אַן אנדער רייזע אהין.

— וויא אַזוי האָט אונז געקענט איינפאַלען צו איבערלאָזען דאָרט אַ שריפט?

— האָט הערבערט געפרעגט — מיר האָבען דאָך דאַמאָלס ניט געוואוסט אייַרטאָן'ס געשיכטע, אַז יעמאַנד האָט איהם גאָר פערשפּראָכען צו קומען אָבנעהמען איהם?

— צו וואָס רעדען פּוסטע רייד? — האָט האַרדינג געפרעגט — דיא זאַך איז ניט געטהאָן געוואָרען און זיא מוז געטהאָן ווערען קומענדען פריהלינג. ווינטער צייט איז דאָך אונמעגליך צו אונטערנעהמען אַ רייזע אהין.

— און טאָמער וועט דיא שאָטלענדישע יאַכט אהין קומען פריהער? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.

— דאָס קען ניט זיין — האָט האַרדינג געענטפערט — לאָרד גלענאַרוואַן וועט ניט אונטערנעהמען צו מאַכען אַ רייזע אין דיעזע וואַסערען אום ווינטער. עס איז איינס פון דיא ביידע: ענטוועדער ער איז שוין געווען אויף'ן טייבאָר אינזעל אין דער צייט וואָס אייַרטאָן איז ביי אונז און ער האָט זיך צוריק-

געקעהרט אהיים, אָדער ער וועט קומען שפּעטער אין דיא שעהנע וועטערען, און דאן וועט ער דאָרט געפינען אונזער נאָטיץ.

— אויב דיא "דאָנקאָן" איז שוין געוועזען אויף יענעם אינזעל און איז צוריק אוועקגעפאָהרען — האָט נעב געזאָגט — איז עס זעהר צום בעדויערען.

— איך האָף, אז עס איז ניט אזוי — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — איך האָף אז דער לאָרד איז נאָך דאָרט ניט געוועזען און אז עס איז בעשערט פון הימעל ער זאָל קומען און אונז אויך בעפרייען. יעדענפאַלס, מיינע פריינדע, מוזען מיר ווארטען אויף דיעזע געלעגענהייט, און אויב מיר ווילען דיעזע גע־לעגענהייט ניט האָבען, ווילען מיר דאן טראַכטען וואָס צו טהאָן.

נאָך דיעזען בעשלוס האָבען דיא קאָלאָניסטען שוין אויפגעהערט צו רעדען וועגען בויען א שיף, אין וועלכע מען זאָל קענען אונטערנעהמען א ווייטע רייזע. עס איז ביי זיי פערבליבען צו ווארטען ביז פריהלינג און דערווייל האָבען זיי זיך אלע גענומען צו זייערע געוועהנליכע ארבייט אום זיך צו צוגרייטען צו ווינ־טערען א דריטען מאָל אין גראניט הויז.

דיא קאָלאָניסטען האָבען נאכהער געפאַסט א בעשלוס, אז איידער דיא שלעכטע און שטורמדיגע וועטערען וועלען אָנקומען זאָלען זיי מאכען א רייזע אין דער "באָנעדווענטשור" ארום דעם לינקאָלן אינזעל. זיי זיינען נאָך דעם גאנ־צען אינזעל ניט ארומגעפאָהרען און זיי האָבען ערשט געוואָלט ארומרינגלען איהם דורכאויס און פינקטליך אויספאָרשען זיינע אלע ברעגען.

דער פּלאַן ארומצופאָהרען דעם אינזעל איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון פענקראָפט און סיירוס הארדינג האָט צוגעגעבען אז דאָס איז א גלייכע זאַך. ער אליין האָט אויך וועגען דעם געדענקט, אָבער דער מאטראָז האָט דעם פּראָ־יעקט פריהער ארויסגעגעבען. דיא ערשטע העלפט פון מאָנאט אפּריל זיינען גע־ווען ווינטען און מען האָט דיא רייזע ארום אינזעל ניט געקענט אָנפאנגען. נאכ־הער איז דער וועטער געוואָרען גינסטיג און עס איז בעשטימט געוואָרען אז דעם 16טען אין מאָנאט זאָלען זיי אָבפאָהרען. זיי האָבען צוגעגרייט דיא שיף און מיט־גענומען שפּייז אויף א לענגערע צייט, פיליכט וועלען זיי זיך דארפען פערזאמען אין וועג.

קאפּיטאן הארדינג האָט איירטאָן'ען געזאָגט וועגען דער עקספּעדיציאָן וואָס זיי געהן מאכען און ער האָט איהם אָנגעבאָטען ער זאָל אויך מיט זיי מיטפאָהרען, אָבער איירטאָן האָט בעסער געוואָלט פערבלייבען אליין. דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם געהייסען זיין אין גראניט הויז אין קאָמפּאניע פון דעם פיער־הענדיגען דזשופּ, ווענינגסטענס ביז זיי וועלען צוריק קומען פון זייער רייזע.

אין דעם פריהמאָרגען פון 16טען אפּריל זיינען דיא קאָלאָניסטען אוועק צו פּאָרט באַלון, וואו זייער שיף איז געשטאנען, און זיי האָבען אָבגערייזט. דער הונד טאפּ איז מיט זיי אויך געוועזען.

זעקס שטונדען צייט איז זיי אויסגעקומען צו פאָהרען אנטקעגען שטראָם און דיא ״באָנעדוועלטשור״ איז דארום געשוואומען לאנגזאם. אָנפאנגס אבענד איז דיא שיף געקומען צו דיא בערג אין זידליכען זייט פון אינזעל, וואו דיא קאָלאָניסטען זיינען נאָך פריהער ניט געווען.

פענקראָפט וועלכער האָט געטריבען דיא שיף האָט געוואָלט פאָהרען וויי־טער און פאָרטזעצען דיא רייזע ביי נאכט אויך. אָבער דער אינזשיניר האָט מיט איהם ניט איינגעשטימט און ער האָט געהייסען צופאָהרען נאָהענט צום ברעג, אנקערען דיא שיף און דאָרט איבערנעכטיגען, אום זיי זאָלען אויף מאָרגען קענען גענוי אויספאָרשען יענעם ברעג.

דעם אינזשיניר׳ס ווילען איז געשעהען. דיא קאָלאָניסטען האָבען גענעכ־טיגט אויף זייער שיף הינטער א בארג. זיי זיינען געשמאק געשלאָפען פונקט אזוי וויא אין זייער היים אין גראניט הויז. גאנץ פריה האָט פענקראָפט ארויפ־געצויגען דיא זעגלען און דיא שיף איז געפאָהרען לאנגזאם ביים ברעג, אום דיא רייזענדע זאָלען האָבען דיא מעגליכקייט צו בעקוקען און בעאָבאכטען אלעס. איינינע מאָל האָבען זיי דיא שיף אָבגעשטעלט און גידעאָן ספילעט האָט פאָ־טאָגראפירט דיא בערג און בוימער פון ברעג.

ארום האלבען טאָג איז דיא ״באָנעדוועלטשור״ אָנגעקומען צום מויל פון פאָלס ריווער. יענער ברעג פון לינקאָלן אינזעל איז געווען פראכטפאָל שעהן. דאָרט זיינען געשטאנען וואונדערבארע שטיינער־זיילען און דיא פעלזען האָט דאָרט דיא נאטור בעשאפען אין פערשיעדענע פראכטפאָלע און וואונדערשעהנע פאָרמען. מאנכע פעלזען האָבען געבילדעט האלב רונדע געוועלבען, מאנכע האָ־בען אויסגעזעהן אזוי וויא בריקען, מאנכע אזוי וויא טהורמס, מאנכע זיינען געווען אין דער פאָרמע פון פיראמידען און מאנכע האָבען געבילדעט גאנצע פאַלאסטען. אזא שעהנע ארכיטעקטור האָבען דיא קאָלאָניסטען ערגיץ פריהער ניט געזעהען און זייער פאנטאזיע האָט עס זיי ניט געקענט פאָרשטעלען. ווען דער ים וואָלט זיי געווען אָנפאנגס ארויסגעוואָרפען אויף יענעם ברעג, וואָלטען זיי זיכער געמיינט אז זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען אין פאראדיז (גן עדן).

דיא קאָלאָניסטען האָבען שוין אמאָל זייער אינזעל גענוי בעטראכט ארום און ארום פון דעם שפּיץ פון בארג פרענקלין; אָבער דיעזע שעהנהייטען פון דער נאטור האָבען זיי פון דאָרט ניט געקענט זעהן און זיי האָבען גאָר ניט גע־וואוסט פון דעם טהייערען געשאנק וואָס דיא נאטור האָט זייער אינזעל גע־שאָנקען. עפּעס אזוי וויא דיא גאנצע שעהנהייט וואָס דיא נאטור האָט פערמאָגט האָט זיא אוועקגעגעבען יענעם אינזעל. דיא אויגען פון דיא פינף פערזאָן זיינען ניט זאט געוואָרען קוקענדיג אויף דעם גן עדן אויף דיעזער וועלט, און וואָס מעהר זיי האָבען געקוקט, אלץ מעהר וואונדער האָבען זיי דאָרט געזעהן. דיא פון נאטור

געשאַפענע זעלטענהייטען האָבען זיך געצויגען אויף אומגעפעהר אכט אָדער נײַן מייל.

סײַרוס האַרדינג און זײַנע קאַמפּאַניאָנען זײַנען געזעסען שטיל און אַ וואָרט ניט גערעדט. זיי זײַנען געוועזען אַזוי איבערראַשט, אַז זיי האָבען זיך גאָר פערגעסען וואו זיי זײַנען און אַז זיי האָבען גאָר קאַמפּאַניאָנען נעבען זיך. אָבער טאָפּ האָט זיי אייניגע מאָל צושטערט זייערע געדאַנקען מיט זײַן בילען. עפּעס האָט דער הונד דאָרט געשפּירט, עפּעס האָט דאָרט דיא קלוגע חיה געפיהלט, אָבער קיינער האָט ניט געקענט וויסען וואָס. סײַרוס האַרדינג האָט בעמערקט, אַז טאָפּ׳ס בילען דאָרט איז עהנליך צו זײַן בילען אַפּטמאָל ביים ברונים אין גראַניט הויז.

— לאָמיר צופאָהרען צום סאַמע ברעג — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — לאָמיר דאָ לאַנדען.

דיא "באָנעדוועטשור" איז צוגעפאָהרען אַזוי נאָהענט וויא מעגליך צום ברעג. האַרדינג האָט זיך גוט ארומגעקוקט, פיליכט וועט ער דאָרט דערזעהן אַ הייהל, אַ גרוב אָדער אַ בעזאָנדערען געגענשטאַנד וואָס איז נויטיג אויסצופאָרשען; אָבער ער האָט ערגיץ ניט געזעהן קיין הייהל, קיין גרוב, קיין שפּאַלט, ניט אין דער ערד און ניט אין דיא פעלזען. דער אינזשיניר האָט געדענקט, אַז טאָפּ שפּירט ערגיץ אַ טהיער וואָס איז בעהאַלטען אין אַ הייהל אָדער אין אַ לאָך און דעריבער בילט ער; ווען אָבער ער האָט ניט געפונען קיין שפּור צו קיין לעבעדיגע בעשעפענים, איז דעם הונד׳ס בילען איהם פאָרגעקומען זעהר רעטזעלהאַפט.

דיא "באָנעדוועטשור" איז געפאָהרען ווייטער ביי דיא אַנדערע זייטען פון אינזעל. דיא קאָלאָניסטען האָבען שוין מעהר אַזאַ פּראַכטפאָלען ברעג וויא דאָרט ביים זידליכען זייט ניט געטראָפען. דיא קומענדע נאַכט האָבען זיי ווידער דיא שיף געאַנקערט ביי אַ ברעג און דיא רייזענדע זײַנען געשלאָפען אויף׳ן שיף. אויף מאָרגען זײַנען ספּילעט און הערבערט ארויס אויף יאגד. זיי האָבען אויך מיטגענומען דעם הונד און זיי זײַנען שפּעטער צוריק געקומען מיט אַ היבשע צאָהל ווילדע ענטען און אַנדערע פויגלען וואָס זיי האָבען געשאָסען. ווען זיי זײַנען אָבגעפאָהרען, האָט פּענקראָפט געזאָגט:

— איך וועל גאָר ניט איבערראַשט זײַן אויב אַ שטורם וועט קומען פון דיא וועסט. נעכטען איז דיא זונן פערגאַנגען אין זעהר אַ רויטען האָריזאָנט און היינט טרייבען זיך ארום ווייסע שטיקלעך וואָלקען. איהר זעהט וויא דיא שטיקלעך וואָלקען פליהען אום אַזוי וויא שטיקער בוימוואָל און אַזוי ניעדעריג פון דער ערד? דאָס איז אַ צייכען אַז עס וועט ווערען אַן ענדערונג אין וועטער און טאַקי גאַנץ גיך.

— נו — האָט האַרדינג געזאָגט — לאָמיר טרייבען דיא שיף וואָס שנעלער,

אום מיר זאָלען קענען קומען צו א פּלאַץ וואו אונזער שיף זאָל זיין זיכער פון געפאהר. לאָמיר צופאָהרען צו שארק גאָלף. איך דענק, אז דאָרט וועט דיא "באָ־נעדוועגטשור" זיין פאָלשטענדיג זיכער.

— זעהר וואויל — האָט פענקראָפט געענטפערט — אויסערדעם איז אין דיעזע געגענד ניטאָ וואָס צו זעהן, בלויז זאמד און זאמד און זאמד, און מיר װעלען גאָר ניט פערלירען, אויב מיר װעלען פערפעהלען צו בעאָבאכטען דיעזען ברעג. לאָמיר טאקי פאָהרען וואָס שנעלער, ווייל דער מיאוס'ער וועטער קען באלד אָנקומען.

— פאָרלויפיג — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — האָבען מיר א גוטען ווינד, גינסטיג צו אונזער רייזע.

— יא, א פיינער ווינד — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אָבער מיר מוזען זיך צואיילען צו קומען שנעלער אין גאָלף (מעער־בוזים) איידער עס וועט ווערען פינסטער, ווייל אין אן אונבעקאנטע געגענד און אין א שמאָלען וועג מוז מען זעהן וויא צו פאָהרען און אכטונג געבען, אז דיא שיף זאָל זיך ניט אָנשטויסען אָן א פעלז.

— פענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — מיר פערלאָזען זיך אויף אייך. טהוט וויא איהר פערשטעהט.

— האָט נור קיין פורכט —האָט פענקראָפט געענטפערט — איך וועל שוין זעהן אז אונזער שיף זאָל קיין בייזעס געשעהן. איך וועל גיכער ערלויבען מען זאָל דורכשטעכען א מעסער דורך מיינע ריפּען איידער א שארפער פעלז זאָל לעכערען מיין "באָנעדוועגטשור" ! וויא שפּעט איז, קאפּיטאן ?

— צעהן אוהר — האָט הארדינג געענטפערט.

— און וויא וויט האָבען מיר צום גאָלף ?

— אומגעפעהר פופצעהן מייל.

— דאָס איז אומגעפעהר צוויי און א האלב שטונדע רייזע—האָט דער מאט־ראָז אויסגערעכענט — וועלען מיר אהין אָנקומען צווישען צוועלף און איינס, פּונקט אין דער צייט פון עבבע (וואסער־אָבפאל). מיר וועלען אלזאָ ניט קענען אריינפאָהרען אין גאָלף און מיר וועלען דארפען ווארטען ביז עס וועט אָנקומען ז'ער פלוטה (וואסער־שטייגונג) ארום זיעבען אוהר אין אבענד. איז אויב עס וועט נאָך זיין ליכטיג וועלען מיר קענען אריינפאָהרען ; טאָמער אָבער וועט שוין זיין פינסטער, וועלען מיר מוזען בלייבען שטעהן אין מעער ביז מאָרגען פריה.

— און טאָמער קומט אָן דער שטורם ? — האָט נעב געפרעגט.

— וועט טאקי זיין שלעכט — האָט פענקראָפט געענטפערט.

— לאָמיר פיליייכט צופאָהרען אזוי צו א ברעג — האָט דער אינזשיניר גע־פרעגט — און דאָרט ווארטען ביז דער שטורם וועט פאָראיבער ?

— זאָל גאָט היטען ! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — איך וועל ניט

לאָזען מיין "באַנעדווענטשור" אין געפאהר. ווייסט איהר ניט, אז א שיף איז ביי אן אָפענעם ברעג אין צייט פון א שטורם אין גרויס געפאהר?

— דאן טהוט וויא איהר דענקט אז עס איז אם בעסטען — האָט דער אינ־זשיניר געענטפערט.

— אך! — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווען מיר האָבען א לייכט־טהורם אירגענד וואו ביים ברעג, וואָלט עס געמאכט אונזער רייזע מעהר זיכער. מיר וואָלטען זאָגאר אין דיא גרעסטע פינסטערנים פון דער נאכט געוואוסט וואו מיר זיינען און וואוהין מיר דארפען זיך קעהרען.

— יא — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — מיר דארפען דאנקען אונזער קאפיטאן וואָס ער האָט אָנגעצונדען א פייער דאמאָלס, ווען מיר זיינען גע־ווען אויף'ן וועג פון אינזעל טייבאָר; ווען הערר הארדינג וואָלט דאָס ניט גע־טהאָן, וואָלט אונזער שיף מיט אונז, דריי קאמעראדען פיליי כט פערלאָרען געגאנגען.

— אך, הערר סיירוס — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — מיר האָבען אייך נאָך טאקי ניט בעדאנקט פאר דעם פייער וואָס איהר האָט יענע נאכט פון 19טען אָקטאָבער אויפגעלעגט אויף פּראָספּעקט האיטס; ווען ניט דער פייער וואָס האָט אונז געצייגט דעם וועג, וואָלטען מיר פיליי כט דערטרונקען געוואָרען אָדער דער ים וואָלט אונז פערטראָגען ערגיץ וואו אויף אן אנדער אינזעל.

— א פייער? — האָט הארדינג פערוואונדערט געפרעגט.

— יא, קאפּיטאן — האָט פענקראָפט געענטפערט — איהר האָט זיך פערגעסען וויא איהר האָט אונז געגעבען א פייערדיגען סיגנאל דאמאָלס ווען מיר זיינען געפאָהרען צוריק פון אינזעל טייבאָר?

— אָה, יא, איך האָב זיך דערמאָהנט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — דאָס איז טאקי געוועז א גוטע אידעע.

— היינט אָבער — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווייס איך ניט וואָס עס וועט זיין, סיידען איירטאָן וועט פאלען אויף אזא שכל און ער וועט סיגנאלירען מיט פייער. ווען ניט ער, איז דאָך קיין אנדערער ניטאָ וואָס זאָל דאָס טהאָן.

אין איינינע מינוטען ארום ווען דער אינזשיניר איז פערבליבען אליין בלויז מיט'ן רעפּאָרטער, האָט ער זיך איינגעבויגען און געזאָגט אין דער שטיל:

— ספּילעט, אויב עס איז פאראן זיכערהייט אויף דער וועלט, איז דאָס זיכערסטע, אז איך האָב קיין פייער ניט אָנגעצונדען אין דער נאכט פון 19טען אָקטאָבער, ניט אויף פּראָספּעקט האיטס און ניט אויף קיין אנדער טהייל פון אינזעל!

## 20טעם קאפּיטעל.

א נאכט אויף'ן ים. — שארק גאָלף. — א צעטעל פון געהיימניספאָלע געשעהעניסען. — אַ וויכטיגער בעשלוס. — דער ווינטער סעזאָן. — דאָס פאָטאָגראַפישעם בילד. — אַ שיף אויף'ן ים.

---

און דאָס וואָס פּענקראָפט האָט פאָראויס געזאָגט איז געשעהן. א שטארקער ווינד האָט זיך אויפגעהויבען און דער שטילער ווינד וואָס האָט פריהער געבלאָזען איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א שטורם. ווען דיא "באָנעדווענטשור" האָט דערגרייכט דעם גאָלף, האָט זיא אהין ניט געקענט אריינפאָהרען צוליעב דעם וואסער־אָבפאל און זיא האָט געמוזט פערבלייבען אין אָפענעם מעער. פאָהרען ווייטער האָט פּענקראָפט מורא געהאט איינשטעלען און דיא שיף מיט דיא פּאסאזשירען איז פערבליבען ווארטען ביז עס וועט אָנקומען דער פלוטה און דאן וועלען זיי קענען אריינפאָהרען אין גאָלף, וואו דיא שיף וועט זיין געשיצט און זיכער.

אָבוואָהל דער שטורם איז געווען גרויס, דאָך האָט גליקליכערווייזע ניט געהאלטען דערביי, אז דיא "באָנעדווענטשור" זאָל זינקען. דאָס נעהענטסטע לאנד האָט דעם ווינד פערשטעלט דעם וועג און זיין קראפט איז שוואכער געוואָרען. דיא כוואליעס האָבען פון דעסטוועגען געוואָרפען הויך און געשווינקט דעם דעק פון שיף. פּענקראָפט האָט וויא אן ערפאהרענער מאטראָז זיך פאָרבערייטעט צו אלעס, זאָגאר צו דאָס ערגסטע. דערווייל איז נאכט געוואָרען. עס איז געווען שטאָק פינסטער און מען האָט שוין אין גאָלף ניט געקענט אריינפאָהרען, זאָגאר ווען דער פלוטה איז אָנגעקומען, אויס מורא, אז דיא שיף זאָל זיך ניט אָנשטויסען אָן א פעלז. דיא רייזענדע האָבען אנדערש ניט געקענט מאכען און האָבען געמוזט פערבלייבען נעכטיגען ביים מויל פון גאָלף.

דורך דער נאכט האָט גידעאָן ספּילעט קיין געלעגענהייט געהאט צו רעדען מיט קאפּיטאן הארדינג. דער רעפּאָרטער האָט זיך געוואָלט דורכרעדען מיט'ן קאפּיטאן וועגען דיא געהיימניסע אין וועלכע זייער אינזעל איז איינגעוויקעלט. ער האָט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם סוד וואָס הארדינג האָט איהם ענטדעקט, אז ער וויים ניט פון קיין פייער־סיגנאל וואָס איז געגעבען געוואָרען פון זייער אינזעל אין דער נאכט ווען פּענקראָפט, ספּילעט און הערבערט זיינען צוריק געפאָהרען פון אינזעל טייבאָר; ער האָט וועגען דעם פיעל געדענקט, אָבער עס איז פערבליבען א זאָנדערבארע רעטעניס! וויא אזוי האָט דיא זאך געקענט ערקלערט ווערען? קיין אירטהום איז אין דעם ניט געווען. עס איז געווען קלאָהר וויא דער טאָג, אז ניט נור ער אליין, זאָנדערן אויך פּענקראָפט און הערבערט

האָבען דעם פייער דייטליך געזעהן! נאָך דעם בליאסק פון דעם פייער האָבען זיי דיא שיף געטריבען און זיי האָבען דערגרייכט דעם לינקאָלן אינזעל, חיינט ווער האָט דאָך דעם פייער אָנגעצונדען, אויב ניט סיירוס הארדינג?

ספּילעט האָט ביי זיך בעשלאָסען, אז באלד וויא זיי וועלען ענדיגען זייער פאָרשונגס רייזע ארום אינזעל, וועט ער דיעזע פראגע אויפהויבען און ער וועט בעוועגען סיירוס הארדינג, אז ער זאָל מאכען דיא שטרענגסטע אונטערזוכונגען און דיעזע געהיימניס מוז ענטדעקט ווערען. פיליי כט אז מען וועט דערגעהן פון וואנען יענער פייער איז געקומען, וועט מען שוין דערגעהן אלע זאָנדערבארקייטען און געהיימניסע פון לינקאָלן אינזעל.

פאָרלויפיג אָבער האָט ספּילעט געוואונשען, אז א פייער זאָל דיעזע נאכט אָנגעצונדען ווערען ארום שארק גאָלף, אום זיי זאָלען זעהן וויא אזוי אריינצופאָהרען אין איהם, אָבער קיין פייער, קיין פונק איז ניט געזעהן געוואָרען.

דיא נאכט איז פאָראיבער אין א היבשע ביסעל שרעק. ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען איז דער ווינד געוואָרען אביסעל שוואכער. ווען עס איז ליכטינגער געוואָרען האָט פענקראָפט אריינגעפיהרט דיא שיף אין שמאָלען וואסער מיט גרוים פאָרזיכטיגקייט.

גאָלף, איז שוין אמאָל ערקלערט געוואָרען, איז א מעער־בוזים, אָדער וויא מען וואָלט עס געקענט רופען "א מעער־צונג" (לשון הים, אין העברעאיש), דאָס הייסט, א לאנגע שטיקעל ים וואָס ציהט זיך אריין אין לאנד. דיעזען גאָלף, וואו דיא "באָנעדוועטשור" איז אריינגעפאָהרען, האָבען דיא קאָלאָניסטען גערופען "שארק גאָלף", ווייל ער איז בעשטאנען פון צוויי שטראָמען אָדער קאנאלען און האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דער אָפענער מויל פון א שארק (האי־פיש). דיא זייטען אָדער דיא ווענד פון שארק גאָלף זיינען געוועזען פון שטיינער און אונגעהייער גרויסע און הויכע פעלזען.

— איהר ווייסט, פריינדע — האָט פענקראָפט געזאָגט — איך דענק אז דאָ וואָלט געווען א גוטער פאָרט (האפען) פאר א פלאָטע. איך מיין, אז קריעגס־שיפען וואָלטען דאָ געהאט זעהר א גוטען און זיכערען בעשטאנד.

— איך דענק אויך אזוי — האָט הארדינג בעשטעטיגט — איך גלויב, אז אין גרעסטען און שטארקסטען שטורם איז דאָס וואסער דאָ גאנץ רוהיג אזוי וויא אין א לייק (אָזיערא).

— קיין צווייפעל — האָט דער מאטראָז זיך אָבגערופען — דאָ איז דאָך ארום און ארום פערשטעלט. איך מיין, אז אונזער "באָנעדוועטשור" וואָלט דאָ געקענט שטעהן א גאנץ יאָהר און מען וואָלט איהר אפילו ניט געדארפט אנקערן.

— עס איז אָבער א צו גרויסער האפען פאר אונזער קליין שיפעל — האָט דער רעפּאָרטער בעמערקט.

— איך גיב דאָס צו — האָט דער מאטראָז געענטפערט — איך וויים אליין אויך אז פאר דער "באַנעדוועגטשור" איז אזא האפען צו גרויס, אָבער ווען דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זאָל וועלען האָבען א האפען פאר איהר פלאָטע אין פאסיפיק (שטילען ים), וואָלט מען ניט געדארפט קיין בע־סערען פּלאץ וויא דאָ אין שארק גאָלף.

— מיר זיינען דאָך אין שארק'ס מויל — האָט נעב בעמערקט בעטראכטענ־דיג דיא פאָרמע פון גאָלף.

— פונקט אין זיין מויל — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — האָט איהר מורא, אז ער וועט זיין מויל צושליסען און מיר וועלען דאָרט פערבלייבען ?

— ניין, טהייערער הערבערט — האָט דער ניגער געענטפערט — פאר אזעלכע טויטע האי־פישען איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, אָבער איך האָב איהם ניט ליעב, דיעזען גאָלף, טאקי צוליעב דעם וואָס ער זעהט אויס אזוי וויא א ווילדעס און בייזעס מעער־טהיער.

— העי, נעב ! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — רעדט נור קיין שלעכ־טעס אויף מיין גאָלף, וועלכען איך האָב ערשט געוואָלט אוועקשענקען צו דיא פעראייניגטע שטאאטען !

— אָבער איז דאָס וואסער דאָ גענוג טיעף ? — האָט הארדינג אויך אנטהייל גענומען אין שפּאסהאפטען געשפּרעך — דענקט איהר, פריינד פענק־ראָפט, אז דאָרט וואו אייער "באַנעדוועגטשור" שטעהט וועלען אויך קענען שטעהן אמעריקאנישע אייזערנע אָדער שטאָהלענע קריעגס־שיפען ?

— מיר וועלען עס באלד וויסען — האָט דער מאטראָז געענטפערט.

ער האָט באלד גענומען א לאנגע שטריקעל צו וועלכע עס איז געווען צו־געבונדען א שטיקעל אייזען און ער האָט עס אראָבגעלאָזט אין וואסער. דיא שטריקעל איז געווען דריי הונדערט פוס לאנג. זיא האָט זיך אין גאנצען ארונ־טערגעלאָזט און נאָך אלץ ניט דערגרייכט דעם גרונד.

— זעהט איהר, הערר קאפּיטאן ? — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — אונזערע קריעגס־שיפען מעגען אהער קומען. זיי וועלען דאָ ניט בלייבען שטע־קען אויף'ן גרונד.

— ווירקליך — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — דיעזער גאָלף איז דאָך אונגעהייער טיעף ! אָבער עס איז קיין וואונדער. וויבאלד אז דער גאנצער אינזעל איז א וואולקאנישער, איז זעהר מעגליך אז אונטער'ן וואסער זיינען אויך פאראן טיעפע גריבער, וועלכע זיינען אמאָל אויסגעריסען געוואָרען פון א וואול־קאנישען אויסברוך. איך גלויב אז דאָ זיינען פאראן פּלעצער וואָס א שנירעל צעהן מאָל אזוי לאנג וויא דיעזער וועט אויך ניט דערלאנגען דעם גרונד.

— יא, פענקראָפט וויים וואָס ער רעדט — האָט הערבערט געזאָגט — זעהר א פאסענדער פּלאץ פאר דער אמעריקאנישער פלאָטע.

— אָבער איין נויטיגע זאַך פעהלט דאָ — האָט דער רעפּאָרטער בעמערקט.
— וואָס אזעלכעס, הערר ספּילעט? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.
— אָט דאָס — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — וואָס מען קען פון דאַנען ניט ארויפקומען אויף'ן לאַנד צוליעב דיא הויכע פעלזען.

פאַקטיש איז טאַקי דער שמאָלער וואסער געווען פערשטעלט מיט הויכע, אומגעלומפּערטע פעלזען און עס איז אונמעגליך געווען ארויפצוקומען אויף'ן לאַנד. דיא „באַנעדוועטשור" איז דאָרט געשטאַנען אזוי וויא אין א פעסטונג ארומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט הויכע, פעסטע, פון נאַטור געשאַפענע ווענד.

פּענקראָפט האָט א ווייל געטראַכט, דאַן האָט ער דעם רעפּאָרטער געגעבען צו פערשטעהן, אז מען קען דיעזע ווענד אויפרייסען דורך א מינע און דער גאָלף קען בילדען אַן אויסגעצייכענטען האַפען פאר דער פלאָטע פון זייער פאָטערלאַנד.

דער מאַטראָז האָט גערעדט מיט אזא ערנסט פונקט וויא ער זאָל זיין געשיקט פון זיין לאַנד צו זוכען א פּאַסענדען האַפען פאר איהרע קריעגס־שיפען און ער זאָל האָבען אזעלכען געפונען.

נאָך מיטאָג האָבען דיא פאָרשער פערלאָזען דעם גאָלף. דער וועטער איז געווען גינסטיג צו זייער רייזע און דיא שיף איז געשוואומען גאַנץ שנעל. ארום פינף אוהר פאר נאַכט איז דיא „באַנעדוועטשור" אָנגעקומען אין מויל פון טייך „מערסי" און דיא קאָלאָניסטען האָבען געלאַנדעט. איירטאָן און דזשופ האָבען זיי אָבגעוואַרט ביים ברעג. דער אָראַנג־אוטאַנג האָט ארויסגעצייגט גרויס צופריעדענהייט. עס האָט אויסגעזעהן אז ער האָט נאָך דיא קאָלאָניסטען שטאַרק געבענקט.

דיא פאָרשער זיינען דריי טעג ניט געווען אין דער היים. זיי האָבען אין גראַניט הויז געפונען אַלעס אין בעסטען אָרדנונג. איירטאָן האָט געוואוסט וויא אָנצוגעהן מיט ווירטהשאַפט און ער האָט אויף אַלעם אויפגעפּאַסט אויף'ן בעסטען אַרט.

עס הייסט אלזאָ, אז מיט דער לעצטער עקספּעדיציאָן האָבען שוין דיא קאָלאָניסטען אויסגעפאָרשט דיא ברעגען פון לינקאָלן אינזעל ארום און ארום, אָבער זיי האָבען ניט געפונען קיין זאַך וואָס זאָל וואַרפען אירגענד וועלכע ליכט אויף דיא געהיימניסע פון דעם אינזעל. דיא רייזע האָט זיי קיין זאַך ניט אויפגעקלערט און דאָס וואָס עס איז פריהער געווען א רעטעניס, איז פערבליבען א רעטעניס.

דעם אינזעל אליין האָבען זיי שוין אויך אין גאַנצען געהאַט אויסגעפאָרשט, מיט דער אויסנאַהמע פון א שטיק וואַלד אויף סוירפּענטאין פּענינסולא (א בעצייכענטע געגענד אויף לינקאָלן אינזעל). דאָרט, אין יענעם וואַלד, האָבען קאַפּיטאַן

הארדינג און גידעאָן ספּילעט געקענט האָפען, ליגט דער שליסעל צו דיא אַלע אונערקלערליכע געהיימניסע.

גידעאָן ספּילעט האָט זיך וועגען דעם דורכגערעדט מיט׳ן אינזשיניר, און זיי האָבען בעשלאָסען, אז זיי זאָלען זיך דורכרעדען מיט זייערע קאָמפּאניאָנען און מאכען זיי אויפמערקזאם אויף דיא זאָנדערבארע געהיימניסע מיט וועלכע זיי זיינען ארומגערינגעלט.

דעם אינזשיניר האָט מעהר וויא אַלעם געעגבערט אין מח דער געהיימניס־פּאָלער פייער וואָס זיינע דריי קאָמפּאניאָנען האָבען געזעהן אויף׳ן לינקאָלן אינזעל ווען זיי זיינען צוריק געפאָהרען פון אינזעל טייבאָר. דאָס איז איהם געווען מעהר אונפערשטענדליך וויא אַלעס און ער האָט דעם רעפּאָרטער צעהנד־ליגע מאָל איבערגעפרעגט וועגען דעם.

— זיינט איהר זיכער אז איהר האָט געזעהן א פייער? — האָט ער איהם צום לעצטען מאָל געפרעגט — פיליכט האָט זיך אייך גערדאכט? פיליכט איז עס געווען א וואולקאנישער אויסברוך, אָדער פיליכט איז עס געווען א מעטעאָר (א פאלענדער פון הימעל שטיין)?

— ניין, סיירוס — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — דאָס איז זיכער געווען א פייער וואָס מענשליכע הענד האָבען אָנגעצונדען. פרעגט פּענק־ראָפט׳ן און הערבערט׳ן און זיי וועלען עס בעשטעטיגען. זיי האָבען עס געזעהן אזוי גוט וויא איך און מיר זיינען אַלע פעסט איבערצייגט, אז דאָס איז געווען א פייער וואָס א מענש האָט אָנגעצונדען דאָ אויף דיעזען אינזעל.

דער רעזולטאט פון דעם לעצטען געשפּרעך איז געווען, אז מיט איינינע טעג שפּעטער, דעם 25טען אפּריל, אין אבענד, ווערהענד דיא בעזיצער פון אינזעל זיינען געווען צוזאמען אויף פּראָספּעקט האיטס, האָט סיירוס הארדינג אָנגע־פאנגען רעדען:

— מיינע פריינדע, איך דענק אז עס איז מיין פפליכט צו מאכען אייך אויפמערקזאם אויף איינינע זאָנדערבארע פּאָרפּעלע וואָס האָבען פּאסירט אויף דיעזען אינזעל, און איך וועל העכסט צופריעדען זיין אויסצוהערען אייערע מיי־נונגען איבער דעם. דיא פּאָרפּעלע וואָס איך זאָג זיינען, זאָ צו זאָגען, אויסער־נאטירליכע —

— אויסערנאטירליכע! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — קען דען זיין אז אונזער אינזעל איז איבערנאטירליך?

— ניין, פּענקראָפּט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — עס רעדט זיך בלויז אזוי. קיין אויסערנאטירליכעס איז גאָר ניטאָ; אָבער אונזער אינזעל איז געהיימניספּאָל. עס זיינען אויף איהם דאָ אזעלכע זאָנדערבארע געהיימניסע, וואָס איך און הערר ספּילעט האָבען זיך שוין צובראָכען דיא מחות טראכטענדיג

וועגען דעם און מיר הויבען ניט אָן צו וויסען וואָס דאָ געהט פאָר. פיליכט וועט איהר אונז מעהר אָדער וועניגער ערקלערען?

— רעדט, קאַפּיטאַן — האָט פּענקראָפט זיך אָבגערופען — זאָגט אונז אַלעס דייטליך.

— האָט איהר פערשטאַנען — האָט הארדינג געפרעגט — וויא אַזוי איך בין געקומען אויף דעם פּלאַץ וואו איהר האָט מיך געפונען נאָך דער קאַטאַסטראָפע מיט אונזער באַלון? וויא אַזוי איז דאָס מעגליך געווען אַז איך זאָל קומען אַ פיערטעל מייל וויט פון ים און איך זאָל גאָר ניט וויסען און געדענקען?

— וואהרשיינליך זיינט איהר געוועזן בעוואוסטלאָז — האָט דער מאַטראָז געענטפערט.

— דערמיט — האָט הארדינג געזאָגט — איז נאָך דיא פראַגע ניט פערענטפערט — אָבער ווער האָט מיך אַהין געבראַכט? און פון וואַנען האָבען זיך גענומען דיא טריט פון מיינע שיך אין זאַמד? און פערשטעהט איהר וויא אַזוי טאָפּ האָט אייך דאַמאָלס אויפגעזוכט, ווערענד איהר זיינט געווען פינף מייל וויט פון דעם פּלאַץ וואו איך בין געלעגען?

— דאָס איז דעם הונד'ס אינסטינקט — האָט הערבערט געענטפערט — אַ הונד האָט אַזאַ נאַטירליכע אייגענשאַפט אויפצוזוכען אַ מענשען אָדער וואָס עס איז וואָס געפינט זיך זאָגאַר גאַנץ וויט.

— זאָל שוין זיין, אַז דאָס איז דעם הונד'ס נאַטור — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — אָבער קענט איהר ערקלערען, וויא אַזוי טאָפּ איז דאַמאָלס געקומען צו אונז אין דיא "טשימנים" כמעט אַ טרוקענער און אָהן אַ ברעקעל בלאָטע אויף זיין קערפּער, טראָצדעם וואָס עס איז דאַמאָלס געווען אַ שרעקליכער רעגען־שטורם?

— לאָזט מיר פאָרטזעצען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — און האָט איהר פערשטאַנען וויא אַזוי אונזער הונד איז ארויסגעשליידערט געוואָרען פון וואַסער דאַמאָלס, ווען ער האָט געקעמפּפט מיט'ן דיוגאָנג? ווער האָט עס איהם אויפגעהויבען אַזוי הויך און ארויסגעשליידערט צום ברעג?

— ניין! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — איך גיב צו, אַז איך האָב עס ניט פערשטאַנען און פערשטעה עס יעצט אויך ניט! און דיא וואונד וואָס דער דיוגאָנג האָט געהאַט אין זייט — אַ וואונד וואָס מען האָט געזעהן אַז זיא איז געמאַכט געוואָרען מיט אַ שאַרפען אינסטרומענט, איז אויך אַ פערבאָרגענע זאַך און איך קען ניט פערשטעהן וואו דער דיוגאָנג האָט עס בעקומען.

— דאָס איז נאָך ניט אַלעס — האָט דער אינזשיניר זיך אָבגערופען — עס זיינען פאַראַן נאָך געהיימניספאָלע זאַכען אויף אונזער אינזעל. האָט איהר, מיינע פריינדע, פערשטאַנען וויא אַזוי דיא קויל איז געקומען אין קערפּער פון זויג־שוויין? האָט ווער פון אייך פערשטאַנען אָדער פערשטעהט ערשט פון וואַ־

נען דער קאסטען מיט דיא פערשיעדענע ארטיקלען איז געקומען? קענט איהר ערקלערען דיא געהיימנים פון דער פלאש מיט'ן דאָקומענט, וועלכע מיר האָבען געפונען פונקט דאמאָלס ווען מיר האָבען געמאכט אונזער ערשטע רייזע אויף'ן וואסער? ווייסט איהר וויא אזוי איז דאָס געשעהן, וואָס דאמאָלס ווען אונזער שיפעל האָט זיך אָבגעריסען פון דעם פּלאץ וואו מיר האָבען זיא צוגעבונדען, איז זיא צוגעשוואומען אין דער "מערסי" פּונקט אין מאָמענט ווען מיר זיינען אהין אָנגעקומען? האָט ווער פון אייך א בעגריעף ווער עס האָט אונז ארונטערגעוואָרפען דעם שטריק-לייטער פון גראניט הויז נאָך דער מלחמה וואָס מיר האָבען געהאט מיט דיא אפען? קען מען גלויבען אז דזשופּ האָט דאָס געטהאָן? און לעצטענס, ווער האָט געשריבען דעם דאָקומענט וואָס מיר האָבען געפונען? ווער האָט איהם ארייגעוואָרפען אין מעער, זאָבאלד איירטאָן פערזיכערט, אז ער ווייסט ניט פון אזא שריפט?

נאָכדעם וויא דער אינזשיניר האָט אויסגערעכענט דיא אלע זאכען זיינען פענקראָפט, נעב און הערבערט געבליבען זיצען העכסט ערשטוינט ניט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען.

— אויף מיין וואָרט — האָט פענקראָפט ענדליך געזאָגט — אז איהר זיינט גערעכט, קאפּיטאן! — עס איז טאקי זעהר שווער צו ערקלערען אזעלכע זאכען.

— נו, מיינע פריינדע — האָט דער אינזשיניר ווייטער געזאָגט — האָבען מיר שוין גענוג געהיימניסע! אָבער דאָס איז נאָך אלץ ניט אין גאנצען. דיא לעצטע רעטענים איז דיא שווערסטע פון אלע.

— וואָס איז דאָס, קאפּיטאן? — האָט הערבערט געפרעגט.

— ווען איהר זיינט געפאָהרען צוריק פון אינזעל טייבאָר — האָט דער אינזשיניר פאָרטגעזעצט — זאָגט איהר, פענקראָפט, אז איהר האָט געזעהן א פייער סיגנאל אויף לינקאָלן אינזעל?

— געוויס — האָט דער מאטראָז געענטפערט.

— און איהר זיינט זיכער, אז דאָס איז געווען א פייער אָנגעצונדען פון מענשען'ס הענד?

— געוויס בין איך זיכער.

— און דוא, הערבערט, וואָס זאָגסט דוא?

— וואָס זאָל איך זאָגען? — האָט הערבערט געענטפערט — מיר האָבען דייטליך געזעהן א פייער.

— איז עס פיליייכט געווען א שטערען? — האָט הארדינג געפרעגט.

— וויא קומט א שטערען? — האָט דער מאטראָז געענטפערט — דער גאנצער הימעל איז דאמאָלס געווען בעדעקט מיט געדיכטע, דיקע וואָלקענס און קיין שטערען איז ניט געזעהן געוואָרען אין גאנצען האָריזאָנט. הערר ספּילעט

האָט דעם פייער געזעהן אזוי גוט וויא מיר, פרעגט איהם, וועט ער אייך אויך דאָסזעלבע זאָגען.

— יא, אזוי איז עס — האָט דער רעפּאָרטער זיך אָבגערופען — און איך וועל נאָך צוגעבען אז דער פייער איז געווען א העלער און האָט געלויכטען אזוי וויא א גרויסער בליץ.

— ריכטיג, ריכטיג! — האָט הערבערט בעשטעטיגט — און עס האָט אויסגעזעהן, אז דער פייער איז אויפגעלעגט געוואָרען אויף'ן העכסטען פונקט איבער'ן גראַניט הויז.

— אצינד, מיינע פריינדע — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — זיינט איהר דאָך געווים אונטער דעם איינדרוק, אז איך האָב עס דאמאָלס אויפגעלעגט דעם פייער, אום צו בעלייכטען אייך דעם וועג; זאָג איך אייך, אז ניט איך און ניט נעב, וועלכער איז דאָ מיט מיר געווען, האָבען אָנגעצונדען א פייער אין דער נאכט פון 19טען אָקטאָבער.

— וואָס? — איז פּענקראָפט אויפגעשפּרונגען — איהר האָט דאמאָלס ניט אויפגעלעגט קיין פייער, זאָגט איהר?

— ניין! — האָט הארדינג געענטפערט — איך און נעב האָבען יענע נאכט ניט פערלאָזען דיא גראַניט הויז, און אויב איהר האָט געזעהן א פייער, ווייס איך ניט ווער עס האָט איהם אָנגעצונדען. איך און נעב זיכער ניט!

פּענקראָפט, הערבערט און נעב זיינען אויסער זיך געוואָרען און זיי האָבען ניט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקען זייער פערוואונדערונג.

זיי האָבען אלע צוגעגעבען, אז אַן אונערקלערליכע און אונבעגרייפליכע געהיימניס עקזיסטירט אויף'ן לינקאָלן אינזעל; אז עפּעס א געהיימניספּאָלע האנד טהוט פאר זיי גוטעס, אָבער ווער דאָס טהוט, וואו יענע פערזאָן אָדער יענער מלאך ליגט בעהאלטען, דאָס איז געווען א געהיימניס איבער אלע געהיימניסע.

הארדינג האָט זיינע קאָמפּאַניאָנען אויך דערמאָהנט וועגען דיא אָפּטע זאָנדערבארע אויפפיהרונג פון טאָפּ און דזשופּ, וואָס טאָפּ דרעהט זיך ארום ברונים אין גראַניט הויז און בילט און דזשופּ ברומט. ער האָט זיי דערצעהלט, וויא ער האָט זיך אמאָל ביי זייער אָבוועזענהייט ארונטערגעלאָזט אין ברונים, אום אויסצוגעפינען דיא אורזאכע פון דעם הונד'ס און דער אפּע'ס זאָנדערבארע האלטונג, אָבער ער האָט דאָרט קיין זאַך ניט ענטדעקט. ער האָט דאָס אויך צוגערעכענט צו דער רייהע געהיימניסע אין וועלכע זיי זיינען פערוויקעלט.

דער רעזולטאט פון דעם געשפּרעך איז געווען, אז דיא אלע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען בעשלאָסען, דאָס ווען דער שעהנער סעזאָן וועט אָנקומען זאָלען זיי אויף דאָס ניי גרינדליך אויספאָרשען דעם גאנצען אינזעל.

אָבער פּענקראָפט איז פון יענעם טאָג אָן געוואָרען זעהר נייגעריג און אונגעדולדיג. ער האָט שוין געוואָלט וויסען אלעס און קענען פערענטפערען אלע

רעטעניסע. דער מאַטראָז האָט אָנגעהויבען פּיהלען, אז דער לינקאָלן אינזעל, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר זיין אייגענטהום, בעלאַנגט גאָר צו אַן אנדערען, צו וועמען ער וועט ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג מוזען ווערען אַן אונטערטהאַן. ער פּלעגט אָפט רעדען דאַריבער מיט נעב און זיי זיינען ביידע געווען גענייגט צו גלויבען, אז דער לינקאָלן אינזעל ליגט אונטער דיא הערשאַפט פון אַן אונזיכטבאַרע, איבערנאַטירליכע קראַפט.

אונטערדעסען איז אָנגעקומען דער מאָנאַט מאַי און מיט איהם צוזאַמען זיינען געקומען דיא שלעכטע וועטערען. עס האָט אויסגעזעהן אז עס וועט זיין א שווערער און לאַנגער ווינטער. דיא קאָלאָניסטען האָבען דארום געמאַכט אַלע נויטיגע פּאָרבערייטונגען פאַר'ן ווינטער און האָבען צוגעגרייט אַלעס וואָס זיי האָבען געדאַרפט פאַר דיא ווינטער מאָנאַטען.

עס איז ווערטה צו דערמאָהנען, אז דער נייער מיטגליעד אין דער קאָלאָניע — איירטאָן איז פערזאָרגט געוואָרען מיט וואַרימע פעלטענע קליידער אויף ווינטער און סיירוס הארדינג האָט איהם איינגעלאַדען אז ער זאָל אויף'ן קאַלטען סעזאָן קומען אין גראַניט הויז און וואָהנען מיט זיי צוזאַמען. איירטאָן האָט דיא איינלאַדונג אָנגענומען און ער האָט פערשפּראָכען צו איבערקלייבען זיך אין גראַניט הויז אזוי שנעל וויא ער וועט פערטיג ווערען מיט זיין ארבייט ביי דיא שטאַהלען.

אין אַלגעמיין האָט זיך איירטאָן אַלץ צוריקגעצויגען פון מענשען. ער האָט שטענדיג געוואָלט זיין אַליין און איז אימער געווען פערטראַכט און אונמוטהיג. ער האָט ניט געוואָלט אנטהייל נעהמען אין קיינע פערגעניגענס און ער האָט זיך קיינמאָל ניט געמישט אין דיא געשפּרעכען פון דיא קאָלאָניסטען.

א גרויסען טהייל פון דיעזען ווינטער, וואָס איז געווען דער דריטער וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען פערבראַכט אויף לינקאָלן אינזעל, זיינען זיי געזעסען אין גראַניט הויז. עס זיינען געווען פיעלע בייזע שטורמס און שרעקליכע פרעסט. דיא שטורמס זיינען געווען אזוי שטאַרק, אז איינינגע מאָל האָט זיך אויסגעוויזען דאָס דיא גאַנצע פּראָספּעקט האיטס פאַלט איין אויף זייערע קעפּ. מאַנכע מאָל האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אז דער גאַנצער אינזעל ווערט אויסגעריסען. צוויי מאָל, אין אַזעלכע שטורמס, איז דיא "מערסי" אזוי פול געוואָרען מיט וואַסער, דאָס דיא קאָלאָניסטען האָבען מורא געהאַט, אז זייערע בריקען זאָלען ניט אָבגעשווייינקט ווערען. דאָס וואַסער האָט געפלייצט און איז געלאָפען מיט אַזא שנעלקייט, אז עס וואָלט געקענט פערטראָגען דיא גרעסטע געביידען.

דיא שטורמס האָבען פיעל בעשעדיגט דעם ווינד־מיהל און דעם געפליגעל־הויף אויף פּראָספּעקט האיטס. דיא קאָלאָניסטען האָבען אין דיא גרעסטע קעלטען געמוזט געהן פעררּיכטען דאָס וואָס דיא ווינטען האָבען קאַליע געמאַכט.

דורך דער צייט פון דיא שלעכטע וועטערען האָבען זיך הונגעריגע יאגואַרען און אנדערע געפעהרליכע טהיערע אריבערגעכאפט איבער דיא פערפראָרענע טייכלעך אין דער טעריטאָריע פון דיא קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען געמוזט גע־ברויכען זייערע ביקסען אום צו פערטריבען זיי. ניט איינמאָל זיינען דיא עופות פון געפליגעל־הויף געווען אין געפאהר אויפגעפרעסען צו ווערען פון דיא הונגעריגע טהיערע; אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען עס פערהיט.

אין דיא טעג ווען דער וועטער איז געווען מילדער פלעגען גידעאָן ספילעט, פענקראָפט און הערבערט געהן אויף יאגד און זיי פלעגען טויטען ווילדע ענטען און אנדערע פויגלען. אָבער זיי זיינען געווען פאָרזיכטיג ניט אוועקצוגעהן ווייט פון דער היים, אום זיי זאָלען ניט פערכאפט ווערען פון א שטורם.

אזוי זיינען פאָראיבער דיא פיער ווינטער מאָנאטען: יוני, יולי, אגוסט און סעפטעמבער. אין אלגעמיין האָט דיא גראניט הויז ווייניג געליטען פון דיא שלעכטע וועטערען. דיא פיה־שטאַהלען זיינען אויך כמעט פערבליבען גאנץ, ווייל דער בארג פרענקלין האָט זיי פערשטעלט. אם מעהרסטען האָבען דיא שטורמס איבערגעלאָזט צייכענס אין דיא וועלדער, וואו פיעלע בוימער זיינען אויסגעריסען געוואָרען מיט זייערע וואָרצלען.

אין פערלויף פון ווינטער האָבען קיינע נייע זאָנדערבארע פאָרפעלע ניט פאסירט. עס איז אלעס געווען אויף׳ן געוועהנליכען ארט און מען האָט קיין אוי־סערגעוועהנליכעס ניט בעמערקט. זאָגאר טאפ און דזשופ האָבען אויפגעהערט ארומדרעהען זיך ארום ברונים און בילען און ברומען אזוי וויא אמאָל.

עס האָט אלזאָ אויסגעוויזען, אז דיא אלע וואונדער זאכען, דיא אלע געהיימניספאָלע געשעהעניסען האָבען זיך געענדיגט. דיא קאָלאָניסטען האָבען געקענט דענקען, אז דיא געהיימניספאָלע האנד, וואָס האָט זיי בעוויזען וואונ־דער, איז פערשוואונדען געוואָרען פון לינקאָלן אינזעל; דאָך האָבען זיי ניט אויפגעגעבען דיא אידעע אויסצופאָרשען דעם אינזעל גרינדליך, פילייכט וועלען זיי דאָך געפינען דעם שליסעל צו דיא געהיימניספאָלע און אונערקלערליכע פאַ־סירונגען וואָס האָבען פריהער פאסירט.

אָבער אביסעל שפעטער האָט פאסירט א זאך וואָס האָט דיא קאָלאָניסטען געמאכט פערגעסען אָן זייערע פלענער צו מאכען א פאָרשונגס־שפאציר אי־בער׳ן אינזעל.

אין מאָנאט אָקטאָבער האָט זיך אָנגעפאנגען דער שעהנער סעזאָן פון יאָהר — דער פריהלינג. דיא נאטור האָט אויפגעלעבט; דיא פעלדער און בוי־מער האָבען אָנגעפאנגען גרין צו ווערען, דיא זונן האָט אָנגעהויבען ווארימען און דיא קאָלאָניסטען האָבען געוואָלט אָבווארטען נאָך א שטיקעל צייט און דאן אָנפאנגען פאָרשען דעם אינזעל ארום און ארום. הויפטזעכליך אין וואלד פון סוירפענטאין פענינסולא, וואו זיי זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען.

דיא לעזער געדענקען געוויס, אז גידעאָן ספּילעט און הערבערט האָבען זיך דעם פאָריגען זומער אָבגעגעבען מיט פאָטאָגראַפירען לאַנדשאַפטען פון לינקאָלן אינזעל. ווען עס איז ערשט געוואָרען שעהנעס וועטער האָבען זיי זיך ווידער גענומען צום פאָטאָגראַפישען אפּאַראַט.

דאָס איז געווען דעם 17טען אָקטאָבער, ארום דריי אוהר נאָכמיטאָג, ווען הערבערט האָט געוואָלט אראָבנעהמען א בילד פון יוניאָן בעי, וואָס איז גע־ווען געגענאיבער פּראָספּעקט האַיטס. דער הימעל איז דאַמאָלס געווען לויטער און דער גאנצער האָריזאָנט ריין און קלאָהר — א גינסטיגע צייט צו פאָטאָגראַ־פירען. הערבערט האָט אָנגעשטעלט דעם אפּאַראַט אין א פענסטער פון עס־שטוב, וואָס איז אויסגעקומען אנטקעגען יוניאָן בעי און ער האָט בעקומען דעם נעגאַטיוו (דאָס בילד אויף׳ן גלאָז).

ער איז נאָכהער אריין אין א פינסטערען צימער און ער האָט דיא גלאָז פערפערטיגט מיט כעמישע מאַטעריאַלען צו קענען ארונטערנעהמען דיא ביל־דער אויף פאַפּיער, ווען ער האָט דערזעהן אויף׳ן גלאָז א פלעק. דער פלעק איז געווען אויף׳ן מעער האָריזאָנט. הערבערט האָט געדענקט, אז דער פלעק איז פון פריהער געווען אָדער איז צופעליג געוואָרען אויף׳ן נעגאַטיוו. ער האָט עס פּרובירט אָבוואַשען, אָבער ער האָט ניט געקענט.

ער האָט פערשטאַנען, אז דער פלעק צייגט עפּעס א געוויסען געגענשטאַנד אויף׳ן וואַסער, וועלכען ער קען ניט זעהן מיט דיא נאַקעטע אויגען און ער איז געווען נייגעריג צו וויסען וואָס דאָס איז. ער האָט אריינגענומען א פער־גרעסערונגס גלאָז פון א טעלעסקאָפּ און ער האָט דורך איהר א קוק געטהאָן אויף׳ן פלעק. ער האָט פון פלוצלונגע איבערראַשונג א ווילדען געשריי געטהאָן און דיא פאָטאָגראַפישע גלאָז איז ארויסגעפאַלען פון זיין האַנד.

הערבערט האָט באַלד דיא גלאָז אויפגעהויבען. ער איז אריינגעלאָפען צו סיירוס האַרדינג, וועלכער איז געווען אין אן אנדער צימער און איהם געצייגט דעם נעגאַטיוו און וואָס מען זעהט אויף איהם דורך דער פערגרעסערונג גלאָז. האַרדינג האָט א בליק געטהאָן אויף׳ן נעגאַטיוו, דאַן האָט ער געכאַפּט א טע־לעסקאָפּ און איז צוגעלאָפען צום פענסטער. ער האָט אין איהם אריינגעקוקט א היבשע ווייליע און דאַן האָט ער מיט העכסטע איבערראַשונג אויסגעשריען:

— א שיף! א שיף!

גידעאָן ספּילעט, פּענקראָפט און נעב זיינען באַלד אויך געקומען צולויפען. זאַגאַר דזשופּ איז אויך ניט צוריקגעבליבען און ער איז אין איין אויגענבליק געווען אויף׳ן פּלאַץ. א היבשע ווייליע זיינען זיי געשטאַנען אזוי וויא צומישט און זיי האָבען פון גרויס איבערראַשונג ניט געקענט פרעגען וואָס עס האָט פּאַסירט. הערבערט איז געווען בלאַס און זיינע הענד האָבען זיך פיעבערהאַפט געטריי־

סעלמ, וועהרענד סיירוס הארדינג איז אלץ געשטאנען מימ'ן טעלעסקאָפּ גע־ריכטעט צום פענסטער און האָט אין איהם געקוקט.

הערבערט האָט ענדליך זיינע קאָמפּאַניאָנען ערקלערט פון דיא וויכטיגע ענטדעקונג וואָס ער האָט געמאכט אויף דער פאָטאָגראפישער גלאָז און ספּילעט, פּענקראָפט און נעב האָבען זיך א וואָרף געטהאָן צום פענסטער, אָבער זיי האָבען קיין זאך ניט געזעהן. דער אינזשיניר האָט זיי דאָן געהייסען אריינקוקען אין טעלעסקאָפּ און יעדער איינער פון זיי האָט אויף העכסט ענטציקט און איבער־ראשט אויסגעשריען:

— א שיף! א שיף!

און פאקטיש איז טאקי א שיף געזעהן געוואָרען ווייט פון לינקאָלן אינזעל!

## ענדע פון צווייטען טהייל.

# דריטער טהייל

## דיא געהיימניס פון אינזעל

### 1טעם קאַפּיטעל.

דיסקוסיאָנען וועגען דער קומענדער שיף. — איירטאָן גערופען דורך'ן טעלעגראַף. — הארדינג'ס פערדאכט. — דיא שווארצע פלאג. — דיא פערצווייפלונג. — דיא שיף פערשוואונדען. — דער קאַנאָנען שאָס.

עס זיינען שוין פאַראיבער צוויי און א האלב יאָהר זייט דיא פינף אנטלאָפענע פון ריטשמאָנד זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף לינקאָלן אינזעל, און דורך דער גאנצער צייט האָבען זיי ניט געהאט קיין פערבינדונג מיט דיא בעוואָהנער פון דער וועלט. דער רעפּאָרטער האָט אמאָל פּרובירט קומען אין פערבינדונג מיט מענשען דורך דעם בריעף וואָס ער האָט צוגעבונדען צו א פויגעל און איהם געלאָזט פליהען אין דער ברייטער וועלט, אָבער מען האָט ווייניג וואָס געקענט האָפען, אז דאָס זאָל ברייננען דיא געווינשטע רעזולטאטען. דער רעפּאָרטער אליין האָט אויך ווייניג האָפנונג געלעגט אויף זיין בריעף. ער האָט עס געטהאָן ניט מעהר, ווייל ווען מען טרינקט זיך כאפּט מען זיך אָן א שטרוי. אצינד האָבען דיא פערוואָרפענע גאָר אונערוואַרטעט דערזעהן א שיף אויף דיא וויסטע וואסערען, וואו זיי האָבען צוויי און א האלב יאָהר קיין שפור פון קיין שיף ניט געזעהן! אצינד קומען מענשען פלוצלונג צו פעראייניגען זיך מיט זיי אויף'ן לינקאָלן אינזעל!

קיין אירטהום איז דערביי ניט געוועזן! א שיף איז דאָרט זיכער געפאָהרען! אָבער וועט זיא זיך אָבשטעלען ביי זייער אינזעל? טאָמער וועט זיא גאָר צום אינזעל ניט צוקומען? דאָס איז געוועזן א פראגע וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאָפט צו ענטשיידען מיט אייניגע שטונדען שפּעטער.

דערוויילֿ זיינען אלֿעמענס אויגען געווען געריכטעט צום האָריזאָנט. דער טעלֿעסקאָפּ איז ניט ארויס פון זייערע הענד. זיי האָבען זיך געביטען און אלֿע ווײַלֿע אין איהם ארײַנגעקוקט, אמאָלֿ דער און אמאָלֿ יענער. וועהרענד דער מאַט־ראָז האָט ארײַנגעקוקט אין דיא גלֿעזער, האָט גידעאָן ספּילֿעט ביי איהם גע־פרעגט:

— קומט זיא אהער, פּענקראָפט?

— אונמעגלֿיך צו בעשטימען — האָט פּענקראָפט געענטפערט — זיא איז צו ווייט פון אונז, אז מען זאָלֿ קענען בעמערקען אין וועלֿכע ריכטונג זיא פאָהרט.

— וואָס זשע איז ערשט צו טהאָן? — האָט הערבערט געפרעגט.

— ווארטען! — האָט הארדינג געענטפערט.

פון צייט צו צייט האָט פּענקראָפט גענומען דיא גלֿעזער און ער האָט ארויסגעקוקט דורך'ן פענסטער. ער האָט גענוי בעאָבאכטעט דיא שיף, וועלֿכע איז געווען ביי א צוואנציג מײַלֿ ווייט פון גראניט הויז, אָבער ער האָט ניט גע־קענט בעמערקען וואָס פאר א שיף דאָס איז און אויב זיא שווימט אָדער זיא שטעהט אויף אָן אָרט. דיא קאָלֿאָניסטען האָבען ניט געדענקט וועגען געבען סיגנאלֿען, אום מען זאָלֿ אויף יענער שיף ערפאהרען פון זייער עקזיסטענץ, ווײַלֿ פון אזא ווייטקייט, האָבען זיי געוואוסט, וועט מען קיין פלֿאַג ניט זעהן, קיין שאָס פון א ביקס ניט הערען און א פייער וועט אויך בייטאָג ניט בע־מערקבאר זיין. דיא קאָלֿאָניסטען האָבען אָבער געגלֿויבט, אז דיא לֿייטע וואָס פאָהרען אויף יענער שיף זעהן דעם לֿינקאָלֿן אינזעלֿ, ווײַלֿ דער בארג פרענקלֿין האָט זיך זיכער געזעהן גאנץ ווייט.

אָבער פאָהרט יענע שיף צו זיי? און וויא קומט גאָר א שיף אין אזא פערוואָרפענע געגענד אין פּאסיפיק? איז זיא צופעלֿיג פערבלֿאָנדזשעט גע־וואָרען אין יענע וואסערען? וועגען דיעזער פראגע האָבען דיא קאָלֿאָניסטען אָנ־געהויבען רעדען און הערבערט האָט זיא פּראָבירט פערענטפערען.

— קען דאָס ניט זיין דיא "דאָנקאן"? — האָט ער געפרעגט.

דיא "דאָנקאן" איז, וויא עס איז שוין דערצעהלֿט געוואָרען, געווען לֿאָרד גלֿענארוואן'ס יאכט־שיף, וועלֿכע האָט איבערגעלֿאָזט איירטאָן'ען אויף'ן אינ־זעלֿ טייבאָר. דער לֿאָרד האָט דאמאָלֿס פערשפּראָכען אז ער וועט אמאָלֿ קומען איהם צוריקנעהמען, און אזוי וויא דער אינזעלֿ טייבאָר און דער לֿינקאָלֿן אינזעלֿ זיינען געווען ניט ווייט איינע פון דיא אנדערע, איז געווען לֿייכט צו גלֿויבען אז דאָס פאָהרט טאקי דיא "דאָנקאן", אָבער דורך א פערזעהן נעהמט זיא אָן דעם לֿינקאָלֿן אינזעלֿ פאר'ן אינזעלֿ טייבאָר.

— מיר מוזען אהער רופען איירטאָן'ען — האָט גידעאָן ספּילֿעט געזאָגט

— מיר מוזען שוין שיקען נאָך איהם. ער אליין וועט אונז זאָגען אויב דאָס איז דיא "דאָנקאָן" אָדער ניט.

דיא איבריגע קאָלאָניסטען זיינען אויך געווען מיט דער זעלבער מיינונג, אז איירטאָן, וועלכער איז אויף דער "דאָנקאָן" געפאָהרען וועט זיא דערקענען פון דער ווייטענס. דער רעפּאָרטער איז צוגעגאנגען צום טעלעגראפישען אפּאראט און האָט טעלעגראפירט צו איירטאָן אין דיא פיה־שטאהלען:

"קומט אזוי שנעל וויא מעגליך".

אין א פּאָר מינוטען ארום איז דורך'ן דראָט אָנגעקומען אן אנטוואָרט:

"איך קום באלד".

דיא קאָלאָניסטען האָבען דערווייל אלע געקוקט דורך'ן טעלעסקאָפּ אויף דער שיף.

— דאָס איז דיא "דאָנקאָן" — האָט הערבערט פערזיכערט — איהר וועט זעהן אז איירטאָן וועט זיא באלד דערקענען.

— איך שטעל מיר פאָר וואָס פאר אן איינדרוק עס וועט אויף איהם מאַכען, אויב ער וועט דיא שיף ווירקליך דערקענען — האָט פּענקראָפט בעמערקט.

— יא — האָט סיירוס הארדינג זיך אָבגערופען — דאָס וועט פאר איהם זיין א זאָנדערבארע איבערראשונג. איך ווינש אז איירטאָן זאָל דיא שיף טאקי דערקענען אלס דיא "דאָנקאָן", ווייל איך פערדעכטיג, אז דאָס קען זיין א פּיראטען (ים־רויבער) שיף פון דיא מאלאי אינזלען, פאר וועלכע איך האָב זיך שטענדיג געשראָקען, אז זיי זאָלען ניט מאכען אן איבערפאל אויף אונז.

— מיר וועלען זיך קענען פערטהיידיגען! -- האָט הערבערט אויסגעשריען.

— קיין צווייפעל, מיין יונגע — האָט דער אינזשיניר געענטפערט מיט א שמייכעל— אָבער איך בעט ביי גאָט, אז עס זאָל בעסער דערצו ניט קומען.

— לאָמיר זיך פאָרשטעלען — האָט פּענקראָפט געזאָגט — אז דיא שיף פאָהרט צו און אנקערט ניט ווייט פון אונזער אינזעל, וואָס וועלען מיר דאן טהאָן?

א היבשע ווייל איז דיעזע פראגע פערבליבען אונפערענטפערט, אָבער נאָך אביסעל נאָכדענקען האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען מיט א געלאסענעם טאָן:

— וואָס מיר וועלען טהאָן, מיינע פריינדע? וואָס מיר דארפען אין אזא פאל טהאָן איז דיעזעס: מיר וועלען זיך צוזאמענרעדען מיט דיא לייטע פון יענער שיף, וועלכע וועלען אונז זיכער אויפנעהמען און מיר וועלען פערלאָזען אונזער אינזעל נאכהער וויא מיר וועלען איהם ערקלערען אלס דאָס אייגענטהום פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא. נאכהער וועלען מיר זיך אומקעהרען צוריק אהער מיט פיעלע אנדערע וואָס וועלען וויליג זיין צו קאָלאָניזי־

רען דיעזען אינזעל, און מיר וועלען רייכער מאכען אונזער רעפּובליק מיט א וויכטיגען טהייל פון פּאסיפיק אָקעאַן (שטילער מעער).

— בראוואָ! — האָט פּענקראָפּט אויסגעשריען — און דאָס וועט זיין ניט קיין קליינער געשאנק וואָס מיר וועלען שענקען אונזער לאנד! מיר האָבען דאָ שוין אלעס פערטיג צו קאָלאָניזאציאָן. אלע טהיילען פון אינזעל האָבען שוין נעמען, מיר האָבען דאָ א נאטירליכען האפען, פרישעס וואסער צום טעגליכען געברויך, אויסגעטראָטענע וועגען, א טעלעגראף, א פּאָר פאבריקען, און מען וועט שוין דאָ ווייניג וואָס האָבען צו טהאָן. מען וועט בלויז דארפען דעם ניי־גע־פונענעם אינזעל בעצייכענען אויף דער מאפּ.

— אָבער וואָס וועט זיין, אז יעמאנד וועט דעם אינזעל פערכאפּען ביי אונ־זער אבוועזענהייט? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— ניט דערלעבען זאָל אימיצער צו טהאָן אזא זאך! — האָט דער מאט־ראָז אויסגעשריען — איך בין וויליג צו פערבלייבען דאָ אלס היטער, און איהר מעגט זיך אויף פּענקראָפּט'ן פערלאָזען, אז אוועקכאפּען עפּעס פון זיינע הענד וועט ניט אזוי לייכט אָנקומען.

עס איז אוועק נאָך א שטונדע צייט און דיא קאָלאָניסטען האָבען אלץ ניט געקענט זעהן אויב דיא שיף פאָהרט אין דיא ריכטונג פון לינקאָלן אינזעל אָדער ניט. מען האָט בעמערקט אז זיא איז צוגעקומען נעהענטער, אָבער מען האָט ניט געקענט וויסען, אויב זיא ציעלט צו לינקאָלן אינזעל אָדער זיא פאָהרט אָן א זייט. לויט וויא דער ווינד האָט געבלאָזען, האָט עס אויסגעזעהן, אז דיא שיף דארף געטריבען ווערען פונקט צום אינזעל, אָבער קיין זיכערהייט איז דאָס ניט געווען.

ארום פיער אוהר, א שטונדע נאָכדעם וויא איירטאָן איז דורך'ן טעלעגראף גערופען געוואָרען, איז ער אָנגעקומען אין גראניט הויז. ער איז אריינגעקומען אין עס־שטוב און האָט געזאָגט:

—צו אייערע דיענסטע, מיינע העררען.

סיירוס הארדינג האָט איהם געררייכט זיין האנד און פריינדליך בעגריסט. ער האָט איהם צוגעפיהרט צום פענסטער און געזאָגט:

— איירטאָן, מיר האָבען אייך אויפגעפאָדערט איהר זאָלט אהער קומען צוליעב א זעהר וויכטיגע זאך. מיר זעהן דאָ א שיף פון וויטענס.

איירטאָן איז געוואָרען בלאס און א קליינע ווייל האָט ער אויסגעזעהן צו זיין צומישט. דאן איז ער מוטהיגער געוואָרען און האָט זיך אביסעל ארויסגעבויגען פון פענסטער. ער האָט ארומגעקוקט דעם האָריזאָנט, אָבער ער האָט קיין זאך ניט געזעהן.

— נעהמט דיעזען טעלעסקאָפּ — האָט דער רעפּאָרטער איהם געזאָגט —

קוקט זיך גוט צו, איירטאָן, ווייל עס איז זעהר מעגליך, אז דאָס פאָהרט דאָרט די "דאָנקאן" מיט דעם צוועק צו נעהמען אייך אהיים.

— די "דאָנקאן"? — האָט איירטאָן געמורמעלט — שוין אזוי גיך?

רעדענדיג דיעזע ווערטער האָט דער אמאָליגער פערברעכער פערדעקט זיין געזיכט מיטביידע הענד און איז פערבליבען שטעהן אָנגעשפּארט אָן פענסטער.

האָט דער אונגליקליכער געדענקט, אז ער איז נאָך ניט אָבגעקומען פאר זיינע זינד? האָט ער זיך געשעהמט ווייזען זיינע אויגען, ווייל ער האָט געדענקט אז אויף זיין פנים ליגט נאָך דער פלעק פון די אונרעכטען וואָס ער איז אמאָל בעגאנגען? איז נאָך זיין מיינונג די צוועלף יאָהר איינזאמקייט אויף'ן אינזעל טייבאָר נאָך ניט גענוג שטראָף פאר איהם? דאָס וואָלט פיליכט א פסיכאָלאָג געקענט לעזען אין זיין געזיכט, ווען ער זאָל איהם ניט האָבען פערשטעלט.

— ניין — האָט איירטאָן געזאָגט נאָך א היבשען שטיל־שווייגען — ניין, דאָס קען ניט זיין די "דאָנקאן"!

— קוקט זיך צו, איירטאָן — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — קוקט זיך צו גוט, ווייל מיר דארפען עס וויסען, ווייל מיר מוזען עס וויסען.

איירטאָן האָט גענומען דעם טעלעסקאָפּ, האָט אויף איהם געקוקט א היבשע צייט, דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— עס איז זיכער א שיף, אָבער איך דענק ניט אז דאָס זאָל זיין די "דאָנקאן".

— וואָרום דענקט איהר אזוי? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— ווייל די "דאָנקאן" איז א דאמפף־יאכט — האָט איירטאָן געענטפערט — און איך בעמערק ניט קיין שפּור פון רויך אָדער דאמפף ארום יענער שיף.

— פיליכט ווערט זי ערשט געטריבען פון די זעגלען, ניט פון דאמפף?

— האָט פענקראָפט געפרעגט — דער ווינד איז ערשט זעהר גינסטיג, קען זיין, אז לאָרד גלענארוואן, אָדער דער קאפּיטאן פון דער שיף ווילען איינשפּאָרען קויהלען און זיי האָבען די פייערען אונטער די קעסלען אויסגעלאָשען.

— מעגליך אז איהר האָט רעכט — האָט איירטאָן געענטפערט — מעגליך, אז די שיף ווערט געטריבען פון ווינד, אָבער מיר מוזען וואַרטען ביז זי וועט צוקומען נעהענטער און דאן וועלען מיר דאָס קענען וויסען.

ביי דיעזע ווערטער האָט זיך איירטאָן אוועקגעזעצט אין א ווינקעל פון צימער און איז פערבליבען שטיל. ספּילעט, פענקראָפט און הערבערט האָבען ווייטער אָנגעפיהרט א געשפּרעך וועגען דער אונבעקאנטער שיף; אָבער איירטאָן האָט זיך ניט אריינגעמישט אין זייערע געשפּרעכען. די דריי קאָלאָניסטען האָבען ניט גערוהט. זיי האָבען אלע ווייִלע געקוקט אין טעלעסקאָפּ, האָבען געפרעגט, געענטפערט און דיסקוטירט; בלויז נעב איז געוועזען געלאסען און קאלטבלוטיג, אזוי וויא די גאנצע זאך זאָל איהם גאָר ניט אָנגעהן. אין די ריכ־

טיגקייט האָט דער ניגער זיך ניט געמאכט קיין גרויסע זאָרג, אויב זיי וועלען ביי א געלעגענהייט קענען אָבפאָהרען אהיים אָדער זיי וועלען מוזען פערבלייבען אויף'ן איינזאמען אינזעל. זיין לאַנד און זיין היים איז געוועזן דאָרט וואו זיין ווירטה, קאפּיטאַן הארדינג, איז געווען, און מיט איהם צוזאמען איז איהם ניט געוועזן קיין אונטערשיעד וואו ער זאָל ניט זיין.

קאפּיטאַן הארדינג ווידער איז געזעסען פערטראַכט. ער איז געוועזן מעהר ערשראָקען וויא נייגעריג צו זעהן דיא שיף קומענדיג נעהענטער. ער האָט שטארק מורא געהאט, אז דאָס איז א פּיראַטען־שיף, און ווער ווייסט וואָס פאר א קאמפּף עס וועט דארפען פּאָרקומען צווישען זיי און דיא פּיראַטען? ער האָט זיינע קאָלעגען ניט געוואָלט ענטמוטהיגען און ער האָט זיי פריהער געזאָגט, אז זיי וועלען מיט דער שיף אָבפאָהרען אהיים און דאַן צוריק קומען מיט פיעלע אנ־דערע וואָס וועלען לוסט האָבען צו קאָלאָניזירען דעם לינקאָלן אינזעל; אָבער אין הארצען האָט ער אנדערש געטראַכט און ער איז געוועזן ניט ווענוג פער־צווייפעלט.

דיא שיף איז דערווייל צוגעקומען אביסעל נעהענטער צום אינזעל. מען האָט דורך'ן טעלעסקאָפּ געקענט זעהן אז זיא איז א צווייִמאַסטיגע שיף און ניט אזעלכע וואָס פּיראַטען געברויכען. דעם אינזשיניר איז אביסעל לייכטער געוואָרען אויף'ן הארצען און ער האָט אָנגעהויבען גלויבען, אז קיין געפאַהר איז אין דער שיף ניטאָ. פּענקראָפט האָט מיט זיינע שארפע אויגען גוט בעקוקט דיא שיף דורך'ן טעלעסקאָפּ און ער האָט זיינע קאָלעגען פערזיכערט, אז זיא שווימט צום לינקאָלן אינזעל. איירטאָן האָט עס בעשטעטיגט. דיא שיף האָט זיך דאַן פערדרעהט אביסעל אָן א זייט און עס איז שווער געווען צו בעאָבאַכטען איהר דורך דיא פענסטער פון גראַניט הויז. דערווייל איז געוואָרען פינף אוהר פארנאַכט און אין דרויסען האָט אָנגעהויבען דונקעל ווערען.

— וואָס וועלען מיר טהאָן ווען עס וועט אָנקומען נאַכט? — האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט — וועלען מיר אויפלעגען א פייער צו צייגען אונזער אנווע־זענהייט דאָ אויף'ן אינזעל?

דאָס איז געוועזן אן ערנסטע פראַגע. דיא שיף קען דאָך דורך דער נאַכט אוועקפאָהרען ווייט און זיא וועט זיך שוין פיליייכט ניט אומקעהרען צוריק אין יענע וואסערען, היינט ווער ווייס וואָס פאר א גליקליכע געלעגענהייט דיא קאָ־לאָניסטען קענען ארויסלאָזען פון זייערע הענד? דאָך האָט זיך סיירוס הארדינג ניט געאיילט צו געבען אנטוואָרט אויף דיעזער וויכטיגער פראַגע, אָבער דער רע־פּאָרטער האָט זיין אייגענע פראַגע אליין פערענטפערט:

— יא — האָט ער געזאָגט — מיר דארפען יענע שיף צואווייסען געבען פון אונזער עקזיסטענץ אויף דיעזען אינזעל. וואָס פאר א שיף זיא זאָל ניט

זיין, דארף זיא וויסען פון אונז. ווען מיר ווע̇לען עס פערנאכ̇לעסיגען וועלען מיר עס נאכהער פיע̇ל בעדויערען.

דער אינזשיניר האָט דורך א פּאָר ווערטער איינגעשטימט צו דיעזען פּראָיעקט.

עס איז דארום בעש̇לאָסען געוואָרען, אז נעב און פּענקראָפט זאָלען אווק־געהן צו פאָרט באַלון און ווען עס וועט נאכט ווערען זאָלען זיי דאָרט אויפ̇לעגען א גרויסען פייער, אום צו ציהען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דער אונבעקאַנטער שיף.

אָבער אין דעם מאָמענט ווען נעב און דער מאטראָז זיינען פערטיג געווען צו פער̇לאָזען דיא גראניט הויז האָט זיך דיא שיף צוריק בעוויזען און מען האָט גע־זעהן אז זיא שווימט זעהר שנע̇ל. נעב און פּענקראָפּט האָבען שוין דארום אָב־געוואַרט צו הערען א ריכטיגען אנטוואָרט פון איירטאָן, אויב דאָס איז דיא "דאָנקאַן" אָדער ניט. דיא אונבעקאַנטע שיף איז דאַן געווען ב̇לויז פינף מייל ווייט פון ̇לינקאָלן אינזע̇ל. איירטאָן האָט זיך גוט איינגעקוקט אין טע̇לעסקאָפּ און האָט געזאָגט:

— ניין, דאָס איז ניט דיא "דאָנקאַן", דאָס קען ניט זיין דיא "דאָנקאַן". דיא שאָט̇לענדישע יאכט־שיף איז געווען א דאַמפּפער און אויף דיעזער שיף זעה איך קיין קוימען צווישען דיא מאַסטען.

פּענקראָפּט האָט דאַן געקוקט דורך'ן טע̇לעסקאָפּ און ער האָט מיט זיין ב̇ליק דיא שיף אָבגעמאָסטען. ער האָט דייט̇ליך געזעהן אז זיא איז שמאָ̇ל און ̇לאַנג, גוט געבויט און איהר געוויכט האָט ער געשאַצט צווישען דריי און פיער הונדערט טאָן (א טאָן איז 2,000 פונט). צו וואָס פאַר א ̇לאַנד אָדער נאציאָן זיא בע̇לאַנגט, האָט פּענקראָפּט ניט געקענט זאָגען.

— איך זעה דאָרט אויף איהר א פ̇לאַג — האָט דער מאטראָז געזאָגט — אָבער איך קען ניט זעהן וואָס פאַר א קאָ̇ליר דער פ̇לאַג האָט און איך קען דארום ניט בעשטימען פון וואָס פאַר א ̇לאַנד זיא קומט.

— אין א האַ̇לבע שטונדע ארום וועלען מיר דאָס וויסען — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — אויסערדעם זעהט דאָך אויס אז דער קאַפּיטאַן פון יענער שיף דענקט צו ̇לאַנדען אויף אונזער אינזע̇ל, וועלען מיר מיט איהם נאָך היינט אָדער שפּעטסטענס מאָרגען בעקאַנט ווערען און מיר וועלען אַ̇לעס וויסען.

— ניין — האָט פּענקראָפּט געזאָגט — מיר דאַרפען פאָראויס וויסען מיט וועמען מיר האָבען צו טהאָן און איך וואָ̇לט זעהר וועלען דערקענען דיא ̇לייטע איידער זיי קומען צו אונז.

דער מאטראָז איז שוין ניט אָבגעטראָטען פון טע̇לעסקאָפּ און ער האָט ניט אראָבגענומען דיא אויגען פון דער שיף, וואָס איז צוגעקומען א̇לץ נעהענטער און נעהענטער.

דיא ליכט פון טאָג האָט אָנגעהויבען פערשווינדען און אין דרויסען איז געוואָרען דונקעל אזוי, אז מען האָט שוין געדארפט האָבען א שארפען בליק צו קענען פון וויטענס אונטערשיידען פון איין קאָליר צו אן אנדערען. ווען דיא פלאג פון יענער שיף וואָלט געפלאטערט, וואָלט פענקראָפט מיט זיינע שארפע אויגען דערקענט פון וואָס פאר א קאָליר אָדער קאָלירען זיא איז; אָבער אזוי וויא דער ווינד איז שטיל געוואָרען און דיא פלאג איז געהאנגען אויף'ן מאסט, האָט פענקראָפט אויך ניט געקענט גענוי בעשטימען וואָס פאר א פארבען זיא האָט.

— דאָס איז ניט קיין אמעריקאנער פלאג — האָט דער מאטראָז געזאָגט — דאָס איז אויך ניט קיין ענגלישע, פון וועלכע איך וואָלט בעמערקט דעם רויטען קאָליר. איך זעה דאָרט אויך ניט דיא קאָלירען פון א פראנצויזישע אָדער דייטשע פלאג, איך בעמערק אויך ניט דעם ווייסען טהייל פון א רוסישער פלאג, אויך ניט דעם געלען קאָליר פון א שפאנישער. עס ווייזט אויס, אז דיא פלאג איז פון איין קאָליר, אָבער וואָס פאר א קאָליר — דאָס קען איך ניט וויסען. לאָמיר נור זעהן, וואָס פאר א שיפען קענען פערבלאָנדזשעט ווערען אין דיע־זע וואסערען? פון טשילי, פון בראזיליען, אָדער פון יאפאן? אָבער דיא פלאגס פון יענע לענדער זיינען פון איין קאָליר —

פענקראָפט האָט נאָך קיין צייט געהאט צו ענדיגען וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, ווען איירטאָן האָט א בליק געטהאָן אין טעלעסקאָפּ און ער האָט אויס־געשריען:

— דיא שווארצע פלאג!

אין יענעם מאָמענט האָט זיך ווירקליך אויפגעהויבען א ווינד, דיא פלאג פון דער שיף האָט זיך פונאנדערגעשפרייט און מען האָט געקענט זעהן וואָס פאר א קאָליר זיא האָט.

א שווארצע פלאג איז דער צייכען פון א פיראטען שיף און וויא עס האָט אויסגעזעהן איז סיירוס הארדינג גערעכט געווען מיט זיין פערדאכט. אָבער צו וואָס פאר א צוועק זאָלען פיראטען פאָהרען אין אזא איינזאמע, פערוואָרפענע געגענד? ציעלען זיי טאקי צו לינקאָלן אינזעל, וועלכער איז גענצליך אונבע־וואוסט? ווילען זיי אויף דיעזען אינזעל מאכען זייער לאגער פאר'ן ווינטער? אנטלויפען זיי פון פערפאָלגער און זיי ווילען דעם אינזעל מאכען פאר זייער שוטץ־אָרט, אָדער זיי האָבען צופעליג פערבלאָנדזשעט אהין — דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט ענטשיידען.

דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען ניט געצווייפעלט, אז לויט דעם קאָליר פון דער פלאג בעלאנגט דיא שיף צו פיראטען, אָבער זיי האָבען ניט געקענט ווי־סען, אויב זיא איז טאקי א פיראטען שיף אָדער א פריוואט שיף וואָס דיא ים־רויבער האָבען פון ערגיץ אוועקגענומען, אקוראט אזוי וויא איירטאָן און זיין באנ־

דע האָבען אמאָל געוואָלט אוועקנעהמען די "דאָנקאָן". דיסקוטירען וועגען דעם איז קיין צייט געווען.

— מיינע פריינדע — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — פיליכט ווילען דיא לייטע פון יענער שיף בלויז בעקוקען אונזער אינזעל? פיליכט דענקען זיי בלויז פערבייפאָהרען נעבען איהם, אָבער לאנדען וועלען זיי דאָ ניט? עס קען דאָך זעהר זיין, אז זיי וועלען אהער צופאָהרען און זיי וועלען דאן אוועקפאָהרען ווייטער. אויב דאָס איז אזוי, האָבען מיר נאָך א געלעגענהייט צו בעהאלטען זיך און זיי וועלען גאָר ניט וויסען פון אונזער עקזיסטענץ. אונזער ווינד־מיהל אויף פּראָספּעקט האיטס קען מען ערשט ווייניג וואָס זעהן. זאָלען נאָך איירטאָן און נעב געהן און ארונטערנעהמען דיא פליעגעל פון מיהל, לאָמיר אויך פערשטעלען דיא פענסטער פון אונזער הויז מיט צווייגען, דיא פייערען וואָס מיר האָבען דאָ לאָמיר אויסלעשען און דיא פיראטען וועלען קיין פערדאכט האָבען, אז דאָ געפינען זיך מענשען.

— און אונזער שיף? — האָט הערבערט געפרעגט.

— אָה — האָט פענקראָפט געענטפערט — דיא "באָנעדווענטשור" איז פערשטעלט פון אלע זייטען אין פּאָרט באלון און איך בין אזוי גוט וויא זיכער, אז דיא באנדיטען וועלען זיא ניט זעהן.

דעם אינזשיניר'ס אָרדערס זיינען באלד דורכגעפיהרט געוואָרען. נעב און איירטאָן זיינען אוועק צום מיהל און האָבען ארונטערגענומען דיא פליעגעל, וועהרענד דיא אנדערע קאָלאָניסטען זיינען אוועק אין וואלד און האָבען געבראכט פערשיעדענע צווייגען און גראָזען און פערשטעלט דיא פענסטער פון גראניט הויז פון אויסוויינינג אזוי, אז עס איז קיין צייכען פערבליבען, אז דאָרט געפינט זיך א וואָהנונג פאר מענשען. זיי האָבען נאכהער צוגעגרייט זייערע ביקסען און קוילען, אום זיי זאָלען זיך קענען פערטהיידיגען אין פאל אויב דיא ים־רויבער וועלען פון זייער אנוועזענהייט ערפאהרען און וועלען זיי אָנגרייפען.

ווען זיי זיינען מיט אלעם פערטיג געוואָרען, האָט קאפּיטאן הארדינג געזאָגט:

— מיינע פריינדע, אויב יענע ניעדערטרעכטיגע לומפען וועלען פּרובירען פערכאפּען אונזער אינזעל זאָלען מיר איהם פערטהיידיגען אָדער ניט?

— געוויס יא — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — איך מיין, אז מיר דארפען זאָגאר אָפּפערען אונזערע לעבענס פאר אונזער אינזעל.

דער אינזשיניר האָט אָנגענומען דעם רעפּאָרטער'ס האנד און ער האָט זיא ליעבליך געדריקט. ער האָט דאָס זעלבע געטהאָן מיט זיינע אנדערע קאָמפּאַניאָנען.

בלויז איירטאָן האָט זיך פערשטעקט אין א ווינקעל און ער האָט אויסגעמידען דיא הענד־דריקע פון זיינע ניי־געוואָרענע קאָלעגען. פיליכט האָט ער,

דער געוועזענער פערברעכער, זיך נאָך אלץ געפיהלט ווערטהלאָז, אז זיין חאַר־זאָל פון יעמאנדען גערריקט ווערען.

סיירוס הארדינג האָט פערשטאנען וואָס איירטאָן דענקט. ער איז צו איהם צוגעגאנגען און געפרעגט:

— און איהר, איירטאָן, וואָס וועט איהר טהאָן?

— מיין פפליכט — האָט איירטאָן קורץ געענטפערט.

ער האָט זיך דאן אוועקגעשטעלט ביים פענסטער און געקוקט דורך דיא שפאַלטען צווישען דיא צווייגען.

עס איז שוין געוועזען האלב אכט דער זייגער. דיא זונן איז שוין געהאט פערגאנגען מיט צוואנציג מינוטען פריהער און עס איז שוין געוועזען כמעט גוט פינסטער. דאָך איז דיא קומענדע שיף געזעהן געוואָרען. זיא איז גע־שוואומען פונקט אנטקעגען גראניט הויז און איז שוין געוועזען בלויז צווי מייל ווייט פון דאָרט. אויב זיא וועט בלויז פערבייפאָהרען דעם לינקאָלן אינזעל און דאן פאָרטזעצען איהר רייזע אין ברייטען מעער, אָדער זיא וועט זיך אָב־שטעלען און איהר מאנשאפט וועט לאנדען — דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען אלץ ניט געקענט וויסען און זיי האָבען געהאט צו ווארטען ביז דיא צייט וועט זיי דיעזע פראגע פערענטפערען.

סיירוס הארדינג האָט אונטערדעסען זיך אליין געשטעלט אנדערע פראַ־גען: פיליכט זיינען דיא פיראטען שוין אמאָל געוועזען אויף דיעזען אינזעל? פיליכט האָבען זיי זייער שווארצען סיגנאל ארויסגעשטעלט פאר זייערע מיט־ברידער וואָס געפינען זיך ערגיץ אויף'ן אינזעל אין א פלאץ וואָס זיי, דיא קאָלאָניסטען, האָבען נאָך ניט אויסגעפאָרשט? פיליכט קומען זיי ערשט מיט דעם אבזיכט אוועקצונעהמען דעם אינזעל פון איהם און זיינע קאָמפאניאָנען, וועלכע האָבען דאָרט אזוי פיעל מיה אוועקגעלעגט?

דיעזע פראגען האָבען געעגבערט זיין מח, אָבער ער האָט אויף זיי קיין אנט־וואָרט ניט געקענט געפינען. יעדענפאלס האָט ער מיט זיינע קאָמפאניאָנען בעשלאָסען, אז אויב עס וועט קומען צו א צוזאמענשטויס צווישען זיי און דיא ים־רויבער, זאָלען זיי קעמפפען ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט, אום צו פער־טהיידיגען דיא קליינע קאָלאָניע, וועלכע זיי האָבען ערוואָרבען דורך בלוט און שוויים. דיא קאָלאָניסטען זיינען זעהר נייגעריג געוועזען צו וויסען וויפיעל דיא פיראטען צעהלען זיך און אויב זיי האָבען פיעל געוועהר און קוילען, אָבער וויא אזוי האָבען זיי אזא זאך געקענט וויסען?

עס איז געוואָרען נאכט. א געדיכטע פינסטערניס האָט ארומגעוויקעלט דעם לינקאָלן אינזעל און דעם ים ארום און ארום. קיין ליכט, קיין שיין איז ערגיץ געזעהן געוואָרען. דיא לייכטונג אויף דער קומענדער שיף איז געוועזען אויסגעלאָשען און מען האָט ניט געקענט בעמערקען, אויב א שיף קומט פון

ערגיץ אָדער ניט. דיא שיף איז אזוי וויא פערשוואונדען געוואָרען און מען האָט ניט געוואוסט וואו זיא איז הינגעקומען.

— ווער ווייסט — האָט פענקראָפט געזאָגט — פיליייכט האָט דיא פערפלוכטע שיף געאנקערט אויף איבער נאכט און מיר וועלען זיא ניט קענען זעהן ביז מאָרגען פריה?

אָבער אזוי וויא אלס אן ענטפער צום מאטראָז'ס פראגע האָט זיך בעוויזען א העלע שיין און א שאָס פון א קאנאָנע האָט זיך געהערט.

דיא קאָלאָניסטען זיינען דאן געווען זיכער, אז דיא שיף איז דאָ און אז זיא פיהרט מיט געוועהר.

פון דער צייט וואָס דער בליאסק איז געזעהן געוואָרען ביז דער קראך איז געקומען האָט געדויערט זעקס סעקונדען. הארדינג האָט דערפון אויסגערעכענט, אז דיא שיף געפינט זיך א מייל ווייט פון גראַניט הויז.

אין דער זעלבער צייט האָבען דיא קאָלאָניסטען געהערט דאָס בראזגען פון קייטען. דיא שיף האָט עס דאמאָלסט ארונטערגעלאָזט דעם אנקער.

## 2טעם קאפיטעל.

אויירטאָן'ס ריזיקאלישע אונטערנעהמונג. — פערברעכער פון אינזעל נאָרפאָלק. — אויירטאָן אויף דער "ספידי". — דערקענט זיין געוועזענעם חבר. — דער בלוטיגער קאַמפף. — צוריק אויף לינקאָלן אינזעל.

---

עס איז שוין מעהר קיין צווייפעל געווען ביי קיינעם, אז דיא פיראטען מיינען צו בעזוכען דעם לינקאָלן אינזעל. זיי האָבען זייער שיף געאנקערט ניט ווייט פון ברעג, וואהרשיינליך מיט דעם אבזיכט, אז אויף מאָרגען זאָלען זיי צו־פאָהרען צום אינזעל מיט קליינע שיפלעך.

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען געווען גרייט צו אלעס, זאָגאר צו דאָס ערגסטע. אָבער וויא ענטשלאָסען זיי זיינען געווען האָבען זיי אויך אין זינען געהאט צו זיין פאָרזיכטיג און זיך היטען וויא ווייט מעגליך אויסצומיידען א צוזאמענשטויס צווישען זיי און דיא ים־באנדיטען. פיליייכט וועט זיי מעגליך זיין צו בעהאלטען זייער אנוועזענהייט פון דיא פיראטען? פיליייכט וועט דיא רויבער־באנדע בלויז קומען אויף'ן אינזעל אויף א קליינע ווייל און זיי וועלען איהם ניט אויספאָרשען? פיליייכט וועלען זיי בלויז אָננעה־מען פרישעס וואסער פון דער "מערסי" און וועלען באלד אָבפאָהרען? פיליייכט וועלען זיי ניט בעמערקען דעם בריק איבער'ן טייך וואָס איז א מייל און א האלב

ווייט? פיליכט וועלען זיי צום גליק פערזעהן זייערע פאבריקען ביי דיא "טשימ־
ניס" און זיי וועלען גאָר קיין פערדאכט בעקומען, אז יעמאנד געפינט זיך
אויף'ן אינזעל? אָט דיא אלע זאכען האָבען דיא קאָלאָניסטען איבערגעטראכט
און זיי האָבען אָנפאנגס עטוואָס געהאָפט, אז עס וועט פיליכט צו קיין געפאהר
ניט קומען. אָבער ווען זיי האָבען זיך וועגען דעם דורכגערעדט, האָבען זיי איינ־
געזעהן, אז זיי האָבען א טעות.

צו וואָס האָבען דיא פּיראטען אויפגעצויגען זייער פלאג איידער זיי זיינען
געקומען צום אינזעל? און צו וואָס האָבען זיי אויסגעשאָסען פון דער קאַנאָנע?
דיעזע פראגען האָבען דיא קאָלאָניסטען געשטעלט איינע דיא אנדערע. זיי
האָבען געוואוסט, אז ווען דיא לייטע פון דער שיף וואָלטען בלויז געווען צו־
פעליגע דורכפאָהרער וואָלטען זיי דיא ביידע זאכען ניט געטהאָן. זיי האָבען
דארום אָנגענומען, אז מיט דער פלאג און דאָס אָבפייערען פון דער קאַנאָנע
האָבען דיא ים־באנדיטען ערקלערט דעם לינקאָלן אינזעל אלס זייער אייגענטהום
און זיי וועלען געווים אָנפיהרען א מלחמה מיט דיא ביז יעצטיגע בעזיצער פון
אינזעל, און מיט וואָס וועלען זיי, דיא קאָלאָניסטען, ענטפערען אויף דיא קאַ־
נאָנען שיסע פון פיינד, אז מעהר וויא קליינע ביקסען האָבען זיי ניט? דיע־
זע פראגע האָט זיי שטארק בעאונרוהיגט און דיא מוטהיגע בראווע מענשען זיי־
נען אן עכט ביסעל פערצווייפעלט געוואָרען. אָבער סירוס הארדינג האָט זיינע
קאָמפּאניאָנען געטרייסט און געזאָגט:

— מיר דארפען זיך, פריינדע, ניט פיעל שרעקען, ווייל מיר זיינען אין אן
אונבעזיעגבארען צושטאנד. דער פיינד וועט ניט געפינען דיא עפענונג פון דער
הייהל וואָס פיהרט צום גראניט הויז; פון דער זייט צום ים וועלען זיי אויך ניט
דערקענען, אז דאָ איז א וואָהנונג פון מענשען, זאָבאלד מיר האָבען דיא
פענסטער פערשטעלט, און איך גלויב אז זיי וועלען אוועקפאָהרען זייער וועג
און זיי וועלען גאָר ניט וויסען, אז יעמאנד איז דאָ פאראן.

— אָבער אונזער פעלד, אונזער גרינס גאָרטען, אונזער געפליעגעל־הויף
און אונזערע שטאהלען! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען, טופּענדיג מיט'ן
פוס.

— פערפאלען! — האָט הארדינג געענטפערט — קענען מיר דען עפּעס
העלפען?

— דיא פראגע איז — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — וויפיעל
זיינען זיי אין צאָהל? — אויב דיא ים־רויבער זיינען ניט מעהר וויא צעהן
אָדער צוועלף פערזאָן קענען מיר זיך אונטערנעהמען צו קעמפפען אנטקעגען
זיי; קוים אָבער זיינען זיי מעהר, וועלען מיר זיי מוזען לאָזען טהאָן וואָס
זייערע הערצער וועלען גלוסטען.

— קאַפּיטאַן האַרדינג — האָט זיך איירטאָן אָבגערופען — װעט איהר מיר געבען דיא ערלויבניס?

— ערלויבניס צו װאָס, מיין פריינד?

— צו געהן צו יענער שיף און אויסגעפינען דיא מאַכט פון איהר מאַנשאַפט.

— אָבער, איירטאָן — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — איהר װעט דאָך ריזיקירען מיט אייער לעבען?

— און װאָרום טאַקי ניט, מיין הערר?

— דאָס איז צופיעל. איהר זיינט אויף אזוי פיעל ניט פערפּפליכטעט.

— איך דאַרף טהאָן מעהר װיא מיין פּפליכט — האָט איירטאָן געענט־פערט.

— װעט איהר געהן צו דער שיף אין א קליין שיפעל? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— ניין, מיין הערר, איך װעל שװימען. א שיפעל װעלען דיא לייטע פון שיף דערזעהן; מיך אליין אָבער װעלען זיי ניט בעמערקען.

— װייסט איהר, אז דיא שיף איז א מייל און א פיערטעל װייט פון ברעג? — האָט הערבערט געפרעגט.

— איך זאָג אייך, איירטאָן, אז דאָס איז א העכסט ריזיקאַלישע אונטער־נעהמונג — האָט דער אינזשיניר געזאָגט.

— דאָס מאַכט מיר קיין אונטערשיעד — האָט איירטאָן פעסט ענטשלאָ־סען געענטפערט — אויב עס איז ריזיקאַליש אָדער ניט. קאַפּיטאַן האַרדינג, איך בעט אייך אז איהר זאָלט מיר טהאָן דיא געפעליגקייט און מיך לאָזען שװי־מען צו דער שיף, פיליייכט דורך דיעזען טהאַט װעל איך אין מיינע אייגענע אויגען אביסעל ערהויבען װערען.

— געהט, איירטאָן — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — געהט, און זאָל אייך גאָט בעגליקען.

סיירוס האַרדינג האָט איהם דיעזע ערלויבניס געגעבען געגען זיין װילען. אָבער ער האָט איינגעזעהן, אז דער ניעדערגעפאַלענער געװעזענער פערברעכער װעט זיך זעהר פיעל ערגערען װען ער װעט איהם דיא ערלויבניס ניט געבען און ער האָט איהם געהייסען געהן.

— איך װעל מיט איהם מיטגעהן — האָט פּענקראָפט געזאָגט.

— האָט איהר קיין צוטרויען צו מיר? — האָט איירטאָן אויסגעשריען — אך, מיין גאָט, ביז װיא לאַנג?

— ניין, ניין! — האָט האַרדינג אויסגערופען — ניין, איירטאָן, פּענק־ראָפט מיינט עס ניט, איהר האָט איהם ניט גוט פערשטאַנען.

— ריכטיג אזוי, פריינד איירטאָן — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — איך מיין גאָר ניט צו געהן מיט אייך צו דער שיף. איך װיל אייך בלויז בעגליי־

טען ביז דעם קליינעם אינזעל, פיליכט האָט דאָרט איינער פון דיא באנדיטען גע־לאנדעט און ער וועט וועלען געבען א סיגנאל צו זיינע מיטברידער, וועלען מיר איהם אין צווייען קענען אָבהאלטען. איך וועל דאָרט ווארטען פאר אייך און איהר וועט אליין צושווימען צום שיף.

דערמיט איז איירטאָן צופריעדען געוועזן און ער איז אוועק אין דיא בעגלייטונג פון פענקראָפט.

איירטאָן האָט אראָבגעצויגען זיינע קליידער און ער האָט זיך גוט אויסגע־ריבען מיט גראָז, אום ער זאָל ניט אזוי שטארק פיהלען דיא קעלט פון דעם וואסער, וואו ער איז געוועזן ענטשלאָסען צו פערבלייבען איינינע שטונדען, אויב עס וועט נויטיג זיין. זיין פּלאן איז געוועזן, ער זאָל צושווימען צום שיף, זיך אָנהאלטען אָן איינע פון דיא קייטען און זיך צוהערען וואָס אין שיף געהט פאָר. אין דיא פינסטערניס פון דער נאכט, האָט ער געהאָפט, וועט איהם קיינער פון שיף ניט בעמערקען.

וועהרענד איירטאָן האָט זיך פערטיג געמאכט צום שווימען, האָט פענקראָפט געבראכט זייער קליינע שיפעל, מיט וועלכע זיי זיינען אריבערגעפאָהרען דעם קאנאל, וואָס האָט אָבגעשיידעט דעם לינקאָלן אינזעל פון דעם קליינעם אינזעל אויף וועלכען דיא קאָלאָניסטען זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון ים, ווען דיא קאטאסטראָפע מיט זייער באלון האָט פּאסירט. זיי זיינען געפאָהרען לאנג־זאם און פאָרזיכטיג אוים מורא, אז דיא פּיראטען זאָלען ניט דערהערען דעם גערויש פון זייערע רודערס. ווען זיי זיינען אריבערגעפאָהרען דעם קאנאל, זיינען זיי אריבער דעם שמאָלען אינזעל און איירטאָן איז אריינגעשפרונגען אין מעער און זיך געלאָזט שווימען. פענקראָפט האָט זיך פערשטעקט הינטער א פעלז און געוואַרט ביז איירטאָן וועט צוריק קומען. דיא איבעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען זיך בעהאלטען אין דיא "טשימניס", אום זיי זאָלען גיכער קענען בעקומען א נאכריכט פון איירטאָן.

עס איז געוועזן האלב עלף דער זייגער, ווען איירטאָן האָט אָנגעהויבען שווי־מען צו דער פּיראטען שיף. עס איז געוועזן עכט פינסטער, אָבער ער האָט דיא שיף דייטליך געקענט זעהן. איירטאָן איז געוועזן בראוו און מוטהיג. ער האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאר דיא געפאהרען אונטער וועלכע ער איז געוועזן אונ־טערוואָרפען. ער האָט גאָר ניט געדענקט, אז ער קען דערשאָסען ווערען פון דיא פּיראטען, ער האָט ניט איבערגעקלערט אז ער קען דערטרונקען ווערען, אָדער האיפישען קענען איהם אויפפרעסען לעבעדיגערהייד; איהם האָט קיין זאך ניט געקימערט. ער האָט זיין אונטערנעהמונג געהאלטען פאר זיין פפליכט, פאר זיין הייליגע שליחות און ער האָט עס געוואָלט דורכפיהרען.

מיט א האלבע שטונדע שפּעטער איז איירטאָן צוגעקומען צום שיף. קיי־נער פון דיא מאנשאפט אָדער פּאסאזשירען פון שיף האָט איהם געזעהן אָדער עט־

וואָס געהערט פון איהם. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן א קייט פון אַנקער און ער האָט זיך פעסטגעהאַלטען. ווען ער האָט זיך אָבגערוהט איז איהם געלונגען ארויפצוקלעטערען אויף'ן פאָדערשטען טהייל פון שיף וואָס שניידט דורך דעם וואַסער. דאָרט האָבען זיך געטריקענט איינינע פּאָר מאַטראָזען הויזען. ער האָט ארונטערגענומען א פּאָר און זיי אָנגעטהאָן. ער האָט זיך דאָרט אוועקגעזעצט און זיך אויפמערקזאם צוגעהערט וואָס אין שיף געהט פּאָר. ער האָט געהערט וויא מען רעדט דאָרט, מען זינגט און מען לאַכט. צווישען אנדערעס האָט ער דייטליך געהערט פאָלגענדע פראַזען:

"אונזער שיף איז אָן אויסגעצייכענטע זיעגערין".

"זיא שווימט גוט און פערדיענט דעם נאָמען "ספּידי" (שנעל, געשווינד).

"הורא פאַר איהר קאַפּיטאַן!"

"הורא פאַר באָב הארווי!"

איירטאָן איז אָן אויפגעציטערטער געוואָרען, ווען ער האָט דערהערט דיא דערמאָהנטע פראַזען. באָב הארווי איז געוועזען איינער פון זיינע אַלטע קאָלעגען אין אויסטראַליען. זיי האָבען צוזאַמען געטריבען און פערשיעדענע פערברעכענס בעגאַנגען. דיעזער הארווי איז אַמאָל אויך געוועזען א מאַטראָז, אָבער ער האָט אויפגעגעבען זיין שטעלע און ער איז געוואָרען א געפעהרליכער פערברעכער. דיא שיף, האָט איירטאָן געוואוסט, האָט דער הארווי מיט זיין באַנדע אוועקגענומען פון דיא ברעגען פון אינזעל נאָרפאָלק. דיא "ספּידי" איז געוועזען אָנגעלאָדען מיט וואַפען, קוילען, שיס־פּולווער און אנדערע קריעגס־מאַטעריאַלען און פערשיעדענע כלים, אינסטרומענטען און ווערק־צייג. זיא האָט געזאָלט אָבפאָהרען צו דיא סענדוויטש אינזלען, ווען באָב און זיינע מיטהעלפער, אַנטלאָפענע ארעסטאַנטען, האָבען זיא אוועקגעטריבען. באָב און זיין באַנדע, האָט איירטאָן געוואוסט, זיינען פיעל ערגער און געפעהרליכער פון דיא מאַלאַיער פּיראַטען, ווייל זיי אַליין, דיא פּיראַטען פון דיא מאַלאַי אינזעל, ווערען בערויבט און אויסגעשלאַכטעט פון באָב און זיין חברה.

וויא איירטאָן האָט פערשטאַנען, האָט דיא רויבער באַנדע גע'שכור'ט אויף'ן שיף, און לויט זייערע קולות, האָט אויסגעזעהן אז זיי זיינען ניט וועניג אין צאָהל.

אצינד איז צייט צו ערקלערען וואָס דער נאָרפאָלק אינזעל איז. ער ליגט 29 גראַד, צוויי מינוטען סאוטה לאַטיטיוד (ברייט פון דער וועלט), און 165 גראַד, 42 מינוטען איסט לאָנגיטיוד (לענג פון דער וועלט), צו מזרח זייט פון אויסטראַליען. דער אינזעל איז זעהר א קליינער און האלט בלויז זעקס מייל אין אומקרייז, עס הייסט, אז מיט א שטריק וואָס איז זעקס מייל לאַנג, קען מען דעם גאַנצען אינזעל ארומרינגלען. דיא ענגלישע רעגיערונג פלעגט אַמאָל אהין פערשיקען קרימינאַלע פערברעכער. דאָרט זיינען אויפגעהאַלטען געוואָרען

פינף הונדערט פון ענגלאַנד'ס ערגסטע און געפעהרליכסטע באנדיטען. דער אינ־זעל איז געווען בעוואכט פון 150 סאָלדאטען און פופציג רעגיערונגס אָנגע־שטעלטע. דיא געפאנגענע זיינען דאָרט געהאלטען געוואָרען אונטער א שטרענגע דיסציפּלין; אָבער דיא דאָרטיגע פערשיקטע באנדיטען פלעגט אמאָל געלינגען צו אנטלויפען. זיי פלעגען ערגיץ פערכאפּען א שיף און ווערען ים־רויבער.

איינער פון דיעזע איז געווען באָב הארווי און אזוי זיינען אויך געווען זיינע קאָמפּאניאָנען. איירטאָן האָט אמאָל אויך געוואָלט טהאָן דאָס זעלבע, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. באָב הארווי האָט פערכאפּט דיא שיף "ספּידי", האָט אויסגעשלאכטעט איהר מאנשאפט, און דאָס איז שוין דא־מאָלס געווען א יאָהר און א האלב זייט ער האָט זיך ארומגעטריבען איבער'ן פּאסיפיק (שטילען מעער) מיט א קאָמפּאניע רויבער און מערדער וואָס ער האָט געהאט אונטער זיין קאָמאנדע.

דיא געשפּרעכען און געלעכטערס צווישען דער רויבער באנדע זיינען נאָך אלץ אָנגעגאנגען. איירטאָן האָט א סך ווערטער און פראזען דייטליך געהערט און ער האָט זיך איבערצייגט, אז דיא לייטע זיינען געקומען צום לינקאָלן אינ־זעל דורך א צופאל, אָבער זיי זיינען דאָרט פריהער ניט געווען און זיי האָבען זאָגאר ניט געוואוסט, אז אזא אינזעל עקזיסטירט. איירטאָן האָט אָבער איבער־געטראכט, פיליייכט וועט באָב הארווי'ן דער ניי־ענטדעקטער אינזעל געפעלען ווערען און זיי וועלען זיך אויף איהם בעזעצען.

איירטאָן איז געווען פעסט איבערצייגט, אז דיא פּיראטען האָבען קיינעם ניט אויף'ן אינזעל, און דאָס וואָס זיי האָבען ארויפגעצויגען זייער שווארצע פלאג אויף'ן שיף און זיי האָבען אויסגעשאָסען, איז ניט געווען קיין סיגנאל צו יעמאנדען, אזוי וויא הארדינג האָט געהאט געדענקט, זאָנדערן אן איינפאכע שטיפעריי פון דיא רויבער.

עס האָט אלזאָ געדראָהעט א שרעקליכע געפאהר אויף דעם פערמעגען פון דיא קאָלאָניסטען, און עס איז געווען זעהר וואהרשיינליך אז זייערע לעבענס זיי־נען אויך געהאנגען אויף א האָר. באָב הארווי, האָט איירטאָן געוואוסט, איז אזוי וויא א בלוט־דורשטיגע חיה, און אויב נור ער וועט בעשליסען צו מאכען דעם אינזעל פאר זיין הויפּט קווארטיר, וועלען ער און זיינע מענשען זיכער אויסשלאכטען אלע זייטיגע פּערזאָנען וואָס זיי וועלען דאָרט געפינען. יעדענ־פאלס, האָט איירטאָן ביי זיך געטראכט, וועט מוזען קומען צו א צוזאמענ־שטויס צווישען דיא בעזיצער פון אינזעל און דיא פּיראטען און אָהן א בלוטיגע מלחמה וועט עס ניט אָבגעהן.

אָבער קענען זיי האָפען צו בעזיעגען דיא באנדע? איז מעגליך אז זיי זאָלען דיא באנדיטען קענען פערטרייבען? דאָס אָנבעלאנגט אָן דעם, וויא גרויס דיא באנדע אויף דער "ספּידי" איז און וועלכע און וויפיעל וואפען זיי האָבען.

דאָס אַלעס האָט איירטאָן בעשלאָסען אויסצוגעפינען, מעג עס איהם זאָגאר קאָסטען זיין לעבען.

ער האָט אָבגעוואַרט ביי א שטונדע צייט. דיא געשרייען, זינגעריי און געלעכטער זיינען אין שיף אַלע מאָל שטילער געוואָרען, ביז עס איז געוואָרען אין גאנצען שטיל. איירטאָן האָט פערשטאנען, אז זיי זיינען אַלע פון שכרות איינגעשלאָפען און ער האָט בעשלאָסען ארויפצוקלעטערען אויף'ן דעק.

אויף'ן שיף איז דורכאויס געווען פינסטער. דיא לאנטערנעס זיינען געווען אויסגעלאָשען און עס איז ערגיץ קיין שיין געזעהן געוואָרען. איירטאָן האָט גענומען קלעטערען אין דער פינסטער און עס איז איהם געלונגען צו קומען אויף'ן דעק. דיא פיראַטען זיינען אַלע געווען פערזונקען אין א טיעפען שלאָף און זיי האָבען ניט געהערט וויא דער פרעמדער איז ארויפגעקומען. ער האָט פאָרזיכטיג געמאכט א שפּאציר איבער פערשיעדענע טהיילען פון דעק און ער האָט אויסגעפונען, אז דיא "ספידי" האָט פיער מאָדערנע קאנאָנען, וועלכע קענען ווארפען קוילען וואָס וועגען פון אכט ביז צעהן פונט. איין קויל אַזעלכע קען טויטען צעהנדליגע מענשען מיט אמאָל.

וואָס אָנבעלאַנגט צום צאָהל פון דיא פּיראַטען, האָט איירטאָן ניט געקענט וויסען. אויף'ן דעק זיינען געשלאָפען צעהן פערזאָן, אָבער ער האָט ניט געקענט וויסען וויפיעל עס געפינען זיך נאָך אין דיא קאיוטען. לויט דיא קולות וואָס ער האָט פריהער געהערט, האָט ער אָבגעשאצט אז דאָרט געפינען זיך ביי א פופציג פערזאָן, און וואָס וועט ער מיט דיא אנדערע פינף קאָלאָניסטען קענען טהאָן אנטקעגען אזא גרויסע מחנה וואָס זיינען נאָך בעוואפענט מיט מעכטיגע קאנאָנען? אָבער ער האָט געדענקט, אז ער האָט פיעל אויפגעטהאָן דערמיט וואָס ער האָט דאָס אַלעס אויסגעפונען און ער וועט עס קענען בעריכטען צו קאַפּיטאַן הארדינג, וועלכער וועט פיליכט מאכען אירגענד וועלכע פּאָרבערייטונגען צו פערטהיידיגען זייערע לעבענס און זייער קאָלאָניע. מעגליך אז אזא מאן וויא הארדינג וועט געפינען מיטעל וויא אזוי צו קעמפּפען געגען דעם אונערוואַרטעטען פיינד.

איירטאָן האָט אַלזאָ מעהר ניט געהאט וואָס צו טהאָן אויף דער פּיראַטען שיף און ער האָט געדענקט אומקעהרען זיך צוריק צו זיינע קאָמפּאניאָנען און אָבגעבען זיי א בעריכט וועגען דיא שליחות וואָס ער האָט אליין אויף זיך גענומען און ערפילט. ער האָט זיך אָנגעהויבען צוגרייטען ארונטערצולאָזען זיך צוריק אין וואסער.

אָבער דיעזער מאן, וועלכער האָט פערשפּראָכען זיינע וואָהלטהעטער צו טהאָן פאר זיי נאָך מעהר וויא ער איז פערפּפליכטעט צו טהאָן, האָט באלד בערייהעט אויף זיין בעשלוס, ווייל א העלדישער געדאנק איז איהם ארייגעפאלען אין מח. ער האָט, נעמליך, בעשלאָסען צו אָפּפערען זיין לעבען, אום צו רעטען דעם איי־

זעל און דיא קאָלאָניסטען פון דיא הענד פון דיא ים־רויבער. ער האָט זיך בע־דענקט, אז סיירוס הארדינג וועט וואהרשיינליך ניט געפינען קיין מיטעל וויא אזוי צו בעזיעגען פופציג פערזאָן, וועלכע זיינען גוט בעוואפענט; ער האָט אויסגערעכענט, אז דיא באנדיטען וועלען באָמבארדירען דיא גראניט הויז און וועלען זיא פיליייכט מיט זייערע קאנאָנען חרוב מאכען, און ווען אפילו דאָס וועט זיי ניט געלינגען, וועלען זיי אזוי לאנג בעלאגערען דעם אינזעל ביז דיא קאָלאָניסטען וועלען פון הונגער אויסשטארבען. דיעזער געדאנק האָט דעם אָרענטליכען און בראווען איירטאָן געבראכט דערצו, אז ער זאָל מיט פערגעניגען זיין אייגענעם לעבען אוועקגעבען צוזאמען מיט דיא לעבענס פון דער רויבער און מערדער באנדע, אום צו רעטען דיא גוטע און גאסטפריינדליכע קאָלאָניסטען פון לינקאָלן אינזעל.

דער געוועזענער רויבער און מערדער האָט ביי זיך געטראכט, אז ער וועט טהאָן א גוטע זאך ווען ער וועט דיא באנדע אומברייגגען. ער אליין האָט אזעלכע באנדעס געשאפען; ער אליין איז געווען דער אָנפיהרער פון פיראטען; ער אליין האָט פיליייכט פון באָב הארווי געמאכט דאָס וואָס ער איז און ער האָט אָנגענומען פאר א הייליגע פפליכט אָבצוראמען דיא באנדיטען צוזאמען מיט זיין אייגענעם זינדיגען קערפער פון דער וועלט, זאָבאלד אז ער האָט א גע־לעגענהייט דערצו. זיין בעשלוס איז געווען אויפצורייסען דעם פולווער מאגאזין פון דער שיף און לאָזען איהר זינקען צוזאמען מיט דיא מענשען.

צוקומען צום פולווער מאגאזין איז ניט געווען קיין שווערע זאך. איירטאָן האָט אלס געוועזענער מאטראָז געוואוסט אין וואָס פאר א טהייל פון שיף דער פולווער מאגאזין געפינט זיך געוועהנליך. ער איז אויך געווען זיכער אז קיין פולווער פעהלט דאָרט ניט. א שיף, וואָס האָט אויף איהר דעק פיער קאנאָנען, האָט געוויס א היבשען זאפאס פולווער, צו וועלכע מען דארף בלויז צושטעקען איין פונק פייער און דיא גאנצע שיף וועט מאָמענטאלנע צוקלאפט ווערען אויף שטיקער.

איירטאָן האָט זיך פאָרזיכטיג געלאָזט געהן. ער איז דורכגעגאנגען איי־ניגע צימערן און ער האָט דאָ און דאָרט געטראָפען לייטע פון דער רויבער באנדע, וועל־כע זיינען געלעגען בעזויפענע. ניט איינמאָל האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן זייערע קערפערס, אָבער זיי זיינען געווען אזוי שכור, אז זיי האָבען ניט געוואוסט פון דעם פרעמדען בעזוכער אויף דער "ספידי", זאָגאר ווען איירטאָן האָט אויף זיי אָנגעטראָטען. אין איין אָרט האָט געברענט א לאנטערנע און ביי איהר שיין האָט איירטאָן דערזעהן א רעוואָלווער הענגענדיג אויף א וואנד. ער האָט דיא וואפע צוגענומען.

ער האָט זיך איבערצייגט, אז דער רעוואָלווער איז געווען א געלאָדענער און מעהר האָט ער ניט געדארפט. אָבפייערען איין מאָל אין פולווער מאגאזין

און דער קראַך, וואָס וועט פערוויסטען און פערניכטען דיא גאנצע שיף, וועט קומען.

איירטאָן איז ענדליך געקומען צום פּולווער מאַגאזין, וועלכער איז געווען פערשלאָסען. ער האָט מיט זיינע פעסטע הענד אויפגעבראָכען דעם שלאָס, אָב־וואָהל עס איז איהם אָנגעקומען גאנץ שווער, ווייל ער האָט נאָך געמוזט פאָר־זיכטיג זיין ניט צו מאכען קיין גערויש.

אָבער אין יענעם מאָמענט ווען דיא טהיר האָט זיך געעפענט, האָט איר־טאָן דערפיהלט א האנד אויף זיין שולטער.

— וואָס טהוסט דוא דאָ? — האָט איהם א הויכער מאַן געפרעגט מיט א בייזע שטימע און האָט אויפגעהויבען א ברענענדע לאַנטערנע אנטקעגען איירטאָן'ס געזיכט.

איירטאָן איז אָפּגעשפּרונגען הינטער זיך. ער האָט דעם מאַן דערקענט אלס זיין אמאָליגען חבר באָב הארווי. יענער אָבער האָט איירטאָן'ען ניט דער־קענט, ווייל ער האָט איהם גערעכענט פאר טויט זייט א לאַנגע צייט.

— וואָס טהוסט דוא דאָ? — האָט הארווי נאָך אמאָל געפרעגט אָננעה־מענדיג דעם פרעמדען פאר'ן האלדז.

אָבער איירטאָן האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך ארויסגעריסען פון הארווי'ס הענד און איז צוגעלאָפען צום פּולווער מאגאזין מיט דעם אבזיכט אריינצושיסען אהין א קויל.

— רעטעט! רעטעט! — האָט באָב הארווי אויסגעשריען.

אויף זיין געשריי זיינען געקומען צולויפען נאָך איינינע פּיראטען און איידער איירטאָן האָט צייט געהאט אָבצופייערען איז ער אומגעשליידערט געוואָרען און דיא באנדיטען האָבען איהם פעסטגעהאלטען. דאָך איז איהם געלונגען אויסצושיסען און צוויי פון דיא פערברעכער זיינען אומגעפאלען. אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָט איירטאָן בעקומען א קלאַפּ מיט א מעסער וואָס האָט געמאכט א שניט אין זיין שולטער.

דער בראַווער מאַן האָט דאַן איינגעזעהן, אז ער וועט שוין זיין פּלאַן ניט קענען דורכפיהרען. באָב הארווי האָט צוריק פערשלאָסען דיא טהיר פון פּולווער מאגאזין און באלד האָבען זיך געהערט פיעלע טריט אויף'ן דעק; א צייכען, אז דיא פּיראַטען האָבען זיך אויפגעכאפּט און זיי קומען אלע צו הילף זייער אָנפיהרער. איירטאָן האָט נור געהאט צו טהאָן איין זאך: ארויסצורייסען זיך פון זייערע הענד און אנטלויפען.

אָבער וועט עס איהם געלינגען? דאָס איז געווען זעהר צווייפעלהאפט. דאָך האָט איירטאָן ביי זיך בעשלאָסען צו טהאָן אלעס מעגליכע און בעפרייען זיך פון דער פּיראטען שיף.

פיער קוילען האָט נאָך איירטאָן געהאט אין רעוואָלווער, וועלכען דיא באנ־

דיטען האָבען אין טומעל ביי איהם ניט אוועקגענומען. ער האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און אָבגעפייערט א קויל אויף באָב הארווי. דיא קויל האָט איהם ענטוועדער גאָר ניט געטראָפען אָדער זיא האָט איהם לייכט פערוואונדעט, ווייל ער האָט געזעהן, אז באָב איז ניט אומגעפאלען און איז פערבליבען שטעהן אויף זיין אָרט. איירטאָן האָט זיך געלאָזט לויפען אויף'ן דעק. ער האָט מיט א קלאפ מיט'ן רעוואָלווער צושמעטערט דיא לאנטערנע און עס איז געוואָרען שטאָק פינסטער. דאָס האָט איהם פיעל געהאָלפען דורכצופיהרען זיין פלאן. א פאָר פיראטען, וועלכע זיינען נאָך געשלאָפען, האָבען זיך אויפגעכאפט און זיי האָבען זיך געלאָזט לויפען אנטקעגען איהם. איירטאָן האָט ווידער אמאָל אויסגעשאָסען און זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען, ניט וויסענדיג וואָס אויף'ן שיף קומט פאָר. אין איינינע סעקונדען ארום איז איירטאָן געווען אויף'ן דעק און איז ארונטערגעשפרונגען אין מעער. ווען ער האָט אָנגעהויבען שווימען האָט מען פון דער "ספידי" אָנגעהויבען האָגלען מיט קוילען, אָבער צום גליק האָט איהם קיינע פון דיא קוילען געטראָפען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא פענקראָפט, וועלכער איז געלעגען בעהאלטען אויף'ן קליינעם אינזעל אָדער "סייפטי איילענד", וויא דיא קאָלאָניסטען האָבען איהם גערופען, האָט געפיהלט ווען ער האָט געהערט דיא שיסעריי! מען קען אויך לייכט פערשטעהן וויא דיא איבעריגע קאָלאָניסטען וועלכע זיינען געווען בעהאלטען אין דיא "טשימנים" האָבען דאמאָלס געפיהלט! זיי זיינען אלע ארויסגעלאָפען צום ברעג ים. זיי זיינען געשטאנען גרייט צו א קאמפף, אָבער זיי האָבען אין דער פינסטער קיין זאך ניט געזעהן.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געדענקט, אז דיא פיראטען האָבען פילייכט איירטאָן'ען געכאפט אויף זייער שיף אָדער נעבען שיף און זיי האָבען איהם דערשאָסען, און פילייכט פאָהרען זיי ערשט אויסראָטען דיא איבעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע! זיי זיינען דארום געווען גרייט צו פערטהיידיגען זיך ביז'ן לעצטען טראָפען בלוט, אָבוואָהל זיי האָבען שטארק געצווייפעלט אויב זייער פערטהיידיגונג וועט עפּעס העלפען.

א האלבע שטונדע איז פאָראיבער און דיא שיסעריי האָט אויפגעהערט, אָבער ניט איירטאָן און ניט פענקראָפט זיינען געקומען. דיא איבעריגע פיער מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען געדענקט אז דיא פיראטען האָבען בעלאָגערט דעם קליינעם אינזעל און אי איירטאָן, אי פענקראָפט זיינען שוין אין זייערע הענד. זאָלען זיי לויפען אהין, פילייכט וועלען זיי נאָך זייערע קאמפּאניאָנען קענען רעטען? זיי וואָלטען דאָס געטהאָן, ווען דאָס וואָלט מעגליך געווען, אָבער וויא אזוי? דאָס וואסער אין ים איז געשטיגען און דער קאנאל צווישען לינקאָלן און סייפטי אינזלען איז פול; קיין שיפעל האָבען זיי ניט, היינט וויא אזוי קענען זיי אהין אריבערקומען? הארדינג, ספילעט, נעב און הער־

פּאָרט זיינען זעהר פערצווייפעלט געווען און זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

ענדליך, אום האלב איינס דעם זייגער נאָך האלבע נאכט, האָבען זיי אויף'ן וואסער דערזעהן א שיפעל מיט צוויי פערזאָן. דאָס זיינען געווען איירטאָן א ביסעל פערוואונדעט און פענקראָפט, וועלכער איז געווען געזונד און שטארק אויף אלע גליעדער. אין א פּאָר מינוטען ארום זיינען זיי צוגעפאָהרען צום ברעג און זייערע קאָמפּאניאָנען האָבען זיי עמפּפאנגען מיט גרויס פרייד.

איירטאָן האָט זיי ענטדעקט דעם טרויעריגען סוד, אז זייער אלע־מענס לאגע איז זעהר אן ערנסטע און אז זיי זיינען אין גרויס געפאהר, ווייל דיא פּיראטען האָבען ערפאהרען, אז דער לינקאָלן אינזעל איז בעוואָהנט פון מענ־שען און זיי וועלען שוין ערשט זיכער לאנדען אויף'ן אינזעל און קיין רחמנות קען מען פון זיי ניט ערווארטען. קוים נור וועלען דיא קאָלאָניסטען אריינפאלען אין זייערע הענד, וועט שוין קיינער לעבעדיג ניט ארויס.

— מיר מוזען קעמפּפען, מיר מוזען שטארבען אזוי וויא העלדען — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— לאָמיר האלטען וואך — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען.

— האָבען מיר א וועג צו רעטען זיך? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— געוויס — האָט הארדינג געענטפערט.

— הם! — האָט דער מאטראָז פערצווייפעלט אויסגעשריען — זעקס אנטקעגען פופציג!

— יא, נו, זעקס! — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — און איהר רעכענט גאָר ניט —

— וועמען? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

סיירוס הארדינג האָט ניט געענטפערט, אָבער ער האָט אָנגעצייגט מיט'ן האנד צום הימעל.

## 3טעם קאפּיטעל.

דיא פאָרבערייטונג צו אַ שלאכט. — א שיפעל מיט פּיראטען. — צוויי אנדערע שיפלעך. — פענקראָפט'ס און איירטאָן'ס זיעג. — פּיראטען אויף'ן אינזעל. — שיסען אין גראניט הויז. — פּיראטען שיף זינקט.

---

דיא נאכט איז פאָראיבער און קיין בעזאָנדערעס האָט ניט פּאסירט. דיא קאָלאָניסטען זיינען געשטאנען אויף'ן וואך און זיי האָבען ניט פערלאָזען זייערע פּלעצער אין דיא "טשימנים". דיא פּיראטען האָבען, וויא עס האָט אויסגעזעהן, ניט געמאכט קיין פערזוך צו לאנדען. זייט דער לעצטער שאָס איז

אָבגעפייערט געוואָרען אויף איירטאָן איז אויף דער פּיראַטען שיף געווען שטיל און קיין שאָרך איז פון איהר געהערט געוואָרען, אקוראט דיא שיף זאָל גאָר ניט זיין אין דיא נאכבארשאפט פון לינקאָלן אינזעל. מען האָט געקענט דענקען, אז דיא פּיראטען האָבען זיך צושראָקען און זיי זיינען מיט זייער שיף אנטלאָפען.

אָבער פאקטיש איז עס ניט אזוי געווען. באלד וויא עס האָט אָנגעהויבען טאָגען און עס איז געוואָרען עטוואס ליכטיגער, האָבען דיא קאָלאָניסטען געזעהן א לאנגען גענענשטאנד פון ווייטענס אויף'ן ים. דאָס איז געווען דיא "ספּידי".

— איך מיין, מיינע פריינדע — האָט דער אינזשיניר געזאָגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען — אז דיא בעסטע זאך וואָס מיר קענען און דארפען ערשט טהאָן איז דיעזע: איידער דער נעבעל וועט פערשווינדען און איידער דיא רויבער באנדע וועט האָבען א געלעגענהייט צו בעמערקען אונז דארפען מיר מאכען אזוי, דאָס זיי זאָלען זיין אונטער'ן איינדרוק אז מיר זיינען דאָ אין א גרויסער צאָהל. מיר מוזען זיי אָבנארען, דיא באנדיטען, און מאכען זיי דענקען, אז דיעזער אינזעל איז בעזעצט פון פיעלע מענשען. אנטקעגנען זעקס וועלען זיי זיכער קעמפּפען, אָבער זיי וועלען פּילייכט מורא האָבען צו שטעלען זיך אנטקעגנען א גרויסער מחנה. מיין ראטה איז, אז מיר זעקס פערזאָן זאָלען זיך צוטהיילען אויף דריי טהיילען. זאָל עס הייסען, אז מיר האָבען דאָ דריי בעפעסטיגטע לאגערען. צוויי פון אונז זאָלען פערבלייבען דאָ אין דיא "טשימנים"; אנדערע צוויי זאָלען זיך געפינען ביים טייך "מערסי" און דיא דריטע פּאָר זאָל זיך בעהאלטען אויף'ן רעטוננס אינזעל. מיר זאָלען אלע זיין בעוואפענט מיט ביקסען און גענוג קוילען און ווען דיא באנדיטען וועלען אונזער אינזעל אטאקירען זאָלען מיר שיסען פון אלע זייטען און ניט שפּאָרען קיין קוילען און פּולווער. מיר וועלען זיין בע־האלטען הינטער דיא פעלזען און זייערע קוילען וועלען אונז ניט טרעפען, וועה־רענד מיר, אויב מיר וועלען נור גוט ציעלען, וועלען מיר דיא גאנצע רויבער געזינדעל קענען אויסראָטען. אָבער איך גלויב ניט אז זיי וועלען אזוי לאנג וואַרטען. איך דענק אז זיי וועלען ניט ריזיקירען און וועלען אנטלויפען. פאַר איין זאך האָב איך נור מורא, פּילייכט דערוויסען זיי זיך פון אונזער שפּיצעל, דאַן וועט זיין שלעכט. מיר מוזען זיך דארום צואיילען און איידער עס ווערט ליכטיג מוזען מיר אלע זיין פערשטעקט אויף דיא פּלעצער.

סיירוס האורדינג האָט זיין לאנגע רעדע געזאָגט געלאסען און קאלטבלו־טיג, אזוי וויא עס זאָל זיך האנדלען וועגען טהאָן א געוועהנליכע ארבייט, ניט אָנצופיהרען א שלאכט, וועלכע קען נאָך אלעמען זיין גיכער א פערלאָרענע איידער א געוואונענע.

זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען צו דיעזען פּראָיעקט איינגעשטימט. נעב און פּענקראָפט זיינען ארויף אין גראניט הויז, האָבען פון דאָרט ארונטערגע־

בראַכט ביקסען, קוילען און פולווער און זיי זיינען אלע אוועק אויף זייערע פּאָסטענס.

סיירוס הארדינג און הערבערט זיינען פערבליבען אין דיא "טשימנים", גידעאָן ספילעט און נעב האָבען זיך פערשטעקט הינטער פעלזען ביים טייך מערסי, און פענקראָפט און איירטאָן האָבען זיך אריינגעזעצט אין שיפעל און זיינען אריבערגעפאָהרען דעם קאנאל צום קליינעם אינזעל.

איידער דיא זעקס חברים האָבען זיך צושיידעט, האָבען זיי זיך צוזעגענט איינע מיט דיא אנדערע און ריהרענדע סצענעס האָבען זיך דערביי אָבגעשפּיעלט. בלויז סיירוס הארדינג איז וויא זיין שטייגער געוועזען קאלט; דיא אנדערע פינף אָבער זיינען געוועזען שטארק גערירהט. פענקראָפט האָט געוויינט ווען ער האָט אבשיעד גענומען פון זיין געליעבטען הערבערט און נעב האָט פערגאָסען טרעה־רען, ווען ער האָט געדרוקט דיא האנד פון זיין ווירטה.

ווען אלע זיינען געקומען אויף זייערע בעשטימטע פּלעצער און זיך פער־שטעקט אזוי, אז מען זאָל זיי ניט קענען זעהן, איז געוועזען האלב זיעבען אוהר אין דער פריה.

באלד נאָכדעם האָט דער פריהמאָרגענדיגער נעבעל אָנגעהויבען פערשווינ־דען און מען האָט שוין דייטליך געקענט זעהן דעם הויכען זעגעל־בוים פון דער "ספּידי". פון מינוט צו מינוט איז אלץ ליכטיגער געוואָרען און דיא שיף האָט זיך געזעהען אלץ מעהר און מעהר.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און דיא שיף איז דייטליך געזעהן געוואָרען וויא זיא שווימט צום לינקאָלן אינזעל. זיא איז געוועזען אומגעפעהר א מייל ווייט פון אינזעל.

דיא שרעקליכע שווארצע פאָהן האָט אויף איה' געפלאַטערט.

דער אינזשיניר האָט דורך'ן טעלעסקאָפּ געזעהן, אז דיא פיער קאנאָנען אויף'ן דעק פון דער "ספּידי" זיינען אויסגעדרעהט מיט דיא מיילער צום לינ־קאָלן אינזעל. זיי זיינען וויא עס האָט אויסגעזעהן, געוועזען גרייט צום שיסען אין דעם מאָמענט ווען דער קאָמאנדיר פון שיף וועט הייסען.

אומגעפעהר דרייסיג פּיראטען האָט הארדינג אָבגעצעהלט אויף'ן דעק פון דער "ספּידי". א פּאָר פון זיי האָבען געקוקט דורך גלעזער אין אלע זייטען, הויפּטזעכליך צום אינזעל.

עס איז געוועזען זיכער, אז באָב הארווי און זיין מאנשאפט האָבען זיך ניט געקענט אָבגעבען א ריכטיגען רעכענונג וועגען דיא פּאסירונגען פון דער נאכט אויף זייער שיף. זיי האָבען ניט געקענט וויסען וואָס עס איז געוואָרען מיט דעם האלב נאקעטען מאן (איירטאָן), וועלכער האָט אויפגעבראָכען דיא טהיר פון זייער פּולווער מאגאזין און וועלכער האָט מיט זייערען א רעוואָלווער דער־שאָסען איינעם אויף טויט און צוויי פערוואונדעט. זיי האָבען ניט געקענט וויסען,

אויב יענער העלד איז דערשאָסען געוואָרען פון דיא קוילען וואָס זיי האָבען נאָך איהם געשאָסען אין מעער, אָדער איהם איז געלונגען אוועקצושווימען צום ברעג אונבעשעדיגט. ווער איז ער יענער מאן? וואָס האָט ער געוואָלט? מיט וואָס פאר אַן אבזיכט איז ער גאָר געקומען אויף זייער שיף? האָט ער געוואָלט אויפרייסען דעם פולווער מאגאזין? אָט דיעזע אלע פראגעס האָבען באָב הארווי און זיינע קאָמפּאניאָנען ניט געקענט פערענטפערען. אָבער אין איין זאך האָבען דיא פּיראטען ניט געצווייפעלט. זיי האָבען געוואוסט אויף זיכער, אז אויף דעם קליינעם אינזעל וואָס זיי זעהן געפינען זיך מענשען, ווארום אויב ניט, פון וואנען איז יענער אונבעקאנטער געקומען צו זיי אויף'ן שיף? אויב עס געפינען זיך דאָרט אזוי פיעל מענשען וואָס וועלען מעכטיג זיין צו פערטהיידיגען דעם אינזעל, אָדער ניט — דאָס האָבען זיי נאטירליך ניט געקענט וויסען.

אָבער געוואונדערט האָט זיי, וואָס זיי האָבען אויף'ן אינזעל קיינעם ניט געזעהן. זיי האָבען געקוקט דורך גלעזער צום ברעג און אויף דיא בערג און זיי האָבען קיין מענשען געשטאלט ניט בעמערקט. זיי האָבען דאָרט אויך ניט געפונען קיין שפּור צו א וואָהנונג פון מענשען און דער גאנצער אינזעל האָט אויסגעזעהן אזוי וויא וויסט און פערלאָזען. זיינען דיא איינוואָהנער פון אינזעל אנטלאָפען? האָבען זיי זיך ערגיץ בעהאלטען? וועגען דעם האָט וואהרשיינליך דער אָנפיהרער פון דער באנדע געטראכט און ער האָט עס געוואָלט וויסען. ער האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהן, דארום בעפוילען זיינע מענשען, אז זיי זאָלען דעם אינזעל גוט בעאָבאכטען פון אויסווענינג איידער זיי וועלען פּרובירען צו לאנדען אויף איהם, און דארום זיינען זיי אלע געשטאנען אויף דער וואך אויף'ן דעק פון דער "ספּידי" און זייערע אויגען זיינען געווען געריכטעט צום לינקאָלן אינזעל.

אָבער אין פערלויף פון א שטונדע און א האלב האָט מען אויף דער שיף ניט געזעהן קיין צייכען, אז דיא פּיראטען ווילען אטאקירען דעם אינזעל אָדער לאנדען אויף איהם. קיינע פּאָרבערייטונגען זיינען דערצו געמאכט געוואָרען. באָב הארווי איז נאָך וואהרשיינליך געווען אין צווייפעל אויב ער זאָל דאָס טהאָן אָדער ניט און ער האָט זיך ניט געקענט בעשליסען וויא אזוי צו האנדלען.

אום אכט אוהר אָבער האָבען דיא קאָלאָניסטען געזעהן, אז עטוואָס פאנגט אָן געטהאָן צו ווערען אויף דיא "ספּידי". א קליין שיפעל איז ארונטערגעלאָזט געוואָרען און זיעבען מאטראָזען זיינען אין איהר אריינגעשפּרונגען. זיי זיינען געווען בעוואפענט מיט ביקסען. פיער האָבען אָנגעהויבען רודערען דיא שיפעל, וועהרענד דיא אנדערע דריי האָבען געהאלטען זייערע ביקסען אָנגעשטעלט אנטקעגען אינזעל גרייט צו פייערען. וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז זייער אבזיכט געווען צו מאכען א שטיקעל אונטערזוכונג, אום צו ערפאהרען אויב מענשען בעוואָהנען דעם אינזעל אָדער ניט. דיא פּיראטען האָבען וואהרשיינליך

אויסגערעכענט, אז מיט אָבפייערען אייניגע קוילען אויף'ן אינזעל וועלען זיי זיך אין דעם איבערצייגען, ווייל אויב מענשען זיינען דאָרט פאראן וועלען זיי דאָך זיכער מיט דאָס זעלבע ענטפערען און דאן וועלען דיא פיראטען זעהן וואָס זיי האָבען צו טהאָן.

דיא שיפעל מיט דיא זיעבען ים־באנדיטען איז געשוואומען גלייך צום קליינעם אינזעל, וואו פענקראָפט און איירטאָן זיינען געווען בעהאלטען. דיא צוויי האָבען געזעהן דיא שיפעל מיט דיא פיראטען קומענדיג, אָבער דיא פיראטען האָבען זיי ניט געקענט זעהן.

דיא שיפעל איז צוגעקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאן געזעהן, אז איינער פון דיא פיראטען האלט א שטריק אין זיינע הענד און ער לאָזט זיא ארונטער און הויבט זיא אויף פון וואסער. זיי האָבען דאן פערשטאנען, אז באָב הארווי וויל צופאָהרען מיט זיין שיף צום אינזעל און ער האָט עס פאָראויס ארויסגעשיקט זיינע מענשען אויסצומעסטען דיא טיעפענים פון וואסער, אום ער זאָל זיכער זיין אויב דיא "ספידי" וועט קענען צופאָהרען צום ברעג. דיא גרויסע שיף איז דיא גאנצע צייט נאָכגעפאָהרען דער קליינער שיפעל נאָך דיא סיגנאלען וואָס דער ים־מעסטער האָט געגעבען. דיא "ספידי" האָט זיך נאכהער אָבגעשטעלט און דיא שיפעל איז צוגעפאָהרען גאנץ נאָהענט צום רעטונגס אינזעל און זיא איז אויך געבליבען שטעהן. דיא פיראטען האָבען זיך אויפגעהויבען און בעקוקט דעם ברעג, וואהרשיינליך אום אויסצוגעפינען דעם פאסענדסטען פלאץ צו לאנדען.

אין יענעם מאָמענט האָט מען פון אינזעל צוויי מאָל אויסגעשאָסען און א רויך האָט זיך געקייקעלט איבער דיא פעלזען פון ברעג. דער מאן וואָס איז געשטאנען ביים רודער און דער וואָס האָט געהאלטען דיא מעסט־שטריק זיינען אומגעפאלען אהינטער אין שיפעל. פענקראָפט'ס און איירטאָן'ס קוילען האָבען זיי ביידען געטראָפען.

א ווײַלע נאָכדעם האָט זיך געהערט א שטארקער קראך פון דער גרויסער שיף און א קאנאָנען קויל האָט געטראָפען דעם שפיץ פעלז הינטער וועלכען פענקראָפט און איירטאָן האָבען זיך בעהאלטען. א שטיק שטיין איז ארונטערגעריסען געוואָרען און איז צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקלעך, אָבער פענקראָפט און איירטאָן זיינען פערבליבען אונבעשעדיגט.

קללות און שימפף ווערטער האָבען זיך געהערט פון דער קליינער שיפעל, וועלכע איז געשוואומען שנעלער צום ברעג און האָט געהאָנגעלט מיט קוילען. אָבער דיא פיראטען זיינען אין דער זעלבער צייט געווען פאַרזיכטיג און זיי האָבען דיא שיפעל אָבגעדרעהט אָן א זייט אויסצומיידען דיא קוילען וואָס זיינען געפלויגען פון ביידע זייטען.

זיי זיינען געפאָהרען מיט א האלב רונדען וועג און זיי האָבען כמעט דער־גרייכט דעם אָנפאנג פון דעם טייך מערסי.

וויא עס האָט אויסגעזעהן, האָבען זיי זיך געוואָלט ארייַנכאפּען אין קאנאל וואָס שיידעט אָב דעם לינקאָלן אינזעל פון קליינעם אינזעל, אום צו פערשטעלען דעם וועג פאר דיא קאָלאָניסטען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען. דיא פּיראטען האָבען ניט געוואוסט, אז בלויז צוויי פּערזאָן זיינען דאָרט פאראן; זיי האָבען וואהרשיינליך גערעכענט אויף פיעל מעהר.

א פיערטעל שטונדע איז פאָראיבער גאנץ שטיל. ניט דיא קאָלאָניסטען און ניט דיא פּיראטען האָבען געשאָסען, און דיא שיפעל האָט זיך אלץ דערנע־הענטערט צום ברעג.

פּענקראָפט און איירטאָן, אָבוואָהל זיי האָבען איינגעזעהן דיא געפאהר וואָס עס שטעהט זיי פאָר, האָבען זיי דאָך מורא געהאט צו צייגען זיך און זיי זיינען געלעגען פערשטעקט אין דעם זעלבען פערבאָרגענעם פלאץ. זיי האָבען געהאָפט, אז זייערע קאָמפּאניאָנען וועלען זיי אויף אירגענד וועלכען ארט קומען צו הילף.

דיא פּיראטען זיינען אונטערדעסען אריינגעפאָהרען אין טייך מערסי און האָבען געטריבען זייער שיפעל צום קאנאל, ווען צוויי קוילען, וואָס ספּילעט און נעב האָבען אָבגעפייערט פון זייער בעהעלטעניס האָבען געטראָפען אין ציעל און נאָך צוויי פון דיא זיעבען באנדיטען זיינען געפאלען.

פון דער "ספּידי" איז אָבגעפייערט געוואָרען א צווייטע קאנאָנען קויל, אָבער אויך דיעזען מאָל האָט זיא בלויז צוקלאפּט א שטיין און דיא קאָלאָניסטען האָט ניט געשאדט.

אויף'ן קליין שיפעל זיינען שוין ערשט געוועזען בלויז דריי פּערזאָן. דיא אנדערע פיער זיינען געלעגען ענטוועדער טויט אָדער פערוואונדעט. דיא פער־בליבענע דריי פּיראטען האָבען דיא שיפעל געטריבען מיט אלע זייערע קרעפטען, אָבער שוין ניט צום קאנאל, זאָנדערן צוריק צו דער גרויסער שיף.

באלד נאָכדעם האָבען הארדינג און הערבערט אויך אָבגעפייערט א פּאָר מאָל. דיא דריי פּיראטען האָבען זיך נאָך מעהר דערשראָקען און זיי האָבען גערודערט נאָך שנעלער.

קאפּיטאן הארדינג'ס פּלאן איז אלזא געוועזען אן אויסגעצייכענטער. דיא פּי־ראטען האָבען ווירקליך גערענקט אז זיי האָבען צו טהאָן פיליכט מיט הונ־דערטע פּערזאָן, ווייל נאָך דיא שיסערייען פון איינינע פלעצער און דיא מפּלה וואָס זיי האָבען געהאט, האָבען זיי אנדערש ניט געקענט דענקען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען ווירקליך געהאט א געוואלדיגען זיעג. פיער פון זייערע פיינד זיינען געפאלען טויט אָדער פערוואונדעט און זיי זיינען אלע ארויס מיט גאנצע ביינער.

עס האָט געדויערט אומגעפעהר א האלבע שטונדע ביז דיא שיפעל האָט דערגרייכט דיא "ספידי", ווייל דיא פּיראטען האָבען זיא געדאַרפט טרייבען אנטקעגען שטראָם און זיא איז געשוואומען לאנגזאם. ווען דיא שיפעל איז גע־קומען צו דער גרויסער שיף האָבען דיא פּיראטען ארויפגענומען דיא פיער גע־שאָסענע אויף'ן דעק און זיי האָבען ווידער אויסגעשאָסען פון דריי קאנאָנען, אָבער אויך דיזען מאָל האָבען דיא קוילען בלויז בעשעדיגט דיא פעלזען.

באלד נאָכדעם האָבען זיך צוועלף פּיראטען ארונטערגעלאָזט אין שיפעל. נאָך א שיפעל איז ארונטערגעלאָזט געוואָרען, אין וועלכע עס האָבען זיך אריינ־געזעצט אכט פּערזאָן. דיא ערשטע האָט זיך געלאָזט שווימען צום קליינעם אינ־זעל און דיא צווייטע איז געטריבען געוואָרען צום טייך מערסי.

פּענקראָפט און אײרטאָן האָבען איינגעזעהן אז זיי געפינען זיך אין א גע־פעהרליכע לאגע און זיי האָבען געדענקט אז דאָס בעסטע וואָס זיי קענען טהאָן איז צו רעטען זיך אויף'ן הויפּט אינזעל.

אָבער דיא צוויי העלדען האָבען געווארט ביז דיא ערשטע שיפעל איז צו־געקומען נעהענטער. זיי האָבען דאן אויף איהר געציעלט און אָבגעפייערט צוויי קוילען. דיא צוועלף באנדיטען זיינען צוטומעלט געוואָרען און זיי האָבען אָנ־געהויבען שיסען ניט קוקענדיג וואוהין און אין וועלכע ריכטונג. פּענקראָפט און אײרטאָן זיינען דאן אריבערגעלאָפען דיא ברייט פון קליינעם אינזעל, זיי האָ־בען זיך אריינגעכאַפּט אין זייער שיפעל און זיינען אריבערגעפאָהרען אויף'ן לינקאָלן אינזעל. זיי זיינען געלאָפען צו בעהאלטען זיך אין דיא "טשימנים".

איידער דיא צוויי זיינען געקומען צו זייערע קאָמפּאניאָנען אין דיא "טשימ־נים" האָבען ספּילעט און נעב געשאָסען פון זייער לאגער אויף דער צווייטער שי־פעל, וועלכע איז שוין געווען ניט ווייט פון טייך מערסי. צוויי פון דיא אכט פּיראטען וואָס זיינען דאָרט געווען זיינען געפאלען טויטליך פערוואונדעט. אָבער דיא זעקס פערבליבענע האָבען זיך ניט פערלאָרען און זיי האָבען אי גע־שאָסען, אי געטריבען דיא שיפעל אלץ נעהענטער צום ברעג. גידעאָן ספּילעט און נעב זיינען קוים מיט'ן לעבען אנטלאָפען.

אין דעם זעלבען מאָמענט זיינען פּענקראָפט און אײרטאָן אנגעקומען אין דיא "טשימנים". פּענקראָפט האָט דעם אינזשיניר וואָרים בעגריסט.

דיא בעזייצער פון לינקאָלן אינזעל האָבען זיך ערשט געפונען אין א שרעקלי־כע לאגע. אויף'ן קליינעם אינזעל, אָדער רעטונגס אינזעל, האָבען וואהרשיינליך געלאנדעט צוועלף פּיראטען, איינער אָדער מעהרערע פון זיי פיליייכט פער־וואונדעט, און אויף'ן הויפּט אינזעל האָבען געלאנדעט זעקס. דיא איינציגע גליקליכע האָפנונג וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געקענט האָבען איז געווען, אז דיא באנדיטען וועלען ניט קענען קומען צום גראניט הויז, ווייל דיא בריקען איבער דיא וואסערען ארום זיינען געווען אויפגעהויבען.

— וואָס מאַכט איהר, קאפּיטאַן? — האָט פּענקראָפט געפרעגט דעם אינ־זשיניר — וואָס דענקט איהר ערשט?

— איך דענק — האָט הארדינג געענטפערט — אז דיא מלחמה צווישען אונז און דיא פּיראַטען וועט זיך ערשט אָנפאַנגען אויף דאָס ניי, ווייל מיר גלויבט זיך ניט אז דיא פערברעכער זאָלען שווייגען נאָך אזא ניעדערלאַגע וויא זיי האָבען געהאַט.

— מיר וועלען דיא פערדאמטע באנדע ניט לאָזען קומען אהער! — האָט פּענקראָפט העכסט אויפגערעגט אויסגעשריען.

— און וואָס וועלען מיר טהאָן ווען דיא שיף מיט דער גאנצער באנדע וועט צופאָהרען און זיי וועלען אלע לאַנדען אויף אונזער אינזעל? — האָט הערבערט געפרעגט — וועלען מיר זיך קענען פערטהיידיגען אנטקעגען זיי?

— אך, דיא שווארצע באנדע! אך, דיא פערדאמטע שופטען! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

— לאָמיר זיך פּילייכט בעפעסטיגען אין גראַניט הויז? — האָט הערבערט געפרעגט.

— מיר מוזען נאָך ווארטען — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט.

— אָבער אונזערע קאַמעראַדען ספּילעט און נעב? — האָט פּענקראָפט געפרעגט — זיי זיינען דאָך ניטאָ מיט אונז.

— זיי וועלען שוין וויסען דיא צייט ווען צו קומען צו אונז — האָט הארדינג געענטפערט — פאַרלויפיג זייט פערטיג, פּילייכט וועלען אונזערע ביקסען זיך דארפען דורכרעדען מיט'ן פיינד.

דיא פיער קאָלאָניסטען האָבען באלד דערזעהן וויא דער אנקער פון דער "ספּידי" ווערט אויפגעהויבען, וואהרשיינליך מיט דעם אבזיכט צו קומען צום רעטונגס אינזעל. עס איז דאמאָלס געוועזען דיא צייט פון פלוטה. דאָס וואסער אין ים איז געשטיגען און פאר דער שיף וועט ניט שווער זיין צו קומען צום ברעג. איירטאָן איז געוועזען מיט דער מיינונג, אז דיא "ספּידי" וועט אויך קענען אריינפאָהרען אין קאנאל און דיא פּיראַטען וועלען לאַנדען גלייך אויף לינקאָלן אינזעל; פּענקראָפט אָבער האָט ערקלערט, אז דאָס וואסער אין קאנאל איז ווענינ טיעף פאר אזא שיף און דער קאָמאנדיר פון דער פּיראַטען באנדע וועט אזא ריזיקאַלישע זאך ניט אונטערנעהמען.

אונטערדעסען זיינען דיא פּיראַטען, וואָס זיינען געוועזען אויף'ן קליינעם אינזעל, אריבערגעגאנגען צום צווייטען ברעג און בלויז דער שמאָלער קאנאל איז געוועזען צווישען זיי און דעם לינקאָלן אינזעל. זיי האָבען געמאכט א שפּאַציר איבער'ן קליינעם אינזעל און אויסגעפאָרשט זיינע ברעגען. זיי האָבען וואהר־שיינליך ניט ערוואַרטעט קיין איבערפאַל און זיי זיינען דאָרט אומגעגאנגען אזוי וויא היימישע מענשען.

אָבער פענקראַפט און אײרטאָן האָבען גענומען די בעסטע ביקסען וואָס זיי האָבען געהאט, זיי זײנען דורך א בעהאַלטענעם וועג אוועק צום קאַנאַל און האָבען פון הינטער שטײנער און פעלזען אָנגעהויבען פײערען. צוויי פון די באַנדיטען זײנען אומגעפאַלען. די איבעריגע האָבען זאָגאַר ניט אויפגעהויבען זײערע טויטע אָדער פערוואונדעטע און זיי זײנען אזוי וויא משוגעים אוועקגע־לאָפען צום אנדערען ברעג און זײנען אנטלאָפען מיט דער שיפעל וואָס האָט זיי אהין געבראכט.

— נאָך א פּאָר באַנדיטען וועניגער! — האָט פענקראַפט העכסט ענטציקט אויסגעשריען — וואָס וועניגער, אַלץ בעסער!

די "ספּידי" איז דערווייל צוגעקומען נעהענטער צום אינזעל. די קאָלאָ־ניסטען האָבען פון זײערע בעהעלטעניסע אכטונג געגעבען אויף דער שיף און זיי זײנען העכסט פּאָרזיכטיג געווען אז יעמאַנד פון די פּיראַטען זאָל זיי ניט בע־מערקען. זיי זײנען אַלע געווען אין טויט שרעק. זיי האָבען ניט געקענט האָפען, אז זיי וועט געלינגען צו שטערען די רויבער באַנדע פון לאַנדען אויף זײער אינזעל און די הויט האָט אויף זיי געציטערט.

סײרוס האַרדינג האָט שטאַרק געפיהלט די געפאַהר וואָס דראָהעט איהם און זײנע מיטברידער און ער האָט זיך אַליין געפרעגט, וואָס קען ער טהאָן און וואָס פאַר א ראטה ער קען געפינען דיעזע געפאַהר צו פערהינדערען? איינשפּאַרען זיך אין גראַניט הויז און פערבלייבען דאָרט איינגעשלאָסען? זיי האָבען אפילו געהאט גענוג שפּייז פאַר וואָכען, פאַר מאָנאַטען און פיליײכט אויף א יאָהר; אָבער וואָס וועט נאכהער זיין? וואָס וועט זיין אז די פּיראַטען וועלען זיי בעלאַגערען אָדער זיי וועלען זיך אזוי בעזעצען אויף'ן אינזעל און זיי וועלען דאָרט פערבלייבען ביז דער זאַפּאַס פון גראַניט הויז וועט אויסגעהן?

זיי האָבען בלויז געהאט צו האָפען אויף איין זאַך, אז באָב האַרווי וועט זיין שיף ניט קענען אַרײנפיהרען אין קאַנאַל. די פּיראַטען וועלען אַלזאָ פער־בלייבען ביי א האַלב מייל ווייט פון ברעג און דאַן וועלען די קאָלאָניסטען וויעדער שיסען, פיליײכט וועט זיי דאָס גליק שפּיעלען נאָך אמאָל און זיי וועלען די געפעהרליכע פיינד פערטרייבען.

אָבער זײער האָפנונג איז צו נישט געוואָרען. באָב האַרווי האָט די שיף געטריבען צום קאַנאַל און זיא איז שוין ניט ווייט געווען פון אַרײנפאָהרען אין שמאָלען וואַסער.

אין יענעם מאָמענט האָבען זיך אַלע זעקס מיטגליעדער פון דער קאָלאָ־ניע צוזאַמענגעקומען. ספּילעט און נעב האָבען אויך פערלאָזען זײער פּאָסטען און זיי זײנען געקומען צולויפען אין די "טשימנים". די צוויי וועכטער ביים טייך מערסי האָבען איינגעזעהן, אז די געפאַהר איז גרויס און זיי זײנען געקומען צו זײערע קאָמפּאַניאָנען אויף לעבען אָדער שטאַרבען צוזאַמען.

— ספּילעט ! נעב ! — האָט דער אינזשיניר אויסגעשריען — איהר זייט ניט פערוואונדעט ?

— ניין — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — אָבער דיא פערפלוכטע שיף פאָהרט דאָך אריין אין קאנאל.

— יא — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — אין צעהן מינוטען ארום וועלען מיר דאָ האָבען דיא פערדאמטע געסט.

— האָט איהר אויסגעארבייט א פּלאן וויא אזוי צו רעטען זיך ? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט דעם אינזשיניר.

— מיר מוזען אנטלויפען אין גראניט הויז — האָט הארדינג געענטפערט — און מיר מוזען דאָס טהאָן שנעל איידער דיא פּיראטען קומען.

— איך מיין אויך אזוי — האָט ספּילעט געזאָגט — מיר מוזען טהאָן וויא דיא אומשטענדען ערלויבען.

— וואָלט איהר, קאפּיטאן, ניט געוואָלט, אז איך און איירטאָן זאָלען דאָ פערבלייבען ? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.

— וואָס פאר א נוצען וועט עס ברייננגען ? — האָט דער אינזשיניר גע־ענטפערט — ניין, פּענקראָפט, מיר וועלען זיך ניט צושיידען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען א מינוט ניט געטאָרט פערלירען. זיי האָבען זיך געמוזט בעהאלטען אין א זיכערען אָרט איידער דיא פּיראטען וועלען זיי זעהן. זיי זיינען דארום קריכענדיג אויף דיא הענד און קניע צוגעקומען הינטער׳ן גראניט הויז, זיי האָבען זיך ארייננגעזעצט אין הויב־מאשין און אין איין מינוט צייט זיינען זיי שוין אלע געווען אין זייער היים.

דיא קאָלאָניסטען האָבען דורך דיא צווייגען מיט וועלכע זיי האָבען פער־שטעלט זייערע פענסטער געזעהן דיא פּיראטען שיף, וועהרענד זיא האָט זיך אָנגעהויבען ארייננגליטשען אין קאנאל. אין יענעם מאָמענט האָבען אלע פיער קאנאָנען אויסגעשאָסען אין פערשיעדענע ריכטונגען און מען האָט געהערט וויא שטיינער ווערען צוקלאפּט. דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געדענקט, אז דיא באנדיטען זאָלען אטאקירען דיא גראניט הויז, ווייל זיי האָבען געגלויבט אז זיי, דיא פּיראטען, האָבען קיין פערדאכט אז דאָרט געפינען זיך מענשען. אָבער פּלוצלונג האָט א קאנאָנען קויל געטראָפען אין וואנד פון גראניט הויז און שטיקער שטיינער זיינען אינוועניג אָבגעשפּרונגען.

— זיי האָבען אונז ענטדעקט ! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

מעגליך אז פאקטיש איז עס ניט אזוי געווען. מעגליך, אז הארווי און זיין באנדע האָבען ניט געוואוסט, אז יעמאנד געפינט זיך אין דער הויך אין פעל־זען בארג, אָבער עס זיינען זיי פערדעכטיג געוואָרען דיא צווייגען מיט דיא גראזען וועלכע האָבען פערשטעלט דיא פענסטער און זיי האָבען אָבגעפייערט דיא קויל בלויז אויס פערדאכט ; אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך זעהר

דערשראָקען און זיי זיינען שטארק פערצווייפעלט געוואָרען. זיי האָבען מורא געהאט אז דיא פיראטען וועלען אזוי לאנג פייערען פון זייערע קאנאָנען ביז זיי וועלען צושמעטערען זייער וואָהנונג און דאן זיינען זיי זיכער פערלאָרען.

זיי האָבען בעשלאָסען צו איבערקלייבען זיך אין הינטערשטען טהייל פון גראניט הויז און בעשיצען זיך אין א זיכערען ווינקעל, ווען זיי האָבען דערהערט א פירכטליכען געשריי און א שרעקליכען גערויש.

הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען צוגעלאָפען צו איינעם פון דיא פענסטער.

זיי האָבען געזעהן וויא דיא "ספידי" איז אויפגעהויבען געוואָרען אין דער הויך מיט א זאָנדערבארע מאכט. אזוי וויא א דיקער שטאנג אָדער א וואסער קישקע האָט איהר אויפגעהויבען און זיא צושפּאָלטען אויף צווייען און אין וועניגער וויא צעהן סעקונדען צייט איז זיא געזונקען צוזאמען מיט איהר מאנשאפט.

## 4טעם קאפּיטעל.

דיא קאָלאָניסטען אויף דער פיראטען שיף. — געפונענע אוצרות. — פענקראָפט'ס ארגומענטען. — דער פולווער מאגאזין גאנץ. — זאָנדערבארע געהיימנים. — דיא "ספידי" אָבגעווישט פון דער וועלט. — א טאָרפּעדאָ.

---

— זיא איז אויפגעריסען געוואָרען! — האָט הערבערט אויסגעשריען.

— יא, אויפגעריסען געוואָרען, אזוי וויא איירטאָן זאָל דאָרט האָבען אונ־טערגעלעגט פייער אין פולווער מאגאזין — האָט פענקראָפט בעשטעטיגט אריינלויפענדיג אין הויב־מאשין צוזאמען מיט נעב און הערבערט.

— אָבער וואָס האָט דאָרט פּאסירט? — האָט גידעאָן ספּילעט געפרעגט העכסט פערוואונדערט.

— אָה! דיעזען מאָל מוזען מיר שוין וויסען — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— וואָס וועלען מיר וויסען?

— שפּעטער! שפּעטער! קומט, ספּילעט! דיא הויפּט זאך איז, וואָס דיא פיראטען זיינען אויסגעראָטען געוואָרען.

און הארדינג, ספּילעט, פענקראָפט, איירטאָן, נעב און הערבערט האָבען זיך ארונטערגעלאָזט און זיינען צוגעלאָפען צום ברעג מעער.

פון דער פיראטען שיף האָט מען קיין זאך ניט געזעהן. עס איז פון איהר קיין געדעכניס ניט געבליבען. דיא צובראָכענע שיף איז אומגעפאלען אויף

א זייט און מען האָט זאָגאר איהרע זעגלען ניט געקענט זעהן. אָבער אזוי וויא אין דעם פּלאַץ וואו דיא "ספּידי" איז געזונקען איז דאָס וואסער געווען מעהר ניט צוואנציג פוס טיעף, איז געווען זיכער, אז אין דער צייט פון עבבע (וואסער־אָבפאל) וועט מען א טהייל פון איהר קענען זעהן אויבען איבער'ן וואסער.

איינינע זאכען וואָס דיא "ספּידי" האָט געפיהרט זיינען אומגעשוואומען אויף'ן וואסער. עס זיינען דאָרט געשוואומען ברעטער, קאסטענס, פעסלאך און א שטייג מיט עופות, וועלכע האָבען נאָך געלעבט; פון דער צובראָכענער שיף זעלבסט אָבער האָט מען קיין זאך ניט געזעהן.

א ווײלע שפּעטער זיינען ארויפגעשוואומען דיא צוויי צובראָכענע מאסטען מיט זייערע זעגלען. איירטאָן און פּענקראָפט זיינען אריינגעשפּרונגען אין זייער שיפעל מיט דעם אבזיכט ארויסצושלעפּען דיא שווימענדע זאכען אויף דער טרי־קענים. אָבער גידעאָן ספּילעט האָט זיי פּלוצלינג אָבגעהאלטען.

— וואָס איז וועגען דיא זעקס פערברעכער, וועלכע האָבען געלאנדעט ביי דער מערסי? — האָט ער געפרעגט.

דאָס איז ווירקליך געווען א פראגע, וועלכע דיא קאָלאָניסטען האָבען גע־דארפט וויסען און שטארק אין זינען האָבען. פון דיא אכט באנדיטען, וואָס זיי־נען אריינגעפאָהרען אין טייך מערסי, זיינען צוויי פון ספּילעט און נעב ניע־דערגעשאָסען געוואָרען און זעקס האָבען געלאנדעט און עס איז נויטיג געווען צו וויסען וואו זיי זיינען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אָבער זיי האָ־בען קיינעם ניט געזעהן. מען האָט געקענט גלויבען, אז ווען דיא פּיראַטען האָבען געזעהן דעם אונטערגאנג פון זייער שיף זיינען זיי אנטלאָפען און זיך בעהאלטען אירגענד וואו אויף'ן אינזעל.

— מיר וועלען זיך מיט זיי שפּעטער רעכענען — האָט הארדינג געזאָגט — עס איז וואהר, דאָס אויב זיי זיינען בעוואפענט זיינען זיי נאָך געפעהרליך; אָבער אזוי וויא מיר זיינען ערשט זעקס געגען זעקס ברויכען מיר ניט צו שרעקען זיך. מיר וועלען זיי אלזאָ לאָזען אויף אן אנדער צייט און מיר וועלען צוערשט טהאָן וויכטיגערע ארבייט.

איירטאָן און פּענקראָפט האָבען אָבגעשטופּט זייער שיפעל פון ברעג און זיי זיינען געפאָהרען צו דעם פּלאַץ וואו דיא צובראָכענע שיף איז געלעגען.

דער ים איז געווען רוהיג און דאָס וואסער האָט געשטיעגען זעהר הויך. עס האָט געדויערט א שטונדע צייט ביז דיא געביידע פון דער שיף האָט זיך בעוויזען אויף'ן וואסער.

דיא צוויי געוועזענע מאטראָזען האָבען דיא שווימענדע זאכען פערכאפּט מיט שטריק און זיי ארויסגעצויגען צום ברעג. דיא אנדערע בעזיצער פון אינ־זעל האָבען זיי געהאָלפען אוועקצושלעפּען דיא אלע זאכען ווייטער אויף דער

טריקעניס, פון וואנען זיי האָבען נאכהער אלעס אוועקגעטראָגען אין דיא "טשימ־ניס".

איינינע טויטע קערפּער זיינען דאָרט אויף אומגעשוואומען. איירטאָן האָט צווישען זיי דערקענט זיין אמאָליגען קאמעראד באָב הארווי. ער האָט איהם אָנגעצייגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען און האָט געזאָגט מיט א קרעכץ:

— אזעלכער בין איך אמאָל אויך געוועזן.

— אָבער איהר זיינט עס ניט היינט, בראַווער איירטאָן — האָט פּענקראָפט געענטפערט.

בלויז פינף אָדער זעקס קערפּערס זיינען אומגעשוואומען און געטראָגען געוואָרען פון שטראָם, און וואו זיינען געוועזן דיא איבעריגע? וואהרשיינליך זיינען זיי אין דער צייט פון דער קאטאסטראָפע געוועזן אונטען אין דיא קאָ־יוטעס און זיי זיינען דאָרט פערבליבען.

דיא קערפּערס זיינען אוועקגעשוואומען ווייט אין ים. דיא קאָלאָניסטען זיינען צופריעדען געוועזן וואָס זיי זיינען ניט ארויסגעשווענקט געוואָרען אויפ'ן ברעג און זיי געשפּאָרט דיא טרויעריגע ארבייט צו בעערדיגען זיי.

ביי א צוויי שטונדען צייט האָט געדויערט ביז דיא זעקס קאָלאָניסטען האָבען אלעס ארויסגעצויגען פון וואסער. דיא לייוועגדען פון דיא זעגלען האָבען זיי אויסגעשפּרייט צו טריקענען. זיי האָבען נאכהער אביסעל געשמועסט און גע־רוהט. אָבער וואָס האָבען זיי דאמאָלס געדענקט? וואָס האָבען זיי געטראכט?

ווען זיי קענען ארויסבעקומען אלעס וואָס געפינט זיך אין דער צובראָ־כענער שיף — האָבען דיא קאָלאָניסטען געטראכט — וואָלט עס פאר זיי געוועזען א גאָלד־מינע, אַן אונשעצבארער אוצר וואָס איז ווערטה אלעס אין דער וועלט. א שיף איז אין דיא ווירקליכקייט א קליין וועלטעל פאר זיך. וואָס פיהרט א שיף ניט מיט? וואָס פאר א זאפּאסען האָט זיא ניט, ווען זיא פאָהרט אויף א ווייטע רייזע? דיא געדאנקען פון דיא קאָלאָניסטען זיינען דערמיט געוועזען פערנומען און זיי האָבען זעהר פיעל געדענקט און פאנטאזירט וועגען דיא רייכטהימער וואָס ליגען אונטער'ן וואסער, וועלכע וואָלטען זיי זעהר צוניץ געקומען.

פּענקראָפט איז נאָך געגאנגען ווייטער און ער האָט געטראכט וועגען דער שיף זעלבסט. זיין פאנטאזיע האָט איהם פאָרגעשטעלט, אז מען קען דיא שיף אויפהויבען און מאכען אז זיא זאָל ווידער קענען שווימען אויפ'ן וואסער. מיט אזא שיף קען מען דאָך שוין פאָהרען אין עק וועלט! דיא "באָנעדוועגטשור" איז אנטקעגען איהר אזוי וויא א קלייןביידעל אנטקעגען א גרויסען פּאלאסט! עס לוינט זיך — האָט ער געטראכט — ארונטערצולאָזען זיך אונטער'ן וואסער און בעקוקען איהר אזוי ווייט וויא מעגליך, פיליכט קען מען נאָך פון איהר צוריק מאכען א גאנצע שיף.

ווען דיא "ספּידי" וואָלט נאָך טאקי געקענט געברויכט ווערען, וואָלטען דיא קאָלאָניסטען אויף איהר געקענט פאָהרען נאָך זייער פּאָטערלאַנד גאַנץ זיכער. דיא שיף איז געווען גוט געבויט און ווען זיא איז געווען גאַנץ האָט זיא געקענט איבערטראָגען דיא גרעסטע שטורמס אויף'ן ים; אָבער אויב עס זיינען נאָך פאראַן מיטעל צו מאכען איהר גינסטיג צו א וויטע רייזע האָט מען געדארפט ווארטען אויף דער עבבע, ווען דאָס וואסער ארום איהר וועט זיין נ'עדעריג, דאן וועט מען פיליינט זיא קענען אונטערזוכען און וויסען דיא זאַך.

ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען אלעס געהאט אריבערגעטראָגען אין דיא "טשימנים", זיינען זיי זעהר אויסגעהונגערט געוואָרען און זיי האָבען געגעסען פריהשטיק, דיעזען מאָל ניט אין עס־שטוב פון גראַניט־הויז, זאָנדערן אונטער'ן פרייען הימעל ביי דיא "טשימנים". ביים עסען האָבען זיי גערעדט וועגען דעם זאָנדערבארען און געהיימניספאָלען פּאַרפאַל מיט דער פּיראַטען שיף, דורך וועלכען זייער קאָלאָניע איז גערעטעט געוואָרען.

— וואונדערבאר איז דיא וועלט — האָט פּענקראָפט איינינע מאָל ווידער־האָלט — א זאָנדערבארער, אונפערשטענדליכער נס איז דאָ געשעהן. דיא שיף האָט עקספּלאָדירט און דיא באנדיטען זיינען אומגעקומען פּונקט אין ריכטיגען מאָמענט! פּונקט ווען זיי האָבען אָנגעהויבען צושטערען אונזער וואָהנונג, איז דער פיינד געפאלען!

— און קענט איהר, פריינד פּענקראָפט, טרעפען וויא אזוי דאָס איז גע־שעהן? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט — האָט איהר אן אידעע צו ערקלע־רען וויא אזוי דיא "ספּידי" איז אויפגעריסען געוואָרען?

— אָה, הערר ספּילעט — האָט פּענקראָפט געענטפערט — דאָס איז גאָר אן איינפאכע זאַך. א פּיראַטען שיף שטעהט ניט אונטער אזא דיסציפּלין אזוי וויא א קריעגס שיף. פּיראַטען זיינען ניט קיין מאטראָזען און זיי ווייסען ניט וויא צו היטען זיך און וויא צו זיין פאָרזיכטיג. זייער פּולווער מאגאזין איז וואהר־שיינליך געווען אָפען און יעמאנד פון זיי האָט שיסענדיג אריינגעשאָסען אין דיא פּולווער און דיא סיבה האָט פּאסירט.

— קאפּיטאַן הארדינג — האָט הערבערט געזאָגט — וואָס מיר וואונדערט איז, וואָס דער קראַך פון דער עקספּלאָזיאָן איז געוועזען ניט שטארק. ווען דער פּולווער מאגאזין זאָל עקספּלאָדירען וואָלט דער קראַך געווען פיעל שטארקער און דיא שיף וואָלט צוריסען געוואָרען אויף שטיקלעך. איך דענק דעריבער אז מיט דער שיף האָט אן אנדער סיבה פּאסירט.

— וואונדערט עס דיך, מיין יונגע? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— יא, קאפּיטאַן.

— און מיך וואונדערט עס אויך, מיין ליעבער הערבערט — האָט דער קאפּיטאַן געזאָגט — אָבער ווען דאָס וואסער וועט אָבפאלען און מיר וועלען דיא

שיף קענען אונטערזוכען, וועלען מיר אָהן צווייפעל געפינען אן אנטוואָרט אויף דיעזער פראגע.

— דענקט איהר ניט, קאפיטאן, אז דיא "ספידי" האָט זיך אָן עפּעס אנגעשטויסען און איז צוקלאפּט געוואָרען? — האָט פּענקראָפּט געפרעגט.

— ווארום זאָל מען עס ניט גלויבען? — האָט זיך נעב אבגערופען — אויב נור עס זיינען פאראן פעלזען אין קאנאל, קען זעהר זיין, אז זיא איז צו־קלאפּט געוואָרען אָן א פעלז.

— אונזין, נעב! — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — אָן א פעלז האָט זיא זיך געוויס ניט אָנגעשטויסען. איך האָב אליין געזעהן, אז א מאָמענט פריהער האָט זיך אויפגעהויבען א כוואליע, דאָס וואסער האָט אָנגעהויבען רוי־שען, דיא "ספידי" האָט זיך אויפגעהויבען אין דער הויך און איז ארונטערגע־פאלען מיט א קראך. ווען זיא זאָל זיך געווען אָנשטויסען אָן א פעלז, וואָלט זיא געזונקען שטיל אזוי וויא אן אָרענטליכע שיף.

— מיר וועלען עס באלד וויסען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט.

— אָבער איך וועל לאָזען מיין קאָפּ אָבהאקען, אויב אין קאנאל זיינען דאָ פעלזען — האָט דער מאטראָז געזאָגט — איך בין זיכער אז קיין פעלזען זיינען דאָרט ניטאָ. דענקט איהר ניט, קאפּיטאן, אז עס ליגט אין דעם עטוואָס פער־באָרגענעס?

סיירוס הארדינג האָט ניט געענטפערט.

— יעדענפאלס — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — וואָס דאָרט זאָל ניט האָבען פּאסירט, אָבער פּאסירט האָט עס אין דער ריכטיגער צייט.

— יא, יא! — האָט פּענקראָפּט צוגעגעבען — אָבער דאָס איז ניט דיא פראגע. איך פרעג דעם קאפּיטאן, אויב אין דעם ליגט עטוואָס איבערנאטיר־ליכעס.

— איך קען אייך ניט זאָגען, פּענקראָפּט — האָט דער אינזשיניר געענט־פערט.

דער מאטראָז איז מיט דיעזען אנטוואָרט ניט צופריעדען געווען. ער איז ביי זיך געווען זיכער אז קיין פעלזען זיינען ניטאָ אין דעם אָרט וואו דיא שיף איז געזונקען, און פיליי֗כט געפינט זיך יא א פעלז אויף'ן גרונד, איז אָבער אין יענער צייט, ווען דיא שיף איז דורכגעגאנגען, דאָס וואסער געווען גאנץ הויך און איהר אונטערשטער דעק האָט ניט געקענט דערגרייכען דעם גרונד. פּענקראָפּט איז דארום געוועזן מיט דער מיינונג, אז דיא שיף איז אויפגעריסען געוואָרען פון אן עקספּלאָזיאָן.

מען מוז צוגעבען אז פּענקראָפּט'ס מיינונג איז געווען א לאָגישע.

ארום האלב צוויי דעם זייגער נאָכמיטאָג האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען אריינגעזעצט אין זייער שיפעל און זיינען געפאָהרען אונטערזוכען דיא שיפס־

געביידע, וועלכע האָט שוין ארויסגעשטעקט גאנץ הויך, ווייל דאָס וואסער איז מעער איז אָבגעפאלען. די קאָלאָניסטען האָבען שטארק בעדויערט וואָס די קליינע שיפלעך פון דער "ספּידי" זיינען פערניכטעט געוואָרען אָדער אוועקגעשוואומען וויט אין מעער. די שיפלעך, וועלכע זיינען געווען געבויט בעסער וויא זייער שיפעל, וואָלטען זיי זעהר פיעל צוניץ געקומען.

די געזונקענע שיף איז געלעגען אַנגעבויגען אויף א זייט. לויט איהר צושטאנד האָט אויסגעזעהן, אז זיא איז צובראָכען און אומגעשליידערט געוואָרען פון א שרעקליכער קראפט פון אונטער'ן וואסער. אָבער וואָס פאר א פערבאָרגענע קראפט עס איז זיי צו הילף געקומען, דאָס האָבען די קאָלאָניסטען ניט געקענט פערשטעהן.

זיי זיינען ארומגעפאָהרען די חורבה ארום און ארום. זיא איז געווען צובראָכען און צושפּאָלטען אין פיעלע פּלעצער, אָבער מען האָט געזעהן, אז די לעכער זיינען ניט געוואָרען פון אויפגעריסענעם שיס-פּולווער אין מאגאזין, ווייל גראדע איבער'ן פּולווער מאגאזין איז דער דעק געווען גאנץ.

— מיר זעהט אויס — האָט פּענקראָפט געזאָגט — דאָס מען וועט שוין די שיף ניט קענען פערריכטען.

— אונמעגליך — האָט איירטאָן בעשטעטיגט — מען וועט שוין פון דיעזער רואינע קיין שיף ניט מאכען.

— מיר ווייזט דאָך אויס — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — אז די שיף האָט געקראָגען א שטארקען קלאפּ אין אונטערשטען דעק, ווייל זיא איז האסטיג ארויפגעפאָהרען אויף א פעלז.

— אָבער עס זיינען דאָרט ניטאָ קיין פעלזען! — האָט זיך דער מאטראָז געבייזערט — איך וועל אייך צוגעבען וואָס איהר ווילט; אָבער איך וועל קיינמאָל ניט דענקען, אז זיא האָט זיך אָנגעשטויסען אָן א פעלז.

— לאָמיר פּרובירען אריינגעהן אינוועניג אין שיף—האָט דער אינזשיניר געזאָגט — פיליייכט וועלען מיר דאן וויסען וואָס צו דענקען וועגען איהר פּלוצלינגע צושטערונג.

דאָס איז געווען דאָס בעסטע וואָס זיי האָבען געקענט טהאָן, און אלע זיינען געווען איינשטימיג דערצו, ווייל אויסער וואָס זיי וועלען דאָרט פיליייכט ערפאהרען א זאָנדערבארע געהיימניס, וועלען זיי דאָרט נאָכזוכען די אוצרות וואָס געפינען זיך אין איהר און זיי וועלען מאכען פּאָרבערייטונגען וויא אוועקצונעהמען זיי.

אריינקומען אין דער צובראָכענער שיף איז דאמאָלס געווען לייכט. דאָס וואסער איז נאָך פיעל מעהר אָבגעפאלען און דער גרעסטער טהייל פון דער שיף איז געווען אין גאנצען פריי. אין אייניגע ערטער איז דער דעק געווען צובראָכען

און מען האָט געקענט אריינקומען אינווייניג דורך דיא לעכער. גאָר אונטען האָט דאָס וואסער, וואָס איז געלאָפּען אין שיף, גערוישט אזוי וויא א וואסער־פאל.

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען מיט קליינע העק אין דיא הענד ארויף אויף'ן דעק, וואו עס זיינען געלעגען אייניגע פעסלעך און קאסטענס, וועלכע זיינען בלויז א קליינע צייט געווען אין וואסער און דאָס וואָס איז געלעגען אין זיי איז פיליייכט ניט געווען בעשעדיגט. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך פליי־סיג גענומען צו דער ארבייט אוועקצונעהמען אלעס פון דאָרט אין א זיכערען פלאץ איידער דער פלוטה וועט אָנקומען. איירטאָן און פּענקראָפט האָבען זיך ארונטערגעלאָזט אין דער שיפס־געביידע און זיי האָבען דאָרט געפונען שטאנגען מיט שטריק, מיט וועלכע מען שלעפּט ארויף און מען נעהמט ארונטער משא. זיי האָבען עס בענוצט ארונטערצושלעפּען פעסער און קאסטענס אויף זייער שיפעל און זיי אוועקפיהרען צום ברעג.

דיא בעזיצער פון אינזעל האָבען פון זייער בעזוך אויף'ן שיף ערפאהרען, אז דאָרט געפינען זיך פיעלע זאכען און ארטיקלען פון גרויסען ווערטה פאר זיי. דאָרט זיינען געווען פערשיעדענע געשיר, געצייג, קליידער און פיעלע אנדערע זאכען וואָס קענען מאכען זייער קאָלאָניע בעסער און רייכער.

סיירוס הארדינג האָט אלעס אין שיף בעקוקט מיט פערוואונדערונג און ער האָט קיין אנטוואָרט געקענט געבען צו דער פראגע, וויא אזוי דיא קאטא־סטראָפע אויף איהר האָט פאסירט?

דער אינזשיניר און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען געקומען צום פולווער מא־גאזין. איירטאָן האָט זיי אהין געבראכט און ער האָט זיי אָנגעצייגט דעם אָרט, וואו ער האָט פאָריגע נאכט געוואָלט אונטערצינדען און אומקומען צוזאמען מיט דיא פּיראטען. סיירוס הארדינג האָט ניט געגלויבט, אז דיא פולווער זאָל האָבען אויפגעריסען געוואָרען. ער האָט דארום גערענקט, אז א טהייל פון דיא פולווער וואָס ווערט געוועהנליך געהאלטען אין מעטאלענע פעסלעך איז פיליייכט ניט דורכגענעצט געוואָרען און מען וועט עס נאָך קענען צונעהמען און גע־ברויכען.

און פאקטיש האָט זיך טאקי אזוי ארויסגעוויזען. זיי האָבען ארויסגעצוי־גען ביי א צוואנציג פעסלעך פון דעם עקספּלאָדירענדען שטאָף, וועלכער איז גע־ווען טרוקען. פּענקראָפט האָט ערשט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן, אז דער אונטערגאנג פון דער "ספּידי" איז ניט געקומען פון פולווער מאגאזין.

— איך גיב שוין צו — האָט דער מאטראָז געזאָגט — אז דיא קאטאסטראָ־פע איז ניט געקומען פון דאנען; אָבער איך וועל קיינמאָל ניט צוגעבען אז דאָס איז געקומען פון א צוזאמענשטויס מיט א פעלז, ווייל קיין פעלזען זיינען דאָ ניטאָ.

— וויא אזוי זשע האָט עס דאָך פאסירט? — האָט הערבערט געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האָט פענקראָפט געענטפערט — קאפּיטאַן האַרדינג ווייס דאָס אויך ניט, און קיינער אין דער וועלט וועט דאָס וויסען!

איינינע שטונדען צייט זיינען די קאָלאָניסטען געווען פערנומען מיט די אונטערזוכונגען אין שיף און מיט אוועקנעהמען פון דאָרט אַלעס וואָס זיי האָבען געפונען פאַר נויטיג אוועקצונעהמען. דער פלוטה איז אָנגעקומען און די ארבייט האָט געמוזט אָבגעלעגט ווערען. די קאָלאָניסטען האָבען ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען, אז די שיף וועט פערטראָגען ווערען מיט'ן שטראָם, ווייל זי איז געווען צוגעפעסטיגט צום גרונד, אזוי ווי זי זאָל זיין געאַנ־קערט און זי האָט זיך ניט געקענט אויפהויבען און אוועקשווימען.

זיי האָבען אַלזאָ געקענט ווארטען ביז מאָרגען, ווען דאָס וואסער וועט וויע־דער אָבפאַלען און דאַן וועלען זיי קענען פאָרטזעצען זייערע פאָרשונגען.

עס איז געווען פינף אוהר פארנאכט ווען די קאָלאָניסטען האָבען פערלאָזען די צובראָכענע שיף. זיי האָבען געהאט א שווערען טאָג ארבייט און זיי האָבען געגעסען זייער מאָהלצייט מיט גרויס אפּעטיט. זיי האָבען נאָך'ן עסען גע־וואָלט רוהען; אָבער זייער נייגעריגקייט צו וויסען וואָס עס געפינט זיך אין די קאסטענס, פעסלעך און פעקלעך, וואָס זיי האָבען געבראכט פון דער "ספּידי", האָט זיי געמאכט ארבייטען און זיי האָבען זיך גענומען נאָכקוקען וואָס פאר אן אוצרות זיי האָבען געפונען.

די מעהרסטע קאסטענס און פעקלעך האָבען ענטהאַלטען פערשיעדענע קליידער, וועלכע זיינען זעלבסטפערשטענדליך געווען זעהר ווערטהפאָל פאַר די קאָלאָניסטען. דאָרט זיינען געווען גענוג קליידער פאר א גאנצע קאָלאָניע אָדער פאר די איינוואָהנער פון א היבשען דאָרף. דאָרט זיינען אויך געווען גענוג שיך פאר א גאנצען דאָרף מענשען.

— מיר זיינען שוין צופיעל רייך! — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — וואָס וועלען מיר טהאָן מיט אזוי פיעל?

און יעדע מינוט, ווען די קאָלאָניסטען האָבען ענטדעקט ניצליכע ארטיקלען איז די לופט פול געוואָרען מיט זייערע "הורא"-געשרייען. זיי האָבען געפונען פערשיעדענע סאָרטען וואפען און ווערקצייג פאר אלערליי האנד־ווערקער. אך, וויא שעצבאר און טהייער דיזע זאכען וואָלטען פאר זיי געווען מיט צוויי יאָהר צוריק! און אויך איצט, אָבוואָהל זיי האָבען שוין געהאט פער־שיעדענע געצייג, איז עס פאר זיי אויך געווען א טהייערער אוצר.

אין גראניט הויז האָבען די קאָלאָניסטען געהאט גענוג פּלאַץ פאר אלעס וואָס זיי האָבען געבראכט פון דער געזונקענער שיף; אָבער זיי האָבען קיין צייט געהאט צו איבערטראָגען אלעס אהין און עס איז פערבליבען אין די "טשימנים". די לייטע האָבען איינגעזעהן, אז זייערע אוצרות מוזען געהיט ווערען, ווייל זעקס גערעטעטע פּיראטען פון דער "ספּידי" האָבען זיך זיכער

געפונען אירגענד וואו אויף לינקאָלן אינזעל און פאר אזא באנדע פערברעכער דארף מען פאָרזיכטיג זיין. ווען די קאָלאָניסטען וועלען זייער ניי־ערוואָרבענע האָב און גוטס ניט בעשיצען, קענען נאָך די באנדיטען קומען און עס פער־ניכטען.

די קאָלאָניסטען האָבען דארום בעשלאָסען צו שטעלען א וואך ביי די "טשימניס" אויף איבער נאכט און שפּעטער וועלען זיי אויסארבייטען א פּלאַן וואָס פאר א שריטע צו נעהמען געגען די זעקס פּיראטען וואָס זיינען ערגיץ בעהאלטען. אלס וועכטער ביי די טשימניס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרען טאפּ און דזשופּ.

די נאכט איז פּאַראיבער און קיין בעזאָנדערעס האָט ניט פּאסירט. די זעקס פּיראטען האָבען קיין פערזוך געמאכט צו אטאקירען די "טשימניס". ווען זיי וואָלטען זיך דאָרט בעוויזען וואָלטען דער הונד און די אפּע וועגען דעם בעריכטעט. די קומענדע דריי טעג — דעם 19, 20 און 21טען אָקטאָבער, זיינען די קאָלאָניסטען געווען פערנומען מיט צונעהמען פון דער צובראָכענער שיף אלעס וואָס האָט פאר זיי א ווערטה געהאט. ביי וואסער אָבפּאל פלעגען זיי ארויסנעהמען פון שיף וואָס זיי האָבען געוואָלט און וואָס עס האָט זיך פאר זיי געלוינט, און ווען דאָס וואסער פלעגט שטייגען האָבען זיי די ארויסגענומענע זאכען טראנספּאָרטירט אין גראניט הויז. זיי האָבען ארונטערגעריסען א גרויסען טהייל פון די קופּער מיט וועלכע די שיף איז געווען געפּאנצערט, און פּענקראָפט האָט זיך ארונטערגעלאָזט אויף'ן גרונד און האָט ארויסבעקומען די קייטען און אנקערס, וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען אויך צוגענומען. זיי האָבען אויך פערנומען די פּיער קאנאָנען וועלכע זיינען פערבליבען אויף'ן דעק.

דאָס איז פאר די קאָלאָניסטען געווען א גרויסע געווינס. די קאנאָנען האָבען פאר זיי געהאט זעהר א בעדייטענדען ווערטה, זיכער אזוי פיעל און פי־לייכט נאָך מעהר וויא די אנדערע זאכען פון שיף. פּענקראָפט האָט זיך אייניגע מאָל ענטהוזיאסטיש אויסגעדריקט, אז זיי קענען ערשט האָבען א מעכטיגע פעסטונג ביים טייך מערסי און קיין שיף אָדער פלאָטע וועט ניט קענען צוקומען צו די וואסערען פון לינקאָלן אינזעל.

ווען אויף דער שיף איז שוין קיין זאך ניט איבערגעבליבען, וואָס זאָל ווערטה זיין די מיה ארונטערצונעהמען, איז געוואָרען א שטארקער שטורם־ווינד און די געביידע פון דער שיף איז צובראָכען געוואָרען אויף שטיקער. סיי רום הארדינג האָט אין זינען געהאט אויפצורייסען די צובראָכענע געביידע מיט פּולווער, אום די האָלץ און אייזען פון איהר זאָל ארויסגעשליידערט ווערען אויף'ן ברעג און זיי זאָלען עס קענען צונעהמען, אָבער די נאטור זעלבסט האָט דיעזע ארבייט געטהאָן און געשפּאָרט די קאָלאָניסטען שיס־פּולווער.

דאָס האָט פּאסירט אין דער נאכט פון 23טען אָקטאָבער. די שיפס־

געביידע איז צוקלאפט געוואָרען און פיעלע שטיקער פון איהר זיינען ארויסגע־וואָרפען געוואָרען אויף'ן ברעג.

קיינע פאפירען זיינען אויף דער אונטערגעגאנגענער שיף ניט געפונען געוואָרען. סיירוס הארדינג האָט געזוכט איבעראל וואו עס איז נור מעגליך געווען, אָבער ער האָט ניט ענטדעקט קיין שפור צו אירגענד וועלכע פאפירען. דיא פיראטען האָבען וואהרשיינליך פערניכטעט אלע פאפירען וואָס זיי האָבען אויף דער "ספידי" געפונען נאכהער וויא זיי האָבען זיא גערויבט, און דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געקענט אויסגעפינען דעם נאָמען פון איהר אייגענ־טהימער אָדער פון וואָס פאר א לאנד זיא קומט. אָבער לויט איהר געבוי האָבען איירטאָן און פענקראָפט פערזיכערט, אז זיא איז געבויט געוואָרען אין ענגלאנד.

אין אכט טאָג ארום נאָך דער קאטאסטראָפע, אָדער בעסער געזאָגט: נאָך דעם שרעקליכען און צו זעלבער צייט גליקליכען פאָרפאל מיט דער פיראטען שיף, האָט מען שוין פון איהר קיין זאך ניט געזעהן, זאָגאר ווען דאָס וואסער אין קאנאל ביים ברעג ים איז געווען זעהר ניעדריג. דיא גרעסטע טהייל פון איהר און וואָס אינוועניג האָט זיך געפונען האָבען דיא קאָלאָניסטען צוגע־נומען און דיא איבעריגע איז פערבליבען ליגען ביים ברעג אָדער איז פער־שוואומען מיט'ן שטראָם.

אָבער דיא טיעפע געהיימניס וואָס האָט ארומגערינגעלט דיא פערניכטונג פון דער פיראטען שיף איז ניט ענטדעקט געוואָרען און עס האָט אויסגעזעהן אז מען וועט דאָס קיינמאָל ניט דערגעהן. אָבער דעם 30טען נאָוועמבער האָט פאסירט א פאל, וועלכער האָט געוואָרפען א ליכט אויף דער זאָנדערבארער גע־היימניס.

אין יענעם טאָג איז נעב געגאנגען ביים ברעג פון מעער און ער האָט געפונען א שטיקעל דיקע קיילעכדיגע אייזערנע רעהר, אויף וועלכע עס האָבען זיך געפונען שפורען פון אן עקספלאָזיאָן. דיא ברעגען פון אייזען זיינען געווען צו־דרעהט און צובראָכען און עס איז קענטיג געווען, אז דאָס איז געקומען פון א שווערען, האסטיגען קלאפ פון אן עקספלאָזיאָן. נעב האָט דיא שטיקעל מעטאל געבראכט צו זיין ווירטה, צו סיירוס הארדינג, וועלכער איז מיט דיא איבעריגע קאָלאָניסטען געווען אין דיא "טשימנים".

סיירוס הארדינג האָט דיא שטיקעל אייזען גענוי בעטראכט, דאן האָט ער זיך געווענדעט צו פענקראָפט און געזאָגט:

— איהר האלט זיך נאָך אַלץ פעסט ביי אייער מיינונג, אז דיא "ספידי" איז ניט צושמעטערט געוואָרען פון א צוזאמענשטויס?

— יא, קאפיטאן — האָט פענקראָפט געענטפערט — איהר ווייסט אויך אזוי גוט וויא איך, אז קיין פעלזען זיינען אין קאנאל ניטא.

— אָבער אז זיא איז אָנגעלאָפען אויף דיעזער שטיקעל אייזען? — האָט דער אינזשיניר געזאָגט צייגענדיג איהם דאָס וואָס נעב האָט געבראכט.

— אָט דיא שטיקעל אייזען? — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — אָט דיא שטיקעל אייזען האָט צובראָכען א גרויסע שיף?

— מיינע פריינדע — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — געדענקט איהר, אז איידער דיא שיף איז געזונקען האָט זיא זיך אויפגעהויבען אויף א דינעם געגענשטאנד, אויף א שפיץ פון עטוואָס, וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א וואסער־קישקע?

— יא, קאפיטאן — האָט הערבערט געענטפערט — איך געדענק עס.

— אויב אזוי — האָט הארדינג פאָרטגעזעצט — ווייסט איהר וואָס עס האָט דאמאָלס אויפגעהויבען דיא פיראטען שיף? אָט דיעזער אייזערנער רעהר וואָס איהר זעהט פאר אייערע אויגען.

— וואָס רעדט איהר, קאפיטאן? — האָט דער מאטראָז ווידער געפרעגט.

— אָט דאָס וואָס איהר הערט און אלע הערען — האָט הארדינג געענטפערט — ווייסט איהר וואָס פאר א שטיקעל אייזען דאָס איז? דאָס קומט, פריינדע, פון א טאָרפעדאָ (א מאשין צו צוברעכען שיפען)?

— א טאָרפעדאָ! — האָבען אלע פערוואונדערט אויסגעשריען.

— און ווער האָט דיא טאָרפעדאָ אהין געבראכט? — האָט פענקראָפט געפאָדערט צו וויסען.

— אלעס וואָס איך קען אייך זאָגען איז — האָט הארדינג געענטפערט — אז ניט איך. אָבער א טאָרפעדאָ איז דאָרט געוועזן און איהר קענט, מיינע פריינדע, פערשטעהן וואָס פאר א קראפט דיא טאָרפעדאָ האָט געהאט, אז זיא האָט מיט איין קלאפּ פערניכטעט דיא פיראטען שיף מיט איהר מאנשאפט!

## 5טעם קאַפּיטעל.

דעם אינזשיניר'ס ערקלערונג. — פענקראָפט'ס שנאה צו דיא געראָטעטע פיראַ־טען. — פּרובירט דיא קאנאָנען. — זוכען דעם פערבאָרגענעם וואָהלטהעטער. — פענקראָפט גיט זיך אונטער.

---

סיירוס הארדינג האָט שוין אלזאָ געפונען דעם שליסעל צו דער זאָנדער־בארער רעטענים. ער האָט שוין זיכער געוואוסט, אז דיא "ספידי" איז צו־קלאפּט געוואָרען פון א טאָרפעדאָ. זייענדיג אליין אין דער בירגער קריעג, האָט הארדינג געזעהן טאָרפעדאָס און ער האָט זאָגאר ריכטיג געוואוסט וויא אזוי דיעזע שרעקליכע צושטערונג מאשינען ארבייטען און ער האָט ניט געקענט

האָבען קיין טעות. ער האָט געוואוסט אז דיא שטיק אייזען וואָס נעב האָט געפונען איז פון צילינדער, וועלכער ווערט אָנגעפּילט מיט ניטראָ־גליצערין אָדער אן אנדער עקספּלאָדירענדען שטאָף און עס קען זאָגאר שטאָהלענע שיפען צושמעטערען — דאָס איז איהם געוועזן קלאָר וויא דער טאָג; אָבער וויא איז געקומען דיא טאָרפּעדאָ אין קאנאל? דאָס איז פערבליבען אונפערענטפערט.

— מיינע פריינדע — האָט הארדינג געאָגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען — מיר קענען שוין מעהר ניט צווייפלען אין דיא אנוועזענהייט פון א געהיימניס־פּאָלע פּערזאָן אויף אונזער אינזעל. דאָ געפינט זיך זיכער א רואה ואינו נראה — א מאן וואָס זעהט און ווערט ניט געזעהן. פיליכט איז ער א פערוואָרפענער אזוי וויא מיר, אָדער א פערשטויסענער אזוי וויא איירטאָן; אָבער ווער יע־נער פערבאָרגענער מאן איז און וואָרום ער טהוט אונז אזוי פיעל טובות פער־באָרגענערהייד, קען איך ניט פערשטעהן. וואָרום בעהאלט זיך יענע פּערזאָן? וואָרום ווייזט ער זיך ניט צו אונז צו נעהמען אונזער הערצליכען דאנק? אָט דיעזע געהיימנים איז מיר נאָך שווערער צו ערקלערען וויא אלע זאכען וואָס האָבען מיט אונז פּאסירט אין פערלויף פון דיא צוויי יאָהר וואָס מיר זיינען דאָ אויף דיעזען אינזעל. עס איז קיין צווייפעל, אז דער פערבאָרגענער, וועלכען מיר האָבען ניט דיא זכיה צו זעהן, איז א מאן וואָס בעזיצט אן אונגעהייער גרויסע קראַפט. איך גלויב, אז יענע פּערזאָן האָט מיך גערעטעט, ווען מיר זיינען ארונטערגעפאלען אין מעער מיט אונזער באלון. יענער האָט עס וואהר־שיינליך געשריבען דעם דאָקומענט וואָס מיר האָבען געפונען אין פלאש. יענער האָט עס געבראכט דעם קאסטען מיט דיא ארטיקלען, וועלכע זיינען אונז אזוי צוניץ געקומען. יענער האָט עס אָנגעצונדען דעם פייער, ווען פענקראָפט, ספּי־לעט און הערבערט זיינען געפאָהרען צוריק פון אינזעל טייבאָר. יענער האָט עס אריינגעשאָסען דיא קויל אין זויג־שוויין. יענער האָט עס ארונטערגעלאָזט דיא טאָרפּעדאָ, וועלכע האָט צושמעטערט דיא פיראטען שיף. מיט איין וואָרט: אלע אונפערשטענדליכע פּאסירונגען וואָס האָבען מיט אונז פּאסירט זיינען געקומען פון איינער און דערזעלבער האנד. איירטאָן איז יענעם געהיימניספּאָלען שולדיג א דאנק אזוי גוט וויא מיר, וואָרום ווען יענער זאָל ניט געוועזן אריינ־וואָרפען דיא פלאש מיט'ן דאָקומענט אין וואסער, וואָלטען מיר דעם אינזעל טייבאָר ניט בעזוכט און איירטאָן וואָלט פערבליבען אין זיין ווילדען צושטאנד. דארום, מיינע פריינדע, עס מאכט קיין אונטערשיעד אויב אונזער פערבאָר־גענער וואָהלטהעטער איז דורך שיפס־ברוך אָדער דורך אן אנדער אונגליק אהער פערוואָרפען געוואָרן אָדער מען האָט איהם אהער געבראכט און איבערגעלאָזט אלס פערברעכער, איז אונזער הייליגע פפליכט אויפצוזוכען איהם און אָבדאנקען איהם פאר דיא גוטעס וואָס ער האָט מיט אונז געטהאָן. איך האָף און ערווארטע, אז אונז ועט געלינגען אָבצוגעבען איהם דעם חוב וואָס מיר זיינען איהם שולדיג.

— איהר האָט רעכט, הערר סיירוס — האָט זיך גידעאָן ספּילעט אָבגערו־פען — יא, עפּעס כמעט אן אַלמעכטיגער געפינט זיך בעהאַלטען אויף אונזער אינזעל. ווען מיר וואָלטען געגלויבט אין איבערנאַטירליכע זאכען, וואָלט איך געזאָגט, אז יענער מאַן בעזיצט אן איבערנאַטירליכע קראַפט, אן איבערנאַטירליכע אייגענשאַפט, וועלכע קיין מענש אונטער'ן הימעל בעזיצט ניט. ווער האָט אונזער הונד טאָפּ ארויסגעשליידערט פון מעער? ווער האָט געטויטעט דעם דיוגאָנג? ווער האָט עס געצווינגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון טאָפּ און דזשופּ, וועלכע פלעגען אלע מאָל בילען און ברומען ביים ברונים אין גראַניט הויז? איך גלויב, אז דאָס איז אלעס געטהאָן געוואָרען פון דעם געהיימניספּאָלען מאַן, וואָס זעהט אונז און מיר קענען איהם ניט זעהן, און קען דען אן איינפאַכער מענש בעווייזען אזעלכע וואונדער?

— יא — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — מען מוז צוגעבען, אז יענע פּערזאָן האָט אן אויסערנאַטירליכע קראַפט. אָבער זיינט איהר איינשטימיג מיט מיין מיינונג, אז מיר דארפען יענעם געהיימניספּאָלען אויפזוכען?

— גאַנץ געוויס, מיין הערר! — האָט זיך נעב ארויסגעכאַפּט — איך מיין אז מיר מוזען איהם זוכען, אז מיר זיינען פערפּפליכטעט דאָס צו טהאָן. אָבער איך דענק, אז א מאַן וואָס קען צייגען אזעלכע וואונדער וועט ניט לייכט זיין צו געפינען, סיידען ער וועט עס אליין וועלען אז מיר זאָלען איהם געפינען.

— זעהר ריכטיג, פריינד נעב — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען.

— איך מיין אויך אזוי — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — איך גלויב אויך, אז מיר וועלען איהם ניט געפינען זאָלאַנג ער וועט עס ניט וועלען. אָבער דאָס דארף אונז ניט אָבהאַלטען פון פּרובירען צו זוכען איהם. אויב מיר וועלען איהם געפינען אָדער ניט, וועלען מיר אמווענינגסטען וויסען, אז מיר האָבען ערפילט אונזער פפליכט צו איהם.

— און וויא איז דיין מיינונג, הערבערט? — האָט דער אינזשיניר גע־פרעגט.

— אָה! — האָט דער יונגע אויסגעשריען — וויא איך וואָלט יענעם מאַן וועלען אָבדאַנקען! אָה, וויא איך האָב לוסט צו דריקען און קושען זיינע הענד דערפאַר וואָס ער האָט פריהער אייך און נאָכהער אונז אלעמען גערעטעט!

— גאַנץ געוויס! — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — איך ווינש אויך דאָס זעלבע. איך וואָלט וועלען כאָטש אָנקוקען זיין געזיכט. איך שטעל מיר פאָר אז ער איז א ריעז. ער איז מוז זיין הויך, שטאַרק, מיט א שעהנעם באָרד, שטראַהלענדע האָר און ער רייט אויף וואָלקענס!

— אייער פאַנטאַזיע טראָגט אייך צו ווייט — האָט גידעאָן ספּילעט בעמערקט.

— און איהר, איירטאָן, וואָס זאָגט איהר? — האָט דער אינזשיניר גע־פרעגט.

— קאפּיטאַן הארדינג — האָט איירטאָן געענטפערט — איך קען אייך קיין בעסערען ראטה ניט געבען. וויא איהר וועט טהאָן וועט זיין גוט. אויב איהר ווילט איך זאָל זיך בעטהייליגען אין זוכען יענע פּערזאָן, וועל איך עס טהאָן מיט פערגניגען.

— איך דאנק אייך, איירטאָן — האָט הארדינג געענטפערט — אָבער איך פערלאנג פון אייך אן אנטוואָרט אויף מיין פראגע. איהר זיינט אונזער קאָמ־פּאניאָן. איהר האָט שוין ניט איין מאָל געאָפּפערט אייער לעבען פאר אונזער קאָלאָניע, פערלאנג איך צו וויסען אייער מיינונג איבער דער פראגע וואָס מיר בעהאנדלען יעצט. דענקט איהר, אז מיר דארפען יענעם געהיימניספאָלען מאן זוכען?

— קאפּיטאַן הארדינג — האָט איירטאָן געענטפערט — נאָך מיין מיי־נונג דארפען מיר אָנווענדען אלעס מעגליכע און אָבזוכען אונזער פערבאָרגע־נעם וואָהלטהעטער. פיללייכט איז ער עלענד, פיללייכט ליידעט ער, פיללייכט דארף מען מאכען ענדערונגען אין זיין ארט לעבען. איך, אזוי וויא איהר האָט פריהער געזאָגט, בין איהם שולדיג א דאנק פאר מיין יעצטיגע לאגע. ער און ניט קיין אנדערער האָט אייך געגעבען צו וויסען וועגען מיין עקזיסטענץ אויף'ן אינזעל טייבאָר דורך דעם דאָקומענט וואָס ער האָט אריינגעוואָרפען אין וואסער, און נור איהם האָב איך צו פערדאנקען וואָס איך בין פון א ווילדעס טהיער צוריק א מענש געוואָרען. איך וועל איהם דיזע טובה קיינמאָל ניט פערגעסען!

— דערמיט איז געענדיגט — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — וויבאלד אז איהר שטימט אלע איין וועלען מיר אזוי שנעל וויא מעגליך אָנפאנגען זוכען יענע פּערזאָן. מיר וועלען אויספאָרשען דעם גאנצען אינזעל, זאָגאר קיין ווינ־קעלע וועלען מיר ניט פערפעהלען. מיר וועלען אויספאָרשען דיא פערבאָרגענע פּלעצער פון לינקאָלן אינזעל און קיין זאך וועט אונז ניט אָבהאלטען פון אונזער וויכטיגע ארבייט. איך האָף אז אונזער אונבעוואוסטער פריינד וועט אונז פער־צייהען, אויב זאָגאר דאָס איז געגען זיין ווילען.

דיא פאָלגענדע עטליכע טעג האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען בעשעפטיגט מיט מאכען היי פאר זייערע פיה אויף ווינטער און מיט אנדערע וויכטיגע אר־בייט אין זייער פעלד און גאָרטען. זיי האָבען שוין געהאט פיעל צייטיגע גרינ־סען, וועלכע זיי האָבען ארויסגענומען פון גאָרטען און איבערגעטראָגען אין גראניט הויז, וואו זיי האָבען געהאט א זיכערען פּלאץ פאר אלעס.

מען האָט ניט געדארפט מורא האָבען, אז עטוואָס וועט דאָרט פערדאָרבען ווערען פון פייכטקייט אָדער פון מאנגעל אין לופט. דיא קאָלאָניסטען האָבען

דיא מאגאזינען אין גראניט הויז אזוי איינגעריכטעט, אז איבעראל איז געווען טרוקען און לופטיג און קיין שימעל, קיין ראָסט איז אויף קיין זאך ניט געפאלען.

דיא פיער קאנאָנען פון דער פיראטען שיף, וועלכע דיא קאָלאָניסטען האָבען פערנומען, האָבען זיי ארויסגעשטעלט ביי דיא פענסטער פון גראניט הויז. זיי זיינען פון נאסקייט פערראָסטעט געוואָרען און פענקראָפט האָט פיעל מיה אוועקגעלעגט ביז ער האָט זיי ארומגעשייערט און אָבגערייניגט אזוי, אז זיי האָבען געבלאנקט און געבלישצעט פון ווייטענס. דיא גראניט הויז מיט דיא מיילער פון דיא קאנאָנען אין דיא פענסטער האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א פעסטונג. פענקראָפט פלעגט זאָגען, אז מיט זייערע קאנאָנען האָט זיך דיא גרעסטע קריעגס שיף פון דיא פעראייניגטע שטאאטען ניט געדארפט שעהמען.

איין טאָג האָט דער מאטראָז פאָרגעשלאָגען, אז זיי זאָלען פּרובירען דיא קאנאָנען, אויב זיי שיסען גוט און וויא וויים זיי שיסען. ער האָט דעם אינ־זשיניר ערקלערט, אז דיעזע ארבייט איז פאר זיי א נויטווענדיגקייט, ווייל ווער קען וויסען? פיליינבט וועט מען אין א שעהנעם פריהמאָרגען זיי דארפען געברויכען, און מען מוז זיין איבערצייגט וויא אזוי זיי ארבייטען און וואָס פאר א נוצען מען קען פון זיי ציהען.

דער אינזשיניר האָט דערויף געגעבען זיין צושטימונג.

אויף הארדינג'ס ראטה האָט מען דיא קאנאָנען פּרובירט ניט מיט ריכטיגען שיס־פּולווער, זאָנדערן מיט פּייראקסיל — דער עקספּלאָדירענדער שטאָף, וועל־כען הארדינג האָט אמאָל געמאכט, און עס האָט זיך ארויסגעצייגט זעהר גוט. אלס קוילען האָבען זיי געברויכט שטיקלעך שטאָהל, און אויך מיט גוטע רע־זולטאטען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך איבערצייגט, אז זייערע קאנאָנען זיינען גוט געמאכט און ווירקען אויף'ן בעסטען ארט אין אלע הינזיכטען. קוילען וואָס זיינען אָבגעפייערט געוואָרען אין גראניט הויז האָבען צוקלאפּט פעלזען פון מאנדיבל קייפ, כמעט פינף מייל ווייט.

פענקראָפט האָט פון גרויס בעגייסטערונג אזוי געשריען און געליארמט, אז זיינע קולות האָבען פערהילכט דיא קראכען פון דיא קאנאָנען שיסע.

— נו, קאפּיטאן — האָט ער געזאָגט — וואָס דענקט איהר וועגען אונ־זער פעסטונג? אצינד מעגען שוין אהער קומען אלע פיראטען פון פּאסיפיק און זיי וועלען אונז קיין בייזעס קענען טהאָן. קיינער אין דער וועלט וועט ערשט ניט קענען לאנדען אויף אונזער אינזעל אָהן אונזער ערלויבניס!

— גלויבט מיר, פענקראָפט — האָט קאפּיטאן הארדינג געענטפערט — אז איך ווינש מיר פון דעסטוועגען ניט, אז פיראטען זאָלען אהער קומען.

— איהר ווינשט ניט! — האָט דער מאטראָז געזאָגט — און וואָס איז מיט דיא זעקס פיראטען וואָס מיר האָבען דאָ אויף אונזער אינזעל? וועלען

מיר זיי ערלויבען אז זיי זאָלען רואינירען אונזערע שטאהלען, צוטרעטען אונזערע פעלדער און פערניכטען אונזערע פלאנצונגען? דיא פיראטען זיינען ניט בעסער פון יאגוארען (א מין טיגער) און מיר דארפען זיי ניט בעהאנדלען אנדערש וויא מען בעהאנדעלט יענע בייזע און געפעהרליכע חיות. וואָס דענקט איהר, איירטאָן, זאָג איך ניט ריכטיג?

איירטאָן האָט ניט געענטפערט און אויף זיין געזיכט האָט זיך פערצויגען א וואָלקען פון טרויער און שאנדע.

סיירוס הארדינג האָט שטארק בעדויערט, וואָס פון פענקראָפט'ס מויל האָבען זיך ארויסגעכאפט ווערטער, וועלכע האָבען דעם אָרימען איירטאָן ער־געדניס פערשאפט.

א ווייל שפעטער האָט זיך איירטאָן אָבגערופען:

— איך בין אויך געווען איינער פון דיעזע יאגוארען און איך האָב קיין רעכט צו רעדען.

רעדענדיג דיעזע ווערטער איז ער אָבגעטראָטען אָן א זייט.

פענקראָפט האָט פערשטאנען וואָס פאר א סטרונע ער האָט ניט ווילענדיג בעריהרט און דאָס האָט איהם שטארק לייד געטהאָן.

— אך, וויא ברוטאל איך בין! — האָט פענקראָפט צו זיך אליין געזאָגט — אָרימער איירטאָן, איך האָב אין איהם אויפגעוועקט זיינע אלטע ליידען. איך האָב ארויפגעשאָטען זאלץ אויף זיין פערוואונדעטע הארץ!

— יא, איהר זיינט זעהר אונפאָרזיכטיג, פריינד פענקראָפט — האָט גידעאָן ספּילעט בעמערקט — עס איז זעהר אונרעכט צו טרעטען אויף זיינע געפיהלען און דערמאָהנען איהם זיין פערגאנגענהייט. מיר דארפען איהם ערשט רעספּעקטירען און פערגעסען וואָס ער איז אמאָל געווען.

— איהר האָט רעכט, העֶרר ספּילעט — האָט דער מאטראָז געענטפערט — זייט זיכער, אז מעהר וועט זיך שוין ביי מיר פון מויל אזא נארישקייט ניט ארויסכאפּען. זאָל איך בעסער אָבבייסען מיין צונג איידער איך זאָל אויס־רעדען א וואָרט וואָס זאָל איירטאָן'ען וועה טהאָן! אָבער לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזער פראגע. איך דענק אז יענע זעקס באנדיטען, וואָס געפינען זיך ערגיץ אויף אונזער אינזעל, זיינען ניט ווערטה אז מען זאָל מיט זיי מיטלייד האָבען און מיר דארפען פון זיי לויז ווערען אזוי שנעל וויא מעגליך.

— איז דאָס אייער מיינונג, פענקראָפט? — האָט דער אינזשיניר גע־פרעגט.

— יא, דאָס איז מיין מיינונג.

— דענקט איהר ניט, אז מיר דארפען ווארטען ביז זיי וועלען בעגעהן א פערברעכען געגען אונז און דאן וועלען מיר זיך מיט זיי רעכענען?

— און דאָס וואָס זיי האָבען שוין געטהאָן געגען אונז איז ווענינ? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— אָבער עס קען דאָך זיין — האָט הארדינג געענטפערט — אז זיי האָבען שוין ערשט געגומען אן אנדער וועג. עס קען דאָך זיין אז זיי האָבען חרטה אויף זייערע פאָריגע טהאטען.

—חרטה האָבען זיי! — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — פיינע מענשען זיינען זיי געוואָרען!

— פענקראָפט — האָט הארדינג געזאָגט — נעהמט אייך א ביישפיעל פון אײרטאָן. איז ער ניט געוואָרען א העכסט אָרענטליכער מאַן?

פענקראָפט האָט געקוקט אויף זיינע קאָמפּאניאָנען, אזוי וויא ער זאָל וועלען לעזען אויף זייערע געזיכטער וואָס זיי דענקען וועגען דיא געראָטעטע באנדיטען פון דער "ספּידי". ער אליין האָט אויף זיי געקוקט אזוי וויא אויף ווילדע טהיערע און ער האָט גאָר ניט געדענקט, אז עס זאָל זיך געפינען אזעלכער וואָס זאָל ניט זיין מיט זיין מיינונג אז מען דארף זיי וואָס שנעלער אויסראָטען. ער האָט אָבער אָן אַלעמען'ס געזיכטער דערקענט, אז זיי האַלטען מעהר מיט סיירוס הארדינג וויא מיט איהם.

— נו, זאָל זיין אזוי! — האָט ער געזאָגט — אַלע זיינען מיינע געגנער אין דיעזער הינזיכט. איהר ווילט זיין מילד מיט דיא באנדיטען, מיט דיא שופטען? זעהר פיין! אָבער זעהט אז מיר זאָלען קיין חרטה ניט האָבען.

— ווייסט איהר וואָס, מיינע הערחען? — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — יעדענפאלס קען דאָך ניט שאדען ווען מיר וועלען זיין פאָרזיכטיג און האַלטען א וואך!

— הם — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — איהר פערגעסט זיך אז זיי זיינען זעקס פערזאָן און גוט בעוואפענט, ווען יעדער איינער פון זיי וועט שיסען אויף יעדען איינעם פון אונז קענען זיי ווערען דיא אייגענטהימער פון אונזער קאָלאָניע.

— ווארום האָבען זיי דאָס ביז ערשט ניט געטהאָן? — האָט הערבערט געפרעגט — וואהרשיינליך דענקען זיי גאָר קיין בייזעס. אויסערדעם זיינען מיר דאָך אויך זעקס פערזאָן און אויף'ן ערגסטען פאל וועלען מיר זיך קענען פערטהיידיגען.

— צו וואָס דיא דיסקוסיאָנען? — האָט פענקראָפט סארקאסטיש געזאָגט — לאָמיר לאָזען דיא גוטע און פרומע מענשען טהאָן וואָס זיי ווילען און לאָמיר וועגען דעם מעהר ניט רעדען.

— מאכט זיך ניט פאר אזא שלעכטען, פריינד פענקראָפט — האָט זיך נעב אָבגערופען — איך דענק, אז ווען איינער פון דיא מאנשאפט פון דער

"ספידי" זאָל דאָ ערשט שטעהן פאר אייערע אויגען וואָלט איהר איהם אויך ניט געשאָסען.

— איך וואָלט איהם דערשאָסען אזוי וויא א משוגענעם חונד! — האָט פענקראָפט געענטפערט.

— פענקראָפט — האָט דער אינזשיניר ווייך געזאָגט — איהר זיינט זעהר אָפט מיינער א שטיקעל געגנער, ווילט איהר מיר טהאָן דיא געפעליגקייט און איינשטימען מיט מיר אין דיעזער אנגעלעגענהייט?

— צופריעדען! מיר וועלען זיי ניט אטאקירען, סיידען זיי וועלען פריהער מאכען אן אטאקע אויף אונז — האָט דער מאטראָז נאָכגעגעבען.

עס איז אלזאָ בעשטימט געוואָרען, אז זיי זאָלען דיא פיראטען ניט אטאקירען, אָבער זיי זאָלען פאָרזיכטיג זיין ניט אטאקירט צו ווערען פון דיא פיראטען. סיירוס הארדינג האָט זיינע קאָמפאניאָנען נאָך אמאָל געגעבען צו ערקלערען, אז עס קען זעהר זיין דאָס דיא פיראטען זיינען שוין ערשט ניט דאָס וואָס זיי זיינען געווען. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא מענשליכע געפיהלען האָבען זיך ערוועקט אין זייערע הערצער און זיי דענקען ערשט צו פיהרען אן אָרענטליכען און אנשטענדיגען לעבען. יעדענפאלס, איז דאָך ניט מענשליך צו בעפאלען מענשען און אויסשלאכטען זיי און דער ריכטיגער וועג איז צו ווארטען. עס איז וואהר, אז דער לעבען פון דיא קאָלאָניסטען איז ערשט געוואָרען אונזיכער. זיי האָבען זיך אויף יעדער שריט און טריט געדארפט היטען פאר דיא זעקס גערעטעטע פון באָב הארווי'ס באנדע, אָבער זיי האָבען אלעס געמוזט איינשטעלען אין קאָן און ווארטען ביז א צייט. אויב דיעזער וועג וואָס זיי האָבען זיך גענומען איז א ריכטיגער, אָדער פענקראָפט האָט רעכט, דאָס וועט דיא צייט בעווייזען.

## 6טעם קאפיטעל.

**דיא** געפלאנטע עקספעדיציאָן. — א וויזיט אין פאָרט באלון. — שפורען פון דיא פיראטען אויף דער "באָנעדוועטשור". — אונבעאנטוואָרטעטע טעלעגראמען. — צוריסענע טעלעגראף דראָטען. — הערבערט געשאָסען.

---

יעדענפאלס איז ערשט דיא הויפט אויפגאבע פון דיא קאָלאָניסטען געווען דורכצופיהרען זייער בעשלוס און אויספאָרשען דעם אינזעל אזוי גענוי וויא מעגליך. דערמיט האָבען זיי בעצוועקט צוויי זאכען: אויסצוגעפינען דיא געהיימניספאָלע פערזאָן, וועלכע געפינט זיך אָהן צווייפעל אירגענד וואו אויף'ן אינזעל, און אין דער זעלבער צייט ערפאהרען וואָס איז געוואָרען מיט דיא זעקס

פיראטען, וועלכע זיינען פערבליבען אויף'ן אינזעל, וואָס פאר א וועג זיי האָבען זיך גענומען, וואָס פאר אן ארט לעבען זיי לעבען און אויב מען דארף פאר זיי מורא האָבען.

סיירוס הארדינג האָט דעם פאָרשונגס גאנג ניט געוואָלט אָבלעגען; אָבער אזוי וויא דיעזע עקספּעדיציאָן האָט געדארפט דויערען מינדעסטענס איינינגע טעג, האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגערעכענט, אז דאָס בעסטע וועט פאר זיי זיין, ווען זיי וועלען מיטנעהמען זייער וואָגען מיט שפּייז, ווערק־צייג און אנדערע ארטיקלען און מאטעריאלען, וואָס זיי קענען דארפען אין וועג. אָבער איינער פון דיא אָנאגאס האָט צוקלאפּט א פוס און מען האָט איהם ניט געקענט שפּאנען אין וואָגען; דיא קאָלאָניסטען האָבען דארום געמוזט ווארטען איינינגע טעג ביז זייער פערד'ס פוס וועט זיך פערהיילען. דיא רייזע איז אָבגעלעגט געוואָרען אויף צעהן טעג שפּעטער, ביז דעם 20טען נאָוועמבער. אין דיעזען מאָנאט איז דאָרט עכט ווארים און דיא טעג זיינען דיא לענגסטע פון יאָהר. דיא קאָלאָניסטען האָבען אלזאָ ניט געקענט ווינשען קיין בעסערע צייט פאר זייער פאָרשונגס רייזע און ווען ניט דער קראנקער אָנאגא, וואָלטען זיי ארויס אין וועג מיט איינינגע טעג פריהער.

דיא עטליכע טעג וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאט צו ווארטען ביז דעם אָנאגא'ס פוס וועט זיך פערהיילען זיינען זיי ניט געזעסען ליידיג. זיי האָבען געהאט ארבייט אויף פּראָספּעקט האיטס און אין זייערע פיה־שטאהלען, וועלכע זיי האָבען דורך דער צייט פערפערטיגט.

דיא ארבייט אין דיא שטאהלען האָט איירטאָן געמאכט. ער איז דאָרט געווען איינער אליין. סיירוס הארדינג האָט געוואָלט שיקען נאָך איינעם פון זייערע קאָמפּאניאָנען מיט איהם, אוים מורא פיליכט ווערט ער דאָרט בעפאלען פון דיא גערעטעטע פּיראטען; אָבער איירטאָן האָט ערקלערט, אז עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, ווייל אויב עטוואָס וועט פאסירען וועט ער זיי קענען צו וויסען געבען דורך'ן טעלעגראף און זיי וועלען איהם צו הילף קומען, און ביז זיי וועלען קומען וועט ער זיך אליין קענען פערטהיידיגען.

ווען איירטאָן איז אָנגעקומען אין דיא שטאהלען האָט ער דורך'ן דראָט געלאָזט וויסען זיינע קאָמפּאניאָנען, אז ער האָט אלעס געפונען אין בעסטען אָרד־נונג. דיא ארבייט, וואָס איירטאָן האָט דאָרט געהאט צו טהאָן, האָט געדארפט דויערען צוויי טעג.

אין פערלויף פון דיא צוויי טעג האָט הארדינג אויסגעארבייט א פּלאן וויא אזוי צו פערהיטען, אז דיא פּיראטען זאָלען ניט קענען קומען אין זייער וואָה־נונג ביי זייער אָבוועזענהייט. ער האָט בעשלאָסען צו פערשטעלען דעם אלטען ארייננאנג צום אונטערערדישען קאנאל אָדער הייהל וואָס פיהרט צום גראניט הויז אזוי, אז עס זאָל זיכער ניט קענטיג זיין און עס זאָל קיין פערדאכט פאלען,

אז דאָרט ציהט זיך א וועג וואָס פיהרט ערגיץ. זיין פּלאַן איז געווען צו פערשטעלען דעם אריינגאנג מיט וואסער. הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען דעם פּלאַן דורכגעפיהרט דורכגראָבענדיג א וואסער וועג פון לייק גרענט און גליצערין קריק צו דער עפענונג פון הייהל וואָס איז געווען פערשטאָפּט מיט שטיינער און פערשטעלט מיט צווייגען. זיי האָבען נאכהער דאָס וואסער פערשטעלט עס זאָל ניט אָבלויפען און דער געהיימער אריינגאנג איז פערבליבען אונטער'ן וואסער. הינטען, האָבען זיי גערעכענט, וועלען זיי ארויפלאָזען דיא הויב מאַשין און מען וועט אין גראניט הויז דורך'ן נייעם וועג אויך ניט קענען ארויפקומען.

ווען זיי זיינען מיט דיעזער ארבייט פערטיג געוואָרען, האָבען פּענקראָפט, גידעאָן ספּילעט און הערבערט געמאכט א שפּאציר צו פּאָרט באלון, אום צו זעהן וואָס עס טהוט זיך מיט דער "באָנעדווענטשור", וועלכע איז דאָרט געשטאַנען, אויב דיא זעקס פּיראטען האָבען דיא שיף בעזוכט אָדער פּילייכט אין גאנצען אוועקגענומען און מיט איהר אנטלאָפען. פּענקראָפט, ביי ווען דיא שיף איז געווען זעהר טהייער, האָט ניט געקענט רוהען. דער געדאנק, טאָמער האָבען דיא פּיראטען דערזעהן דיא שיף און זיא אוועקגערויבט, האָט איהם ניט געלאָזט שלאָפען. דיא דריי קאמעראדען האָבען זיך גוט בעוואפענט און זיי זיינען אוועק צו זייער האפען אין פּאָרט באלון. נעב האָט זיי בעגלייט איבער דעם טייך מערסי. ער האָט זיך דאן אומגעקעהרט צוריק און האָט אויפגעהויבען דעם בריק.

זיי האָבען אָבגערעדט, אז ווען דיא דריי וועלען צוריק קומען זאָלען זיי אָבפייערען פון א ביקס אלס סיגנאל אז זיי זיינען דאָ און נעב וועט געהן ארונטערלאָזען דעם בריק און זיי לאָזען אריבערגעהן.

זיי זיינען געגאנגען מיט א גלייכען וועג. זיי האָבען איבעראל גוט אכטונג געגעבען און זיי האָבען ניט געפונען קיין שפּור, אז דיא גערעטעטע פּיראטען זאָלען דאָרט האָבען געגאנגען. דיא קאָלאָניסטען האָבען פּרובירט אָבגעהן אָן א זייט, אָבער אויך דאָרט האָבען זיי ניט בעמערקט קיין טריט פון מענשען אָדער אירגענד וועלכען צייכען, אז יעמאנד האָט דאָרט דעם באָדען בעטראָטען. ספּילעט איז געווען מיט דער מיינונג, אז דיא פּיראטען בעהאלטען זיך ערגיץ אין אן איינזאמען, פערבאָרגענעם ווינקעל פון לינקאָלן אינזעל, ווייל זיי דענקען דאָס דער אינזעל איז בעוואָהנט פון א סך מענשען און זיי האָבען מורא פאר זייערע לעבענס, אָדער פּילייכט ווייסען זיי דעם צאָהל פון דיא בעזיצער פון אינזעל, אָבער זיי זיינען ניט בעוואפענט גענוג צו שטעלען זיך זאָגאר געגען זעקס פּערזאָן.

זיי זיינען אָנגעקומען אין פּאָרט באלון און פּענקראָפט איז העכסט צופריעדען געווען צו זעהן, אז זיין שיף שטעהט אויף איהר אָרט אין דעם שמאָלען

קאנאל. דער פּלאַץ, וואו דיא "באָנעדווענטשור" איז געשטאנען, איז ווירקליך געווען א פערבאָרגענער, פערשטעלט מיט פעלזען שטיינער און הויכע גראָזען. מען האָט דיא שיף קוים געקענט בעמערקען אי פון מעער, אי פון לאנד.

— קומט — האָט פּענקראָפּט געזאָגט צו זיינע קאמעראדען — קומט, דיא שווארצע באנדע איז נאָך אויף אונזער שיף ניט געווען. זיי ליגען וואהר־שיינליך פערשטעקט אירגענד וואו אין וואלד און מיר וועלען זיי נאָך געפינען.

— א גליק וואָס זיי האָבען אונזער שיף ניט ענטדעקט — האָט הערבערט געזאָגט—ווען זיי געפינען דיא "באָנעדווענטשור", וואָלטען זיי אין איהר אנטלאָפען און מיר וואָלטען פערבליבען אָהן א שיף און מיר וואָלטען ניט געקענט מאכען אונזער צווייטע רייזע צום אינזעל טייבאָר.

— ווירקליך — האָט דער רעפּאָרטער בעשטעטיגט — מיר וועלען דאָך מוזען פאָהרען אויף יענעם אינזעל און איבערלאָזען דאָרט א דאָקומענט וועגען אייר־טאָן'ס נייע היים און וואו אונזער אינזעל ליגט. אין פאל אז דער שאָטלענדער וועט קומען אָבנעהמען זיין געפאנגענעם איירטאָן מוז ער דאָך וויסען וואו ער געפינט זיך און מיר וועלען דורך איהם אויך געהאָלפען ווערען.

— אבי מיר האָבען אונזער שיף — האָט פּענקראָפּט געזאָגט — וועט קיין אָבהאלט ניט זיין. דיא "באָנעדווענטשור" און איהר מאנשאפט זיינען גרייט צו דער רייזע נאָך'ן ערשטען סיגנאל.

— איך דענק — האָט ספּילעט געזאָגט — אז מיר האָבען ערשט ניט צו רעדען וועגען דעם. דאָס איז א זאך וואָס מיר וועלען ערשט קענען אָנהויבען רעדען דעריבער נאָכדעם וויא מיר וועלען פערטיג זיין מיט אונזער פאָרשונגס רייזע אויף'ן לינקאָלן אינזעל. מעגליך אז מיר וועלען געפינען דעם פערבאָרגע־נעם, וועלכער האָט אונז אזוי פיעל וואונדער בעוויזען און וועלכער וויים פון אינזעל טייבאָר אזוי וויא ער וויים פון אונזער אינזעל. פערגעסט ניט, פריינד פּענקראָפּט, אז יענער מאן איז דער פערפאסער פון דעם דאָקומענט וואָס מיר האָבען געפונען, און ער וויים פּילייכט ווען דער לאָרד וועט קומען מיט זיין יאכט שיף.

— אָבער ווער קען יענער געהיימניספאָלער מאן זיין ? — האָט פּענקראָפּט אויסגעשריען — ער קען אונז און מיר קענען איהם ניט ! ער זעהט אונז און מיר זעהען איהם ניט ! אויב ער איז איינפאך א פערוואָרפענער אזוי וויא מיר, ווארום זאָל ער זיך בעהאלטען ? איך דענק, אז מיר זיינען אָרענטליכע מענשען און דיא געזעלשאפט פון אָרענטליכע לייט איז אנגענעהם צו יעדען איינעם. איז דער מאן אליין אהער געקומען מיט זיין אייגענעם ווילען ? קען ער פערלאָזען דיעזען אינזעל ווען ער וויל ? איז ער ערשט אויך דאָ ? וועט ער דאָ פער־בלייבען ?

אזוי רעדענדיג זיינען פענקראַפט, ספּילעט און נעב ארויף אויף'ן דעק פון שיף. פענקראַפט האָט דיא שיף בעקוקט פון אלע זייטען.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען — דאָס איז זאָנדערבאר!

— וואָס איז געשעהן? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— זעהט איהר אָט דיעזען קנופּ אין שטריק? — האָט פענקראַפט געענטפערט

— דאָס האָב איך ניט געמאכט. דאָס איז ניט מיין ארבייט.

דער מאטראָז האָט איהם דערביי אָנגעצייגט אויף א קנופּ אין דער שטריק מיט וועלכע דער אנקער איז צוגעבונדען צום שיף.

— איז דאָס ניט אייער ארבייט? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— ניין, איך קען שווערען אז ניין! איך מאך קיינמאָל ניט אזא קנופּ!

— פיליייכט האָט איהר א טעות, פענקראַפט?

— ניין, איך האָב קיין טעות ניט. עס איז קלאָהר וויא דער טאָג, אז ניט מיינע הענד האָבען דיעזען קנופּ געמאכט.

— האָבען דיא פערדאמטע פערברעכער אָבגעשטאטעט א וויזיט אונזער שיף? — האָט הערבערט געפרעגט.

— איך קען וועגען דעם גאָר ניט זאָגען — האָט פענקראַפט געענטפערט — אָבער זיכער איז, אז יעמאנד האָט אויפגעהויבען דעם אנקער פון דער "באָנעדר-ווענטשור" און איהם צוריק ארונטערגעלאָזט! און קוקט אהער, אָט האָט איהר דאָ אן אנדער בעווייז! דיא שטריק וואָס האלט אויף דעם אנקער איז אדיים פון לאָך! איך בין אלזאָ זיכער איבערצייגט, אז יעמאנד האָט אונזער שיף בענוצט.

— אָבער אויב דיא פיראטען וואָלטען זיא בענוצט — האָט הערבערט געזאָגט — וואָלטען זיי זיא פון דאנען צוגענומען אָדער זיי וואָלטען מיט איהר אנטלאָפען.

— אנטלאָפען? — האָט פענקראַפט געענטפערט — וואוהין? צום אינזעל טייבאָר? דענקט איהר אז זיי וואָלטען ריזיקירען אונטערנעהמען אזא לאנגע רייזע אין אזא קליין שיפעל?

— אויסערדעם — האָט דער רעפּאָרטער בעמערקט — ווייסען זיי פיליייכט גאָר ניט, אז אן אינזעל טייבאָר עקזיסטירט.

— אָבער וויא דיא זאך איז — האָט דער מאטראָז געזאָגט — איז אזוי זיכער וויא מיין נאָמען איז פענקראַפט, אז דיא "באָנעדוועגטשור" איז בענוצט געוואָרען פון אנדערע פּערזאָנען אויסער אונז.

דער מאטראָז האָט קיין מינדעסטען צווייפעל געהאט, אז יעמאנד האָט דיא שיף בענוצט. אויב מען איז מיט איהר געפאָהרען א וויימע שטרעקע אָדער ניט, דאָס האָט ער געוועהנליך ניט געקענט בעשטימען.

— אָבער מיר גלויבט זיך דיא זאַך ניט — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט
— ווען יעמאנד זאָל מיט אונזער שיף פאָהרען אויף'ן ים וואָלטען מיר זיא געזעהן.

— ווארום, הערר ספילעט ? — האָט פענקראָפט געענטפערט — ווארום גלויבט איהר עס ניט ? עס קען דאָך זיין אז זיי זיינען געפאָהרען ביי נאכט.

— נו, זאָל שוין זיין אזוי — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — אָבער וואָס האָבען דיא פערברעכער געקענט בעצוועקען מיט זייער פאָהרען מיט אונזער שיף און ברייננגען זיא צוריק אויף'ן ארט ?

— דאָס, הערר ספילעט, דארף מען ביי זיי פרעגען — האָט פענקראָפט געענטפערט — אָבער וויבאלד עס איז זיכער, אז זיי האָבען איינמאָל דיא שיף בענוצט, דארפען מיר שוין ערשט מורא האָבען אז צום צווייטען מאָל וועלען זיי איהר אין גאנצען צונעהמען. א געוויסער צופאל האָט זיי געפיהרט דערצו, אז זיי זאָלען דיא "באָנעדווענטשור" צוריק ברייננגען אין איהר האפען, אָבער אזעלכע צופעלע פאסירען ניט יעדען טאָג.

— אויב אזוי — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — וואָלט ניט געווען ראטהזאם מיר זאָלען אונזער שיף ברייננגען צום גראניט הויז ?

— יא און ניין — האָט פענקראָפט געענטפערט — אָדער טאקי גלייכער אז ניט. מיר האָבען דאָרט קיין פאסענדען פּלאַץ פאר א שיף.

— פיללייכט ארויפשלעפּען זיא אויף'ן זאמד נעבען דיא "טשימנים" ?

— פיללייכט א פּלאַן — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אָבער אזוי וויא מיר געהען דאָך ערשט פערלאָזען אונזער היים פאר א לאנגע עקספּעדיציאָן און מיר וועלען אויף דער שיף ניט קענען אכטונג געבען, דענק איך, אז עס איז גלייכער זיא זאָל דאָ פערבלייבען. פיללייכט וועלען מיר געפינען דיא שווארצע באנדע און אונז וועט געלינגען פריי צו ווערען פון זיי, דאן וועלען מיר שוין זיין זיכער איבעראל.

— פונקט מיין מיינונג ! — האָט דער רעפּאָרטער אויסגעשריען — איך דענק אויך, אז דאָס איז דיא בעסטע זאַך וואָס מיר קענען טהאָן.

— און טאָמער קומען דיא פיראטען ווידער אויף דער "באָנעדווענטשור" היינט אָדער מאָרגען ? — האָט הערבערט געפרעגט.

— נו — האָט פענקראָפט געענטפערט — קענען מיר דערצו עפּעס העלפען ? אויב מיר וועלען זיא פון דאנען צונעהמען, וועלען איהר דיא פיראטען לייכט געפינען, אויב ניט באלד, איז שפּעטער ווען מיר וועלען זיין אָבוועזענד פון דער היים. איך גלויב דארום, אז מיר מוזען דיא שיף איבערלאָזען דאָ אין פּאָרט באלון און ווען מיר וועלען צוריק קומען פון אונזער רייזע און דיא פיראטען וועלען נאָך דאָ זיין, וועלען מיר דאמאָלס זעהן וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

— אזוי פערפליבט עס! — האָבען דיא אנדערע צוויי צוגעשטימט און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים.

ווען זיי זיינען געקומען אין גראַניט הויז האָבען זיי דערצעהלט דעם אינזשי־ניר פון זייער נייע ערפאהרונג און וועגען זייער בעשלוס. הארדינג האָט מיט זיי איינגעשטימט. ער האָט אויך פערשפּראָכען דעם מאטראָז, אז ער וועט מיט דער צייט אָבזוכען א מעהר זיכערען פּלאַץ פאר דער "באָנעדווענטשור" — א פּלאַץ וואו זיי זאָלען דיא שיף שטענדיג קענען זעהן און האלטען אויף איהר אן אויג; און אויסערדעם וועט זיא זיין איינגעשלאָסען אונטער שלאָס און ריגעל און קיי־נער וועט צו איהר ניט קענען צוקומען.

יענעם אבענד האָבען דיא קאָלאָניסטען געשיקט א טעלעגראַמע צו איירטאָן אין דיא פיה־שטאהלען. זיי האָבען איהם געבעטען אז ער זאָל פון דאָרט בריינ־גען א פּאָר יונגע ציעגען, וועלכע נעב האָט געוואָלט האָדעווען אויף פּראָספּעקט האַיטס, אָבער איירטאָן האָט קיין אנטוואָרט געגעבען. דיא קאָלאָניסטען האָט דיעזער פאל זעהר געוואונדערט. זיי האָבען געוואוסט, אז איירטאָן איז שטענדיג פּינקטליך מיט דיא טעלעגראַמען און ווען מען פרעגט איהם עטוואָס ענטפערט ער באלד, היינט ווארום איז דיעזען מאָל אנדערש? אָבער זיי האָבען זיך געטרייסט. זיי האָבען געדענקט פילייכט איז איירטאָן ניט דאָרט אויף'ן פּלאַץ? פילייכט איז ער אויף'ן וועג אהיים? דיא ליטע האָבען געוואַרט. זיי זיינען געשטאַנען און אויסגעקוקט פילייכט קומט ער אָן, אָבער עס איז שוין געוואָרען שפּעט אין אבענד און איירטאָן אין ניט געזעהן און ניט געהערט געוואָרען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען בעשלאָסען צו שיקען נאָך א טעלעגראַמע און פאָ־דערען א שנעלען אנטוואָרט.

זיי האָבען אזוי געטהאָן, אָבער דער טעלעגראַף אפּאַראַט איז פערבליבען שטום און קיין אנטוואָרט איז אַלץ ניט געקומען. דיא קאָלאָניסטען זיינען שטארק אונרוהיג געוואָרען. וואָס האָט דאָרט געקענט פּאַסירען? איז איירטאָן ערגיץ אוועק? איז ער טויט? איז ער פערוואונדעט? איז ער אזוי קראַנק געוואָרען, אז ער קען קיין טעלעגראַמע ניט געבען?

זיי האָבען זיך אָנגעהויבען בעראטהען וואָס צו טהאָן. מאַנכע האָבען גע־זאָגט, אז מען דארף געהן זעהן וואָס מיט איירטאָן האָט פּאַסירט און מאַנכע זיינען געווען דאַגעגען, ווייל עס איז צו ריזיקאַליש צו געהן ביינאַכט אין דער צייט ווען א מערדער באַנדע געפינט זיך ערגיץ אויף'ן אינזעל.

— פילייכט — האָט הערבערט געזאָגט — איז דער טעלעגראַף אפּאַראַט קאַליע געוואָרען? פילייכט זיינען דיא דראָטען צוריסען און דעריבער קומט אונז קיין אנטוואָרט פון איירטאָן?

— עס קען זיין — האָט דער רעפּאָרטער צוגעגעבען.

— לאָמיר וואַרטען ביז מאָרגען — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — עס

קען זעהר זיין, אז אונזער טעלעגראף איז ערגיץ צובראָכען אָדער אזוי קאַליע געוואָרען און איירטאָן האָט אונזערע טעלעגראמען אויך ניט ערהאַלטען.

זיי האָבען געווארט מיט גרויס אונגעדולד. בעגינען פון דעם צוועלפטען נאָוועמבער האָט סיירוס הארדינג ווידער געשיקט אן עלעקטרישע שליחות צו איירטאָן. קיין אנטוואָרט איז אלץ ניט געקומען.

ער האָט פּראָבירט נאָך אמאָל און אלץ מיט די זעלבע רעזולטאַטען.

— קומט צו די שטאַהלען! — האָט ער געזאָגט צו זיינע קאָמפּאַניאָנען.

— און גוט בעוואפענט! — האָט פּענקראָפט צוגעגעבען.

עס איז באַלד בעשלאָסען געוואָרען, אז זיי זאָלען די גראַניט הויז ניט אי־בערלאָזען אליין, און אז נעב זאָל דאָרט פּערבלייבען. דער ניגער האָט זיינע קאַמעראַדען בעגלייטעט איבער'ן בריק פון גליצערין קריק, ער האָט זיך דאַן אומגעקעהרט, האָט אויפגעהויבען דעם בריק און איז אוועק אין גראַניט הויז, וואו ער האָט אונגעדולדיג ערוואַרטעט זייער צוריקקומען.

סיירוס הארדינג, גידעאָן ספּילעט, הערבערט און פּענקראָפט זיינען גע־גאנגען מיט דעם אבזיכט, אז אויב זיי וועלען איירטאָן'ען ניט געפינען אין זיין הייזעל ביי די שטאַהלען, וועלען זיי איהם זוכען אין די ארומיגע וועלדער.

עס איז געווען זעקס אוהר אין דער פריה, ווען האַרדינג און זיינע דריי קאָמפּאַניאָנען האָבען אבשיעד גענומען פון נעב און זיי זיינען אוועק זייער וועג. זיי זיינען געווען בעוואפענט מיט ביקסען און זיינען געווען גרייט צו שיסען ביי דער קלענסטער אטאַקע וואָס וועט אויף זיי געמאַכט ווערען.

זיי זיינען געגאַנגען מיט דער וועג וואו די טעלעגראף סלופּעס זיינען געשטאַנען. ביי ביידע זייטען איז געווען א געדיכטער וואַלד און מען האָט גע־קענט מורא האָבען, אז די באַנדיטען פון דער "ספּידי" בעהאַלטען זיך דאָרט.

זיי זיינען געגאַנגען שנעל און שטיל־שווייגענד. טאָפּ איז געלאָפען פאָראויס, מאַנכעס מאָל מיט'ן גלייכען וועג און מאַנכעס מאָל אָן דער זייט אין וואַלד, אָבער ער איז געווען שטיל און ער האָט ניט געבילט. די קאָלאָניסטען האָבען דערפון פערשטאַנען, אז דער קלוגער הונד שפּירט קיין געפאַהר.

זיי האָבען געהענדיג אכטונג געגעבען אויב די טעלעגראף דראָטען זיינען גאנץ און אויב די סלופּעס שטעהן אויף זייערע פּלעצער. זיי זיינען אָבגעגאַנגען אומגעפעהר צוויי מייל און זיי האָבען קיין זאַך ניט ענטדעקט וואָס זאָל האָבען זייערע טעלעגראַמען אָבגעהאַלטען. אַלעס איז געווען אין אָרדנונג און קיין זאַך האָט ניט געפעהלט. אָבער אָנקומענדיג צום טעלעגראף סלופּ נומער 74, האָט זיך הערבערט אָבגעשטעלט און אויסגעשריען:

— דער דראָט איז צוריסען!

זיינע קאָמפּאַניאָנען זיינען צוגעלאָפען און זיי האָבען זיך איבערצייגט אז הערבערט האָט קיין טעות ניט. זיי האָבען דאַן פערשטאַנען, אז ניט נור האָבען

זיי ניט געקענט בעקומען קיין טעלעגראמע פון איירטאָן, זאָגענדיג אַז ער, איירטאָן, האָט זייערע טעלעגראמען אויך ניט ערהאלטען. די קאָלאָניסטען האָבען נאָכ־הער דערזעהן, אַז דער סלופּ נומער 74 איז אויסגעריסען פון זיין אָרט.

— האָט עס דער ווינד אויסגעריסען דעם סלופּ? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.

— ניין — האָט גידעאָן ספּילעט געענטפערט — איך זעה, אַז די ערד איז ארומגעגראָבען ארום דעם סלופּ און עס איז לייכט צו דערקענען אַז מענ־שען'ס הענד האָבען דאָס געטהאָן.

— אויסערדעם — האָט הערבערט בעשטעטיגט — זעהט מען דאָך פון דעם צובראָכענעם דראָט, אַז דאָס איז אליין ניט געוואָרען.

— איז דער בראָך אין דראָט פריש? — האָט הארדינג געפרעגט.

— יא — האָט הערבערט געענטפערט — עס זעהט אויס, אַז ער איז ניט לאַנג צובראָכען געוואָרען.

— צו די שטאהלען! צו די שטאהלען! — האָט דער מאטראָז אויס־געשריען.

די קאָלאָניסטען זיינען געוועזען אומגעפעהר האלב וועג צווישען גראניט הויז און די פיה־שטאהלען. זיי האָבען נאָך געהאט אומגעפעהר צוויי און א האלב מייל צו געהן. זיי האָבען אָנגעהויבען שטעלען פעסטע טריט און זיי זיינען געגאַנגען זעהר שנעל.

אין די ריכטיגקייט האָבען די קאָלאָניסטען געהאט אורזאכען מורא צו האָבען אַז עטוואָס ערנסטעס האָט פּאסירט אין די שטאהלען. עס איז קיין צווייפעל, אַז איירטאָן האָט זיי טעלעגראפירט וועגען דעם אונגליק וואָס דאָרט האָט פּאסירט, אָבער זיי האָבען די טעלעגראמע ניט געקענט ערהאלטען. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס וואָס האָט די קאָלאָניסטען בעאונרוהיגט. איירטאָן האָט זיי געהאט פערשפּראָכען, אַז ער וועט דעם אבענד פריהער קומען אהיים און וואָס האָט איהם געקענט אָבהאלטען? וואהרשיינליך איז ער בעפאַלען גע־וואָרען פון די פּיראטען, וועלכע האָבען איהם פיליכט געטויטעט, און איידער זיי האָבען דאָס געטהאָן האָבען זיי אָבגעשניטען דעם טעלעגראף, אום ער זאָל ניט קענען רופען זיינע קאמעראדען צו הילף!

די קאָלאָניסטען זיינען געוועזען זעהר בעזאָרגט. זייערע הערצער האָבען זיי וועה געטהאָן אויף זייער נייעם און געטרייען חבר, וועלכען זיי האָבען וואהר־שיינליך פערלאָרען און זיי האָבען שטארק בעדויערט דעם אונגליקליכען בעל תשובה, וועלכער איז געפאַלען א קרבן פון די הענד פון באנדיטען פון וועלכע ער איז אמאָל אליין געוועזען דער אָנפיהרער. אויסערדעם האָבען זיי די הער־צער געשראָקען, ווער ווייס וואָס פאַר א סוף זיי וועלען אַלע האָבען? ווער ווייס

אויב זיי וועלען קענעןביישטעהן געגען דיא מערדער באנדע, וועלכע איז שוין ערשט מעהר אין צאָהל פאר זיי?

אָבער דאָס האָט זיי ניט אָבגעשראָקען און זיי האָבען בעשלאָסען צו קעמפּ־פען ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט, אויב עס וועט קומען דערצו. פול מיט האס און כעס אויף דיא פּיראטען זיינען דיא קאָלאָניסטען געלאָפען אָהן אן אָטהעם ביז זיי זיינען געקומען נאָהענט צו דיא שטאַהלען. זייערע ביקסען האָבען זיי געהאלטען גרייט צו פייערען אין דעם אויגענבליק, ווען זיי וועלען נור דיא פּיראַ־טען דערזעהן. טאפּ וועלכער איז געלאָפען פאָראויס, האָט אָנגעהויבען בילען, א צייכען אז א געפאהר איז נאָהענט.

אָבער דיא קאָלאָניסטען זיינען ווייטער געגאַנגען און זיי האָבען קיין פער־דעכטיגע זאַך בעמערקט. דיא צאַמען ארום דיא שטאַהלען זיינען געווען גאַנץ. דער אריינגאַנג איז געווען פערמאַכט וויא געוועהנליך; אָבער עס איז געווען שטיל. מען האָט ניט געהערט קיין קול, קיין שאָרך, ניט פון איירטאָן און ניט פון דיא שעפּסען, וועלכע זיינען געוואָהנט צו מעקען.

— לאָמיר אריינגעהן! — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט.

דער אינזשיניר איז געגאַנגען פאָראויס און זיינע קאָמפּאַניאָנען זיינען פערבליבען שטעהן אומגעפעהר צוואַנציג טריט הינטער איהם גרייט צו שיסען אין דעם מאָמענט ווען מען וועט דארפען.

הארדינג האָט געעפענט דעם ריגעל פון טהויער און האָט געוואָלט אריינ־געהן, ווען טאפּ האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען שטארק בילען. באלד האָט זיך גע־הערט א שאָס נאָכגעפאָלגט מיט א שמערצליכען געשריי.

הערבערט איז געטראָפען געוואָרען פון א קויל און ער איז אומגעפאלען א פערוואונדעטער.

## 7טעם קאפּיטעל.

הערבערט׳ס וואונד. — ספּילעט אלס דאָקטאָר. — גוטע האָפנונגען פאר הערבערט. — דיא בעראַטהונג. — טאפּ אלס בריעף־טרעגער. — דיא ווארנונג. — נעב׳ס אנטוואָרט פון גראַניט הויז.

---

פון הערבערט׳ס געשריי האָט זיך פּענקראָפט זעהר דערשראָקען. זיין ביקס איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענד און ער איז צוגעלאָפען צום פערוואונ־דעטען.

— זיי האָבען איהם געטויטעט! — האָט דער מאַטראָז אויסגעשריען — מיין יונגע! זיי האָבען איהם געטויטעט!

סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט זיינען אויך צוגעלאָפען צו הער־בערט׳ן.

דער ריעפּאָרטער האָט זיך צוגעבויגען און זיך צוגעהערט אויב הערבערט אָטהעמט.

— ער לעבט! — האָט ער געזאָגט — אָבער מען מוז איהם פון דאנען צו־נעהמען.

— טראָגען איהם אין גראניט הויז? דאָס איז אונמעגליך! — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

— לאָמיר איהם אריינטראָגען דאָ אין איירטאָן׳ס שטיבעל — האָט פּענק־ראָפט געזאָגט.

— איין מינוט, מיינע פריינדע — האָט הארדינג בעמערקט.

און ער איז אריינגעלאָפען פון יענער זייט פּארקאן און ער האָט דאָרט דער־זעהן איינעם פון דיא פּיראטען ציעלענדיג אויף איהם. דער באנדיט האָט באלד אָבגעפייערט און דיא קויל האָט דורכגעלעכערט דעם אינזשיניר׳ס הוט. האר־דינג איז צו איהם צוגעלאָפען און איידער יענער האָט צייט געהאט צו שיסען נאָך אמאָל האָט איהם הארדינג דערשטאָכען מיט זיין דעגער.

אין פערלויף פון דיעזער צייט האָבען ספּילעט און פּענקראָפט אריינגעטראָ־גען דעם געשאָסענעם הערבערט אין איירטאָן׳ס שטיבעל און זיי האָבען איהם דאָרט אוועקגעלעגט אויף איירטאָן׳ס בעטעל. אין א פּאָר מינוטען ארום איז סיירוס הארדינג אויך געווען ביי הערבערט׳ס זייט.

דער יונגע איז געווען בעוואוסטלאָז. פּענקראָפט איז געווען זעהר פערצווייפעלט. ער האָט געוויינט, זיך געריסען דיא האָר פון קאָפּ, זיך געקלאפּט קאָפּ אָן וואנד און ניט דער אינזשיניר, ניט דער רעפּאָרטער האָבען איהם געקענט איינשטילען. זיי אליין זיינען אויך געווען גענוג פערצווייפעלט און ניעדערגע־שלאָגען און זיי האָבען קוים געקענט רעדען.

זיי האָבען זיך אָבער אין גאנצען ניט פערלאָרען. זיי האָבען געוואוסט אז הערבערט׳ס רעטונג הענגט אָב אָן זיי. אויב זיי וועלען זיין ענערגיש גענוג און זיי וועלען פאר איהם שוין שאפען מעגליכע הילף וועט ער נאָך פיליכט בלייבען לעבען. ספּילעט, וועלכער האָט שוין אליין אויף זיין לעבען פיעל מיטגעמאכט, האָט געהאט א שטיקעל ידיעה אין מעדיצין. ער האָט צו ביסלעך געוואוסט און געהאט א בעגריעף אין אלע צווייגען פון דער מעדיצינישער וויסענשאפט, און אייניגע מאָל איז איהם שוין אין זיין לעבען פאָרגעקומען צו בעהאנדלען פער־וואונדעטע. ער האָט זיך דארום באלד גענומען צו שאפען פאר׳ן אונגליקליכען דיא נויטיגע און מעגליכע הילף. סיירוס הארדינג האָט איהם מיטגעהאָלפען.

דער פערוואונדעטער איז געווען בלאס וויא דער טויט. ער איז געווען אין גאנצען בעוואוסטלאָז און זיין פּולס האָט געקלאפּט אזוי שוואך, אז ספּילעט

האָט האַלטענדיג זיין האנד קוים געפיהלט אז עטוואָס בעוועגט זיך אין זיינע אָדערען. ספּילעט האָט שטארק מורא געהאט, אז דאָס זיינען דעם יונגען הער־בערט'ס לעצטע מינוטען.

אן אונטערזוכונג האָט בעוויזען, אז ער איז געטראָפען געוואָרען פון א קויל אונטער'ן ברוסט צווישען דריטען און פיערטען ריפּ.

הארדינג און ספּילעט האָבען דעם אונגליקליכען איבערגעקעהרט. וועהרענד זיי האָבען דאָס געטהאָן האָט דער געשאָסענער א שוואַכען קרעכץ געטהאָן. עס האָט אויסגעוויזען אז דאָס איז שוין זיין לעצטער קרעכץ, אז זיין נשמה שיידעט זיך מיט'ן גוף.

הערבערט'ס רוקען איז געווען בעגאָסען מיט בלוט און א וואונד האָט זיך דאָרט געזעהן.

— גאָט זיי דאנק! — האָט דער רעפּאָרטער אויסגעשריען — דיא קויל איז ניט אין זיין קערפּער. זיא איז דורכגעלאָפען דורך'ן רוקען!

— און דאָס הארץ? — האָט הארדינג געפרעגט.

— דאָס הארץ איז ניט בעריהרט; ווען עס וואָלט, בעהיט גאָט, ניט אזוי געווען, וואָלט הערבערט שוין געווען טויט.

— טויט! — האָט דער מאַטראָז העכסט פערצווייפעלט אויסגעשריען.

פּענקראָפט האָט בלויז געהערט דעם רעפּאָרטער'ס לעצטעם וואָרט און ער האָט געמיינט, אז זיין ליעבער הערבערט איז שוין טויט.

— ניין, פּענקראָפט — האָט איהם הארדינג געטרייסט — ניין! ער איז ניט טויט! זיין פּולס קלאַפּט נאָך און ער האָט זאָגאר א קרעכץ געטהאָן. בע־רוהיגט זיך, פּענקראָפט, מיר דארפען זעהן איהם רעטען און איהר טאָרט אונז ניט שטערען.

פּענקראָפט איז שטיל געוואָרען, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט צוריק־האַלטען פון וויינען און גרויסע טרעהרען האָבען זיך געקייקעלט פון זיינע אויגען.

אונטערדעסען האָט גידעאָן ספּילעט זיך אָנגעהויבען בעדענקען און דער־מאָהנען געוויסע רעגעלען און מיטעל וואָס מען טהוט אין אזא פאַל. ער איז ניט געווען אזוי קלאָהר אין דעם מענשען'ס אָרגאניזם און ער האָט ניט געקענט ווי־סען גענוי, וועלכע אָרגאַנען און אָדערען דיא קויל האָט בעשעדיגט אינווענינג אין הערבערט'ס קערפּער; אָבער דאָס איז ער געווען זיכער, אז אויב אין דער וואונד וועט זיך ענטוויקלען אן ענטצינדונג, דאן וועלען אַלע האָפנונגען זיין פערלאָרען. מען מוז אַלזאָ פריהער פאַר אַלעם פערהינדערען אן ענטצינדונג: מען מוז פערהיטען, אז צו קיין זיכערע געפאהר זאָל ניט קומען; אָבער וויא אזוי? מיט וואָס? וועלכע מיטעל קען מען אָנווענדען צו פערמיידען אן ענט־צינדונג?

יעדענפאַלס, דאָס האָט ספּילעט זיכער געוואוסט, אז צו ערשט מוז מען

דיא וואונדען אויסוואשען און פערבינדען פעסט אז עס זאָל מעהר ניט בלוטען. הערבערט׳ס שוואכקייט, האָט דער רעפּאָרטער פערשטאנען, איז געקומען מעהר־סטענטהייל פון בלוט פערלוסט און מען האָט דיא בלוט געמוזט אבהאלטען אזוי שנעל וויא מעגליך.

ספּילעט האָט אָבער מורא געהאט צו וואשען דיא וואונדען מיט ווארימעס וואסער, ווייל דאָס וואָלט פּילייכט געבראכט צו א שטארקערען בלוט שטורץ. ער האָט דארום געהייסען זיין העלפער סיירוס הארדינג, אז ער זאָל זעהן שאַ־פען קאלטעס וואסער, וואָס איז געוועזן ניט שווער צו בעקומען פון א נאָהענטען קוואל.

הערבערט איז אוועקגעלעגט געוואָרען אויף׳ן לינקען זייט און איז אזוי פערבליבען ליגען.

— מען טאָר איהם ניט ריהרען — האָט ספּילעט געזאָגט — ער מוז רוהען ליגענדיג אזוי אויף א זייט. דאָס איז פּאָרלויפיג פאר איהם דיא בעסטע הילף.

— קענען מיר איהם אוועקטראָגען אין גראניט הויז? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.

— ניין, פּענקראָפט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט.

— איך וועל זיך מיט דיא באנדיטען אָברעכענען! — האָט דער מאטראָז געשריען בעוועגענדיג זיינע פויסטען— איך וועל זיי צייגען וואָס פּענקראָפט קען!

— סיירוס — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — איך בין קיין כירורג, איך בין אויך קיין פּראָפעסיאָנעלער דאָקטאָר. איך ווייס עטוואָס פון דער מעדיציני־שער וויסענשאַפט, אָבער ניט פיעל. איהר מוזט מיר העלפען מיט אייער ראטה אזוי וויט וויא איהר ווייסט פון אייער ערפאהרונג.

— פערלירט זיך ניט, מיין פריינד — האָט הארדינג געענטפערט — אורטהיילט קאלטבלוטיג. דענקט נור איין זאך, אז הערבערט מוז גערעטעט ווער־רען.

גידעאָן ספּילעט איז געוואָרען מוטהיגער. ער האָט געפיהלט זיין גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט און ער האָט זיך אויף׳ן שטעל גענומען טהאָן וויא זיין שכל און ערפאהרונג האָבען איהם דיקטירט.

פּענקראָפט האָט געבראכט קאלטעס וואסער, דאן האָט ער צוריסען זיין העמד אין לאנגע פּאסען און דערפון געמאכט באנדאזשען צו פערבינדען הער־בערט׳ס וואונדען.

דער רעפּאָרטער האָט מיט דיא הילף פון הארדינג אויסגעשווענקט הער־בערט׳ס וואונדען און זיי האָבען זיי ארומגעבונדען. קיין מעדיצינישע מאַ־טעריאלען האָבען זיי דאָרט ניט געהאט און דאָס איינציגע וואָס זיי האָבען וויי־טער געקענט טהאָן צו פערהינדערען אן ענטצינדונג איז געוועזן צו קיהלען דיא

וואונדען מיט קאַלטעם וואסער. מיט דיעזען הייַלמיטעל האָט זיי דיא נאטור פערזאָרגט און זיי האָבען איהם בענוצט.

גידעאָן ספּילעט און סיירוס האַרדינג האָבען זייער פּאציענט בעהאנדעלט אזוי וויא ערפאהרענע כירורגען. זיי האָבען געוויקעלט טיכער אין קאַלטעם וואַסער און צוגעלעגט קאָמפּרעסען צו הערבערט'ס וואונדען פון ביידע זייטען. זיי האָבען דאָס געטהאָן אָהן אויפהער. איז א קאָמפּרעס עטוואָס ווארים געוואָרען האָבען זיי באַלד צוגעלעגט אַן אַנדערען.

אין דיא ריכטיגקייט איז קאַלטעס וואסער דער ערשטער און בעסטער מיטעל אין אזעלכע פעלע. אַלע דאָקטוירים האָבען דיעזע מעטהאָדע אָנגענומען און זיא ברייננגט גוטע רעזולטאַטען.

ספּילעט פלעגט אויך פון צייט צו צייט בענעצען דעם אונגליקליכען'ס ליפּען מיט קאַלטעם וואסער און ער האָט איהם אריינגעגאָסען אין האַלדז אייניגע טראָפּען וואסער פערזיסט מיט צוקער.

אָבער יענעם טאָג און דיא פאָלגענדע נאכט איז הערבערט אַלץ געלעגען בעוואוסטלאָז אין א שרעקליכער פיבער און זיין לעבען איז געהאנגען אויף א האָר, וועלכע האָט זיך יעדע ווייַלע געקענט איבעררייסען.

אויף מאָרגען, דעם 13טען נאָוועמבער האָבען האַרדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען בעקומען מעהר האָפנונג, אז הערבערט וועט נאָך פילייכט בלייבען לעבען. דער געפעהרליכער קראַנקער איז עטוואָס צו זיך געקומען און האָט געעפענט זיינע אויגען. עס האָט אויסגעזעהן אז ער האָט זיינע דריי פריינד דערקענט און ער האָט אויסגערעדט צוויי אָדער דריי ווערטער, וועלכע מען האָט דייטליך ניט געקענט הערען. דער פערוואונדעטער האָט געוואָרפען בליקען אויף זיינע קאָמפּאַניאָנען אזוי וויא ער זאָל זיי פרעגען: "וואָס איז דאָ געוועזען? וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט? זיי האָבען איהם געזאָגט, אז ער איז בעשעדיגט, אָבער ער איז אויסער געפאהר. אויב ער האָט געהערט און פערשטאַנען וואָס מען האָט צו איהם גערעדט, האָט מען ניט געקענט וויסען.

א ווייַלע שפּעטער איז הערבערט איינגעשלאָפען. נאָך זיין אָטהעמען האָט מען געזעהן, אז דיא געפאהר איז עטוואָס קלענער וויא זיא איז פריהער געוועזען.

— זאָגט מיר, הערר ספּילעט — האָט פּענקראָפט געזאָגט — וועלען מיר אונזער טהייערען הערבערט רעטען?

— יא, מיר וועלען איהם רעטען! — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — דיא וואונד איז זעהר אַן ערנסטע און עס קען אויך זיין אז דיא קויל האָט געלעכערט זיינע לונגען; אָבער קיין גרויסע געפאהר ליעגט אין דעם ניט, ווייל מען קען בלייבען לעבען און געזונד זיין נאָכדעם וויא דיעזער אָרגאַן ווערט געלעכערט.

— זאָל אייך גאָט בענשען פאַר דיא גוטע האָפנונג! — האָט פּענקראָפט געריהרט אויסגעשריען.

דיא ערשטע פיער און צוואנציג שטונדען נאָכדעם וויא הערבערט איז געטראָפען געוואָרען פון דער קויל האָבען הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט קיין זאך אין זינען ניט געהאט. זיי זיינען נור געווען פערנומען מיט שאפען הילף פאר דעם אונגליקליכען און זיי האָבען אזוי וויא פערגעסען אָן איירטאָן, אָן זייער האָב און גוטס אויף'ן אינזעל און אָן זייער אייגענע צוקונפט. נאכהער אָבער, ווען הערבערט'ס צושטאנד האָט זיך עטוואָס פערבעסערט אָדער וועניגסטענס ניט ערגער געוואָרען, האָבען זיי אָנגעהויבען טראכטען וואָס זיי האָבען צו טהאָן, און וועהרענד פּענקראָפט איז געזעסען נעבען קראנקען האָבען הארדינג און ספּילעט בעשפּראָכען דיעזע פראגע.

צוערשט האָבען זיי געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין דיא שטאַהלען. פון איירטאָן'ען איז דאָרט קיין שפּור ניט געווען. איז דער אונגליקליכער אוועקגעשלעפּט געוואָרען פון זיינע אמאָליגע חברים? האָט ער זיך געוועהרט און איז פון דיא באנדיטען בעזיעגט געוואָרען? האָבען זיי איהם געפאנגען א לעבעדיגען? האָבען זיי איהם ערמאָרדעט, אָדער ער איז אנטלאָפען און בעהאלט זיך אירגענד וואו? דאָס האָבען זיי נאטירליך ניט געקענט וויסען. גידעאָן ספּילעט האָט געזעהן איינעם פון דיא פּיראטען לויפענדיג אין זידליכען זייט פון בארג פרענקלין. דער קערפּער פון דעם פּיראט וואָס הארדינג האָט דערשטאָכען איז געלעגען אויף'ן זעלבען פּלאץ, מעהר האָבען זיי קיינעם ניט געזעהן און פון קיינעם ניט געהערט.

דיא פיה־שטאהלען זיינען אלע געווען גאנץ, דער צאם ארום ניט בעריהרט און אלעס איז דאָרט געווען אין גוטען אָרדנונג. קיינע שפּורען פון א קאמפף זיינען דאָרט ניט געווען צו בעמערקען און קיין זאך האָט ניט געפעהלט; בלויז דיא וואפען וואָס איירטאָן האָט ביי זיך געהאט זיינען פערשוואונדען געוואָרען צוזאמען מיט איהם.

— דער אונגליקליכער מאן — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — איז וואהרשיינליך פּלוצלונג בעפאלען געוואָרען פון דער פּיראטען באנדע. ער האָט זיך געוויס פערטהיידיגט, אָבער זיי האָבען איהם בייגעקומען.

— יא, אזוי זעהט עס אויס — האָט דער רעפּאָרטער צוגעגעבען — דיא געפעהרליכע פערברעכער, דענק איך, האָבען זיך דאָ געוואָלט בעזעצען, אָבער זיי זיינען אנטלאָפען ווען זיי האָבען אונז דערזעהן. יעדענפאלס, איירטאָן איז דאָ זיכער ניטאָ, ניט א לעבעדיגער און ניט א טויטער.

— מיר וועלען דארפען אָנפיהרען א קאמפף געגען דיא פערפלוכטע פּיראטען — האָט הארדינג געזאָגט — מיר וועלען מוזען אָנווענדען אלעס מעגליכע צו בעפרייען דעם אינזעל פון זיי. פּענקראָפט האָט רעכט געהאט וואָס ער האָט געזאָגט אז מען דארף זיי יאָגען און פערניכטען אזוי וויא ווילדע טהיערע. ווען מיר וואָלטען געווען אָנגעפאנגען א יאגד אויף זיי, וואָלטען מיר פיעלייכט צו יעצטיגער לאגע ניט געקומען.

— יא — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — מיר האָבען געבלאָנדזשעט דערמיט וואָס מיר האָבען דעם מאטראָז ניט געפּאָלגט. אָבער אצינד מוזען מיר ווארטען א געוויסע צייט און פערבלייבען דאָ ביז הערבערט וועט ארויס פון גע־פאהר און מיר וועלען איהם קענען נעהמען אין גראניט הויז. אָבער וואָס וועט זיין מיט נעב?

— נעב איז דאָרט זיכער. אין גראניט הויז וועלען דיא באנדיטען ניט קענען קומען.

— אָבער פּיליכט וועט ער דאָרט ווערען אונרוהיג וואָס מיר זיינען ניטאָ און ער וועט זיך אונטערנעהמען צו קומען אהער?

— ער טאָר דאָס ניט טהאָן! דיא באנדיטען וועלען איהם אויף'ן וועג ער־מאָרדען!

— דאָס פערשטעה איך גאנץ גוט, אָבער אז ער וועט זיך דאָך איינשטעלען און געהן?

— אך! — האָט הארדינג געזאָגט מיט בעדויערען — ווען אונזער טעלעג־ראף איז אין אָרדנונג וואָלטען מיר איהם געקענט ווארנען, אָבער ערשט איז עס אונמעגליך! איבערלאָזען דאָ דעם קראנקען הערבערט מיט פּענקראָפט'ן און מיר זאָלען געהן אהיים, טאָר מען אויך ניט! ווייסט איהר וואָס, פריינד ספּי־לעט? איך וועל אליין געהן צום גראניט הויז.

— ניין, ניין, הערר סיירוס! — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — איהר זאָלט עס ניט טהאָן. איהר דארפט ניט זיין צופיעל ריזיקאליש. דיא פּיראטען זיינען געווים פערשטעקט ערגיץ אין וואלד און געהן אליין הייסט איינפאך איינשטעלען דעם לעבען.

— אָבער נעב? וואָס וועט זיין מיט מיין טרייען און איבערגעבענעם נעב?

— האָט הארדינג געפרעגט — עס איז שוין פיער און צוואנציג שטונדען זייט מיר זיינען דאָ. נעב איז שוין געווים העכסט אונרוהיג און אונגעדולדיג און ער וועט זיכער פערלאָזען דיא גראניט הויז און געהן אהער.

— וואָס קענען מיר העלפען? — האָט ספּילעט געענטפערט — אויב ער וועט ניט פערהיטען זיין אייגענעם לעבען, קענען מיר איהם ניט איינהיטען.

— איז ניטאָ עפּעס א מיטעל וויא אזוי צו געבען איהם א ווארנונג? — האָט הארדינג געפרעגט.

ווערענד דער אינזשיניר האָט דיעזע פראגע געשטעלט איז זיין בליק גע־פאלען אויף טאפּ, וועלכער איז געקומען צולויפען פון וואלד אזוי וויא ער זאָל זאָגען: "בין איך דאָ ניטאָ?"

— טאפּ! — האָט הארדינג אויסגעשריען.

דער הונד איז באלד צו איהם צוגעלאָפען. דער רעפּאָרטער האָט פערשטא־נען וואָס דער אינזשיניר דענקט און ער האָט זיך אָבגערופען:

— יא, טאַפּ וועט געהן! אַן אויסגעצייכענטע אידעע!

— טאַפּ קען געהן דאָרט וואו מיר קענען ניט! — האָט הארדינג געזאָגט — ער וועט אוועקטראָגען אין גראַניט הויז דיא טרויעריגע נייעס וואָס דאָ האָט פּאַסירט און ער וועט אונז ברייגגען אַ בעריכט פון נעב. שנעל, ספּילעט, שנעל!

דער רעפּאָרטער האָט באַלד אויסגעריסען אַ בלעטעל פון זיין נאָטיץ־ביכעל און ער האָט אָנגעשריבען פאָלגענדע ווערטער:

"הערבערט איז פערוואונדעט. מיר זיינען אין דיא פיה־שטאַהלען. זייט איהר אויף אייער וואַך. פערלאָזט ניט דיא גראַניט הויז. האָבען זיך דיא פּיראַטען בע־וויזען אין יענע נאַכבאַרשאַפט? שיקט אַנטוואָרט דורך טאַפּ".

דיעזער קורצער בריעף, וועלכער האָט ענטהאַלטען אַלעס וואָס נעב האָט געדאַרפט וויסען און דיא וויכטיגסטע אָנפראַגע וועגען דעם וואָס דיא איבריגע קאָלאָניסטען האָבען געוואָלט וויסען, איז צוזאַמענגעלעגט געוואָרען און צוגעבונ־דען געוואָרען צום הונד'ס האַלדז.

— טאַפּ, מיין הונד — האָט דער אינזשיניר געזאָגט גלעטענדיג דיא חיה — נעב, טאַפּ! נעב! געה, געה!

דער קלוגער הונד האָט פערשטאַנען וואָס זיין ווירטה האָט געמיינט. דער וועג צום גראַניט הויז איז איהם געווען בעקאַנט און ער האָט דיא אייניגע מייל געקענט איינלויפען אין וועניגער וויא אַ שטונדע צייט. הארדינג און ספּילעט האָבען געהאָפט, אַז דער הונד וועט דיעזע וועג דורכמאַכען אָהן אירגענד וועלכע געפאַהר און ער וועט זיי ברייגגען אַנטוואָרט פון נעב.

דער אינזשיניר האָט אויפגעעפענט דעם טהויער און ער האָט דעם פּיער־פיסיגען שליח אַוועקגעשיקט אָנצייגענדיג איהם מיט'ן האַנד צו דיא ריכטונג פון גראַניט הויז.

טאַפּ האָט זיך געלאָזט לויפען און ער איז כמעט מאָמענטאַלנע פערשוואונ־דען געוואָרען.

— ער וועט אַהין קומען — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— איך האָף אַזוי — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — און ער וועט אונז אויך ברייגגען אַ בעריכט פון נעב.

— וויא שפּעט איז? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— צעהן אוהר.

— אין אַ שטונדע אַרום וועט ער פיליייכט זיין דאָרט.

— איך האָף אַזוי.

דער טהויער איז פערמאַכט געוואָרען און דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער זיינען אַריין אין הויז.

הערבערט איז נאָך אַלץ געשלאָפען. פּענקראָפט האָט איהם צוגעלעגט דיא קאָמפּרעסען און האָט שטרענג אָבגעהיט, אַז זיי זאָלען זיין קאַלט. ספּילעט

האָט ניט געהאט וואָס צו טהאָן נעבען קראנקען און ער האָט דערווייל פאר איהם צוגעגרייט עטוואָס נאהרונג.

דיא קאָלאָניסטען האָבען ערוואַרטעט דעם הונד'ס קומען מיט דאָס גרעס־טע אונגעדולד. נאָך עלף אוהר זיינען סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט ארויס מיט זייערע ביקסען אויף דיא אקסלען און געשטאנען גרייט צו עפּענען דעם טהויער ווען טאָפּ וועט אָנקומען. זיי האָבען ניט געצווייפעלט אז אויב טאָפּ איז נור אָנגעקומען אין גראניט הויז, האָט איהם נעב זיכער באלד צוריק געשיקט.

זיי האָבען געוואַרט אומגעפעהר צעהן מינוט און זיי האָבען דערהערט א שאָס, דאן דאָס בילען פון זייער הונד.

דער אינזשיניר האָט געעפענט דעם טהויער און ער האָט דערזעהן א רויך אין וואלד אומגעפעהר פאר הונדערט פוס ווייט. ער האָט אויסגעשאָסען אין יענע ריכטונג.

אין יענעם מאָמענט איז טאָפּ אריינגעלאָפען. הארדינג האָט פערמאכט דעם טהויער און ער האָט זיין טרייען הונד געגלעט און געצערטעלט. אויף טאָפּ'ס האלדז איז געווען צוגעבונדען א צעטעלע, וועלכער האָט געלויטעט:

"קיינע פּיראטען אין דער נאכבארשאפט פון גראניט הויז. איך וועל פון דאנען ניט אוועק. ארימער, אונגליקליכער הערבערט!"

## 8טעם קאַפּיטעל.

הערבערט בעסערט זיך. — אן איבערבליק אויף דיא פערגאנגענהייט. — פּראָ־פּעציייהונג פאר דיא צוקונפט. — דיא פערצווייפלונג. — וואו איז זייער געהיימניספאָלער בעשיטצער?

---

וויא עס האָט לעצטענס אויסגעזעהן, זיינען נאָך דיא פינף פערבליבענע פּיראטען געווען דאָרט אין דיא נאכבארשאפט פון דיא שטאהלען, וואהרשיינליך מיט דער אבזיכט אויסצושלאכטען דיא קאָלאָניסטען איינעם נאָך'ן אנדערען. דיא לאגע פון דיא קאָלאָניסטען איז געווען א שרעקליכע. ערשטענס, זיינען זיי בלויז דריי פערזאָן וואָס קענען זיך פערטהיידיגען און דיא באנדיטען זיינען פינף און גוט בעוואפענט; און צווייטענס, זיינען דיא פּיראטען בעהאלטען אין נעדיכטען וואלד און מען האָט זיי ניט געקענט זעהן, וועהרענד זיי, דיא פּיראטען, האָבען דיא קאָלאָניסטען יא געזעהן און זיי האָבען אויף זיי געקענט מאכען א פּלוצלונגען איבערפאל. און וואָס האָבען דיא קאָלאָניסטען געקענט טהאָן?

זיי האָבען געמוזט פערבלייבען דאָרט אויף'ן אָרט און זיין העכסט פאָרזיכטיג. שפּייז האָבען זיי דאָרט געהאט אויף א היבשע צייט. דיא פּיראַטען האָבען קיין לעבענסמיטעל ניט אוועקגענומען. ווען דיא קאָלאָניסטען זיינען אָנגעקומען זיינען זיי אין איילעניס אנטלאָפען און זיי האָבען קיין צייט געהאט מיטצו־נעהמען עסענוואַרג. וויא דיא קאָלאָניסטען האָבען פערשטאַנען, האָבען דיא פּי־ראטען זיך דאָרט בעזעצט פון פריהער, אָבער ווען איירטאָן איז אהין אָנגעקומען, האָבען זיי איהם וואהרשיינליך אָבגעראַמט פון וועג און זיי זיינען דאָרט פער־בליבען ביז הארדינג, ספּילעט, פּענקראָפט און הערבערט זיינען געקומען און דאַן זיינען זיי אנטלאָפען איבערלאָזענדיג נאָך זיך נאָך א קרבן. ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען בעשפּראָכען זייער לאגע, האָט הארדינג געזאָגט:

— וואַרט! מיר קענען ערשט קיין זאַך ניט טהאָן! ווען הערבערט וועט געהיילט ווערען, דאַן וועלען מיר אָנפאַנגען א מלחמה געגען דיא באנדיטען און איך האָף אז מיר וועלען פון זיי ראַכע נעהמען. דערמיט וועלען מיר האָבען דער־גרייכט דעם ציעל פון א טהייל פון אונזער גרויסע עקספּעדיציאָן, וואָס מיר האָבען בעשטימט, און דאַן —

— וועלען מיר אָנפאַנגען זוכען אונזער געהיימניספאָלען בעשיצער! — האָט ספּילעט געענדיגט דאָס וואָס הארדינג האָט געוואָלט זאָגען — אַך, טהייערער סיירוס! וויא נויטיג עס איז אונז ערשט יענער בעשיצער! ווארום קומט ער אונז דיעזען מאָל ניט צו הילף?

— וואַרט, מיר זיינען נאָך ניט פערטיג — האָט קאַפּיטאַן הארדינג גע־ענטפערט — ווער ווייס וואָס עס וועט נאָך פאָרקומען ביי אונז? אונזער רעטער וועט נאָך צייט האָבען צו בעווייזען אונז זיינע וואונדער. אָבער מיר האָבען ערשט ניט צו רעדען וועגען דעם. הערבערט'ס לעבען איז פריהער פאר אלעם.

דאָס איז ווירקליך געווען דיא וויכטיגסטע זאַך וועגען וועלכע דיא קאָלאָ־ניסטען האָבען געהאט צו זאָרגען. עס זיינען אוועק נאָך אייניגע טעג און הער־בערט'ס צושטאנד איז ניט פערבעסערט געוואָרען. ערגער אויך ניט. דיא קאל־טע קאָמפּרעסען וואָס מען האָט איהם אָהן אויפהער צוגעלעגט האָבען ניט צו־געלאָזט קיין ענטצינדונג אין דיא וואונדען. דער רעפּאָרטער האָט ערקלערט, אז דאָס וואסער וועלכעס האָט אין זיך שוועבעל פון דיא וואולקאַנען, וואָס געפינען זיך אין דיא נאַכבארשאַפט, מאַכט א בעסערע ווירקונג אויף דיא וואונדען וויא עכט ריינעס וואסער און מעגליך, אז דאָס האָט גערעטעט זיין לעבען. אויסער דעם האָבען דיא קאָלאָניסטען זייער קראנקען שטרענג און פּינקטליך אָבגעהיט מיט נאַהרונג און ערפרישונג וואָס זיי האָבען איהם געגעבען, און אלעס וואָס זיי האָבען געטהאָן פאר איהם איז געטהאָן געוואָרען מיט איבערלעגונג און גרויס פאָרזיכטיגקייט. עס האָט אויסגעזעהן, אז ער איז שוין זיכער ארויס פון גע־

פאהר, אָבער מען האָט אויף איהם שטרענג געדארפט אכטונג געבען און אָבהיטען אַלעס אויף'ן האָר, זאָנסט האָט ער געקענט בעקומען נאָך א קראנקהייט און ער וואָלט געווען פערלאָרען. באנדאַזשירען פלעגט איהם שטענדיג דער רעפּאָרטער אליין, ווייל ער האָט געוואוסט וויא אזוי צו טהאָן דיזע ארבייט. צו שטארק אָדער צו שוואך באנדאזשירען אזעלכע געפעהרליכע וואונדען טויג ניט. דאָס מוז געמאכט ווערען מיטעלמעסיג, אום עס זאָל ניט שטערען דיא וואונדען פון היילען זיך. כירורגען גיבען צו, אז באנדאזשירען א וואונד איז א זאך וואָס מען דארף לערנען אזוי גוט וויא מאכען א שווערע אָפּעראציאָן.

אין צעהן טעג ארום, דעם 22טען נאָוועמבער, איז הערבערט'ס צושטאנד געוואָרען פיעל בעסער. מען האָט איהם שוין געקענט געבען עפּעס עסען, זיינע באקען האָבען בעקומען זייער געוועהנליכען קאָליר און זיינע אויגען האָבען אויס־געדריקט דאנקבארקייט צו זיינע רעטער. ער האָט שוין עטוואָס אָנגעהויבען צו רעדען און ער האָט אויסגעהערט געשיכטעס וואָס פּענקראָפט האָט איהם דערצעהלט. הערבערט האָט איהם געפרעגט וואו איירטאָן איז, אָבער דער מאטראָז האָט ניט געוואָלט פערשאפען איהם ערגערניס און ער האָט איהם גע־זאָגט, אז איירטאָן איז מיט נעב אין גראניט הויז.

— אך, דיא פּיראטען! דיא שופטען! — האָט פּענקראָפט געזאָגט — זיי זיינען ניט ווערטה קיין רחמנות! קאפּיטאן הארדינג האָט זיך מיט זיי גע־וואָלט בעגעהן אזוי וויא מיט איידעלע מענשען. ער האָט געוואָלט זיין העפליך מיט זיי, אָבער איך וועל זיי צייגען העפליכקייט מיט קוילען פון מיין ביקס!

— האָט מען זיי דאָ נאָך אמאָל ניט געזעהן? — האָט הערבערט געפרעגט.

— ניין, מיין יונגע — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אָבער מיר וועלען זיי געפינען, און ווען דוא וועסט געזונד ווערען וועלען מיר זיך מיט זיי זעהן!

— איך בין נאָך זעהר שוואך, גוטער פּענקראָפט.

— דוא וועסט נאָך צוריק בעקומען דיינע קרעפטען, ליעבער הערבערט. וואָס איז א קויל דורך'ן ברוסט? א שפּיעלכעל! איך האָב שוין געזעהן א סך אזעלכע פעלע און עס איז גאָר ניט מיט גאָר ניט!

וואָס ווייטער איז הערבערט'ס צושטאנד אלץ בעסער געוואָרען און מען האָט געקענט האָפען, אז ער וועט קירצליך געזונד ווערען, אויב נור קיין זייטיגע קראנקהייט וועט צו איהם ניט קומען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען העכסט צופריעדען וואָס זיי איז געלונגען צו רעטען זייער יונגען חבר און זיי האָבען זיך געפיהלט גליקליך איבער גליק־ליך. עס וואָלט זיכער פיעל ערגער געווען, ווען דיא קויל זאָל געווען פערבלייבען אין זיין קערפּער, אָדער ווען מען זאָל איהם געווען דארפען אָבשניידען א האנד

אָדער א פּוס, אין אזא פאל וואָלט שוין ספּילעט מיט זיין ביסעל מעדיצינישע וויסענשאפט גאָר ניט געקענט טהאָן און הערבערט וואָלט זיכער געשטאָרבען.

אָבער דיא ביסעל וויסענשאפט אין מעדיצין און כירורגיע וואָס ספּילעט האָט געהאט און זיינער און הארדינג׳ס גלייכער פערשטאנד האָבען געפֿיהרט צו הערבערט׳ס רעטונג. אָבער האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געדארפט מורא האָבען פאר א צייט, ווען זייער וויסענשאפט און לאָגישער פערשטאנד וועלען זיי אויך גאָר ניט קענען העלפען? יא! זיי האָבען פאר אזא צייט געדארפט מורא האָבען. זיי זיינען אויף׳ן אינזעל געווען עלענד. בלויז פינף פערזאָן זיינען זיי געווען, און וואָס קענען נאָך אלעמען אזא קליינע צאָהל מענשען אויפטהאָן? ווער קען וויסען אונטער וואָס פאר אן אומשטענדען זיי וועלען אמאָל אונטערוואָרפען ווערען? ווער וויים אויב זייער עקזיסטענץ אויף׳ן לינקאָלן אינזעל איז געזיכערט?

סיירוס הארדינג האָט פון צייט צו צייט געטראכט וועגען דעם און ער האָט זיך ניט ווייניג געשראָקען פאר דער צוקונפט. עס האָט אויסגעוויזען אז ביז דער לעצטער צייט האָט דאָס גליק געשפּיעלט מיט איהם און זיינע קאָמפּאַניאָנען, אָבער לעצטענס האָט עס זיך פון זיי אָבגעקעהרט און עס האָט זיי אָנגעהויבען געהן מיט דיא פּוטער אראָפּ. אין דעם פערלויף פון דער צייט, ווען זיי זיינען אנטלאָפען פון ריטשמאָנד ביז דיא לעצטע פּאסירונג מיט׳ן יונגען הערבערט איז זיי געגאנגען זעהר גוט. דיא הצלחה איז שטענדיג געווען ביי זייער רעכטע האנד און עס האָט זיי אלעס בעגליקט. זיי האָבען אויף׳ן איינזאמען אינזעל ערוואָרבען א גוטע היים. זיי האָבען געהאט טהיערע, פלאנצונגען און וואקסונגען פאר זייער געברויך. זיי האָבען אויך געהאט אלערליי מאטעריאַלען, ווערק־צייג און אינסטרומענטען און עס האָט זיי, מיט איין וואָרט, גאָר ניט געפעהלט. דיא נאטור און פערשיעדענע זאָנדערבארע צופעלע האָבען זיי בעזאָרגט מיט אלעס. דערצו האָבען זיי נאָך געברויכט זייער אייגענעם שכל, זייער קענטניס און וויסענשאפט און זיי האָבען איינפאך געפיהרט א קליינע פּירסטענטהום אָדער א מלוכה. ענדליך אָבער האָט זיך דאָס גליק פון זיי אָבגעטהאָן און זייער פריעדען און זאָרגלאָזער לעבען האָבען געמיטען! היינט ווער קען וויסען אויב עס וועלען נאָך ניט קומען ערגערע צייטען?

פאקטיש האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען טאקי געפונען אין א שלעכטער לאגע. זיי האָבען דורכגעלעבט א שרעקליכע צייט. זייער נייעם קאָלעגע און פריינד, איירטאָן, האָבען זיי וואהרשיינליך פערלאָרען, דיא פּיראטען האָבען איהם וואהרשיינליך ערמאָרדעט. הערבערט, איינער פון דיא טיכטיגסטע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע איז געפאלען פערוואונדעט פון דיא הענד פון דיא פערבליבענע פּיראטען, און וואָס קענען זיי וויסען וואָס פאר א שיקזאל עס ערווארטעט זיי אלעמען? דיא פינף פּיראטען געפינען זיך דאָך נאָך אויף׳ן אינזעל, היינט וויא

אזוי קענען זיי, דיא קאָלאָניסטען, זיכער זיין, אז זיי וועלען אויך ניט געשאָ־סען ווערען?

פענקראָפט האָט אויך פיעלע מאָל געשטעלט דיעזע פראגען זיך אליין. ער איז אויך געווען מיט דער מיינונג, אז דיא הצלחה האָט זיך פון זיי אָבגעטהאָן, אז דער פערבאָרגענער וואָס האָט זיי אזוי פיעל וואונדער בעוויזען, אויב דאָס איז א מענש אָדער וואָס עס איז, האָט פערלאָזען דעם לינקאָלן אינזעל, נאָכדעם וויא ער האָט בעוויזען דעם לעצטען וואונדער און געזונקען דיא פיראטען שיף. אָבער ווארום האָט זיי יענער פערבאָרגענער פערלאָזען? ווארום איז זייער גע־היימער וואָהלטהעטער פלוצלונג אויף זיי בייז געוואָרען? ווארום האָט ער זיי אויפגעהערט בעשיצען? דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט פערענטפע־רען, פונקט אזוי וויא זיי האָבען ניט געקענט פערענטפערען דיא פראגע: ווארום האָט זיך יענער מילדער און גוטהערציגער זאָנדערבארער רעטער פון זיי בעהאל־טען דיא גאנצע צייט.

אָבוואָהל דיא קאָלאָניסטען האָבען געטראכט און גערעדט און פראָפע־צייהעט שלעכטעס אויף זיך אליין אין דיא צוקונפט, דאָך האָבען זיי זיך אין גאנ־צען ניט פערלאָרען. אזעלכע בראווע און מוטהיגע מענשען פערלירען זיך ניט. זיי האָבען געזעהן פאר זיך א פינסטערע צוקונפט, דאָך זיינען זיי געווען גרייט צו קעמפפען פאר זייער עקזיסטענץ און פאר זייער וואָהלזיין, זאָלאנג זיי וועלען זיין אימשטאנד צו קעמפפען און צו זיין טהעטיג.

## 9טעם קאפיטעל.

**א פאָרשלאָג פון ספילעט און פענקראָפט צוריקגעוויזען. — א שמאטע אין וואלד. — א שפור צו אייר־טאָן. — דזשופ בריינגט א נאכריכט. — דיא רייזע צום גראניט הויז. — פראָספעקט האיטס אונטערגעצונדען.**

---

דער געזונדהייטס צושטאנד פון יונגען הערבערט האָט זיך רעגעלמעסיג פערבעסערט. זיינע קאָמפּאניאָנען האָבען בלויז געהאָפט און געוואונשט, אז ער זאָל זיך אויף אזוי פיעל פערבעסערען אז מען זאָל איהם קענען צונעהמען אין גראניט הויז.

דיא וואָהנונג אין גראניט הויז איז געווען מעהר בעקוועם וויא אין אייר־טאָן'ס שטיבעל ביי דיא שטאהלען. אויסערדעם איז אין יענער שטיבעל געווען זעהר אן אונזיכערער פלאץ און מען האָט יעדע ווייליע געדאַרפט ציטערען, אז דיא פערבליבענע פיראטען זאָלען אהין ניט אריינוואַרפען עטליכע קוילען,

וועהרענד אין גראַניט הויז האָט מען פאר אן אטאקע ניט געדארפט מורא האָבען. הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט האָבען דארום אונגעדולדיג געווארט אויף דעם גליקליכען טאָג, ווען זיי וועלען זייער קראנקען קענען נעהמען אהיים. הערבערט אליין איז אויך זעהר גערן געווען צו קומען אין גראַניט הויז; אָבער זיי האָבען געמוזט ווארטען. וויא לאנג זיי האָבען נאָך צו ווארטען, האָט קיינער פון זיי געקענט בעשטימען.

פון נעב האָבען זיי קיין זאך ניט געהערט, אָבער דאָס האָט זיי ניט בעאונרוהיגט. זיי זיינען געווען זיכער אז דער בראַוועער ניגער וועט זייענדיג בעפעסטיגט אין גראַניט הויז ניט צולאָזען אז דיא פּיראַטען זאָלען אויף איהם מאַכען אן אטאקע. זיי האָבען דעם הונד ניט געשיקט נאָך אמאָל צו ברייגגען א בעריכט פון נעב. זיי האָבען מורא געהאט, אז ער קען נאָך אויף'ן וועג דערשאָסען ווערען פון דיא באנדיטען און דאָס וועט פאר זיי זיין א גרויסער פערלוסט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געווארט, אָבוואָהל זיי זיינען זעהר גערן געווען צו קומען צוריק אין גראַניט הויז צו זייער חבר נעב. דעם אינזשיניר האָט זעהר געקרענקט וואָס זייער קליינע מחנה איז צוטהיילט. זייער קאָמפּאַניאָן אײרטאָן האָבען זיי אין גאנצען פערלאָרען, הערבערט איז קראנק און נעב איז ווייט פון זיי; זיי זיינען אלזאָ אין גאנצען געווען דריי געגען דיא פינף פּיראטען און אין אזא פאל קענען דיא באנדיטען שטענדיג האָבען דיא אויבערמאכט.

הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט האָבען דעם קראנקען הערבערט ניט געוואָלט ענטדעקען דעם טרויעריגען סוד אין וואָס פאר א לאגע זיי געפינען זיך, אום ניט צו פערשאפען איהם ערגערנים. זיי האָבען דארום דיא פראגע בעשפּראָכען שטילערהייד, אָהן הערבערט'ס וויסען. דאָס איז געווען דעם 29טען נאָוועמבער, וועהרענד ער איז געשמאק געשלאָפען און ער האָט ניט געקענט הערען וואָס זיינע קאמעראדען רעדען.

— מיינע פריינדע — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — דענקט איהר ניט אז עס איז א פּלאַן מיר זאָלען אָפּען ערקלערען קריעג דיא פּיראטען? דענקט איהר ניט, דאָס עס איז א גלייכע זאך אז מיר זאָלען אָנפיהרען א יאגד אויף זיי און ניט ווארטען ביז זיי וועלען קומען אונז אטאקירען?

— דאָס איז פּונקט דאָס זעלבע וואָס איך דענק — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — איך גלויב, אז מיר זיינען ניט אזעלכע פייגלינגע וואָס דארפען זיך אָבשרעקען פאר א קויל, און אויב נור קאפּיטאן הארדינג וועט איינשטימען בין איך שוין פערטיג ארויסצוגעהן אין וואלד און אָנפאנגען זוכען דיא פּיראטען באנדע.

— איך וועל מיט אייך מיטגעהן — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — מיר ביידע גוט בעוואפענטע און בעגלייטעט פון טאפּ —

— מיין טהייערער ספּילעט און איהר פּענקראָפּט — איז איהם דער אינזשיניר אַריינגעפאַלען אין דיא רייד — לאָמיר זיך אויסרעכענען קאַלטבלוטיג. לאָמיר ניט זיין היציג און לאָמיר זיך גוט איבערלעגען. ווען דיא פערברעכער זאָלען זיין בעהאַלטען אין א בעשטימטען אָרט און מיר זאָלען זיכער וויסען וואו זיי זיינען, וואָלט איך ניט געהאַט דאגעגען אז מיר זאָלען זיי אטאַקירען; קוים אָבער ווייסען מיר ניט וואו זיי געפינען זיך איז נאָך מיין מיינונג א גרויסע ריזיקע אז זיי זאָלען אויף אונז פריהער שיסען איידער מיר אויף זיי. זיי קענען אונז בעפאַלען פון הינטען גאָר אונערוואַרטעט און פייערען אויף אונז פון זייערע ביקסען.

— ניט שטענדיג, הערר קאַפּיטאַן — האָט דער מאַטראָז געענטפערט — טרעפט א קויל אין ציעל.

— דיא קויל וואָס האָט פערוואונדעט אונזער הערבערט — האָט דער אינזשיניר זיך אָבגערופען — האָט יא געטראָפען אין ציעל. אויסערדעם דארפט איהר, פּענקראָפּט, ניט פערגעסען, אז בלויז צוויי פון אונז קענען געהן, ווייל איינער מוז פערבלייבען נעבען קראַנקען, און וויא אזוי וועט זיך דער איינער קענען פערטהיידיגען, אויב דיא פּיראַטען וועלען איהם בעפאַלען? דענקט איהר אז דיא באַנדיטען וועלען ניט זעהן ווען איהר וועט פון דאַנען אוועקגעהן? דענקט איהר אז זיי וועלען אייך ניט לאָזען אוועקגעהן אין וואַלד און ביי אייער אבוועזענהייט טויטען מיך און דעם פערוואונדעטען הערבערט?

— איהר האָט רעכט, הערר קאַפּיטאַן — האָט פּענקראָפּט געענטפערט — איהר האָט רעכט. זיי וועלען טהאָן וואָס זיי וועלען קענען, אום צו בעזיצען דיעזען פּלאַץ וואו זיי קענען האָבען א היים און לעבענסמיטעל אויף א לענגערע צייט, און איהר איינער אליין וועט זיך ניט קענען שטעלען אנטקעגען זיי. אך, ווען מיר וואָלטען ערשט געוועזען אין גראַניט הויז!

— ווען מיר וואָלטען געוועזען אין גראַניט הויז — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — וואָלט גאָר אנדערש געוועזען. דאָרט וואָלט מען שוין ניט געדאַרפט מורא האָבען איבערצולאָזען הערבערט'ן מיט איינעם פון אונז און דיא אנדערע דריי וואָלטען געקענט ארויסגעהן אין דיא וועלדער זוכען דיא פּיראַטען. מיר זיינען דאָך אָבער דאָ און מיר מוזען וואַרטען ביז מיר אלע צוזאַמען מיט הערבערט וועלען קענען פון דאַנען אוועקגעהן.

הארדינג'ס לאָגישע ארגומענטען האָבען ניט געקענט פערענטפערט ווערען. ספּילעט און פּענקראָפּט האָבען גוט פערשטאַנען, אז ער זאָגט א גלייכע זאַך און זיי האָבען מיט איהם איינגעשטימט.

— אך — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט מיט בעדויערען — ווען איירטאָן וואָלט דאָ מיט אונז געוועזען! אָרימער איירטאָן! זיין אומקעהרען זיך צו א מענשליכען, געזעלשאַפטליכען לעבען האָט ניט לאַנג געדויערט!

— אויב ער איז טויט! — האָט פענקראָפּט צוגעגעבען — אָבער וועד ווייס?

— האָט איהר נאָך האָפנונגען, אז דיא פּיראַטען האָבען איהם געשווינגט? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— יא, עס קען מעגליך זיין, אויב עס האָט זיך זיי געלוינט.

— וואָס? מיינט איהר צו זאָגען, אז ווען איירטאָן האָט זיך געטראָפען מיט זיינע אמאָליגע קאַמעראַדען האָט ער פערגעסען זיינע פפליכטען צו אונז?

— ווער ווייס? — האָט דער מאַטראָז געענטפערט.

— פענקראָפּט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט אָננעהמענדיג דעם מאַטראָז ביים אָרם — אייער אידעע איז זעהר אַן אונגערעכטע און איהר וועט מיר פיעל ערגערניס פערשאַפען ווען איהר וועט דאָס זאָגען נאָך אַמאָל. איך בין פעראַנטוואָרטליך פאַר איירטאָן'ס אָרענטליכקייט און טריייהייט.

— און איך אויך! — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— יא, יא, קאַפּיטאַן — איך בין אומגערעכט — האָט זיך פענקראָפּט ענטשולדיגט — עס איז געוועזען א זינדיגע אידעע און קיין זאַך קען דאָס ניט רעכטפערטיגען. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? איך בין ניט ביי מיין זינען. דאָס זיין דאָ איינגעשפּאַרט ווירקט אויף מיר זעהר שלעכט און איך בין נאָך קיינמאָל ניט געוועזען אזוי אויפגערעגט וויא היינט.

— זייט רוהיג, פענקראָפּט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — וויא לאַנג, טהייערער ספּילעט, דענקט איהר, וועט נאָך דויערען ביז מיר וועלען אונזער הערבערט קענען נעהמען אין גראַניט הויז?

— דאָס איז שווער צו זאָגען — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — ווייל יעדע אונפאָרזיכטיגקייט קען ברייגען צו שלעכטע פאָלגען. אָבער פאָרלויפיג בעסערט ער זיך און אויב עס וועט ווייטער אזוי געהן אין אָרדנונג וועט ער אין אַכט טעג ארום פון היינט זיין קרעפטיג גענוג און מיר וועלען איהם קענען נעהמען אהיים.

אַכט טעג! דאָס הייסט אַלזאָ אז זיי וועלען זיך ערשט קענען אומקעהרען אין גראַניט הויז אין דיא ערשטע טעג פון מאָנאַט דעצעמבער. אין דיעזער צייט זיינען שוין פאָראיבער צוויי מאָנאַטען פון פריהלינג. דער וועטער איז געוועזען שעהן און דיא היטץ האָט אָנגעהויבען ווערען גרעסער. דיא וועלדער פון לינקאָלן אינזעל זיינען געוועזען בעדעקט מיט בלעטער און עס איז שוין דאָרט באַלד געוועזען שניט צייט. ווען דיא קאָלאָניסטען וועלען זיך אומקעהרען צוריק אין גראַניט הויז וועלען זיי זיך אַלזאָ באַלד דאַרפען נעהמען צו אגריקולטור ארבייט, ארונטערצונעהמען דיא תבואה פון זייער פעלד און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי נאָך געדאַרפט דורכפיהרען דיא בעשלאָסענע עקספּעדיציאָן דורך'ן אינזעל.

מען קען זיך אַלזאָ לייכט פאָרשטעלען וויא דיא קאָלאָניסטען האָט גע־

ערגערט וואָס זיי מוזען נאָך פערבלייבען אין דיא שטאַהלען און געשטערט זיין פון אזעלכע וויכטיגע ארבייט. אָבער זיי האָבען בעסער ניט געקענט מאכען און זיי האָבען געמוזט דולדען.

א פּאָר מאָל האָט דער רעפּאָרטער ריזיקירט און איז ארויס אויף'ן וועג צוזאמען מיט טאָפּ. ער איז געוועזן העכסט פאָרזיכטיג און ער האָט זיין ביקס שטענדיג געהאַלטען גרייט צו שיסען אין דעם מאָמענט ווען דאָס וועט נויטיג זיין.

אָבער ער האָט קיינעם ניט געזעהן, קיינעם ניט בעגעגענט און קיינע שפּורען פון דיא פּיראַטען ניט געפונען. דער קלוגער הונד וואָלט איהם געוואָרנט פון דיא מינדעסטע געפאהר, אָבער טאָפּ האָט ניט געבילט און דאָס האָט דעם רעפּאָרטער געמאַכט זיכער אז ער האָט ניט פאר וואָס אָדער פאר וועמען צו שרעקען זיך, ווייל דיא פּיראַטען געפינען זיך וואהרשיינליך אין אן אנדער טהייל פון אינזעל. אָבער איינמאָל, דאָס איז געוועזן דעם 27טען נאָוועמבער, איז ספּילעט אוועקגעגאַנגען ביי א פיערטעל מייל ווייט אין וואַלד, אנטקעגען דעם זידליכען זייט פון בארג, און ער האָט דאָרט בעמערקט אז דער הונד שפּירט עטוואָס בעזאָנדערס. טאָפּ האָט אָנגעהויבען לויפען היין און צוריק זוכענדיג אין דיא גראָז און צווישען דיא בוימלעך אזוי וויא ער זאָל האָבען דערשמעקט עפּעס אן אויסערגעוועהנליכע זאַך.

גידעאָן ספּילעט האָט דעם הונד נאָכגעפאָלגט און ער האָט געהאַלטען א שאַרפען בליק ארום און ארום. ער האָט זיך נאָכהער פערשטעקט צווישען געדיכטע בוימער און ער האָט זיין ביקס געהאַלטען גרייט. עס האָט ניט אויסגעזעהן אז דער הונד זאָל האָבען דערשפּירט א מענשען, ווייל אין אזא פאַל וואָלט ער דאָס דעם רעפּאָרטער געגעבען צו וויסען דורך זיין בילען; אָבער דאָס וואָס דער הונד איז שטיל געוועזן איז געוועזן א בעווייז, אז קיין געפאהר איז דאָרט ניטאָ.

אונגעפעהר פינף מינוט זיינען אזוי פאָראיבער. טאָפּ האָט זיך אומגעדרעהט אין אלע זייטען און האָט מיט זיין נאָז געשמעקט אין דיא גראָז און צווישען דיא בוימלעך און ספּילעט האָט פון איהם דיא אויגען ניט אראָבגענומען. ענדליך איז דער הונד אריינגעלאָפען צווישען א מאסע געדיכטע בוימלעך און האָט פון דאָרט ארויסגעשלעפּט א שמאַטע. דאָס איז געוועזן א שטיקעל צוריסענע און פערפלעקטע קליידער־צייג. ספּילעט האָט עס געבראַכט צו זיינע קאָמפּאַניאָנען, וואו ער, הארדינג און פּענקראָפט האָבען עס גוט בעקוקט און זיי האָבען אויסגעפונען, אז דאָס איז פון איירטאָן'ס קליידער וואָס ער האָט געטראָגען.

— זעהט איהר שוין, פריינד פּענקראָפט — האָט הארדינג געזאָגט — דיא פּיראַטען האָבען דעם אונגליקליכען איירטאָן מיט געוואַלד אוועקגעשלעפּט פון

דאנען. גלויבט איהר שוין יעצט אין זיין ארענטליכקייט? צווייפעלט איהר נאך ערשט אויך אויב ער איז אונז טריי געווען?

— ניין, קאפיטאן — האט דער מאטראז געענטפערט — און איך בערייהע וואס איך האב איהם אומזיסט פערדעכטיגט. אבער איך דענק אז פון דיזען פארפאל קענען מיר עפעס לערנען.

— וואס אזעלכעס? — האט דער רעפארטער געפרעגט.

— איך מיין, אז מיר קענען ערשט איבערצייגט זיין, אז דיא באנדיטען האבען איירטאן'ען ניט ערמארדעט דא, זאנדערן זיי האבען איהם פון דאנען אוועקגעשלעפט א לעבעדיגען, און וויבאלד אז אזוי, קען זעהר מעגליך זיין אז ער לעבט נאך ערשט אויך.

— מעגליך — האט זיך דער אינזשיניר אבגערופען — עס קען זעהר זיין אז ער לעבט.

און ווירקליך האבען דיא קאלאניסטען געקענט האפען אז זייער פריינד איירטאן לעבט. זיי האבען פריהער גערעכענט, אז איירטאן איז דערשאסען געווארען דארט ביי דיא פיה־שטאהלען, אבער וויבאלד אז מען האט איהם פון דארט אוועקגענומען א לעבעדיגען, קען מען דאך גלויבען, אז זיי האבען איהם געלאזט לעבען און ער לעבט ערשט אויך אירגענד וואו אויף'ן אינזעל. אבער אננעהמענדיג זאגאר, אז דער פאל איז אזוי געווען, האבען דיא קאלא־ניסטען געמוזט גלויבען, אז איירטאן ווערט געהאלטען געפאנגען. זייער טהעאריע איז געווען, אז איינער אדער מעהרערע פון דיא פיראטען האבען איירטאן'ען דערקענט אלס דעם אמאליגען אנפיהרער פון רויבער באנדעס אין אויסטראליען בען דזשאים און זיי האבען איהם געוואלט איבעררעדען אדער צווינגען אז ער זאל זיין מיט זיי, אבער אזוי וויא ער האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען, האבען זיי איהם גענומען געפאנגען מיט דער האפנונג פיליייכט וועט זיי דאך אמאל געלינגען צו בעקעהרען איהם אויף זייער זייט און מאכען איהם צו פערראטהען זיינע פריינד.

דיא קאלאניסטען האבען אלזא געקענט האפען, אז זיי וועלען נאך זיי־ער פריינד איירטאן צוריק האבען אין זייער קאלאניע, ווארום אויב ער לעבט, מעג ער זאגאר זיין געפאנגען, וועט ער געפינען א מיטעל וויא אזוי צו בעפרייען זיך און קומען צו זיינע פריינד און וואהלטהעטער און זיי העלפען און שטיצען פיעל ער וועט נור קענען.

— יעדענפאלס — האט גידעאן ספילעט בעמערקט — אויב אפילו אייר־טאן איז געפאנגען און איהם וועט געלינגען צו אנטלויפען, וועט ער וואהרשיינ־ליך קומען אין גראניט הויז, ווייל ער וויים דאך ניט פון דעם מערדערליכען אנגריעף אויף אונזער הערבערט, און אז מיר זיינען דא געפאנגענע.

— אה, איך ווינש אז ער זאל שוין זיין אין גראניט הויז און מיר זאלען

דאָרט אויך זיין! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — ווייל אָבוואָהל דיא פּערדאממטע פּיראטען קענען גאָר ניט טהאָן אונזער גראַניט הויז, קענען זיי ביי אונזער אָבוועזענהייט רואינירען אונזערע פּעלדער און דעם געפליעגעל־הויף.

אָבער מעהר וויא אַלעמען איז הערבערט׳ן געוועזן איבערדריסיג דאָס זיין דאָרט ביי דיא פּיה־שטאהלען. דער יונגע האָט גוט געוואוסט וויא זיינע קאָמ־פּאַניאָנען נויטיגען זיך צו קומען צוריק אין גראַניט הויז און ער איז דיא אור־זאכע וואָס האַלט זיי אָב. עס האָט איהם דארום זעהר גקרענקט און עס איז איהם איינגעפאלען אַן אידעע צו זאָגען זיינע פריינד אז זיי זאָלען איהם נעהמען אהיים אין גראַניט הויז. הערבערט האָט געגלויבט, אז מען וועט שוין דיא זאַך קענען דורכפיהרען. ער איז ביי זיך געוועזן זיכער, אז אין זיין ציממער אין זייער היים וועט ער זיך שנעלער ערהאָלען און ער וועט גיכער קומען צו זיינע קרעפ־טען.

ער האָט זיין וואונש אויסגעדריקט פאַר גידעאָן ספּילעט. אָבער דער רע־פּאָרטער האָט איהם ערקלערט, אז זיינע וואונדען זיינען בלויז האַלב פּער־היילט און דאָס טראָגען איהם אזא ווייטע שטרעקע וועט פאַר איהם זיין זעהר שעדליך, ווייל דיא וואונדען קענען זיך נאָך צוריק עפענען. אָבער עס האָט פּאַ־סירט אזעלכעס וואָס האָט געצוואונגען סיירוס הארדינג און דיא אנדערע צוויי קאָלאָניסטען צו ערפילען הערבערט׳ס פערלאנג געגען זייער ווילען.

דאָס איז געוועזן דעם 29טען נאָוועמבער, אום 7 אוהר אין דער פריה. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאמאָלס אָנגעפיהרט א געשפּרעך נעבען הערבערט׳ס בעט, ווען טאָפּ האָט שטאַרק אָנגעפאנגען בילען.

הארדינג, פּענקראָפט און ספּילעט האָבען געכאפּט זייערע ביקסען און זיינען ארויסגעלאָפען. דער הונד איז געשטאנען ביים פּאַרקאַן, איז געשפּרונ־גען און געבילט, אָבער ניט בייז, זאָנדערן פערגעניגענד. דיא פאָלגענדע פראזען זיינען באַלד געהערט געוואָרען פון דיא דריי קאָלאָניסטען:

— יעמאַנד קומט!

— יא, מען קומט!

— דאָס איז ניט קיין פיינד!

— זיכער ניט!

— פילייכט נעב?

— אָדער גאָר איירטאָן.

וועהרענד דיא לעצטע פּאָר ווערטער זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען איז יעמאַנד אריבערגעשפּרונגען איבער׳ן פּאַרקאַן און איז געפאַלען אויף דער ערד.

דאָס איז געוועזן הערר דזשופּ, דיא אַפּע וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען אין גראַניט הויז. טאָפּ האָט דאָס זיין גוטען ברודער אַזוי ווארים אויפגענומען.

— דזשופּ! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען.

— נעב האָט איהם צו אונז געשיקט — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט.

— אויב אזוי — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — האָט ער דאָך וואהר־שיינליך מיטגעבראכט עפּעס א צעטעלע אָדער א בריעף.

פּענקראָפט איז צוגעלאָפען צום אראנג־אוטאנג. סיירוס הארדינג האָט ווירקליך קיין טעות געהאט. צו דזשופּ'ס האלדז איז געווען צוגעבונדען א קליין בייטעלע פון וועלכע פּענקראָפט האָט ארויסגענומען א שטיקל פּאַפּיר מיט פאָלגענדען אויפשריפט:

"פרייטאָג, אום זעקס אוהר אין דער פריה. פּראָספּעקט האיטס איז פער־כאפּט געוואָרען פון דיא פּיראטען. נעב".

דיא קאָלאָניסטען זיינען זעהר צומישט געוואָרען, ווען זיי האָבען דיעזע נאכריכט ערפאהרען. דיא מערדער באנדע אויף פּראָספּעקט האיטס! דאָס שמעקט מיט פערוויסטונג און רואינע פאר זייער האָב און גוטס אויף וועלכע זיי האָבען געהאָרעוועט מיט שוויים און בלוט! אָבער וואָס קענען זיי העל־פען? וואָס פאר א מיטעל קענען זיי אָנווענדען צו פערטרייבען דעם געפעהרלי־כען שונא?

ווען הערבערט האָט געזעהן זיינע קאָמפּאניאָנען אריינקומענדיג צוריק צו־טומעלטע אין דיא בעגלייטונג פון דזשופּ, האָט ער באלד פערשטאנען אז עפּעס אן אונגליק דראָהעט דיא גראניט הויז.

— קאפּיטאן הארדינג — האָט ער געזאָגט — איך מוז דיעזען פּלאַץ פערלאָזען. איך מוז געהן. איך וועל קענען דורכמאכען דיא רייזע.

גידעאָן ספּילעט האָט בעטראכט דעם קראנקען און האָט געזאָגט:

— אויב אזוי, לאָמיר געהן!

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך דאן בעראטהען, אויב זיי זאָלען הערבערט'ן טראָגען אויף א טראָג־בעטעל אָדער זיי זאָלען איהם פיהרען אין וואָגען, וואָס איז דאמאָלס געווען אין דיא שטאהלען. טראָגען דעם קראנקען אויף א טראָג־בעטעל וועט זיין פאר איהם פיעל אנגענעהמער און בעסער; אָבער דערצו האָט מען געמוזט האָבען צוויי מענשען, וועלכע זאָלען זיין פערנומען מיט זייערע אלע הענד. עס וועט אלזאָ בלויז פערבלייבען איין פרייער מענש, וועלכער וועט זיך קענען פערטהיידיגען אין פאל ווען דיא פּיראטען וועלען זיי אטאקירען, און וואָס איז איינער געגען פינף? מען זאָל ווידער דעם קראנקען פיהרען אין וואָגען, וועלען הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט זיין פריי און זיי וועלען קענען שיסען אין פאל עס וועט נויטיג זיין; דערפאר אָבער וועט עס פאר'ן פערוואונדעטען זיין ערגער, ווייל דער וואָגען וועט זיך טרייסלען און דאָס וועט קענען שעדליך זיין פאר זיינע וואונדען. דיעזע פראגע האָבען דיא קאָלאָניסטען בעשפּראָכען און זיי האָבען בעשטימט, אז הערבערט זאָל געפיהרט ווערען מיט'ן וואָגען,

אָבער זיי זאָלען אין דער זעלבער צייט העכסט פּאָרזיכטיג זיין און זעהן אז דיא רייזע זאָל איהם ניט שאדען.

דער וואָגען איז געבראכט געוואָרען. פּענקראָפט האָט איינגעשפּאנט דיא אָנאגא און האָט אין וואָגען אויסגעבעט מיט ווייכע גראָז און אוועקגעלעגט דעם מאטראַץ אויף וועלכען הערבערט איז געלעגען. סיירוס הארדינג און דער רע־פּאָרטער האָבען דעם קראנקען ארויסגעטראָגען און אוועקגעלעגט אין וואָגען. עס איז געווען שעהנעס וועטער. דיא זוהן האָט געשטראהלט און געוואָרעמט פון צווישען דיא בוימער און אן אנגענעהמער שטילער ווינטעל האָט געבלאָזען.

הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט האָבען גענומען זייערע ביקסען און זיי זיינען גרייט געווען אָבצופאָהרען.

— איז דיר בעקוועם צו ליגען, הערבערט? — האָט דער אינזשיניר גע־פרעגט.

— אָה, קאפּיטאן! — האָט הערבערט געענטפערט — זייט ניט אונרו־היג. איך וועל, גאָט בעהיט, ניט שטארבען אויף׳ן וועג.

וועהרענד ער האָט דאָס גערעדט האָט מען געקענט זעהן, אז דער יונגע האָט זיך אָנגעשטרענגט און געוואָלט מאכען אן איינדרוק אויף זיינע פריינד, אז ער איז קרעפטיג גענוג; אין דיא ווירקליכקייט אָבער איז דער אָרימער הערבערט געווען זעהר שוואך.

דער אינזשיניר האָט בעמערקט הערבערט׳ס לאגע און ער האָט ניט געקענט בעשליסען אויב ער זאָל געבען א סיגנאל צו פאָהרען אָדער ניט. ער האָט זיך אָבער בעדענקט, אז אויב ער וועט דיא רייזע אָבהאלטען וועט עס דעם קראנ־קען צופיעל ערגערען און עס וועט איהם פיליכט ברייגגען צו א געפאהר, און ער האָט אויסגעשריען:

— פאָרווערטס!

דער טהויער איז געעפענט געוואָרען. טאפּ און דזשופּ זיינען ארויסגעלאָפען פאָראויס און דער וואָגען איז ארויסגעפאָהרען. פּענקראָפט האָט געדיענט אלס טרייבער. ער האָט דעם וואָגען געפיהרט לאנגזאם און שטרענג געהיט אז ער זאָל זיך ניט טרייסלען און דער חולה זאָל דערפון ניט ליידען.

עס וואָלט פאר דיא קאָלאָניסטען פיליכט זיכערער געווען, ווען זיי וואָלטען געפאָהרען מיט א הינטער וועג, ניט מיט׳ן גלייכען וועג וואָס האָט געפיהרט פון דיא שטאהלען צום גראניט הויז, אָבער עס וואָלט זיי שווער געווען צו פאָהרען דורך׳ן געדיכטען וואלד, וואו בוימער שטעהען אין וועג און מען דארף זעהר אָפּט אויסמיידען שטיינער און גריבער. אזא רייזע וואָלט דעם קראנקען געוויס געשאדעט, און זיי זיינען דארום געפאָהרען מימ׳ן אויסגעטראָטענעם וועג, אָב־וואָהל עס איז געווען אביסעל ריזיקאליש, ווייל יענער וועג איז געווען בעקאנט צו דיא פּיראטען.

סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט זיינען געגאַנגען פוןביידע זייטען פון וואָגען מיט דיא ביקסען אויף זייערע אַקסלען, פערטיג צו פייערען יעדען מאָמענט. אָבער זיי האָבען ניט געדענקט אז עס וועט דערצו קומען, ווייל זיי האָבען ניט געגלויבט אז דיא פּיראַטען זאָלען שוין האָבען אזוי גיך פערלאָזען פּראָספּעקט האַיטס.

זיי האָבען אויסגערעכענט, אז נעב האָט וואהרשיינליך ארויסגעשיקט דעם אָראַנג־אוטאַנג באַלד וויא דיא פּיראַטען זיינען אָנגעקומען. זיין בעריכט איז דאַטירט זעקס אוהר אין דער פריה און ערשט איז נאָך קיין אכט אוהר ניטאָ, קען ניט זיין, אז דיא געפעהרליכע באַנדע זאָל שוין האָבען פערלאָזען דעם נייעם פּלאַץ וואָס זיי האָבען ענטדעקט. אויב עס וועט קומען צו א צוזאַמענשטויס צווישען זיי און דיא פּיראַטען, וועט עס קומען אין דיא נאַכבאַרשאַפט פון גראַניט הויז. אזוי האָבען דיא קאָלאָניסטען געגלויבט; דאָך, אום צו זיין זיכער האָבען זיי געהאַלטען א שטרענגע וואַך און האָבען גוט אַכטונג געגעבען אז זיי זאָלען זיך ניט בעגעגענען מיט׳ן פיינד. טאָפּ און דזשופּ האָבען זיי אויך גערדיענט אזוי וויא טרייע וועכטער און זיי זיינען געלאָפען אמאָל פאָראויס, אמאָל ביי דיא זייטען אין וואַלד און ווען עס זאָל עטוואָס געשעהן, וואָלטען זיי געגעבען צו ווי־סען.

דער וואָגען האָט זיך געשלעפּט לאַנגזאַם, אומגעפעהר א מייל. קיין בע־זאָנדערעס האָט אויף׳ן וועג פּאַסירט. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך בלויז גע־שראָקען פאַר א צוזאַמענשטויס צווישען זיי און דיא גערעטעטע פּיראַטען ארום זייער היים. זיי האָבען גערעכענט אז זיי וועלען טרעפען איינעם פון דיא ברי־קען אויף׳ן פּלאַץ, ווארום וויבאַלד דיא פּיראַטען זיינען אריבערגעגאַנגען דעם וואַ־סער שטראָם האָבען זיי וואהרשיינליך ארונטערגעלאָזט דעם בריק, אום צו האָבען א וועג אין פאַל זיי וועלען דאַרפען אַנטלויפען. דיא קאָלאָניסטען האָבען אַלזאָ גע־האָפט אז זיי וועלען לייכט קומען צום גראַניט הויז, אויב נור דיא פּיראַטען וועלען זיי ניט שטערען.

ווען זיי זיינען געקומען נעהענטער צו פּראָספּעקט האַיטס און דער באַרג האָט זיך געזעהן פון צווישען דיא בוימער, האָט פּענקראָפט פּלוצלונג אָבגעשטעלט דיא אָנאַגאַ און האָט אויסגעשריען:

— אָהָ, דיא באַנדיטען! דיא פּיראַטען!

רעדענדיג דיעזע ווערטער האָט ער זיינע קאָמפּאַניאָנען אָנגעצייגט אויף א געדיכטען רויך פון זייער מיהל און פון געפליגעל־הויף. א מאַן איז אומגע־לאָפען אין מיטען פון דעם רויך. דאָס איז געווען נעב.

דיא קאָלאָניסטען האָבען א געשריי געטהאָן. נעב האָט זייער געשריי גע־הערט און ער איז זיי געלאָפען אַנטקעגען.

דיא געפעהרליכע באנדע האָט געהאט פערלאָזען פּראָספּעקט האיטס מיט א האלבע שטונדע פריהער.

— וואו איז הערבערט? — האָט נעב דיא ערשטע זאך געפרעגט.

גידעאָן ספּילעט איז צוגעלאָפען צום וואָגען און געפונען דעם קראנקען ליגענדיג בעוואוסטלאָז!

## 10טעם קאפּיטעל.

הערבערט אין גראניט הויז. — נעב'ס ערצעהלונג. — הארדינג'ס בעזוך אויף פּראָספּעקט האיטס. — חורבן און פערוויסטונג. — הערבערט אין געפאהר. — טויטליכער פיבער. — אן אונטערגעוואָרפענע רפואה.

דיא קאָלאָניסטען האָבען ערשט קיין צייט געהאט ארומצוקוקען זיך אויף דיא רואינען, וואָס דיא פערברעכער האָבען געמאכט אויף פּראָספּעקט האיטס. זיי האָבען אויך קיין צייט געהאט צו דענקען וועגען דיא געפאהר וואָס דראָהעט דיא גראניט הויז. הערבערט'ס קריטישער צושטאנד האָט איבערגעוואויגען אלעס און זיי האָבען בלויז איהם אין זינען געהאט. האָט איהם דיא רייזע אין וואָגען געשאדעט? איז ער אינערליך בעשעדיגט געוואָרען פון א שטארקען טרייסעל? דאָס האָבען ניט דער רעפּאָרטער און ניט זיינע קאָלעגען געקענט וויסען.

זיי האָבען דעם וואָגען מיט'ן קראנקען אריבערגעפיהרט דעם בריק. דאָרט האָבען זיי פון צווייגען געמאכט א טראָג־בעטעל, אויף וועלכע זיי האָבען ארויפגעלעגט מאטראצען און זיי האָבען דעם בעוואוסטלאָזען צוגעטראָגען צום הויבמאשין און איהם ארויפגענומען אין גראניט הויז, וואו עס איז דעם רעפּאָרטער געלונגען איהם אָבצומינטערען.

הערבערט האָט געעפענט זיינע אויגען און דערזעהענדיג אז ער געפינט זיך אין זיין צימער, האָט זיך א שמייכעל בעוויזען אויף זיינע ליפּען, אָבער ער האָט א וואָרט ניט געקענט רעדען, אזוי שוואך איז ער געווען. גידעאָן ספּילעט האָט בעטראכט זיינע וואונדען. ער האָט מורא געהאט אז זיי האָבען זיך צוריק געעפענט, ווייל זיי זיינען נאָך ניט געווען אין גאנצען פערהיילט, אָבער ער האָט אויסגעפונען, אז אויסערליך זיינען דיא וואונדען ניט ערגער וויא זיי זיינען געווען איידער מען האָט דעם קראנקען צוגענומען פון דיא פיה־שטאהלען. וואָס דען האָט דעם יונגע געבראכט צו אזא צושטאנד? ווארום איז ער פּלוצלונג אזוי שוואך געוואָרען? ניט אנדערש, אז ער איז אינערליך בעשעדיגט, אָדער דיא שרעק פאר דיא פּיראטען האָט אויף איהם אזוי געווירקט צו שלעכטען.

הערבערט איז אריינגעפאלען אין א שטארקען פיבער און ער איז איינגע־

שלאָפען. דורך דער צייט האָט הארדינג דערצעהלט זיין טרייען דיענער נעב פון אלעם וואָס מיט זיי האָט פּאסירט. נעב וויעדער האָט פאר זיין ווירטה דער־צעהלט פון דיא געשעהעניסען אויף פּראָספּעקט האיטס און אין גראניט הויז דורך דער צייט פון הארדינג׳ס אבוועזענהייט.

דיא פּיראטען האָבען זיך פאָריגע נאכט צום ערשטען מאָל בעוויזען אין דיא נאכבארשאפט פון פּראָספּעקט האיטס. נעב איז דאמאָלס געוועזען ביים געפליגעל־הויף. ער האָט זיי דערזעהן און ער האָט געשאָסען אויף איינעם פון זיי, אָבער ער האָט אין דער פינסטער ניט געקענט בעמערקען אויב ער האָט געטראָפען אין ציעל אָדער ניט. אָבער יעדענפאלס איז נעב׳ס קויל ניט גענוג געוועזען אָבצושרעקען דיא מערדער באנדע און ווען נעב האָט קוים צייט געהאט ארויפצוכאפּען זיך אין גראניט הויז זיינען שוין דיא באנדיטען געוועזען אויף פּראָספּעקט האיטס.

דער ניגער האָט זיך געמוזט בענוגענען דערמיט וואָס ער האָט זיך גע־רעטעט. שטערען דיא פּיראטען פון רואינירען און פערוויסטען האָט ער ניט געקענט. דיא איינציגע זאך וועגען וואָס ער האָט געטראכט איז געווען, צו גע־פינען א מיטעל וויא אזוי אָנצוזאָגען וועגען דעם אָנפאל פון דיא פּיראטען צו זיין ווירטה, קאפּיטאן הארדינג.

אָבער וויא אזוי ? וואָס האָט ער געקענט טהאָן און וואָס פאר א ראטה האָט ער זיך געקענט געבען צו קומען אין פערבינדונג מיט סיירוס הארדינג און זיינע אנדערע קאָמפּאניאָנען ? נעב איז אויסער דיא טרויעריגע נאכריכט וואָס ער האָט זיינע קאמעראדען געוואָלט אָנזאָגען געוועזען העכסט נייגעריג צו וויסען וואָס עס טהוט זיך מיט זיי. עס איז שוין געוועזען נייַנצעהן טעג זייט זיי האָבען פערלאָזט דעם גראניט הויז און מעהר וויא דיא שרעקליכע נייעס, אז איירטאָן איז פערשוואונדען און נעב פערוואונדערט האָט ער פון זיי ניט געהערט !

נעב אליין איז געוועזען פערזיכערט. ער האָט ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען פאר דיא פּיראטען. ער איז זיכער געוועזען אז אין גראניט הויז וועלען זיי ניט קענען קומען און זיי וועלען איהם קיינע בייזעס טהאָן ; אָבער זייער האָב און גוטס אויף פּראָספּעקט האיטס האָט ער ניט געקענט בעשיצען. דערויף האָט געפעהלט דער קלוגער, פעהיגער און בראווער סיירוס הארדינג, אָבער וואו נעהמט מען איהם ?

דער אָרימער נעב איז געפאלען אויף א גליקליכע אידעע צו שיקען זייער הויזליכען אָראנג־אוטאנג דזשופ אין שליחות צו דיא שטאהלען. דזשופ איז געוועזען איינינער מאסען געלערענט און ער האָט פערשטאנען פיעלע זאכען וואָס מען האָט צו איהם גערעדט. נעב האָט אָנגעשריבען דעם בריעף, האָט איהם צו־געבונדען צו דזשופ׳ס האלדז און ער האָט דער חיה איינינע מאָל געזאָגט :

— דזשופ, פיה־שטאהלען ! פיה־שטאהלען !

דיא אפע איז געווען בעקאנט מיט דיעזע ווערטער און זיא האָט געוואוסט וואָס זיי בעדייטען. זיא איז אין דיא שטאהלען איינינע מאָל געווען און האָט געוואוסט דעם וועג אהין. זיא האָט דעריבער דיא שליחות פּינקטליך ערפילט.

— איהר האָט זעהר גוט געטהאָן, ליעבער נעב — האָט דער אינזשיניר צו איהם געזאָגט נאָכדעם וויא ער האָט אויסגעהערט זיין געשיכטע — אָבער מעג־ליך, אז עס וואָלט בעסער געווען ווען איהר וואָלט אונז ניט אָנגעזאָגט וועגען דעם איבערפאל פון דיא פּיראטען.

הארדינג האָט דערמיט געמיינט צו זאָגען, אז דיא נאכריכט וואָס נעב האָט זיי אָנגעזאָגט איז פעראנטוואָרטליך פאר הערבערט'ס געפעהרליכען צו־שטאנד, ווייל ווען ניט דאָס וואָלטען זיי זיך ניט געריהרט פון אָרט ביז דער פערוואונדעטער וואָלט זיך אין גאנצען ערהאָלט.

נעב האָט געענדיגט זיין ערצעהלונג, אז באלד וויא דיא פּיראטען זיינען אוועק איז ער ארויס אויף פּראָספּעקט האיטס און ער האָט געזעהן דעם שרעק־ליכען חורבן וואָס דיא באנדיטען האָבען געמאכט. נעב האָט געגעבען זיין מיינונג, אז דיא פּיראטען ווייסען נאָך אלץ ניט דעם צאָהל פון דיא קאָלאָניסטען און זיי זיינען אונטער דעם איינדרוק אז דער אינזעל איז בעוואָהנט פון פיעלע מענשען, אָבער אזוי וויא צו פּראָספּעקט האיטס האָבען זיי געהאט אן אָפּענעם, אונבעוואכטען וועג, האָבען זיי זיך אהין ארויפגעכאפּט און האָבען אונטערגע־צונדען די געביידען און רואינירט און צושטערט פיעלע זאכען, וועלכע האָבען דיא קאָלאָניסטען געקאָסט שוויים און בלוט. נעב האָט פּרובירט אויסלעשען דיא פלאמען, אָבער אביסעל שפּעטער האָט ער דערזעהן זיינע קאמעראדען אָנקו־מענדיג און ער איז זיי אנטקעגען געלאָפען.

דיא לאגע פון דיא קאָלאָניסטען, וואָס איז ביז ניט לאנג צוריק געווען א גליקליכע, איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א טרויעריגע און העכסט פּירכט־ליכע. דער פריעדען און רוהיגעס לעבען פון דיא פערוואָרפענע אויפ'ן לינקאָלן אינזעל איז צושטערט געוואָרען און זיי זיינען געווען פערצווייפעלט אויף דער העכסטער שטופע.

ספּילעט און פּענקראָפט זיינען פערבליבען אין גראניט הויז מיט'ן קראנ־קען הערבערט, וועהרענד דער אינזשיניר און נעב זיינען געגאנגען בעקוקען דעם חורבן וואָס דיא פּיראטען האָבען געמאכט אויף פּראָספּעקט האיטס.

אלעס וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאט אין דיא "טשימנים" איז פערבליבען גאנץ. דיא באנדיטען זיינען וואהרשיינליך דאָרט ניט געווען. אָבער דער פערלוסט וואָס זיי האָבען געהאט אויף פּראָספּעקט האיטס איז געווען זעהר גרויס. פון דיא פּיראטען האָבען הארדינג און נעב קיין שפּור בעמערקט, ניט אויבען אויף פּראָספּעקט האיטס און ניט אונטען ביים טייך מערסי אָדער אין דיא וועלדער. דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געקענט וויסען אויב דיא פּיראַ־

טען האָבען זיי געזעהן קומענדיג פון דיא שטאהלען אָדער זיי ווייסען ניט ווע־גען זייער קומען.

אין ערשטען פאַל, האָט דער שכל בעוויזען, אז דיא פּיראַטען זיינען אוועק צוריק צו דיא פיה־שטאהלען פון וואנען זיי זיינען מיט נייגצעהן טעג פריהער פערטריבען געוואָרען, ווייל זיי האָבען געוואוסט אז דער פּלאַץ איז שוין דאָרט פאר זיי פריי; אויב אָבער זיי זיינען אונטער דעם איינדרוק, אז יעמאנד געפינט זיך נאָך אין דיא שטאהלען, זיינען זיי וואהרשיינליך אוועק אין זייער לאגער אנדערשוואו.

דיא קאָלאָניסטען וואָלטען געגאנגען זוכען דעם געפעהרליכען פיינד און זיי וואָלטען איהם ערקלערט אָפענע קריעג; אָבער זיי האָבען ניט געקענט פערלאָזען דיא גראניט הויז צוליעב דעם קראנקען הערבערט.

דער חורבן אויף פּראָספּעקט האיטס איז געווען א שרעקליכער. דיא פעל־דער זיינען געווען צוטראָטען. דיא זאנגען, וועלכע זיינען שוין געווען פול און כמעט צייטיג זיינען געלעגען צובראָכענע אויף דער ערד. אנדערע פלאנ־צונגען וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרט געהאט זיינען אויך געווען צוטראָמ־פּעלט און פערוויסטעט.

צום גליק האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאט זאמען פון אלע וואקסונגען און זיי האָבען געקענט האָפען אלעס וויעדער צו זעען און בעקומען אלעס וואָס זיי האָבען געדארפט צו זייער לעבענסמיטעל. פאָרלויפיג האָט זיי קיין זאך געפעהלט אין גראניט הויז און זיי האָבען געקענט לעבען א לאנגע צייט אויף דיא עסענווארגען וואָס זיי האָבען געהאט צוגעגרייט פון פריהער.

דיא ווענד פון געפליענעל־הויף, דער שטאהל וואו דיא אָנאגאס זיינען געשטאנען און אנדערע געביידען זיינען פערניכטעט געוואָרען פון פייער און זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין בערגלאך אש. איינינע פון דיא טהיערע וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרט געהאט זיינען אנטלאָפען און דיא איבעריגע זיינען פערברענט געוואָרען. דיא פויגלען זיינען אוועקגעפלויגען פון פייער און זיי האָבען זיך ערשט צוריקגעקעהרט צו דיא רואינען פון זייער היים צו וועלכע זיי זיינען געווען געוואָהנט. זיי זיינען אומגעפלויגען הין און צוריק און געפּישטשעט און געשריען אזוי וויא זיי זאָלען בעדויערען זייער פערלוסט. סיירוס הארדינג האָט עס אלעס בעטראכט מיט בעדויערען. זיין געזיכט איז געווען בלאס און זיי־נע אויגען האָבען אויסגעדריקט זאָרג און פערצווייפלונג מעהר וויא אימער.

ווען זיי האָבען געהאט אלעס בעקוקט האָבען זיך הארדינג און נעב אומ־געקעהרט צוריק אין גראניט הויז.

דיא פאָלגענדע טעג זיינען פאר דיא קאָלאָניסטען געווען דיא טרויעריגסטע וואָס זיי האָבען ווען געהאט זייט זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף'ן אינזעל. הערבערט איז אלץ שוואכער און שוואכער געוואָרען און גידעאָן ספּילעט,

וועלכער האָט איהם בעהאנדעלט אלס דאָקטאָר, האָט שטארק מורא געהאט, אז דער חולה וועט דיא קראנקהייט ניט איבערטראָגען.

א זאָנדערבארער שלאָף איז אויף'ן קראנקען אָנגעפאלען און ספּילעט האָט אין איהם דערקענט צייכענס פון משוגעת. קיין מעדיצין האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געהאט און דיא איינציגע זאך וואָס זיי האָבען געקענט טהאָן פאר'ן געפעהר־ליכען קראנקען איז געווען צו ערפרישען איהם אָפט מיט געטרענקע וואָס זיי האָבען פון זיינעטוועגען געמאכט.

דעם זעקסטען דעצעמבער איז הערבערט'ס צושטאנד פיעל פערערגערט געוואָרען. דיא היץ איז פון איהם אָבגעטראָטען, אָבער זיינע שפּיץ פינגער, זיינע אויערען און זיין נאָז זיינען געוואָרען זעהר בלאס און זיין גאנצער קערפּער האָט געציטערט. זיין פּולס איז געוואָרען זעהר שוואך און אונרעגעלמעסיג. זיין הויט איז געוואָרען טרוקען און ער האָט זעהר פיעל געליטען פון דורשט. נאכהער איז ער צוריק ארייננעפאלען אין א היץ און זיין געזיכט איז געוואָרען צונטער רויט. אין אזא צושטאנד איז ער אָבגעלעגען פינף שטונדען.

הערבערט האָט בעקומען א מין טויטליכען פיבער אָדער קדחת און ספּילעט האָט געוואוסט, אז דאָס מוז בעזייטיגט ווערען, זאָנסט איז דער יונגע פערלאָרען.

צו שטילען דיעזע קראנקהייט ווערט געוועהנליך געברויכט כינין. אָבער וואו האָבען דיא קאָלאָניסטען געקענט נעהמען דיעזען מעדיציינישען מאטעריאל? ספּילעט האָט אָבער געוואוסט אז דיא רינדע (קאָרע) פון א ווייִדע (ווערבא) האָט בייגאהע דיא זעלבע אייגענשאפט וואָס כינין, און ווייִדען בוימער זיינען געוואקסען ביים ברעג פון לייק און ער האָט בעשלאָסען צו פּרובירען דיעזען מיטעל.

ביי מעגליכע אומשטענדען האָט מען פון דיא קאָרע געדארפט ארויסציהען דעם עסענץ און דאָס געברויכען אלס הייל־מיטעל; אָבער אזוי וויא זיי האָבען ניט געהאט דיא נויטיגע אינסטרומענטען און מאטעריאלען דערצו, האָבען ספּי־לעט און הארדינג בעשלאָסען צו געברויכען עס אין דער נאטירליכער פאָרמע.

סיירוס הארדינג אליין איז ארונטערגעגאנגען און האָט אָבגעשניטען איי־ניגע שטיקלעך רינדע פון א ווייִדען בוים און ער האָט עס געבראכט אין גרא־ניט הויז. ספּילעט האָט עס צוריבען גאנץ דין און ער האָט אביסעל דערפון איינגעגעבען דעם קראנקען.

דיא נאכט איז פאָראיבער און קיין וויכטיגע ענדערונג איז אויף'ן קראנקען ניט געזעהן געוואָרען, אָבוואָהל דער פיבער איז פון איהם אוועק און האָט זיך צוריק ניט אומגעקעהרט מאָרגען דעם גאנצען טאָג.

ספּילעט האָט גאָר ניט געזאָגט וועגען הערבערט'ס צושטאנד. מעגליך אז דער פיבער אָדער דיא קדחת איז ביי איהם ניט קיין טעגליכע, זאָנדערן א טאָג איבער א טאָג און עס קען זיך אומקעהרען מאָרגען. דער רעפּאָרטער האָט דארום

אונגעדולדיג געוואַרט אויף א טאָג שפּעטער, אום צו וויסען, אויב דיעזע קראַנק־הייט איז פון יונגען הערבערט אוועק.

אָבער שפּעטער האָט ספּילעט אויף דעם קראַנקען בעמערקט צייכענס, אז זיין לעבער איז אָנגעגריפען. ער האָט אויך דייטליכער בעמערקט אַן אנגריף אויף זיינע געהירן, וואָס פעראורזאַכט געוועהנליך וואהנזין (משוגעת), און ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. ער האָט אָבגערופען דעם אינזשיניר אַן א זייט און ער האָט צו איהם געזאָגט:

— אונזער הערבערט איז אין א געפעהרליכען צושטאַנד. אויב דער פיבער וועט זיך צו איהם אומקעהרען נאָך א פּאָר מאָל איז ער פערלאָרען.

— און דיא מעדיצין וואָס מיר האָבען פאר איהם געמאַכט? — האָט האַר־דינג געפרעגט.

— דיא ווייַדען רינדע איז ווייניג צו שטילען אזא פיבער — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — דערצו מוז מען האָבען כינין.

צום גליק האָט פּענקראָפט דיעזען געשפּרעך ניט געהערט, זאָנסט וואָלט ער פיליייכט משוגע געוואָרען פון ערגערניס.

און ספּילעט'ס מורא איז ניט געוועזען אומזיסט. אויף מאָרגען ארום מיטאָג־צייט האָט הערבערט ווידער בעקומען אַן אטאַקע פון פיבער און זיין צושטאַנד איז געוואָרען זעהר קריטיש. דער קראַנקער אליין האָט געפיהלט, אז דיא טעג פון זיין לעבען ענדיגען זיך. ער האָט אויסגעצויגען זיין ארם געגען סיירוס הארדינג, נאכהער געגען ספּילעט און געגען פּענקראָפט, אזוי וויא ער זאָל זיך זעגנען מיט זיי. דער אונגליקליכער האָט זיך ניט געוואָלט שיידען פון זיינע קאָמפּאַניאָנען, פון זיינע פריינד און זיינע שרעקליכע בליקען האָבען אויסגע־דריקט דיא ווערטער: "איך בין נאָך צו יונג צו שטאַרבען! איך וויל נאָך זיין מיט אייך!"

דיא סצענע איז געוועזען א שוידערהאַפטע. פּענקראָפט האָט זיך פונאנדער־געוויינט אויף'ן קול און הארדינג און ספּילעט זיינען געצוואונגען געוועזען ארויס־צושיקען איהם פון צימער.

דיעזע אטאַקע האָט אויך אָנגעהאַלטען פינף שטונדען. דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער האָבען ווייניג געהאָפט אז דער אונגליקליכער וועט נאָך קענען איבערטראָגען א דריטען אָנפאַל פון אזא שווערען פיבער.

ביי נאַכט איז הערבערט'ס צושטאַנד נאָך שרעקליכער געוואָרען. ער האָט גערעדט פון היטץ געמישטע ווערטער און פראזען און זיינע קאָמפּאַניאָנען, וואָס זיינען ניט אָבגעטראָטען פון זיין בעט, האָבען געשוידערט הערענדיג. נאכהער איז דער אונגליקליכער שטיל און רוהיג געוואָרען. ער איז פערזונקען אזוי וויא אין א לעטארגישען שלאָף און איינינע מאָל האָט גידעאָן ספּילעט געמיינט אז ער איז שוין טויט.

אויף מאָרגען, דעם אכטען דעצעמבער האָט מען דעם קראנקען ווידער איינגעגעבען א ביסעל פון דיא צוריבענע קאָרע, אָבער ספּילעט האָט דערויף וועניג האָפנונגען געלעגט און ער האָט געזאָגט, אז אויב מען וועט ביז מאָרגען ניט שאפען א שטארקערען געגענמיטעל געגען דעם פיבער, וועט הערבערט זיין טויט.

דיא נאכט איז אָנגעקומען — דיא לעצטע נאכט פון הערבערט׳ס לעבען, וויא זיינע פריינד האָבען גערעכנט. זיי האָבען קיינע אויסזיכטען געהאט צו קענען איהם רעטען, סיידען זיי וועלען קריגען דיא נויטיגע מעדיצינישע הילף פאר איהם, אָבער אויף א נאטירליכען אופן האָט עס ניט געקענט געשעהן, סיידען דורך אן אויסערגעוועהנליכען צופאל, דורך א נס, און אויף נסים קען מען זיך ניט פערלאָזען. דורך דער נאכט האָט דער קראנקער ווידער איינינע מאָל גערעדט פון היץ און ער איז געווען אין אזא צושטאנד, אז ער האָט קיינעם פון דיא קאָלאָניסטען ניט דערקענט.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא דיא קאָלאָניסטען איז געווען אויף דיא הערצער. זיי האָבען געבראָכען דיא הענד, געוויינט אין דער שטיל און זיי זיינען געווען אזוי פערביטערט און פערטרויערט, אז זיי האָבען ניט געוואוסט וואו זיי זיינען אין דער וועלט.

ארום דריי אוהר בעגינען האָט הערבערט פּלוצלונג א שרעקליכען געשריי געטהאָן. עס האָט אויסגעזעהן אז ער פאַלט אריין אין קאָנוואולסיען. נעב, וועלכער איז געזעסען נעבען איהם, האָט זיך זעהר דערשראָקען און ער איז אריינ־געלאָפען אין צווייטען צימער, וואו הארדינג, ספּילעט און פענקראָפט האָבען פון ווייטענס אכטונג געגעבען אויף׳ן קראנקען, וועמעס טויט זיי האָבען ערוואר־טעט יעדע ווייל.

אין יענעם מאָמענט האָט טאָפּ אָנגעהויבען בילען אויף א זאָנדערבארען ארט.

זיי זיינען אלע באלד אריינגעלאָפען צו הערבערט, וועלכער האָט זיך שיער ארונטערגעוואָרפען פון זיין בעט. ספּילעט האָט איהם אָבגעהאלטען. ער האָט אָנגענומען זיין פּולס, וועלכער האָט געקלאפּט זעהר שנעל און ער האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ מיט פערצווייפלונג.

עס איז געוואָרען פינף אוהר אין דער פריה. דיא זונן האָט זיך שוין אביסעל אויפגעהויבען און געוואָרפען איהרע שטראהלען דורך דיא פענסטער פון גראניט הויז. עס האָט אויסגעזעהן, אז עס וועט זיין א פיינער טאָג, און דיעזער טאָג וועט פאר׳ן יונגען הערבערט זיין דער לעצטער.

א זוננען שטראהל איז געפאלען אויף א טישעל וואָס איז געשטאנען נעבען הערבערט׳ס בעט.

פלוצלונג האָט פענקראָפט אויסגעשריען מיט א זאָנדערבארע שטימע און האָט אָנגעצייגט אויף'ן טישעל.

דאָרט איז געלעגען א קעסטעלע אויף וועלכע עס איז געווען אן אויפשריפט: "Sulphate of quinine" (כינין זויער־זאלץ).

## 11טעם קאפיטעל.

אן אונערקלערליכע געהיימניס. — הערבערט ווערט געזונד. — פאָרבערייטונגען צו דער עקספעדיציאָן. — צוויי טעג אין וועג. — שפורען צו דיא פיראטען. — טריט פון פינף פערזאָן.

---

גידעאָן ספילעט האָט גענומען דאָס קעסטעלע און זיא געעפענט. זיא האָט ענטהאלטען נאָהענט פון צוויי הונדערט גראן ווייסע פולווער. ער האָט עטוואָס דערפון גענומען צו זיינע ליפען. ער האָט באלד דערפיהלט דיא שטארקע ביטער־קייט און ער האָט זיך איבערצייגט אז דאָס איז כינין עקסטראקט, דיא ריכטיגע מעדיצין וואָס קען רעטען הערבערט'ס לעבען.

דיעזע מעדיצין האָט מען זאָפאָרט געדארפט איינגעבען דעם קראנקען. דיא פראגע וויא אזוי דאָס איז געקומען אהין, ווער עס האָט דאָס געבראכט, וועט מען דיסקוטירען שפעטער.

ספילעט האָט געהייסען מען זאָל ברייגגען אביסעל קאפע.

אין איינינע מאָמענטען ארום האָט נעב געבראכט ווארימע קאפע. ספילעט האָט אין דעם אריינגעשאָטען אומגעפעהר אכצעהן גראן כינין און ער מיט דיא הילף פון הארדינג און פענקראָפט האָבען עס איינגעגעבען דעם קראנקען.

דאָס איז נאָך געטהאָן געוואָרען אין א גינסטיגע צייט, ווייל דיא דריטע אטאקע פון טויטליכען פיבער איז נאָך ניט געקומען. ווען דיא קראנקהייט זאָל איהם בעפאלען צום דריטען מאָל וואָלט שוין פילייכט געווען צו שפעט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אלזאָ געקענט האָפען, אז זייער ליעבער הערבערט איז גערעטעט. זיי האָבען אויך געקענט האָפען אז זיי וועלען שוין זיין געזיכערט פון דיא פערבליבענע פיראטען, זאָבאלד זייער געהיימניספאָלער וואָהלטהעטער און בעשיצער איז מיט זיי און ער איז זיי ערשט געקומען צו הילף אין אזא קריטישען מאָמענט.

אין איינינע שטונדען ארום איז הערבערט געוואָרען פיעל רוהיגער. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאן צייט געהאט צו דענקען וועגען דעם זאָנדערבארען פאָרפאל מיט דיא מעדיצין, וואָס איז זיי אזוי וויא פון הימעל אראָבגעפאלען.

זיי זיינען ערשט מעהר איבערצייגט געווען אז א געהיימע פערזענליכקייט שטעהט אויף דער וואך צו שיצען און צו העלפען זיי. אָבער וויא אזוי און דורך וואנען איז יענער אונבעמערקבארער אריינגעקומען און אוועקגעלעגט דאָס קעסטעלע? און וויעדער דיא זעלבע פראגע: ווארום זאָל זיך יענער בעהאלטען? וואָס האלט איהם אָב פון צייגען זיך פאר דיא וואָס ווילען איהם זעהן און אויסדריקען זייער הערצליכען דאנק צו איהם? דיעזע פראגען האָבען וויעדער אמאָל געעגבערט דיא מחות פון דיא קאָלאָניסטען און זיי האָבען דערויף קיין אנטוואָרט געפונען.

אין יענעם טאָג האָט מען הערבערט'ן אייננעגעבען דיא מעדיצין יעדע דריי שטונדען.

אויף מאָרגען האָט מען אויף'ן קראנקען געזעהן א היבשע ענדערונג. זיין צושטאנד האָט זיך איינינער מאסען פערבעסערט, אָבער פון געפאהר איז ער נאָך אלץ ניט ארויס, ווייל אונטערבראָכענע פיבער קען זיך צוריק אָברופען פריי-הער אָדער שפּעטער. דאָך האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאָפט, אז ווען זיי וועלען דעם קראנקען פּאָרזיכטיג און פּינקטליך בעהאנדלען וועט ער פערבלייבען זייערער.

זייער האָפנונג איז ניט געווען קיין פאלשע. מיט צעהן טעג שפּעטער, דעם 20טען דעצעמבער האָט מען דייטליך געזעהן, אז הערבערט ערהאָלט זיך זעהר גוט און אז זיין קראנקהייט איז פון איהם אוועק.

ער איז נאָך געווען שוואך און מען האָט געדארפט זיין פּאָרזיכטיג מיט דיא נאָהרונג און שפּייזען וואָס מען האָט איהם געגעבען. אָבער פאר דער קראנקהייט איז שוין ניט געווען וואָס צו שרעקען זיך.

הערבערט אליין האָט שטרענג אָבגעהיט אלעס וואָס ספּילעט און האָרדינג האָבען איהם געהייסען, ווייל ער האָט זעהר, זעהר געוואָלט געזונד ווערען וואָס שנעלער.

פּענקראָפט האָט זיך געפּיהלט גליקליך איבער גליקליך. ער איז געווען אזוי וויא א מאַן וואָס איז ארויסגעצויגען געוואָרען פון טיעפען אָבגרונד פון ים. ער האָט געשפּרונגען, געטאנצט און ער האָט געקושט דיא הענד פון "דאָקטאָר" ספּילעט דערפאר וואָס ער האָט זיין ליעבען הערבערט גערעטעט.

דער וואהרער דאָקטאָר אָבער, דער ריכטיגער רעטער פון הערבערט, דיא געהיימע פּערזאָן וואָס האָט געבראכט דיא מעדיצין, איז ניט געזעהן און ניט גע-הערט געוואָרען. פּענקראָפט האָט פיעלע מאָל וויעדערהאָלט דיא ווערטער: "מיר וועלען איהם געפינען! מיר וועלען איהם געפינען!"

עס איז זיכער, אז ווען יענע פּערזאָן זאָל זיך געווען בעוויזען, וואָלט איהם דער מאַטראָז אלע גליעדער אויסגעקושט.

דער מאָנאט דעצעמבער האָט זיך געענדיגט און מיט איהם אויך דער יאָהר 1867. הערבערט'ס צושטאנד איז פון טאָג צו טאָג פערבעסערט געוואָרען. זיינע

קאָמפּאַניאָנען האָבען איהם צוגעטראָגען מיט זיין בעטעל צו א פענסטער פון וואנען ער האָט געשעפּט פרישע לופט און ער האָט געקענט קוקען אויף גאָטעס וועלט. ער האָט קירצליך בעקומען אפּעטיט, אָבער אויף דעם רעפּאָרטער'ס א בעפעהל האָט איהם פענקראָפט סערווירט קליינע מאָהלצייטען. הערבערט האָט מאנכעס מאָל געהונגערט, אָבער ער האָט ניט איבערטראָטען דעם פערזאָג פון זיין דאָקטאָר.

אין פערלויף פון דער גאנצער צייט האָבען זיך דיא פּיראטען ניט בעוויזען אין דיא נאכבארשאפט פון גראניט הויז. פון פערשוואונדענעם איירטאָן האָבען דיא קאָלאָניסטען גאָר ניט געהערט. דער אינזשיניר און הערבערט האָבען געהאָפט, אז איירטאָן וועט מיט דער צייט געפונען ווערען. אָבער זייערע קאָמפּאניאָנען האָבען געגלויבט, אז זייער אונגליקליכער קאמעראד איז טויט. פעסט־שטעלען דיא זאך האָט קיינער ניט געקענט און דיא קאָלאָניסטען האָבען אָבגע־רעדט, אז זיי וועלען דעם פערשוואונדענעם זוכען, ווען זיי וועלען אונטערנעהמען דיא פון לאנג בעשטימטע עקספּעדיציאָן.

אָבער דערויף האָט מען נאָך געדארפט ווארטען וועניגסטענס א מאָנאט צייט, ביז הערבערט וועט פאָלשטענדיג געזונד ווערען און ער וועט זיך אויך קענען בעטהייליגען אין דער עקספּעדיציאָן און אָנפיהרען א קאמפּף געגען דיא פּיראטען.

דורך דעם מאָנאט יאנואר האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאט צו טהאָן וויכטיגע ארבייט אויף פּראָספּעקט האיטס. זיי האָבען הויפּטזעכליך געוואָלט רעטען פיעל מעגליך דיא תבואה, גרינס און אנדערע וואקסונגען וואָס דיא פּיראטען האָבען צוטראָטען און צוטראמפּעלט און מאכען גרייט דיא פעלדער צום זעען פאר'ן קומענדען האלב יאָהר. מיט דער ארבייט פון איבערבויען דיא וואנט פון געפליגעל־הויף און דיא שטאהלען, וואָס דיא באנדיטען האָבען פערברענט און רואינירט, האָט סיירוס הארדינג געראטהען, מען זאָל ווארטען. זאָלאנג דיא פּיראטען געפינען זיך נאָך אויף'ן אינזעל, האָט דער אינזשיניר ערקלערט, איז דאָס איבערבויען דיא רואינען אן איבעריגע ארבייט, ווייל ווער ווייסט, אויב זיי מאכען ניט מאָרגען־איבערמאָרגען ווידער אן איבערפאַל אויף פּראָספּעקט האיטס און צושטערען און פערניכטען אלעס נאָך אמאָל? זיין ראטה איז דארום געווען, אז צום בויען וועלען זיי זיך נעהמען דאמאָלס, ווען זיי וועלען האָבען דיא פּיראטען אויסגעראָטען.

דער יונגער קראנקער האָט אין דער צווייטער וואָך פון יאנואר ביסלעכווייז אָנגעהויבען ארונטערגעהן פון בעט, פריהער אויף א שטונדע, דאן אויף צוויי און נאכהער אויף דריי שטונדען. ער האָט בעקומען פרישע קרעפטען, פרישע ענערגיע און פרישען מוטה. ער איז דאמאָלס אלט געוואָרען אכטצעהן יאָהר. ער איז געווען הויך און מען האָט געקענט זעהן, אז ער וועט אויסוואקסען א

פעסטנגעבויטער מאַן. ווען הערבערט האָט שוין ביסלעכווייז אומגעשפּאַצירט אין גראַניט הויז, האָט ער אויך אויסגעפאָלגט דיא אָרדערס וואָס דאָקטאָר ספּילעט האָט איהם געגעבען און ער האָט דאָס מינדעסטע ניט געשטעלט אויף זיך אליין. צו ענדע מאָנאַט האָט שוין דער געוועזענער געפעהרליכער קראַנקער אומגעשפּאַצירט אויף פּראָספּעקט האייטס און ביים ברעג פון מעער.

הערבערט האָט זיך איינינגע מאָל געבאָדען אין מעער צוזאַמען מיט פּענקראָפט און נעב און דאָס האָט איהם פיעל גוטעס געטהאָן. סיירוס האַרדינג האָט דאַן בעשטימט, אז דעם פופצעהנטען פעברואַר זאָלען זיי אָנפאַנגען זייער פאָרשונגס עקספּעדיציאָן אויף'ן אינזעל. דיא נעכט זיינען אין יענעם טהייל פון יאָהר שעהנע און ליכטיגע און דיא צייט איז זעהר גינסטיג צו פאָרשען און זוכען דיא פּיראַטען, זייער קאַמעראַד איירטאָן און דיא געהיימניסע פון אינזעל.

דיא נויטיגע פאָרבערייטונגען פאַר דער עקספּעדיציאָן האָבען אָנגעהויבען געמאַכט ווערען. זיי האָבען זיך געדאַרפט צוגרייטען צו זיין אין וועג א לענגערע צייט, ווייל זיי האָבען געשוואָרען, אז זיי וועלען זיך ניט צוריקקעהרען ביז זיי וועלען האָבען דערגרייכט זייער דרייפאַכען צוועק: אויפזוכען איירטאָן'ען, אויב ער לעבט, אויסראָטען דיא פערבליבענע פּיראַטען און געפינען זייער געהיימניספאָלען וואָהלטהעטער און רעטער.

דיא קאָלאָניסטען האָבען שוין איינינגע געגענדען פון אינזעל געהאַט גענוי אויסגעפאָרשט פון פריהער. זיי האָבען יעצט בעשלאָסען אָנצופאַנגען זייער עקספּעדיציאָן אין א געגענד אין פאַר וועסט, וואָס זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט בעזוכט.

זיי האָבען פריהער געהאַט געדענקט צו געהן צו ערשט צו דיא פיה־שטאַהלען, וואו מען האָט געקענט גלויבען, אז דיא באַנדיטען געפינען זיך; אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך איבערגעלעגט און זיי האָבען אויסגעפונען, אז דאָס איז ניט אזא נויטווענדיגקייט, ווייל אויב דיא פּיראַטען האָבען דאָרט צושטערט און רואינירט אלעס וויא זיי האָבען געטהאָן אויף פּראָספּעקט האייטס, איז דאָך שוין פערפאַלען; אויב וויעדער זיי האָבען זיך דאָרט בעזעצט און געמאַכט זייער היים, וועט מען זיי דאָרט געפינען צו יעדער צייט און מען וועט קענען אָנפיהרען מיט זיי א קאַמפּף.

זיי האָבען געפונען פאַר נויטיג דורכצושניידען א נייעם וועג פון גראַניט הויז ביז דיא ענדע פון אינזעל, א שטרעקע פון זעכצעהן ביז זיעבצעהן מייל. זיי האָבען דאַרום געדאַרפט מיטנעהמען העק, אום ריין צו מאַכען דעם וועג פון בוימלעך און דערנער.

דער וואָגען וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאַט איז געווען אין גוטען צושטאַנד. דיא אָנאַגאַס זיינען געווען גוט אויסגערוהט. עסענוואַרג האָבען דיא

קאָלאָניסטען געהאט גענוג. א קליין איווועלע צו קאָכען אויף'ן וועג האָבען זיי אויך געהאט און זיי האָבען געקענט אונטערנעהמען א רייזע אויף א לאנגע צייט.

אלעם וואָס זיי האָבען נעדארפט אין וועג האָבען דיא קאָלאָניסטען ארייג־געפאקט אין וואָגען. זיי האָבען אויך מיטגענומען וואפען פון דיא בעסטע וואָס זיי האָבען געהאט און זיי זיינען געווען גרייט צו דער רייזע.

זיי האָבען אויך בעשלאָסען מיטצונעהמען דזשופּ, וועלכער קען זיי אָפט־מאָל זעהר פיעל צוניץ קומען. אין גראניט הויז האָבען זיי ניט געדארפט קיין וועכטער, ווייל הארדינג האָט אויסגעארבייט א פּלאן, אז קיין זייטיגער מענש זאָל אהין ניט קענען צוקומען. דיא קאָלאָניסטען האָבען אויך אָבגערעדט, אז זיי זאָלען זיין אלע צוזאמען און זיי זאָלען זיך ניט שיידען איינע פון דיא אנדערע, ווייל טאָמער וועלען זיי אין וואלד בעפאלען פון דיא פּיראטען, וועלען זיי זיך אלע צוזאמען קענען פערטהיידיגען.

דעם פיערצעהנטען פעברואר, וואָס איז אויסגעפאלען אין א זאָנטאג, זיינען דיא קאָלאָניסטען געווען פערטיג אָבצופאָהרען מאָרגען. יענעם פריהמאָרגען האָבען זיי פערבראכט אין גאָטעס דיענסט און זיי האָבען תפלה געטהאָן צום אלמעכטיגען, אז ער זאָל בעגליקען זייער וועג און זיי זאָלען ערגרייכען דעם צוועק פון זייער אונטערנעהמונג. פאר'ן יונגען הערבערט האָבען זיי געמאכט א פּלאץ אין וואָגען, ווייל ער איז נאָך אביסעל שוואך געווען נאָך זיין לאנגע, נעפעהרליכע קראנקהייט און זיי האָבען איהם ניט געוואָלט לאָזען געהן צופוס און אָנשטרענגען זיך.

אויף מאָרגען, באלד וויא עס איז טאָג געוואָרען, האָט סיירוס הארדינג צו ערשט בעוואָרענט, אז ביי זייער אָבוועזענהייט זאָל קיינער ניט קענען קומען אין גראניט הויז. דיא שטריק־לייטער, וועלכע דיא קאָלאָניסטען פלעגען אמאָל בענוצען ארויפצוקומען און ארונטערצוגעהן אין און פון גראניט הויז, האָט ער בעגראָבען טיעף אין זאמד אין דיא "טשימנים", אום ער און זיינע קאָמפּאניאָנען זאָלען האָבען דיא מעגליכקייט צו קומען אין זיין וואָהנונג ווען זיי וועלען צוריק קומען פון וועג. דיא הויב־מאשין האָבען דיא קאָלאָניסטען פונאנדערגענומען אויף שטיקער און זיי האָבען זיי איבערגעלאָזט אין גראניט הויז. פּענקראָפט איז געווען דער לעצטער ארונטערצוקומען פון הויז. ער האָט זיך ארונטערגע־לאָזט אויף א שטריק נאָכדעם וויא דיא הויב־מאשין איז שוין געווען פונאנ־דערגענומען.

**עס איז געווען שעהנעס וועטער און עס האָט געציינט אויף א ווארימען טאָג.**

**ווען אלע קאָלאָניסטען און דזשופּ און טאָפּ זיינען שוין געווען אונטען, האָט דער אינזשיניר א קאָמאנדעווע געטהאָן: "פאָרווערטס!"**

**זיי זיינען אלע צוגעגאנגען צום געשפּאנטען וואָגען וואָס איז געשטאנען**

ביי דיא "טשימניס". דער רעפּאָרטער האָט געהייסען הערבערט'ן אריינזעצען זיך אין וואָגען, וועניגסטענס פאר דיא ערשטע שטונדען פון דער רייזע. הער־בערבערט האָט געטהאָן אזוי וויא זיין דאָקטאָר האָט איהם געהייסען.

דער ניגער האָט אָנגענומען דיא שטעלע אלס אָנטרייבער און הארדינג, ספּילעט און פּענקראָפט האָבען זיך אויסגעשטעלט פאראויס פאר'ן וואָגען. דזשופּ האָט זיך אריינגעכאפּט אין וואָגען אויף הערבערט'ס פערלאנג און טאפּ איז אוועקגעלאָפען פאָראויס.

אויף הארדינג'ס בעפעהל האָט נעב א טרייב געטהאָן דיא אָנאגאס און דיא עקספּעדיציאָן איז אוועק איהר וועג צו דיא וועלדער פון פאר וועסט.

דיא ערשטע צוויי מייל פון זייער רייזע איז דער וועג געווען ניט זעהר פיעל שלעכט. דער וואָגען האָט זיך געשלעפּט לאנגזאם צווישען דיא בוימער און בלויז וואו ניט וואו האָבען דיא רייזענדע געדארפט אויסהאקען בוימלעך און דערנער וואָס האָבען דעם וואָגען אָבגעהאלטען; ווייטער אָבער איז דער וועג געוואָרען פיעל ערגער און עס איז געווען כמעט אונמעגליך צו פאָהרען.

דיא בוימער זיינען געשטאנען געדיכט איינע נעבען דיא אנדערע דורכאויס אזוי ווייט וויא מען האָט געקענט בליקען מיט דיא אויגען. פערשיעדענע פויגלען זיינען דאָרט אומגעפלויגען און פערשיעדענע טהיערע זיינען דאָרט אומגעלאָפען. דיא רייזענדע האָבען בעמערקט, אז אי דיא געפליגעלטע בעשעפּניסע, אי דיא פיער־פיסיגע טהיערע זיינען פיעל היימישער און פיעל מעהר צוגעוואָהנט צו מנשען וויא דיא ערשטע צייטען ווען דיא קאָלאָניסטען זיינען נור וואָס אָנגעקו־מען אויף'ן אינזעל.

— איך זעה — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — אז דיא פויגעל און דיא טהיערע דאָ זיינען צוגעוואָהנט צו מענשען. איך שליס דערפון, אז דיעזער וואלד איז בעזוכט געוואָרען פון דיא פּיראטען און איך גלויב אז מיר וועלען דאָ געפינען שפּורען צו זיי.

און פאקטיש איז טאקי אזוי געווען. זיי האָבען נאכהער אין אייניגע פּלע־צער בעמערקט שפּורען פון מענשען. מאנכע צווייגען פון בוימער זיינען געוועזן אָבגעבראָכען. דיא פּיראטען האָבען עס פּיליייכט געטהאָן אום צו בעצייכענען דעם וועג. אין אנדערע ערטער האָבען דיא קאָלאָניסטען געפונען אש און שטיקלעך צוברענטע העלץ און אויך טריט פון מענשען. זיי האָבען אָבער קיין שפּור ענטדעקט צו אירגענד וועלכער לאגער.

דער אינזשיניר האָט געראטהען זיינע קאָמפּאניאָנען אז זיי זאָלען זיך צו־ריקהאלטען פון יאגד, אז זיי זאָלען ניט שיסען, ווייל דאָס וועט ציהען דיא אויפמערקזאמקייט פון דיא באנדיטען וואָס געפינען זיך פּיליייכט ערגיץ אין וואלד און זיי וועלען נאָך מאכען א פּלוצלונגען איבערפאל אויף דער קאָמפּאניע פאָרשער.

שפּעטער, ווען דיא קאָלאָניסטען זיינען שוין געהאט אָבגעגאַנגען אומגע־פעהר זעקס מייל פון גראַניט הויז זיינען זיי געקומען אין אזא געדיכטען טהייל פון וואלד, אז עס איז אונמעגליך געווען דורכצופיהרען דעם וואָגען און זיי האָבען געמוזט אויסהאקען בוימער אום צו מאכען א וועג. טאפּ און דזשופּ זיינען געלאָפען פאָראויס, אָבער זיי האָבען צום גליק ניט געגעבען קיינע ציי־כענס פון געפאהר און דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געהאט וואָס צו שרעקען זיך, ניט פאר דיא פּיראַטען און ניט פאר געפעהרליכע טהיערע. ביז נאכט האָבען זיי דורכגעמאכט נאך דריי מייל און זיי זיינען פערבליבען נעכטיגען ביים ברעג פון א שמאָלען וואסער שטראָם, פון וועלכען זיי האָבען ביז דאַן ניט געוואוסט. דאָרט האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל געגעסען אבענד ברויט. זיי זיינען געווען שטארק אויסגעהונגערט און האָבען געהאט א גוטען אפּעטיט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען פריהער גערענקט אויפצולעגען א פייער נעבען זייער לאגער, אום צו זיין בעשיצט פון יאגוארען און אנדערע טהיערע, וועלכע האָבען מורא פאר פייער; אָבער סיירוס הארדינג האָט ערקלערט, אז א פייער קען ציהען דיא אויפמערקזאמקייט פון דער מערדער באנדע און עס איז גלייכער און זיכערער צו נעכטיגען אין דער פינסטער.

הארדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען ניט געמיינט צו בעהאַלטען זיך שטענדיג פון דיא פּיראַטען; אין געגענטהייל, זיי האָבען געוואָלט אָנפיהרען א קאמפּף געגען זיי; אָבער ניט אויף אזא ארט, אז דיא פּיראַטען זאָלען אויף זיי אָנפאלען אין א געדיכטען וואלד, ווייל אין אזא פאל איז שווער צו פערטהיידיגען זיך. זיי האָבען זייער מלחמה דארום אָבגעלעגט ביז א געלעגענהייט ווען זיי, דיא קאָלאָניסטען, וועלען קענען מאכען אן איבערפאל אויף דיא באנדיטען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אָבגעמאכט צווישען זיך, אז צוויי פון זיי זאָלען זיין אויף דער וואך און דיא אנדערע זאָלען שלאָפען. דיא וואך זאָל זיך בייטען אלע צוויי שטונדען, אום יעדער פון זיי זאָל האָבען א געלעגענהייט זיך אויסצור־רוהען. הערבערט, וועלכער איז נאך געווען אביסעל שוואך, איז געווען אויסגע־שלאָסען פון בעוואכען דעם לאגער און עס איז בעשטימט געוואָרען, אז פּענקראָפט און ספּילעט זאָלען זיך בייטען מיט דער וואך מיט הארדינג און נעב.

דיא נאכט איז דאָרט אין יענע צייט פון יאָהר זעהר א קורצע, בלויז איי־ניגע שטונדען; אָבער דיא פינסטערניס האָט אָנגעהאַלטען פיעל מעהר צוליעב דיא נעדיכטקייט פון וואלד וואָס האָט פערשטעלט דיא ליכט פון דער זונן. דיא שטילקייט פון דער נאכט איז געשטערט געוואָרען דורך דיא געשרייען און קוויטשערייען פון יאגוארען און אפען. הערר דזשופּ איז שטארק אויפגערייצט געוואָרען הערענדיג דיא שטימען פון זיינע ברידער און שוועסטער. דיא נאכט איז פאָראיבער אָהן קיינע בעזאָנדערע פאָרפעלע.

אויף מאָרגען האָבען דיא קאָלאָניסטען פאָרטגעזעצט זייער רייזע. אין

פערלויף פון גאנצען טאָג האָבען זיי מעהר וויא זעקס מייל ניט געקענט דורכ־מאַכען, ווייל דער וועג איז געוועזען אונגעהייער שווער און שלעכט. יעדע מינוט האָבען זיי זיך געדאַרפט נעהמען צו זייערע העק און אויסהאַקען ביימער, וועלכע האָבען זיי פערשטעלט דעם וועג.

אין יענעם טאָג האָט הערבערט ענטדעקט ביימער און פלאַנצונגען, וועלכע דיא קאָלאָניסטען האָבען פריהער ניט בעגעגענט אויף׳ן לינקאָלן אינזעל. ער האָט דאָרט געפונען א סאָרט ביים, וואָס זיינע בלעטער זיינען אויפגעהויבען ארויף און זיי זעהען אויס אזוי וויא א פאָנטאַן וואָס שפּריצט וואסער גאנץ הויך. ער האָט דאָרט אויך געפונען א סאָרט גרינס וואָס איז הונדערט פוס הויך.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אין יענע געגענד געזעהן זאָנדערבארע פויגלען. דיא זאָנדערבארסטע פון אלע איז געוועזען א פויגעל וואָס ווערט גערופען "עמו", ער איז פינף פוס הויך, מיט ברוינע פעדערען און בעלאַנגט צו דער שטראַנד־לויפער פאמיליע. טאפּ האָט אזא פויגעל נאָכגעיאָגט, אָבער וויא שנעל ער איז געלאָפען מיט זיינע פיער פיס האָט ער דיא צוויי־פיסיגע בריאה ניט געקענט איבעריאָגען.

זיי האָבען אויך ענטדעקט איינציגע נייע שפּורען פון דיא פיראטען. זיי האָ־בען געפונען מענשליכע טריט און אויף איין פּלאַץ האָבען זיי געפונען צייכענס פון א פייער וואָס איז ניט לאנג אויסגעלאָשען געוואָרען. וויא עס האָט אויס־געזעהן האָבען דיא באנדיטען אין יענעם פּלאַץ געהאט זייער לאגער. דיא קאָ־לאָניסטען האָבען דאָרט געמאכט א שטרענגע אונטערזוכונג. זיי האָבען, נעמליך, געוואָלט אויסגעפינען וויפיעל פּערזאָן האָבען יענע געגענד בעזוכט, אום צו איבערצייגען זיך אויב איירטאָן איז אויך מיט דיא פיראטען; אָבער זיי האָבען בלויז געפונען טריט פון פינף פּערזאָן, וואהרשיינליך פון דיא פינף פערבליבענע פיראטען, אָבער איירטאָן איז ניט אין זייער קאָמפּאַניע.

— איירטאָן איז מיט זיי ניט געוועזען! — האָט הערבערט אויסגעשריען.

— עס זעהט אויס אז ניט! — האָט פּענקראָפט געענטפערט — און דאָס וואָס ער איז ניט געוועזען מיט זיי, נעהם איך אָן פאר א שלעכטען סימן, אז דיא באנדיטען האָבען איהם שוין ערמאָרדעט. אָבער האָט דיא מערדער באנדע דאָ ניט א הייהל אָדער א נאָרע וואו זיי ליגען בעהאַלטען אזוי וויא טיי־גערס?

— ניין — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — איך בין מעהר גענייגט צו גלויבען, אז זיי זיינען אהער געקומען צופעליג, ווייל זיי דענקען צו ווערען דיא בעזיצער פון אונזער אינזעל און געהענדיג בעקוקען זייער צוקינפטיגע אייגענטהום, זיינען זיי גראדע געקומען אין דיעזע געגענד, אָבער זיי וואָהנען ניט דאָ.

— זייער אייגענטהום! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — זיי וועלען

זיין דיא בעזיצער פון אונזער אינזעל? ניט דערלעבען וועלען זיי דאָס, דיא באנדיטען, דיא שופטען! ווייסט איהר מיט וואָס פאר א קויל איך האָב אָנ־געלאָדען מיין ביקס? מיט דער זעלבער קויל וואָס איז דורכגעלאָפען הער־בערט'ס קערפּער. אָט מיט דער זעלבער קויל מוז איך איינעם פון זיי דערשיסען!

אָבער פון אזעלכע בעריהמערייען האָט מען ניט געקענט האָפען אז איירטאָן וועט לעבעדיג ווערען. דער פאקט וואָס עס זיינען ענטדעקט געוואָרען טריט פון פינף פערזאָן און ניט פון זעקס איז געווען גענוג איבערצייגונג, אז איירטאָן איז טויט און עס איז ניטאָ וואָס צו האָפען צו זעהן איהם נאָך א לעבעדיגען.

אויף מאָרגען זיינען דיא רייזענדע געקומען צום ברעג פון לינקאָלן אינזעל. עס הייסט, אז זיי האָבען געהאט דורכגעשפּאצירט דיא גאנצע לענג פון אינזעל דורך א געדיכטען וואלד. אָבער זיי האָבען קיין צוועק דערגרייכט. ניט זיי האָבען געפונען דעם לאגער פון דיא פּיראטען, ניט זייער קאמעראד איירטאָן און ניט דיא געהיימניספאָלע פערזאָן, וואָס האָט זיי אזוי פיעל גוטעס געטהאָן.

## 12טעם קאפּיטעל.

אויסגעפּאָרשט דעם ברעג פון וואַלד. — ספּילעט און פּענקראָפט ביי דיא שטאהלען. — א פערשפּארטער טהויער. — אלע פינף צו דיא שטאהלען. — איירטאָן געפונען. — דיא טויטע קערפּער פון דיא פּיראטען.

---

אויף מאָרגען, דעם 18טען פעברואר, האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען אָבגעגע־בען מיט אויספּאָרשען דעם גאנצען ברעג פון יענעם געדיכטען וואלד, וואָס האָט פערנומען פון רעפּטיל ענד ביז פאָלס ריווער (בעצייכענטע פּלעצער אויף'ן לינ־קאָלן אינזעל). דאָס לאנד איז אין יענעם פּונקט געווען שמאָל, בלויז פיער מייל האָט ער פערנומען פון איין זייט וואסער צום צווייטען און עס האָט ניט גע־דארפט פערנעהמען פיעל צייט אויסצופּאָרשען דעם ברעג גרינדליך. דיא ערד איז דאָרט געווען זעהר פרוכטבאר. דיא בוימער און פלאנצונגען, וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרט געזעהן, זיינען געווען שטומע עדות, אז דער באָדען איז דאָרט זעהר פעט און גוט. זיי האָבען נאָך ביז דאן אזא גוטע שטיקעל לאנד ניט בעגעגענט. עס איז זיי כמעט אונגלויבליך געווען אז זיי געפינען זיך אויף דעם זעלבען אינזעל, אויף וועלכען זיי האָבען שוין פערבראכט באלד דריי יאָהר.

אונטער אנדערע אומשטענדען וואָלטען זיך דיא קאָלאָניסטען געפרעהט מיט דער נאטור'ס געשאנק וואָס זיי האָבען ענטדעקט. זיי האָבען אָבער געוואוסט, אז דער גאנצער אינזעל איז ערשט האלב ניט אין זייערע הענד. דיא פּיראטען

האָבען איהם פערכאפּט; באנדיטען, מערדער האָבען זיך אויף איהם בעזעצט, און דיא קאָלאָניסטען האָבען דארום קיין גרויסע אינטערעסע ניט גענומען אין דאָס שטיקעל לאנד, ווייל זייערע געדאנקען זיינען געוועזען פערנומען מיט זוכען מיטעל וויא אזוי אויסצוראָטען דיא מערדער באנדע ביז איינעם.

ביי יענעם ברעג איז קיין שפּור געפונען געוואָרען צו דיא פּיראטען. קיינע טריט, קיינע אָבגעבראָכענע צווייגען און קיין אש אָדער אנדערע צייכענס פון פייער.

— עס איז קיין וואונדער — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — דיא פּיראטען זיינען געגאנגען דורך׳ן וואלד און זיי האָבען געזוכט א שוץ אָרט צו בעזעצען זיך. עס איז זיי פילייכט אויסגעקומען א פּאָר אָדער מעהרערע מאָל צו נעכטיגען אין וואלד און זיי האָבען דאָרט אויפגעלעגט פייער; אָבער וויא זיי זיינען געקומען אהער צום ברעג און זיי האָבען געזעהן, אז זיי קענען שוין ווייטער ניט געהן, האָבען זיי זיך אָבגעקעהרט צו זידען (דרום זייט) און זיי זיינען געגאנגען אזוי לאנג ביז זיי זיינען געקומען צו דיא פּיה־שטאהלען.

— וואו זיי זיינען פילייכט ערשט אויך! — האָט פּענקראָפט אונטערגעכאפּט.

— איך דענק ניט אזוי — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — ווייל דיא פּיראטען זיינען געווים מיט דער מיינונג אז מיר וועלען אהין קומען זוכען זיי און זיי בעהאלטען זיך אנדערשוואו. זיי קומען פילייכט אהין, אָבער זייער לאגער איז ניט דאָרט.

— איך מיין אויך אזוי — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — איך דענק אז זיי האָבען געמאכט זייער היים ביים בארג פרענקלין.

— אויב אזוי — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען — לאָמיר געהן גלייך אהין! מיר מוזען דיא באנדע אויסראָטען! מיר האָבען ביז איצט פערלאָרען צייט, אָבער מעהר דארפען מיר שוין קיין צייט פערלירען!

— ניין, מיין פריינד — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — איהר פערגעסט, פּענקראָפט, אז מיר בעצוועקען מיט אונזער יעצטיגע פאָרשונגס רייזע צוויי זאכען: אויסצוראָטען דיא לומפּיגע פערברעכער און אָבגעבען א דאנק דעם יעניגען וואָס האָט א הערצליכען דאנק פערדיענט. איך דענק אז דיא צווייטע קומט פריהער פון דיא ערשטע.

— איהר זיינט גאנץ גערעכט — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען — אָבער איך דענק אז מיר וועלען אונזער וואָהלטהעטער זאָ וויא זאָ ניט געפינען, אויב זיין וואונש וועט ניט זיין דערביי.

אין דיא ריכטיגקייט האָט פּענקראָפט אויסגעדריקט דיא מיינונג פון אלע קאָלאָניסטען. הארדינג אליין האָט אויך געגלויבט, אז זיי וועלען דעם געהיימניס־פאָלען ניט געפינען זאָלאנג ער אליין וועט ניט וועלען געפונען ווערען.

יענעם אבענד זיינען דיא רייזענדע מיט זייער וואָגען צוגעפאָהרען צום פאָלס ריווער און זיי האָבען דאָרט גענעכטיגט. הערבערט איז שוין געווען גע־זונד און שטארק אויף אַלע גליעדער אזוי וויא ער איז געווען פריהער איידער דיא ים־רויבער האָבען איהם געשאָסען. זייענדיג אונטער'ן פרייען הימעל אויף פרישע לופט האָט ער צוריק בעקומען זיינע קרעפטען און זיין פלאַץ איז שוין ניט מעהר געווען אויף'ן וואָגען, זאָנדערן ער איז געגאַנגען צופוס גלייך מיט זיינע קאָמפּאַניאָנען.

אויף מאָרגען, דעם 18טען פעברואר, זיינען דיא קאָלאָניסטען געגאַנגען ביים ברעג פון פאָלס ריווער. דאָרט האָבען זיי שוין געהאט אַן אויסגעטראָטענעם וועג, ווייל זיי זיינען שוין דאָרט אמאָל געגאַנגען. זיי זיינען געווען זעקס מייל ווייט פון בארג פרענקלין.

הארדינג האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהן, חרטה געהאט אויף זיין פאָריגען בעשלוס ניט צו האָבען אין זינען דיא פּיראַטען און צוערשט אויפזוכען דיא געהיימניספאָלע פּערזאָן. זיין אבזיכט איז ערשט געווען צו ציהען זיך צו דיא פיה־שטאהלען און אויב דיא באנדיטען זיינען דאָרט, זאָל ער און זיינע קאָמ־פּאַניאָנען זיי פערטרייבען; אויב ניט, זאָלען זיי גרינדליך אויספאָרשען דעם בארג פרענקלין.

ארום פינף אוהר פאר נאכט האָט זיך דער וואָגען אָבגעשטעלט אומגעפעהר זעקס הונדערט פוס ווייט פון דעם פּאַרקאַן פון דיא פיה־שטאהלען. אָבער ער איז געווען פערשטעלט פון בוימער און מען האָט איהם פון דיא שטאהלען ניט געקענט זעהן. אויף דער גאנצער וועג ביים ברעג טייך האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געפונען קיין שפור, אז יעמאנד זאָל דאָרט האָבען געגאַנגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען דאן געהאט דיא אויפגאבע אויסצוגעפינען, אויב דיא פּיראַטען האָבען זיך בעזעצט ביי דיא שטאהלען אָדער ניט. אָבער עס איז געווען צו ריזיקאַליש צו געהן אהין בייטאָג, פיליייכט קען מיט אַן אנדערען פון זיי פּאַסירען דאָס וואָס עס האָט מיט הערבערט'ן פּאַסירט מיט איינינע וואָ־כען צוריק. הארדינג האָט דארום בעשלאָסען אָבצוואַרטען ביז עס וועט ווערען גוט פינסטער און דאן וועלען זיי אָדער א טהייל פון זיי אהין געהן און ערפאָה־רען דיא זאַך אויף ריכטיג.

גידעאָן ספּילעט האָט שטארק לוסט געהאט צו בעזוכען דיא פיה־שטאהלען און ערפאהרען וואָס דאָרט געהט פאָר. פּענקראָפט, וועלכער איז אויך געווען העכסט אונגעדולדיג האָט איהם געוואָלט בעגלייטען. אָבער זיי האָבען געמוזט פאָלגען דעם אינזשיניר און וואַרטען ביז נאכט.

דריי שטונדען זיינען פאָראיבער. אין דרויסען איז געווען שטיל. קיין ווינד און קיין שאָרך איז ניט געהערט געוואָרען. ווען יעמאַנד זאָל געווען דורכ־געהן אין יענע נאכבארשאַפט, זאָגאר לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג, וואָלט מען זיינע

טריט געהערט. דיא קאָלאָניסטען זיינען אַלזאָ געווען זיכער, אַז קיין געפאהר שטעהט זיי ניט נאָהענט. אויסערדעם וואָלט זיי זייער טרייער הונד טאָפּ גע־לאָזט וויסען, ווען ער וואָלט עטוואָס דערשפּירט אין יענע נאכבארשאפט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען דאן געפונען א גינסטיגע צייט צו בעזוכען דיא שטאהלען און דער רעפּאָרטער און דער מאטראָז האָבען צוואוויסען געגעבען אַז זיי זיינען פערטיג צו געהן. סיירוס הארדינג האָט זיי געגעבען דיא ערלויבניס און ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען זיין העכסט פּאָרזיכטיג. זיי זאָלען בלויז ערפאהרען אויב דיא פּיראטען האָבען דאָרט זייער היים אָדער ניט.

ספּילעט און פּענקראָפט זיינען אוועקגעגאנגען.

עס איז געווען אַזוי פינסטער, אַז פאר איניגע טריט ווייט האָט מען קיין זאַך ניט געקענט זעהן און בעמערקען. דיא צוויי קאָלאָניסטען זיינען געגאנגען לאנגזאם און פּאָרזיכטיג א היבשע ביסעל ווייט איינע פון דיא אנדערע, אום דער געררויש פון זייערע טריט זאָל זיך ניט אַזוי פיעל הערען. און וויא בראוו און מוטהיג זיי זיינען געווען האָבען זיי שטארק מורא געהאַט, אַז דיא פּיראטען זאָלען זיי ניט דערשפּירען און ניט שיסען אויף זיי. אין פינף מינוטען ארום זיינען זיי געקומען צום ברעג וואלד. דאָרט האָבען זיי נאָך געדארפט דורכגעהן א שטיק פעלד ביז דעם צאם פון דיא שטאהלען.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט. אויף'ן פרייען פעלד איז ניט געווען אַזוי פינסטער וויא אין וואלד און לויט וויא זיי האָבען בעמערקט פון דער וויטענס איז דער טהויער פון פּארקאן געווען פערמאכט. דיא שטיקעל וועג, וואָס זיי האָבען נאָך געדארפט דורכמאכען, איז געווען דיא געפעהרליכסטע און עס האָט געפאָדערט מעהר פּאָרזיכטיגקייט. אָבער ספּילעט און פּענקראָפט זיינען ניט געווען אזעלכע וואָס זאָלען זיך צוריקציהען און זיי האָבען געוואוסט וויא אַזוי צו היטען זיך, וויא אַזוי צו זיין פּאָרזיכטיג.

אָבער דער אונגעדולדיגער פּענקראָפט האָט זיך דאָך ניט געקענט בעהער־שען און ער האָט אָנגעהויבען שטעלען טריט. ספּילעט האָט איהם אָבגעהאלטען און איהם אריינגעשושקעט אין אויער:

— אין איניגע מינוטען ארום וועט ווערען עכט פינסטער, דאן וועלען מיר אונזער שליחות גיכער קענען אויספיהרען.

דער מאטראָז האָט געוואַרט און ער האָט שטילערהייד געשאָלטען דיא פּיראטען.

אביסעל שפּעטער איז ווירקליך געוואָרען שטאָק פינסטער. דיא נאכט האָט פערשפּרייט איהרע שווארצע פליגעל איבער'ן גאנצען האָריזאָנט און מען האָט כמעט ניט געזעהן וואָס פאר דיא אויגען טהוט זיך. אצינד איז געווען דיא גינס־טיגע צייט צו געהן וויטער.

ווען ספּילעט און פּענקראָפט האָבען ביי דער פאָריגער דונקעלער שיין

בעקוקט דעם צאַם און דיא שטאַהלען פון ווייטענס, האָט זיי אויסגעזעהן אַז דאָרט איז קיינער ניטאָ. דאָך האָבען זיי העכסט פאָרזיכטיג פערפערטיגט זייערע ביקסען צום שיסען און זיי זיינען אויף דיא הענד און אויף דיא קניע שטילערהייד געקראָכען ווייטער ביז זיי זיינען צוגעקומען צום פאַרקאַן. קיין שאָרך איז דאָרט געהערט געוואָרען.

פענקראָפט האָט פרובירט עפענען דעם טהויער, וועלכען זיי האָבען געדע־כענט פאר פערשלאָסען, אָבער ער האָט זיך באלד ארומגעזעהן, אַז דער אויסער־ליכער ריגעל איז ארונטערגענומען און עפענען דעם טהויער קען מען דאָך ניט. דיא צוויי קאָלאָניסטען האָבען דערפון געשלאָסען, אַז דיא באנדיטען זיינען דאָרט אינוועניג און זיי האָבען דאָרט דעם טהויער פערשפּארט אַז מען זאָל איהם ניט קענען עפענען פון דער אויסערער זייט.

אַלעס איז דאָרט געוועזען שטיל און רוהיג. דיא שעפּסען און דיא ציעגען זיינען וואהרשיינליך געשלאָפען און מען האָט פון זיי גאָר ניט געהערט. דיא פיראַטען זיינען אויך וואהרשיינליך געוועזען פערזונקען אין א טיעפען שלאָף.

דיא צוויי קאמעראדען זיינען געוועזען אין א גרויסע פערלעגענהייט און האָ־בען ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. זיי האָבען פריהער געהאט געדענקט אריבער־קלעטערען דעם צאַם און מאַכען א שטילע אונטערזוכונג אינוועניג; אָבער נאכהער האָבען זיי זיך בעדענקט, אַז אזא אונטערנעהמונג קען זיי אָפּטמאָל ניט בעגליקען. דיא פיראטען קענען דערהערען זייער גאנג און דאַן זיינען זיי פערלאָרען! און ווען זיי ביידע וועלען געטויטעט ווערען, וואָס וועט ווערען פון הארדינג, נעב און הערבערט? זיי זיינען דארום געקומען צום בעשלוס, אַז אויב יא פרובירען אריבערגעהן דעם צאַם, דארפען זיי דאָס טהאָן אלע צוזאמען, ווייל פאר צוויי פערזאָן איז דאָס צופיעל ריזיקאליש. ווען זיי וועלען זיין אלע צו־זאמען און גוט בעוואפענט וועלען זיי קענען האָפען בייצוקומען דיא מערדער־באנדע; אָבער וואָס קענען צוויי אויפטהאָן אנטקעגען פינף? אויף אזא ארט האָבען זיי זיך געדארפט אומקעהרען צוריק צו זייערע קאָמפּאניאָנען און זיך בע־ראטהען וואָס צו טהאָן.

און אזוי האָבען זיי בעשלאָסען און זיי זיינען אוועק צוריק צום וואָגען.

אין אייניגע מינוטען ארום זיינען זיי געוועזען אין קאָמפּאניע פון הארדינג, נעב און הערבערט און זיי האָבען פאר זייערע חברים דערצעהלט וואָס זיי האָבען ערפאהרען ביי דיא פּיה־שטאַהלען.

— נו — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — אצינד האָב איך אורזאכען צו גלויבען, אז דיא פיראטען זיינען ניט דאָרט, ווייל ווען זיי וואָלטען דאָרט גע־ווען וואָלט אייגער פון זיי געשטאנען אויף דער וואך.

— מיר קענען עס באלד וויסען — האָט פענקראָפט געזאָגט — מיר דאר־פען נור אריבערקלעטערען דעם פאַרקאַן און דיא זאך וועט אונז קלאָהר זיין.

— צו דיא שטאהלען, מיינע פריינדע! צו דיא שטאהלען! — האָט האר־דינג קאָמאנדירט.

— ווילען מיר אונזער וואָגען איבערלאָזען דאָ אין וואלד? — האָט נעב געפרעגט.

— ניין! — האָט הארדינג געענטפערט — מיר טאָרען אונזער וואָגען ניט איבערלאָזען. פערגעסט ניט, פריינדע, אז מיר האָבען דאָ אונזערע געוועהר, אונזערע קוילען און פולווער און אונזערע לעבענסמיטעל. מיר טאָרען דאָס ניט איבערלאָזען אויף גאָט'ס בעראָט, מיר מוזען דאָס היטען, ווייל ווען אונזער וואָגען פאלט אריין אין דיא הענד פון דיא באנדיטען, זיינען מיר אונגליקליך.

— פאָרוועררטס! — האָט גידעאָן ספּילעט אויסגעשריען.

דער וואָגען איז ארויסגעפאָהרען פון וואלד און איז שטיל, גערוישלאָז געפאָהרען איבער דיא ווייכע גראָז. דיא קאָלאָניסטען זיינען פאָרזיכטיג גע־קראָכען אויף דיא הענד און קניע ביי ביידע זייטען פון וואָגען מיט זייערע ביקסען גרייט צו שיסען אין דעם מאָמענט ווען מען וועט עס דארפען טהאָן.

עס האָט גאָר ניט פיעל געדויערט ביז דיא קאָלאָניסטען זיינען צוגעקומען צום צאַם פון דיא שטאהלען, וואו דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט. נעב איז פערבליבען שטעהען נעבען דיא אָנאגאס, וועהרענד הארדינג, ספּילעט, פּענק־ראָפט און הערבערט זיינען צוגעגאנגען צום טהויער זעהן אויב ער איז פער־שפּארט פון אינוועניג.

ער איז געוועזען אָפען!

— וואָס זאָגט איהר יעצט? — האָט דער אינזשיניר זיך געווענדעט צו ספּילעט און פּענקראָפט.

ביידע זיינען פערבליבען שטעהן העכסט צוטומעלט.

— איך קען שווערען — האָט פּענקראָפט געזאָגט — אז דער טהויער איז דאָ ניט לאנג געוועזען פערשפּארט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען ערשט ניט געוואוסט וואָס צו דענקען און וואָס צו טראכטען. זיינען דיא פּיראטען דאָרט פריהער געוועזען און זיי זיינען אין דער קליינער ווילע אוועק פון דאָרט? זיינען זיי ערשט אויך אינוועניג און זיי האָבען פּילייכט געעפענט דעם טהויער צוליעב אירגענד וועלכע אורזאכע? אָדער פּי־לייכט האָבען זיי דעם טהויער אבזיכטליך געעפענט, אום אריינצונארען זיי, דיא קאָלאָניסטען, אינוועניג און אויסשלאכטען זיי?

אזעלכע פראגען האָבען געעגבערט דיא מחות פון דיא קאָלאָניסטען און פערענטפערען דיא זאך האָבען זיי ניט געקענט.

אין יענעם מאָמענט האָט הערבערט אריינגעטראָטען אייניגע טריט אינוועניג פון פּארקאן. ער איז פּלוצלונג אָבגעשפּרונגען צוריק און אָנגעכאפּט דעם אינ־זשיניר'ס האנד.

— וואָס איז? — האָט הארדינג געפרעגט.
— א ליכט, א שיין! — האָט הערבערט געענטפערט.
— אין הויז?
— יא, אין הויז!
אלע צעהן אויגען פון דיא פינף קאָלאָניסטען האָבען זיך געווענדעט צו דער קליין שטיבעל, וואָס זיי האָבען אמאָל אויסגעבויט פאר אײרטאָן און זיי האָבען דאָרט ווירקליך געזעהן א שוואכע שיין אין פענסטער. סיירוס הארדינג האָט א ווײלע א טראכט געטהאָן און ער האָט געזאָגט:
— עס איז אונזער גליק וואָס דיא פיראטען האָבען זיך פערקליבען אין שטיבעל און זיי פערדעכטיגען קיין זאך. פאָרווערטס, מיינע פריינדע!
זיי זיינען אלע דורכגעגאנגען דורך׳ן טהויער האלטענדיג זייערע ביקסען גרייט צום שיסען. דעם וואָגען האָבען זיי איבערגעלאָזט אויף יענער זייט טהויער. טאפ און דזשופ זיינען דאָרט פערבליבען אלס וועכטער.
זיי האָבען זיך אלע געלאָזט געהן נעהענטער צום שטיבעל און אין איינינע סעקונדען ארום זיינען זיי געווען ביים טהיר, וועלכע איז געווען פערמאכט.
הארדינג האָט א וואונק געטהאָן צו זיינע קאָמפּאניאָנען, אז זיי זאָלען זיך פערהאלטען גאנץ רוהיג און ער איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום פענסטער.
ער האָט אריינגעקוקט אינווענינ אין הויז.
אויף׳ן טיש איז געשטאנען א קליינע לאנטערנע. נעבען טיש איז געשטאַנען אײרטאָן׳ס בעטעל און אויף איהר איז געלעגען א מאן.
פּלוצלונג איז קאפּיטאן הארדינג אָבגעשפּרונגען צוריק און ער האָט מיט א הייזעריגע שטימע אויסגעשריען:
— אײרטאָן!
אין דיעזען אויגענבליק איז דיא טהיר אויפגעעפנעט געוואָרען און דיא קאָלאָניסטען זיינען אריינגעלאָפען אין הייזעל.
אײרטאָן איז, וויא עס האָט אויסגעזעהן, געשלאָפען. אויף זיין געזיכט האָט מען געקענט דערקענען, אז ער איז אויסגעמאטערט און ער האָט פיעל געליטען. אויף זיין ברוסט און אויף זיינע קנעכעל זיינען געווען וואונדען.
הארדינג האָט זיך איבערגעבויגען איבער איהם. ער האָט אָנגענומען זיין האנד און האָט אויסגעשריען:
— אײרטאָן, פריינד אײרטאָן!
אײרטאָן האָט געעפענט זיינע אויגען, האָט א בליק געטהאָן אויף׳ן אינזשיניר און אויף דיא אנדערע קאָלאָניסטען און ער האָט אומגעלומפּערט אויסגעשריען:
— איהר! איהר זיינט דאָס?
— אײרטאָן! אײרטאָן! — האָט הארדינג געענטפערט.

— וואו בין איך? — האָט איירטאָן געפרעגט.

— אין אייער שטיבעל! — האָט הארדינג געענטפערט.

— אליין?

— יא, אליין.

— אָבער זיי וועלען צוריק קומען! — האָט איירטאָן אויסגעשריען — בעשיצט זיך! פערטהיידיגט זיך!

רעדענדיג דיעזע ווערטער איז ער אומגעפאלען און איז פערבליבען ליגען אזוי וויא א גע׳חלש׳טער.

— ספילעט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — מיר קענען ערווארטען אן אטאקע יעדען מאָמענט. פיהרט אריין דעם וואָגען און פערשפארט דעם טהויער פעסט. דאן קומט אלע צוריק אהער.

פענקראָפט, נעב און דער רעפּאָרטער האָבען שנעל אויסגעפאָלגט וואָס דער אינזשיניר האָט געהייסען. זיי האָבען איין מאָמענט ניט געטאָרט ווארטען, וויייל ווער האָט געקענט וויסען, אויב דיא געפעהרליכע פערברעכער באנדע איז שוין ניט ביי זייער וואָגען?

אין א ווייילע ארום זיינען שוין דיא דריי געווען אויף יענער זייט טהויער. טאפּ האָט אין יענעם מאָמענט אָנגעהויבען בילען.

דער אינזשיניר איז ארויסגעלאָפען מיט זיין ביקס פערטיג צו שיסען. הערבערט איז פערבליבען נעבען איירטאָן.

צו דער זעלבער צייט האָט זיך דיא לבנה בעוויזען אין מזרח זייט און האָט בעלויכטען דיא שטאהלען און אומגעגענד; דער זייט פון טהויער אָבער איז נאָך פערבליבען פינסטער. דיא שיין פון דער לבנה איז נאָך אהין ניט צוגעקומען.

דער וואָגען, וועלכער האָט אין דער פינסטער אויסגעזעהן אזוי וויא א שווארצע מאסע, איז אריינגעפאָהרען אין מיטען פון דעם הויף אונטער דער ליכט פון דער לבנה. דער טהויער איז אין דער זעלבער צייט פעסט פערשפארט געוואָרען.

אָבער טאפּ האָט באלד אָנגעהויבען שטארקער בילען און ער האָט זיך געלאָזט לויפען צום הינטערשטען זייט פון דיא שטאהלען.

— זייט גרייט צו פייערען, מיינע פריינדע! — האָט הארדינג אויסגעשריען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אויפגעהויבען זייערע ביקסען און האָבען געווארט ביז זייער פיהרער, קאפּיטאן הארדינג, וועט געבען א סיגנאל צו שיסען.

דער הונד האָט ניט אויפגעהערט צו בילען און דשופּ איז איהם נאָכגעלאָפען און געברומט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען דיא צוויי טהיערע נאָכגעפאָלגט ביז זיי זיינען געקומען צום הינטערשטען זייט פון דיא שטאהלען ביי א קליין וואסער־שטראָם,

צווישען הויכע בוימער. און וואָס האָבען זיי דאָרט ביי דער שיין פון דער לבנה געזעהן? פינף טויטע קערפּער פון מענשען ליגענדיג אויף דער ערד!

דאָס זיינען געווען דיא קערפּערס פון דיא פינף פערבליבענע פּיראטען, וועל־כע זיינען מיט אומגעפעהר פיער מאָנאטען צוריק געראַטעט געוואָרען אויף'ן לינקאָלן אינזעל!

## 13טעס קאפּיטעל.

אײרטאָן דערצעהלט זיין געשיכטע. — געהיימניס נאָך טיעפער. — דיא "באָ־נעדוועטשור" פערניכטעט. — זוכען דעם פערבאָרגענעם. — הארדינג און ספּילעט אין א הייהל. — אנפאנג פון א וואולקאנישען אויסברוך.

---

וויא אזוי איז דאָס געשעהן? ווער האָט אויסגעשלאַכטעט דיא פּיראטען? האָט דאָס אײרטאָן געטהאָן? ניין, דאָס קען ניט זיין! מיט א מינוט פריהער האָט ער דאָך זיי אליין געווארענט אז דיא באנדיטען קומען צוריק.

אָבער אײרטאָן איז געווען אין אזא צושטאנד, אז מען האָט פון איהם גאָר ניט געקענט ארויסקריגען. ער איז געווען בעוואוסטלאָז און ער איז געלע־גען אויף זיין בעטעל אזוי וויא א שטיק האָלץ.

דיא קאָלאָניסטען זיינען פערבליבען נעבען אײרטאָן'ס בעט א גאנצע נאכט און קיינער פון זיי איז זאָגאר געגאנגען א קוק טהאָן צו דיא טויטע קערפּער, וועלכע זיינען געלעגען אונטער'ן פרייען הימעל. זיי האָבען דעם אונגליקליכען געמינטערט, זיי האָבען איהם געוואָלט צו זיך ברייננגען, אום צו ערפאהרען פון איהם וועגען דיא זאָנדערבארע און געהיימע פּאסירונג. דיא קאָלאָניסטען האָ־בען געהאט אורזאכען צו גלויבען, אז אײרטאָן וועט אין בעסטען פאל ניט אימשטאנד זיין צו ווארפען א ליכט אויף דיא געהיימניספאָלע הינריכטונג פון דיא פּיראטען, ווייל ער האָט דאָך זאָגאר ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט; דאָך האָבען זיי געהאָפט אז זיי וועלען פון איהם עטוואָס וויכטיגעס ערפאהרען.

אויף מאָרגען האָט זיך אײרטאָן אויפגעכאפּט פון זיין בעטויבונגס שלאָף און דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך וואָס זיי זעהען זייער פריינד א לעבעדיגען נאָכדעם וויא ער איז פון זיי פערשוואונדען געווען הונדערט מיט פיער טעג. אײרטאָן האָט זיי אין קורצען דערצעהלט וואָס עס האָט פּאסירט, אָדער דאָס וואָס ער האָט געוואוסט.

אויף מאָרגען נאָכדעם וויא ער איז אָנגעקומען אין דיא פיה־שטאַהלען, דאָס איז געווען דער צעהנטער נאָוועמבער פארנאכט, זיינען איהם פּלוצלונג דיא פּיראטען בעפאלען. זיי האָבען איהם געבונדען, פערשטאָפּט דעם מויל און אוועק־

געשלעפּט אין א פינסטערע הייהל ביים בארג פּרענקלין, וואו זיי האָבען געהאט זייער שוץ־פּלאַץ.

דאָרט האָבען זיי דעם אונגליקליכען פעראורטהיילט צום טויט. אָבער מיט א טאָג שפּעטער ווען דיא פּיראטען זיינען געקומען אויספיהרען זייער טויט אורטהייל, האָט איינער פון דער באנדע דערקענט דעם קרבן אלס דעם אמאָליגען אָנפיהרער פון פּיראטען און רויבער באנדעס אין אויסטראליען און זיי האָבען ניט געוואגט צו לייגען אויף איהם א האנד. זיי האָבען געוואָלט ערמאָרדען איירטאָן'ען, אָבער זיי האָבען געשוינט בען דזשאָים!

פון דאן אָן איז איירטאָן געוועזען געפאנגען ביי דיא פּיראטען. זיי האָבען זיך שטרענג גענומען צו איהם אז ער זאָל צוריק ווערען זייערער, אז ער זאָל געהן אין זייערע וועגען און זיי העלפען פערכאפּען דיא געהיימניספאָלע גראַניט הויז, איבער וועלכע זיי האָבען שוין צוּבראָכען זייערע מחות קלערענדיג וויא אזוי מען קען אהין קומען. זיי האָבען פון איהם פערלאנגט אז ער זאָל זיי העלפען אויסשלאכטען דיא בעזיצער פון אינזעל און דאן וועלען זיי פערבלייבען זיינע אנהייננער און ער, איירטאָן, וועט זיין זייער פיהרער און רעגיערער!

איירטאָן האָט זיך אָבער געהאלטען פעסט, אז ער וועט קיין פערברעכען בעגעהן און ער וועט זיינע פריינד און וואָהלטהעטער ניט פערראטהען. דער געוועזענער פערברעכער און איצטיגער בעל תשובה איז געוועזען גרייט אויסצושטעהן דיא גרעסטע מאטערנים, דיא שרעקליכסטע יסורים און פערבלייבען אן אָרענטליכער מענש.

דיא באנדיטען האָבען דעם אונגליקליכען געהאלטען א געבונדענעם מיט א פערשטאָפּטען מויל אין דער הייהל און זיי האָבען איהם געסטראשעט אז זיי וועלען איהם מאטערען ביז'ן טויט, אויב ער וועט זיך ניט אונטערגעבען.

געלעבט האָבען דיא פּיראטען אויף דיא שפּייזען וואָס זיי האָבען געפונען אין איירטאָן'ס וואָהנונג. זיי האָבען אלעס איבערגעטראָגען אין דער הייהל, וואו זיי האָבען געוואָהנט צוזאמען מיט זייער אונגליקליכען געפאנגענעם.

דעם עלפטען נאָוועמבער זיינען צוויי פון דיא פּיראטען געקומען צו דיא שטאהלען, גראדע דאמאָלס ווען הארדינג, ספּילעט, פּענקראָפט און הערבערט זיינען אהין געקומען. הערבערט איז דאמאָלס געשאָסען געוואָרען. הארדינג האָט איינעם פון דיא מערדער דערשטאָכען מיט זיין שפּיז און דער צווייטער איז אנטלאָפען. דיזער האָט ביי איירטאָן'ס אנוועזענהייט דערצעהלט זיינע חברים, אז זיי האָבען געטויטעט איינעם, א גאנץ יונגען מאן, פון דיא בעזיצער פון אינזעל, און מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא איירטאָן האָט דאמאָלס געפיהלט און וויא ביטער עס איז איהם געוועזען אויף'ן הארצען הערענדיג דיזע שרעקליכע נאַכריכט.

איירטאָן האָט געוואוסט דעם רעכענונג, אז וויבאלד איינער פון זיינע פריינד איז טויט זיינען זיי שוין אין גאנצען פיער פערזאָן. דיא פיראטען האָבען דאָס פיליייכט ניט געוואוסט, אָבער דער אונגליקליכער געפאנגענער האָט דאָך געוואוסט דעם סוד, אז זיינע פייניגער האָבען דאָ ניט צו טהאָן מיט א גרויסע מחנה מענשען און ער האָט זיך שטארק געשראָקען, אז זיינע אָרענטליכע און גוטע קאָמפּאניאָנען זאָלען ניט אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא פיראטען, און עס האָט איהם געערגערט צום טויט, וואָס ער קען זיי ניט קומען צו הילף, וואָס ער קען ניט אָפּפערען זיין לעבען אום צו רעטען זיינע וואָהלטהעטער.

דורך דער גאנצער צייט, וואָס הערבערט און זיינע דריי קאמעראדען זיינען געוועזען אין איירטאָן'ס שטיבעל, האָבען דיא פיראטען ניט פערלאָזט זייער הייהל. אויך נאָכדעם וויא זיי האָבען געמאכט דעם חורבן אויף פּראָספּעקט האויטס זייי-נען זיי אויך צוריק געקומען אין זייער אונטערערדישע בעהעלטניס און זיי זיינען דאָרט פערבליבען.

איירטאָן'ס לאגע איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרען. דיא אונערבארמ-הערציגע פיראטען האָבען איהם געפייניגט און געמאטערט. זיי האָבען איהם גע-האלטען אזוי פעסט געבונדען, אז דיא שטריק האָבען זיך איינגעגעסען אין זיין לייב. דער אונגליקליכער האָט יעדע ווייל ערווארטעט געטויטעט צו ווערען מיט א שרעקליכען טויט און ער האָט קיין אויסזיכט און קיין האָפנונג געהאט צו רעטען זיך.

איירטאָן האָט זיך געפונען אין דער זעלבער טרויעריגער לאגע ביז דיא דריטע וואָך פון פעברואר. דיא פיראטען האָבען אויף איהם אכטונג געגעבען מיט זיעבען אויגען און זיי האָבען איהם פערשאפט אונערטרעגליכע שמערצען. אָבער ער איז פערבליבען טריי צו זיינע וואָהלטהעטער און ער האָט זיי ניט געוואָלט פערראטהען.

פון זיינע פריינד האָט דער אונגליקליכער גאָר ניט געהערט. זיינע פיי-ניגער פלעגען אָפּטמאָל געהן אויף יאגד, אָבער זיי האָבען פון דיא קאָלאָניסטען גאָר ניט דערצעהלט. איירטאָן האָט פערלאָרען דיא מינדעסטע האָפנונג צו זעהן אמאָל דיא יעניגע, וועלכע האָבען איהם פון א ווילדעס טהיער געמאכט צוריק פאר א מענשען.

פון דיא שוידערליכע ליידען, וואָס ער האָט דורך דער צייט איבערגעליטען, האָט ער ענדליך זיינע גאנצע קרעפטען פערלאָרען. ער האָט געפיהלט, אז דיא זעהונגס-קראפט און דיא הערונגס-קראפט זיינען ביי איהם אָבגעשטאָרבען און באלד האָט ער זיינע אלע געפיהלען פערלאָרען.

אין אזא צושטאנד האָבען דיא קאָלאָניסטען געפונען זייער פערשוואונ-דענעם קאמעראד. איירטאָן האָט דערמיט געענדיגט זיין ערצעהלונג. וואָס עס האָט מיט איהם ווייטער פאסירט, האָט ער ניט געוואוסט.

— אָבער, קאַפּיטאַן האַרדינג — האָט איירטאָן פּערוואונדערט געפרעגט — וויא קום איך אהער? ווער האָט מיך גערעטעט פון דיא פּיראַטען? ווער האָט מיך אהער געבראכט? און וויא אזוי איז דיא זאך געשעהען?

— און וויא אזוי קומט עס, וואָס דיא גאַנצע פערברעכער באַנדע ליגען דאָרט טויט? — האָט דער אינזשיניר צוריק געפרעגט.

— טויט? — האָט איירטאָן אויסגעשריען אויפהויבענדיג זיך פון בעט.

דער גערעטעטער איז זעהר שוואך געוועזען און זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען איהם אונטערגעהאַלטען און געהאָלפען אויפשטעהן. זיי זיינען אַלע באַלד אוועק צום קליינעם שטראָם וואו דיא טויטע קערפּער זיינען געלעגען.

עס איז שוין דאמאָלס געוועזען ליכטיגער טאָג און זיי האָבען נאָך פון וויטענס געזעהן דיא פינף קערפּער פון דיא פּיראַטען ליגענדיג ביים ברעג וואסער.

איירטאָן איז פערבליבען שטעהן אזוי וויא פערשטיינערט.

האַרדינג האָט א וואונק געטהאָן און נעב און פּענקראָפט זיינען צוגעגאנגען און האָבען בעקוקט דיא טויטע קערפּער. זיי זיינען געוועזען קאַלט און קיין וואונד איז אויף קיין איינעם פון זיי געזעהן געוואָרען.

אָבער ווען א שטרענגע אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען, האָט פּענקראָפט אויף יעדען איינעם געפונען א גאַנץ קליינעם רויטען פלעק. ביי איינעם איז דער פלעק געוועזען אויף'ן שטערען, ביים צווייטען אויף'ן ברוסט, ביים דריטען אויף'ן רוקען און ביי דיא אנדערע צוויי אויף אנדערע טהיילען פון זייערע קערפּערס. עס האָט ניט אויסגעזעהן, אז אזעלכע אונבעדייטענדע צייכענס זאָלען האָבען פעראורזאַכט דעם טויט פון דיא פינף באַנדיטען.

— אָט דאָס זיינען דיא צייכענס פון דיא טויט־שלעגע וואָס זיי האָבען געקראָגען! — האָט סיירוס האַרדינג געזאָגט.

— אָבער מיט וואָס פאַר א וואפע? — האָט דער מאַטראָז פערוואונדערט געפרעגט.

— א וואפע וואָס איז עהנליך צו א בליץ, וואָס האָט דיא ווירקונג פון א בליץ — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — אָבער מיר וויסען ניט דיא געהיימניס פון יענעם סאָרט געוועהר.

— און ווער האָט עס זיי געטויטעט? ווער האָט עס זיי געשאָסען מיט דער זאָנדערבאַרער, געהיימניספאָלער וואפע?

— דער בעהאַלטענער ראַכע נעהמער, דער פערבאָרגענער וואָהלטהעטער פון אינזעל — האָט האַרדינג געענטפערט — דאָס האָט געטהאָן דער זעלבער, וועלכער האָט דיך, איירטאָן, געבראַכט אהער; דאָס איז דיא אַרבייט פון יענעם וואָס טהוט פאַר אונז דאָס וואָס מיר קענען אַליין פאַר זיך ניט טהאָן. דער זעלבער וואָס איז אונז ביז איצט געקומען צו היילף, האָט ערשט אויך געלייסטעט זיינע דיענסטע פון אונזערטוועגען.

— לאָמיר איהם זוכען! לאָמיר איהם זוכען! — האָט פענקראָפט אויסגע־שריען.

— יא, מיר וועלען איהם זוכען — האָט הארדינג געענטפערט — אָבער מיר וועלען זיכער יענע מעכטיגע פערזענליכקייט, וואָס טהוט אויף אזוי פיעל וואונדער, ניט געפינען ביז זיין גוטער ווילען וועט זיין צו בעווייזען זיך צו אונז.

דעם אינזשיניר'ס נייגעריגקייט צו געפינען זייער געהיימען וואָהלטהעטער איז געוואָרען אונגעהייער גרויס. ער איז געווען נייגעריג צו קענען יענע מערק־ווירדיגע פערזענליכקייט און ער איז זעהר גערן געווען צו וויסען, ווארום בע־האלט זיך יענער? איז ער אזוי ניעדערגעפאלען ביי זיך, דאָס ער דענקט אז נעה־מען א דאנק פון דיא וואָס ער האָט אזוי פיעל גוטעס געטהאָן איז פאר איהם א צו גרויסער כבוד? אָדער אין געגענטהייל, ער האלט זיך פאר א צו גרויסע פערזענליכקייט צו בעגעגענען זיך מיט דיא פערוואָרפענע אויף'ן אינזעל?

— לאָמיר איהם אָנפאנגען זוכען — האָט דער אינזשיניר פאָרטגעזעצט — און גאָט זאָל העלפען אז מיר זאָלען איהם ווען עס איז געפינען און איהם איבערצייגען, אז ער האָט ניט געהאט צו טהאָן מיט אונדאנקבארע מענשען. וואָס וואָלט איך ניט אוועקגעגעבען פאר דעם איינציגען פערגעניגען צו זעהן און צו רעדען עטליכע ווערטער צו אונזער מעכטיגען רעטער און בעשיצער? מיין לעבען איז אויך ניט צו טהייער פאר אזא זאך!

פון יענעם טאָג אָן האָבען דיא קאָלאָניסטען וועגען קיין זאך ניט געדענקט, נור וועגען זוכען דעם געהיימניספאָלען מאן, אָדער וואָס ער זאָל ניט זיין.

נעב און פענקראָפט האָבען אויף א בעפעהל פון אינזשיניר אוועקגעטראָגען דיא טויטע קערפער אין וואלד, ווייט פון דיא פיה־שטאהלען, און זיי האָבען זיי דאָרט בעגראָבען טיעף אין דער ערד.

דאן האָבען דיא קאָלאָניסטען דערצעהלט איירטאָן'ען פון אלעס וואָס מיט זיי האָט פאסירט אין דער צייט פון זיין אָבוועזענהייט. דערביי האָבען זיי אלע ארויסגעצייגט זייער העכסטע צופריעדענהייט דערפון וואָס ער, איירטאָן, לעבט נאָכדעם וויא זיי האָבען געדענקט אז דיא פיראטען האָבען איהם ער־מאָרדעט.

ווען דער געשפּרעך מיט איירטאָן איז געווען צו ענדע, האָט סיירוס הארדינג געזאָגט:

— אצינד, מיינע פריינדע, דארפען מיר זיך שוין נעהמען דורכפיהרען א וויכטיגע זאך, דיא וויכטיגסטע וואָס מיר האָבען ווען געטהאָן. אָבוואָהל מיר זיינען שוין פריי פון דיא פיראטען און מיר זיינען צוריק זיכערע אייגענטהימער פון לינקאָלן אינזעל, דארפען מיר אָבער ניט פערגעסען, אז ניט מיר האָבען צוריק ערוואָרבען אונזער אייגענטהום.

— גאנץ געוויס — איז איהם גידעאָן ספּילעט אריינגעפאלען אין דיא רייד — מיר אליין וואָלטען מיט אונזער כח, חכמה און קענטעניס גאָר ניט אויפגע־טהאָן, ווען ניט אונזער פערבאָרגענער רעטער. אונזער פּפליכט איז צו זוכען איהם, אָבוואָהל עס איז אזוי וויא איהר, הערר הארדינג, זאָגט, אז מיר וועלען איהם ניט געפינען סיידען זיין אייגענער ווילען וועט דערביי זיין. לאָמיר זוכען איבעראל! לאָמיר זוכען אין אלע הייהלען און אין אלע לעכער! לאָמיר קיין ווינקעלע פון דיעזען אינזעל ניט דורכלאָזען ביז מיר וועלען אונזער ציעל ער־רייכען.

— מיר וועלען זיך ניט אומקעהרען צוריק אין גראניט הויז ביז מיר וועלען אונזער וואָהלטהעטער געפינען! — האָט הערבערט געזאָגט.

— יא — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — מיר וועלען טהאָן אלעס וואָס מענשען קענען טהאָן, אָבער איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז אויב דער פערבאָרגענער וועט ניט וועלען אז מיר זאָלען איהם געפינען וועט אונז קיין מיה און קיין אנשטרענגונג ניט העלפען.

— וועלען מיר מאכען אונזער היים דאָ ביי דיא שטאהלען? — האָט פּענק־ראָפט געפרעגט.

— יא, אונזער היים וועט פאָרלויפיג דאָ זיין — האָט סיירוס הארדינג גע־ענטפערט — לעבענסמיטעל האָבען מיר דאָ און דיעזער פּלאַץ איז דער מיטעל־פונקט פון אונזער אינזעל און מיר קענען פון דאנען מאכען אונזערע פאָרשונגען אין אלע זייטען. פּילייכט וועט אונז דאָ אויספעהלען א נויטווענדיגע זאך אָדער עסענווארג וועט אונז דער וואָגען שנעל ברייגנען אין גראניט הויז.

— גוט! — האָט דער מאטראָז געזאָגט — אָבער איך האָב עפּעס צו בעמערקען.

— וואָס אזעלכעס? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— איהר האָט פערגעסען, מיינע פריינדע — האָט פּענקראָפט געענטפערט — אז דער שעהנער סעזאָן קומט און מיר האָבען צו מאכען א רייזע.

— א רייזע? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— יא, א רייזע צום אינזעל טייבאָר! — האָט פּענקראָפט געענטפערט — מיר מוזען אהין אוועקפיהרען א שריפט, וואָס זאָל אָנצייגען וואו איירטאָן געפינט זיך און וואו אונזער אינזעל ליגט, טאָמער וועט דער לאָרד קומען אהין אָבנעהמען אונזער פריינד איירטאָן.

— אָבער, פּענקראָפט — האָט איירטאָן געפרעגט — וויא אזוי דענקט איהר צו מאכען דיא רייזע?

— וואָס הייסט וויא אזוי? — האָט דער מאטראָז צוריק געפרעגט — מיט אונזער שיף, מיט אונזער "באָנעדווענטשור"!

— דיא "באָנעדוועגטשור"! — האָט איירטאָן אויסגעשריען — זיא עקזיסטירט שוין ניט מעהר.

— מיין "באָנעדווענטשור" איז שוין ניטאָ? — האָט דער מאטראָז אויסגעשריען מיט אן אומגעלומפערטע שטימע אויפשפּרינגענדיג פון זיין אָרט.

— זיא איז ניטאָ — האָט איירטאָן געענטפערט — ערשט מיט אכט טאָג צוריק האָבען דיא פּיראטען זיא געפונען אין איהר האפען. זיי האָבען זיך מיט איהר געלאָזט שווימען אויף'ן ים, אָבער —

— אָבער וואָס? — האָט פענקראָפט געפרעגט און זיין הארץ האָט שטארק אָנגעהויבען קלאַפּען.

— אָבער זיי האָבען ניט געהאט זייער באָב הארווי — האָט איירטאָן געענטפערט — און זיי האָבען זיא ניט געקענט רעגולירען. זיא האָט זיך אָנגע־קלאפּט אָן א פעלז און איז צושמעטערט געוואָרען.

— אָה, דיא באנדיטען, דיא לומפּען, דיא שופטען! — האָט פענקראָפּט בייז אויסגעשריען.

— פענקראָפּט — האָט זיך הערבערט אָבגערופען אָננעהמענדיג דעם מאט־ראָז'ס האנד — מיר וועלען בויען אן אנדער שיף, א גרעסערע און בעקוועמערע. דיא אייזען ארבייט האָבען מיר דאָך פון דער פּיראטען שיף און דאָס איבעריגע וועט אונז זיין לייכט צו מאכען.

— אָבער ווייסט איהר — האָט פענקראָפּט געענטפערט — אז עס וועט ביי אונז דויערען וועניגסטענס פינף אָדער זעקס מאָנאטען אויפצובויען א שיף פון אומגעפעהר דרייסיג אָדער פיערציג טאָן?

— מיר האָבען נאָך צייט — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — מיר קענען אָבלעגען דיא רייזע צום אינזעל טייבאָר אויף'ן קומענדען יאָהר. ערשט איז פאר אונז פיעל וויכטיגער אויפצוזוכען אונזער רעטער. מעגליך אז ער ווייסט פון יענעם לאָרד וואָס האָט געבראכט אונזער פריינד איירטאָן אויף יענעם אינ־זעל און ער ווייס אויך אויב ער איז שוין געקומען אָדער ווען ער וועט קומען אָבנעהמען איהם.

— אָה, מיין "באָנעדווענטשור", מיין "באָנעדווענטשור"! — האָט פענק־ראָפּט געשריען און ער האָט הערצליך בעדויערט זיין פערלאָרענע שיף, אויף וועלכע ער איז געווען אזוי שטאָלץ.

דיא "באָנעדווענטשור" איז ווירקליך געווען א גרויסער פערלוסט פאר דיא קאָלאָניסטען און זיי האָבען ערנסט אָבגערעדט צווישען זיך, אז זיי וועלען זעהן בויען אן אנדער שיף אזוי שנעל וויא דאָס וועט נור מעגליך זיין. פּאָרלויפיג האָבען זיי געדארפט דורכפיהרען זייער פּלאן צו ענטדעקען דיא געהיימניס פון אינזעל.

זיי האָבען בעשלאָסען אָנצופאנגען זייערע פאָרשונגען דעם 19טען פעב־רואר בעגינען און זיין אין וועג א גאנצע וואָך צייט.

צוערשט, האָבען זיי אָבגערעדט, אויסצופאָרשען גענוי דעם פונדאמענט פון בארג פרענקלין, וועלכער האָט געבילדעט א לאבירינט, מיט פערדרעהטע וועגען, בערג און טהאָלען, וואו עס זיינען וואהרשיינליך פאראן הייהלען און גריבער, וועלכע מען קען פון דרויסען ניט זעהן. דאָרט, גיכער וויא אנדערשוואו, האָבען דיא קאָלאָניסטען געגלויבט, בעהאלט זיך דער געהיימניספאָלער וואונדער־מאכער. אָבער אום צו מאכען דאָרט גענוי אונטערזוכונגען, האָט מען עס גע־מוזט טהאָן סיסטעמאטיש, מיט א געוויסע מעטהאָדע, זאָנסט האָט מען דאָרט קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן. סיירוס הארדינג האָט וועגען דעם איבערגע־דענקט און ער האָט אויסגעפּלאנט וויא אזוי דיא פאָרשונגען זאָלען אָנגעהן.

ווען זיי זיינען געקומען צום בארג, האָט זיי איירטאָן אָנגעוויזען דיא הייהל אין וועלכע דיא פּיראטען האָבען געוואָהנט און וואו זיי האָבען איהם געהאלטען געפאנגען. דיא הייהל איז פערבליבען אין זעלבען צושטאנד וויא זיא איז געווען פריהער, ווען דיא פּיראטען האָבען זיא בעוואָהנט. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרט געפונען דיא וואפען וואָס דיא באנדיטען האָבען בענוצט, א היבשע ביסעל פּולווער און קוילען און עסענווארגען וואָס זיי האָבען געהאט פערנומען פון איירטאָן'ס מאגאזין ביי דיא פיה־שטאהלען.

ביים ארייננאנג צום הייהל איז געווען א טיעפער גראָבען, וועלכער איז ביים ברעג געוועזן בעוואקסען מיט הויכע און שעהנע בוימער. ציעגען און מאָסמאָנען האָבען זיך דאָרט געפיטערט אָבער אָבגעהענדיג ווייטער צום זיד־וועסטליכען ווינקעל איז דער באָדען געווען נאקעט. קיין בוימער און קיין גראָזען האָבען דאָרט ניט געוואקסען, בלויז שטיינער, גרויסע און קליינע, זיינען דאָרט געווען אָנגעוואָרפען. ארום און ארום זיינען ביים בארג געווען דריי בעוואסערטע און פרוכטבארע טהאָלען, דיא איבעריגע זיינען געווען וויסט און מעהר וויא שטיי־נער און זאמד האָט מען דאָרט ניט געזעהן.

אין דיא וויסטענהייטען, האָבען דיא קאָלאָניסטען פערשטאנען, וועט א מענש ניט וואָהנען, און אויב דער פערבאָרגענער האָט אירגענד וואו דאָרט זיין היים, געפינט ער זיך וואהרשיינליך אירגענד וואו אין א הייהל אָדער אין א גרוב ביי דיא פרוכטבארע און בעוואקסענע גראָבענס, וואו עס לויפען שטראָמען פון פרישעם וואסער און וואו מען קען זיין גוט בעשיצט פון היץ און פון קעלט. אָבער זיי האָבען דורכאויס געזוכט און זיי האָבען קיין שפּור צו קיין מענשען געפונען.

זאָל דער פערבאָרגענער וואָהנען אירגענד וואו צווישען דיא שטיינער? זאָל ער זיך האָבען אויסגעקליבען א וואָהנונג אין אזעלכע וויסטענהייטען וואו עס איז געפעהרליך צו וואָהנען? דאָס האָט זיך ניט געלאָזט גלויבען.

ביים נאָרדליכען טהייל פון בארג פרענקלין זיינען אונטען געווען צוויי ברייטע, אָבער ניט זעהר טיעפע גראָבענס, אין וועלכע קיין איינציגע גרעזעלע איז געווען צו בעמערקען. דאָרט זיינען געלעגען שטיינער, לאווא (צושמאָל־צענע שטיינער וואָס קומען פון א פייער־שפייענדען בארג) און גרויסע שטיקער פערשיעדענע מינעראלען. אין יענער זייט פון בארג האָבען זיך געפונען ביי א טויזענד הייהלען, זעלבסטפערשטענדליך גאנץ שמאָלע, אין וועלכע א מענש האָט זיכער ניט געקענט האָבען קיין בעקוועמע וואָהנונג אָדער זאָגאַר נאַכטלעגער; אָבער אויף בעהאלטען זיך פון מענשען איז דאָרט געווען א גוטער פּלאַץ, ווייל עס וואָלט דאָרט שווער געווען צו געפינען אזעלכען וואָס וויל ניט געפונען ווערען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך גענומען צייט און זיי האָבען געמאכט גענויע אונטערזוכונגען און פאָרשונגען אין דיא הייהלען און לעכער וואָס דאָרט האָבען זיך געפונען. אין מאנכע הייהלען זיינען זיי קוים אריינגעקראָכען און זיי האָבען געמוזט בעלייכטען דעם וועג מיט פייער, ווייל עס איז דאָרט געווען שטאָק פינסטער און קיין שטראהל ליכט איז פון ערגיץ ניט אריינגעקומען. איבעראל איז געווען שטיל. קיין שאָרך איז ניט געהערט געוואָרען און עס האָט ניט אויס־געזעהן, אז א מענשען׳ס פוס זאָל ווען האָבען בעטראָטען יענע וויסטע גריבער און פון נאַטור געשאַפענע טונעלען. מען האָט אין קיין פּלאַץ דערקענט, אז אַ שטיין זאָל האָבען אָבגעוואָרפען געוואָרען אָדער אָבגערוקט פון זיין פּלאַץ און קיין מינדעסטער צייכען פון אירגענד וועלכע מענשליכע טהעטיגקייט איז דאָרט געווען צו בעמערקען.

אָבער ווען דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער זיינען געקומען צום ברעג פון איינע פון דיא הייהלען, וואָס האָט זיך אריינגעצויגען אייניגע הונדערט פוס אין בארג, האָט הארדינג געהערט א גערויש. ער האָט וועגען דעם אויפמערקזאם געמאכט זיין בעגלייטער און יענער האָט אויך צוגעגעבען אז ער הערט א גערויש אזוי וויא דאָס זידען פון כעמישע שטאָפען אין בויך פון דער ערד.

— וויא עס זעהט אויס — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — האָט זיך נאָך דאָ דער וואולקאן אין גאנצען ניט אויסגעלאָשען.

— עס קען זיין — האָט הארדינג געענטפערט — אז זייט דאמאָלס ווען מיר האָבען אויסגעפאָרשט דעם קראטער (מויל פון א וואולקאן, פון א פייער־שפייענדען בארג) איז אין איהם געוואָרען אן ענדערונג. דאמאָלס איז ער געווען אין גאנצען טויט און ער האָט שפּעטער אָבגעלעבט און צוריק אָנגעפאנגען זיין טהעטיגקייט. יעדער וואולקאן קען אָפּטמאָל אָבלעבען נאכהער וויא ער איז א געוויסע צייט טויט.

— אָבער אויב א וואולקאנישער אויסברוך זאָל פּאסירען אויף׳ן בארג פרענקלין — האָט ספּילעט געפרעגט — וואָלט עס געווען א געפאהר פאר׳ן לינקאָלן אינזעל?

— איך דענק אז ניט — האָט הארדינג געענטפערט — זאָלאַנג דער קראַ־טער איז אָפען וועלען דיא שטיינער און דיא לאַווא אהין פאלען און פערשוואונדען ווערען אין זיין טיעפען אָבגרונד.

— סיידען דיא לאַווא זאָל אויפרייסען א נייע עפענונג — האָט זיך ספּילעט אָבגערופען — דאן וואָלט פיליכט געווען א געפאהר.

— און ווארום זאָל דאָס א נייע עפענונג אויפגעריסען ווערען? — האָט הארדינג געפרעגט — קען דער וואולקאן ניט געהן אין דעם וועג וואָס דיא נאטור האָט פאר איהם אָנגעגרייט?

— איך מיין, אז וואולקאנען זיינען אָפט קאפּריזנע — האָט ספּילעט גע־ענטפערט — און זיי קענען אמאָל אראָבגעהן פון דעם וועג וואָס דיא נאטור האָט פאר זיי בעשאפען.

— דאָס קען אויך פּאסירען — האָט הארדינג בעשטעטיגט.

— אָבער קען דאָ פּאסירען אַן ערד־ציטערנים? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— אימער! — האָט הארדינג געענטפערט — בעזאָנדערס, ווען דיא אונטערערדישע וואולקאנישע קרעפטען הויבען אָן אויפצוואכען נאָך א צייט פון רוה און זיי האָבען הינדערנימע אין וועג. ווען א וואולקאן האָט קיין אָרט פון וואנען ארויסצופּלאצען, איז ער געפעהרליך און איך ווינש ניט אז אזעלכעס זאָל פּאסירען. אָבער יעדענפאלס, דענק איך, איז פּראָספּעקט האיטס אויסער געפאהר, ווייל דער באָדען פון דאנען ביז פּראָספּעקט האיטס איז דורכאויס פיעל ניעדעריגער און דער וואולקאן וועט געפינען פּלעצער וואו אויסצוברעכען פאר פּראָספּעקט האיטס.

— מיר האָבען נאָך ניט בעמערקט קיין רויך אין דער הויך אויף'ן בארג — האָט דער רעפּאָרטער בעמערקט — און דער אויסברוך קומט נאָך ניט.

— יא, פריינד ספּילעט, מיר האָבען נאָך קיין רויך אָדער דאמפּף ניט גע־זעהן. מעגליך אז דער קראטער איז פערשטאָפּט און דער וואולקאן זוכט ערגעץ אַן אנדער וועג ארויסצופּלאצען און איך וויעדערהאָל מיינע ווערטער, אז איך ווינש ניט אז דאָס זאָל געשעהן. בעסער זאָל אזעלכעס ניט פּאסירען.

— אָבער מיר האָבען קיין טעות ניט — האָט דער רעפּאָרטער געזאָגט — מיר הערען דאָ מורמלענדיג און מיר וויסען ניט וואָס?

— יא, אָהן צווייפעל — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — עפּעס גערהט דאָרט אָן אין בויך פון דער ערד, אָבער מיר קענען דיא וואולקאנישע שפּראַך ניט פערשטעהן און מיר קענען פאָראויס ניט וויסען דיא רעזולטאטען. דאָס פער־בלייבט צו ווארטען און זעהן.

הארדינג און ספּילעט זיינען ארויס פון הייהל און איבערגעגעבען זייערע

קאָמפּאַניאָנען א בעריכט פון דעם וואולקאנישען פייער וואָס וועט וואהרשיינליך קירצליך אויסברעכען.

— זאָל ער פּרובירען! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — אויב דער וואולקאן וויל שפּיעלען זיינע שטיק, זאָל ער שפּיעלען! ער וועט שוין געפינען זיין ווירטה!

— וועמען מיינט איהר? — האָט נעב געפרעגט.

— איך מיין — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אונזער גוטען גייסט, אונזער גוטען פערבאָרגענעם מלאך. ער וועט דעם וואולקאן אויך פערמאכען דעם מויל פון אונזערטוועגען. ער האָט אונז געהאָלפען און בעשיצט ביז היינט און ער וועט אונז ווייטער אויך ניט פערלאָזען.

פּענקראָפט האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהן, געגלויבט, אז א הייליגער גייסט, א מלאך האָט עס זיי ביז דאמאָלס בעוויזען דיא פיעלע וואונדער, און ווירקליך האָט מען אנדערש ניט געקענט דענקען, ווייל ווען דאָס וואָלט געטהאָן געוואָרען פון א מענש, פון פלייש און בלוט, וואָלט מען דאך איהם געזעהן, וואָלט מען דאך וועניגסטענס אירגענד וועלכען שפּור צו איהם געפונען.

פון דעם 19טען ביז דעם 25טען פעברואר האָבען דיא קאָלאָניסטען גרינדליך דורכגעזוכט דעם גאנצען נאָרדליכען זייט פון לינקאָלן אינזעל. זיי האָבען יעדען פעלז איבערגעטאפּט. זיי האָבען קיין הייהל, קיין גרוב, קיין לאָך אין א שטיין ניט פערפעהלט צו אונטערזוכען און צו אויספאָרשען, אָבער זיי האָבען קיין מינדעסטען שפּור געפונען צו דעם פערבאָרגענעם רעטונגס־ענגעל. זיי האָבען אויך געזוכט אין אייניגע אנדערע געגענדען פון אינזעל און זיי האָבען אלץ קיין זאך ניט ענטדעקט וואָס זאָל צייגען אירגענד וועלכען צייכען, אז דער פערבאָרגענער איז דאָרט געווען, און זיי האָבען אלע אָנגעהויבען צווייפלען, אויב זייער וואָהלטהעטער איז א מענש אָדער פיללייכט טאקי א הימעלשער גייסט.

דעם 25טען פעברואר האָבען דיא קאָלאָניסטען אויפגעגעבען זייער פאָרשונגס רייזע און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אין גראניט הויז.

מיט א מאָנאט שפּעטער, דעם 25טען מערץ, האָבען זיי געפייערט דעם דריטען יאָהרעס־פעסט פון זייער אָנקומען אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

---

## 14טעם קאַפּיטעל.

דריי יאָהר אויף'ן אינזעל. — בויען א נייע שיף. — קיין שפור צום פערבאָר־גענעם. — אויפגעבויט וואָס דיא פּיראַטען האָבען פערניכטעט. — דיא שטארקע קעלט. — וואולקאנישער אויסברוך נאָהענט.

---

דריי יאָהר האָבען שוין דיא אנטלאָפענע געפאַנגענע פון ריטשמאָנד פער־בראכט אויף'ן אינזעל לינקאָלן און זיי האָבען וועגען זייער היים פיעל געדענקט און זעהר אָפט גערעדט וועגען זייער בעליעבטעס לאנד, דיא פעראייניגטע שטאא־טען פון אמעריקא.

דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געצווייפעלט אז דיא בירגער קריעג האָט זיך געענדיגט און אז דיא גערעכטע האָבען געוואונען. אָבער וויפיעל בלוט האָט עס געקאָסט? וויפיעל פון זייערע פריינד זיינען דאָרט געפאַלען אויף'ן שלאכט־פעלד? וועגען דעם פלעגען זיי זעהר אָפט רעדען. זיי זיינען זעהר גערן געווען צו קו־מען צוריק אין זייער אלטע היים, צו זעהן זיך מיט זייערע אייגענע און צו ער־פאהרען וועגען דיא עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאגע פון זייער לאנד. אָבער ווען אזא געלעגענהייט זאָל זיך זיי מאכען האָבען זיי לעצטענס ניט געדענקט צו פערבלייבען אין זייער געבורטס־לאנד, זאָנדערן צו פערברייגען דאָרט א קורצע צייט און צוריקקעהרען זיך נאָך זייער קאָלאָניע, וועלכע זיי האָבען צו־פעליג ענטדעקט און געגרינדעט, וואו זיי וואָלטען נאכהער געווען אונטער דיא שוץ פון דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

זיי האָבען וועגען דעם פאנטאזירט, געטרוימט; אָבער עס איז געווען זעהר וויטלויפיג אז זייערע חלומות זאָלען פערווירקליכט ווערען.

עס זיינען בלויז געווען צוויי וועגען דורך וועלכע זייער וואונש וואָלט גע־קענט ערפילט ווערען — ענטוועדער א שיף זאָל קומען צום לינקאָלן אינזעל און זיי נעהמען אהיים, אָדער זיי זאָלען אליין בויען אזא שיף, וואָס זאָל זיי אמזוויי־ניגסטען ברייננגען צו בעזעצטעס לאנד.

— סיידען — האָט פּענקראָפט געזאָגט — דער גוטער מלאך, וואָס האָט אונז אזוי פיעל גוטעס געטהאָן, וועט אונז געבען דיא מיטעל צו קומען אין אונזער לאנד; ווען ניט ער, וועלען מיר שוין דאָ שטארבען און מיר וועלען אונ־זער אלטע היים ניט זעהן.

ווען יעמאנד זאָל געווען קומען און זאָגען, אז א גרויסע שיף איז פון זייערט־וועגען אויסגעוואקסען איבער נאכט, וואָלטען פּענקראָפט און נעב דאָס געגלויבט און זיי וואָלטען עס צוגערעכענט צו דיא אנדערע וואונדער פון זייער געהיימניס־פאָלען רעטער און בעשיצער.

אָבער סיירוס הארדינג האָט אלץ ניט געגלויבט אין איבערנאטירליכעס און ער האָט זיינע קאָמפּאניאָנען געראטהען, אז זיי זאָלען זיך אליין העלפען וויא ווייט זיי קענען און ניט פערלאָזען זיך אין גאנצען אויף דיא הילף פון דעם מאן אָדער מלאך וואָס האָט שוין פאר זיי זעהר פיעל געטהאָן. זיין פּלאן איז געוועזען אז זיי זאָלען דערוויייל בויען א שיף, ווייל זיי מוזען אזוי שנעל וויא מעג־ליך אוועקפיהרען אויף'ן אינזעל טייבאָר א דאָקומענט, אין וועלכען עס זאָל בע־ריכטעט ווערען, וואו איירטאָן געפינט זיך.

אויפבויען אזא שיף האָט געדארפט דויערען וועניגסטענס זעקס מאָנאטען. דעם אינזשיניר איז איינגעפאלען אן אידעע, אז יא בויען א נייע שיף זאָלען זיי שוין בויען א גרעסערע און א מעהר זיכערע, אין וועלכע מען זאָל קענען אונטערנעהמען א ווייטערע רייזע וויא צום אינזעל טייבאָר.

— מיינע פריינדע — האָט ער געזאָגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען — איך דענק, אז איצט ווען אונזער "באָנעדווענטשור" איז שוין ניטאָ און מיר נעהמען זיך בויען א נייע שיף, איז ראטהזאם אז מיר זאָלען בויען א גרעסערע און פעס־טערע שיף. זאָל דיא ארבייט דויערען אביסעל לענגער און מיר זאָלען האָבען א ריכטיגע שיף. מיר זיינען ניט זיכער אויב דיא שאָטלענדישע שיף וועט קומען אויף'ן אינזעל טייבאָר אָבצונעהמען איירטאָן, און פיללייכט איז זיא שוין דאָרט געוועזען און אז איירטאָן איז ניט געפונען געוואָרען איז זיא צוריק אוועק. מיר האָבען זיך אלזאָ ניט צו איילען מיט דער רייזע צו יענעם אינזעל און מיר דאר־פען זיך בעסער נעהמען צייט און אויסבויען אזא שיף, וואָס זאָל אונז קענען ברייגנען קיין ניי־זעעלאנד אָדער אויף דיא פּאָלינעזישע אינזלען. וויא דענקט איהר, מיינע פריינדע?

— איך דענק — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אז מיר קענען בויען א גרויסע שיף אזוי גוט וויא א קליינע. האָלץ פעהלט אונז ניט, ווערק־צייג האָבען מיר אויך, עס איז בלויז אן אונטערשיעד אין צייט.

— וויא לאנג וועט דויערען צו בויען א שיף פון צוויי הונדערט פופציג ביז דריי הונדערט טאָן? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— אמווייניגסטען זיעבען אָדער אכט מאָנאטען — האָט פענקראָפט גע־ענטפערט — אָבער מען דארף ניט פערגעסען, אז דער ווינטער איז נאָהענט און אין דיא גרויסע קעלטען וועלען מיר גאָר ניט קענען טהאָן. מיר דארפען דא־רום רעכענען מעהר וויא אכט מאָנאטען פון היינט.

— קיין אונגליק ניט — האָט הארדינג געזאָגט — וועט דויערען נאָך א מאָנאט, אָבער מיר וועלען אלץ ארויסקומען אויף א גינסטיגע צייט ארויסצו־פאָהרען צום אינזעל טייבאָר אָדער אירגענד וואו ווייטער.

— זאָל זיין אזוי — האָט דער מאטראָז איינגעשטימט — מאכט אויס,

הערר קאפּיטאן, אייערע פּלענער, דיא ארבייטער זיינען פערטיג. איך דענק אז איירטאָן וועט אונז אויך פיעל בעהילפיג זיין.

דיא איבעריגע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען איינגעשטימט צו הארדינג׳ס פּלאן און זיי זיינען וויליג געווען צו נעהמען זיך שוין צו דער ארבייט.

סיירוס הארדינג האָט זיך באלד גענומען מאכען צייכנונגען און פּלענער. אין דער זעלבער צייט האָבען דיא אנדערע קאָלאָניסטען אויסגעהאקט בוימער און פון זיי געמאכט בוי מאטעריאל צו בויען דיא שיף. זיי האָבען צו דיעזען צוועק אויסגעקליבען דיא בעסטע האָלץ וואָס זיי האָבען געפונען. זיי האָבען דעם מאטעריאל געבראכט אין דיא "טשימנים", וואו זיי האָבען עס צוזאמענגעלעגט, אום עס זאָל זיך טריקענען.

עס איז ווערטה צו דערמאָהנען, אז הערר דזשופּ האָט דיא קאָלאָניסטען פיעל געהאָלפען אין אויסהאקען דיא בוימער און אין ברייננגען דיא האָלץ אין דיא "טשימנים". דער אָראנג־אוטאנג האָט געארבייט פלייסיג און ער האָט דיא לייטע פיעל נוצען געבראכט.

אין מאָנאט אפּריל זיינען מעהרסטענטהייל געווען שעהנע וועטערען. דיא קאָלאָניסטען האָבען אין יענעם מאָנאט געהאט צו טהאָן נאָך ארבייט; זיי האָבען, נעמליך, פעררוכט און אויפגעבויט אלעס וואָס דיא פּיראטען האָבען פערניכטעט אויף פּראָספּעקט האויס. זיי האָבען צוריק אויפגעבויט דיא מיהל און דעם געפליעגעל־הויף, וועלכען זיי האָבען געמאכט גרעסער, אום צו קענען אריינצונעהמען מעהר פויגלען. דיא קאָלאָניע איז אין יענעם מאָנאט רייכער געוואָרען מיט א וויכטיגען אינסטרומענט, נעמליך, אן אקער־אייזען מיט אלע איינריכטונגען איינצושפּאנען אין איהם אָקסען. דיא אָנאגאס האָבען דיא קאָלאָניסטען בענוצט אלס אָקסען און זיי האָבען מיט זיי זייער פעלד געאקערט. אין אבענד פלעגען דיא קאָלאָניסטען קומען פון זייער ארבייט און זיי פלעגען אין גראניט הויז שמועסען און מאכען פּלענער פאר דיא צוקונפט און זיי האָבען זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך.

איירטאָן איז פערבליבען מיט זיינע פריינד אין גראניט הויז און ער האָט שוין מעהר קיין לוסט געהאט צו לעבען אין איינזאמקייט ביי דיא פיה־שטאהלען. אָבער ער איז מעהרסטענטהייל געווען אומעטיג, פערזאָרגט און ער האָט זיך ניט בעטהייליגט אין לוסטיגע אונטערהאלטונגען. דערפאר אָבער האָט ער זיך פון דיא שווערסטע ארבייט ניט אָבגעזאָגט און ער האָט מיט אלע קרעפטען געארבייט פאר׳ן וואָהלזיין פון דער קאָלאָניע.

אונטערדעסען האָבען דיא בעזיצער פון אינזעל אויך ניט פערגעסען אָן זייערע שעפּסען און ציעגען וואָס זיי האָבען געהאט אין דיא שטאהלען און א טאָג איבער א טאָג פלעגט איינער פון זיי אהין פאָהרען מיט׳ן וואָגען און זעהן,

אז דיא טהיערע זאָלען דאָרט האָבען אלעס וואָס זיי פאָדערען. צוריק פלעגט ער ברייננגען מילך פון דיא ציעגען און אָפטמאָל אויך פויגלען און טהיערע וואָס ער פלעגט אויף'ן וועג שיסען.

הערבערט און ספּילעט פלעגען מעהר פאָהרען צו דיא שטאהלען וויא דיא אנדערע קאָלאָניסטען. זייער קאָך־מאסטער איז אליין געווען נעב און פענקראָפט פלעגט איהם ארויסהעלפען.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז דיא טעלעגראַף דראָטען צווישען גראניט הויז און דיא פיה־שטאהלען, וואָס דיא פּיראטען האָבען צוריסען, האָבען דיא קאָלאָניסטען צוריק געבראכט איין גוטע אָרדנונג און ווען איינער פון זיי איז געווען אין דיא פיה־שטאהלען, האָט ער זיך מיט זיינע קאמעראדען אין גראניט הויז דורכגערעדט דורך דיא דראָטען.

אָבוואָהל דער אינזעל איז שוין ערשט געווען זיכער, ווייל פון דיא פּיראַ־טען איז קיין איינער פערבליבען, דאָך האָבען דיא קאָלאָניסטען געפונען פאר נויטהיג צו זיין פאָרזיכטיג און היטען זיך פאר אן אונערוואַרטעטען איבערפאל. אזוי וויא יענע באנדע פּיראטען זיינען צו זיי געקומען צופעליג, קען דאָך פאסירען אז אן אנדער באנדע זאָל אויך פערבלאָנדזען אויף זייער אינזעל, און ווער קען וויסען? פיליייכט ווייסען ערגיץ באָב הארווי'ס פריינד וואָס איהם און זיינע מענשען האָט געטראָפען אויף'ן לינקאָלן אינזעל און זיי וועלען קומען ראכע נעהמען פון דיא קאָלאָניסטען? זיי פלעגען דארום אלע טאָג קוקען דורך א טעלעסקאָפּ אויף'ן ים, אום צו זעהן אויב א שיף קומט ניט אָן.

זיי האָבען קיינע פערדעכטיגעס ניט בעמערקט, דאָך איז דער טעלעסקאָפּ אימער געווען ביים האנד און זיי האָבען ניט פערפעהלט צו מאכען זייערע בעאָבאכטונגען.

דער אינזשיניר האָט איין אבענד אויפגעגעבען א פּראָיעקט, אז זיי זאָלען בעפעסטיגען זייערע שטאהלען. דיא גראניט הויז איז געווען זיכער פון אן איבערפאל. אהין האָט קיינער ניט געקענט צוקומען און הארדינג האָט געוואָלט דאָס דיא שטאהלען זאָלען אויך זיין פעסט און זיכער פון אירגענד וועלכען פיינד. זיין פּלאן איז געווען צו מאכען א הויכען און פעסטען פארקאן ארום און ארום, וואו זיי זאָלען זיך קענען איינשליסען און זיכער זיין, אין פאל עס פאסירט נאָך אמאָל אזא צופאל וויא לעצטענס מיט דיא פּיראטען. וועגען דיעזען פּראָיעקט האָבען דיא קאָלאָניסטען זיך געדארפט איבערלעגען. יעדענפאלס האָט עס באלד ניט געקענט געטהאָן ווערען און מען האָט געדארפט ווארטען אויף א גינסטיגער צייט.

דעם פופצעהנטען מאי איז דער אונטערשטער טהייל פון דער נייער שיף געווען פערטיג. דיא שיף איז געווען הונדערט און צעהן פוס לאנג און פינף און צוואנציג פוס ברייט אין מיטען. ביי דיא ברעגען איז זיא געווען שמעלער. מעהר

וויא דעם אונטערשטען טהייל האָבען דיא שיפס־בויער ניט געקענט מאכען ביז דיא שלעכטע ווינטער וועטערען האָבען זיך אָנגעפאנגען און דיא ארבייט האָט ניט געקענט פאָרטגעזעצט ווערען.

אָבער פענקראָפט און איירטאָן, דיא פלייסיגסטע ארבייטער צווישען דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט אזוי גיך אויפגעגעבען דיא ארבייט. זיי האָבען דיא רעגענס, ווינטען און קעלט ניט געשטערט פון בויען דיא שיף. א קלאפ פון א האמער אָדער פון א האק, פלעגט פענקראָפט זאָגען, ברענגט דיא זעלבע נוצען אין וואָס פאר א וועטער עס זאָל ניט זיין, ווייל דיא ארבייט וואָס ווערט איין מאָל אָבגעטהאָן דארף מען א. צווייטען מאָל ניט טהאָן. ער און איירטאָן זיינען ניט איינמאָל אויסגעווייקט געוואָרען פון רעגען און פיעל געליטען פון קעלט, אָבער דאָס האָט זיי ניט אָבגעהאלטען פון טהאָן מעהר אָדער ווייניגער פאר דער נייער געביידע.

אָבער נאכהער זיינען געוואָרען אזעלכע פרעסט, אז עס איז געוואָרען אונ־מעגליך זאָגאר פאר פענקראָפט און איירטאָן אָנצוגעהן ווייטער מיט דער ארבייט. דיא האָלץ איז געווען געפראָרען און הארט אזוי וויא שטיין און צו אן אייזערנעם אינסטרומענט האָט מען זיך ניט געקענט צוריהרען, און דיא גאנצע ארבייט פון בויען דיא שיף איז דעם צעהנטען יוני אויפגעגעבען געוואָרען. איינמאָל ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען אָנגעפיהרט א געשפרעך וועגען דיא אונערטרעגליכע קעלטען, האָט סיירוס הארדינג געזאָגט צו זיינע קאָמפּאניאָנען:

— עס איז אָנגענומען דאָס אויף אינזלען און ביים ברעג פון ים איז ניט אזוי קאלט וויא אין לענדער וואָס ליגען אונטער דער זעלבער ליניע. דאָס ווערט ערקלערט דערמיט, וואָס דאָס וואסער פון מעער נעהמט זומער אין זיך ארײַן ווארימקייט און ווינטער געהט דיעזע ווארימקייט ארויס. אינזלען וואָס זיינען ארומגערינגעלט פון ים אין אלע זייטען ווערען, זאָ צו זאָגען, בעהייצט מיט דיא ווארימקייט וואָס איז אָנגעזאמעלט אין גרויסען רעזערוואואר.

— אָבער ווארום — האָט הערבערט געפרעגט — האלט דיעזער רעגעל ניט אוים אויף אונזער לינקאָלן אינזעל?

— דאָס איז שווער צו ערקלערען — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — איך וויים ניט אויף זיכער ווארום דאָ איז אזוי קאלט, אָבער איך דענק אז דאָס קומט דערפון וואָס אונזער אינזעל ליגט מעהר צו זידען (דרום זייט), און דאָס ווייסט דוא דאָך, מיין יונגע, אז אויף'ן זידליכען האלב־קוגעל איז קעלטער וויא אויף'ן נאָרדליכען.

— יא — האָט הערבערט געזאָגט — אייזבערג בעגעגענט מען גיכער אין זידליכען זייט פון שטילען ים וויא אין נאָרדליכען.

— דאָס איז אמת — האָט פענקראָפט בעמערקט — ווען איך בין אמאָל

אומגעפאָהרען מיט וואלפיש פאנגער האָב איך זיך איבערציינגט אז אייזבערג שווימען דאָס רוב אין זידען.

— עס קען זיין — האָט גידעאָן ספּילעט זיך אָבגערופען — אז די יעצטיגע קעלט אויף לינקאָלן אינזעל קומט פון אייזבערג וואָס שווימען אירגענד וואו ניט ווייט פון דאנען.

— אייער מיינונג איז אזעלכע וואָס קען אָנגענומען ווערען — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט — עס איז זעהר מעגליך אז אייזבערג זיינען פעראנטוואָרטליך פאר די שווערע ווינטערען וואָס מיר האָבען דאָ. אָבער איך וועל אייך זאָגען נאָך א זאך, ווארום אויף'ן זידליכען האלב־קוגעל איז קעלטער. דאָס איז גאָר איינפאך: די זונן איז זומער נעהענטער צו זידען, דערפאר איז זיא ווינטער ווייטער, און וואָס ווייטער די זונן איז, אלץ קעלטער איז. דעריבער טאקי האָבען מיר דאָ די זומערען אויך שווערע מיט גרויסע היצען.

— אָבער ווארום, הערר קאפּיטאן — האָט דער מאטראָז געפרעגט — איז די וועלט איינגעטהיילט געוואָרען אזוי שלעכט? ווארום זאָל ניט זיין איבעראל גלייך? איז דאָס ניט אן אונרעכט?

— פריינד פּענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט לאכענדיג — אויב עס איז רעכט אָדער ניט מוזען מיר זיין אונטערוואָרפען די נאטור געזעצע. אָבער איך וויל אז איהר זאָלט די זאך פערשטעהן און איך וועל עס אייך ער־קלערען. די ערד דרעהט זיך ניט ארום דער זונן אין א קיילעכדיגען צירקעל, זאָנדערן אין אן איי־פאָרמיגען קרייז, דעריבער מוז אויסקומען, אז אמאָל איז א טהייל פון דער ערד ווייט פון דער זונן און אמאָל נעהענטער. ווינטער קומען אויס די זידליכע לענדער גאנץ ווייט פון דער זונן. די היץ פון דעם גרויסען געטליכען לאָמפּ קומט וועניג צו יענעם טהייל ערד און דארום איז דאָרט קאלט. די וועלט איז אזוי בעשאפען געוואָרען און מענשען, וויא געלערענט זיי זיינען, קענען קיין ענדערונג מאכען אין דער מעכאניזם פון דער וועלט, וועלכע גאָט אליין האָט איינגעריכטעט.

— און דאָך — האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען — איז די וועלט זעהר געלערענט און געבילדעט. וואָס פאר א גרויסען בוך מען וואָלט, הערר קאפּיטאן, געקענט מאכען פון אלעם וואָס מענשען ווייסען!

— און וואָס נאָך פאר א גרעסערען בוך וואָלט מען געקענט מאכען פון דאָס וואָס מען ווייס נאָך ניט! — האָט הארדינג געענטפערט מיט א שמייכעל.

די קעלט איז אין די ווייטערע טעג פון מאָנאט יוני געוואָרען אלץ שטאר־קער און שטארקער און די קאָלאָניסטען זיינען געוועזען געצוואונגען צו זיין איינגעשפּארט אין גראניט הויז. דאָס איז פאר זיי געוועזען אונערטרעגליך, בע־זאָנדערס פאר גידעאָן ספּילעט, וועלכער האָט ניט געקענט לעבען אָהן בעשעפטי־גונג.

ביים רעפּאָרטער איז אירגענד וועלכע ארבייט געוועז א צייט פערטרייב צו פערגעסען זיין בענקעניש נאָך צייטונגען און נאכריכטען פון דער אויסערער וועלט, וועלכע ער איז זעהר גערן געוועז צו וויסען.

דיא קאָלאָניע פון לינקאָלן אינזעל איז דאמאָלס געוועז אויף׳ן העכסטען שטאפּעל פון פּראָגרעס. דורך דיא דריי יאָהר שווערע ארבייט האָבען דיא קאָ־לאָניסטען דאָרט ערוואָרבען אלעס וואָס מענשען דארפען האָבען. עס האָט זיי קיין זאך ניט געפעהלט און זיי האָבען זיך בייגאהע געקענט פערגלייכען מיט איינוואָהנער פון ציוויליזירטע לענדער. זיי האָבען געהאט א גוטע וואָהנונג, קליידער, תבואה, פיה, פערשיעדענע כעמישע מאטעריאלען, ווערק־צייג, אינ־סטרומענטען, וואפען און אלע אנדערע מענשליכע בעדירפניסע. דיא לייטע האָבען אויף׳ן איינזאמען אינזעל געלעבט גאנץ בריימלעך, אויף׳ן בעסטען ארט, און מען קען זאָגען, אז מעהר וויא א צייטונג האָט זיי דאָרט ניט געפעהלט.

אזוי זיינען פאָראיבער דיא ווינטער מאָנאטען, יוני, יולי און אוגוסט. דורך דער צייט זיינען דאָרט געוועז אונגעהייער גרויסע פרעסט און שטורם־ווינדען. אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען אין גראניט הויז קיין קעלט ניט געַ־ליטען. זיי האָבען געהאט גענוג האָלץ און קויהלען און זיי האָבען זייערע אויוועַנס שטענדיג געהייצט. זיי האָבען דיא הייץ־מאטעריאלען ניט געשפּאָרט און זיי האָבען געוואָרימט זייערע צימערען מיט א ברייטער האנד.

אי דיא קאָלאָניסטען, אי דיא טהיערע וואָס זיי האָבען געהאָדעוועט זיינען געוועזען אין בעסטען געזונדהייטס צושטאנד. הערר דזשופּ איז געוואָרען א גאנצער מאָן. ער האָט דיא קאָלאָניסטען בעדיענט אויף׳ן בעסטען ארט. ער האָט פערשטאנען אלעס וואָס מען האָט צו איהם גערעדט און האָט יעדע זאך געטהאָן פּינקטליך. ער איז פיללייכט געוועזען דער געבילדעטסטער אָראנג־אוטאנג אין דער גאנצער וועלט.

פּענקראָפט פלעגט איהם רופען "דער דיענער מיט פיער הענד" און ער פלעגט זיך אָפט וויצלען, אז עס איז קיין וואונדער וואָס דזשופּ טהוט אלעס אזוי שנעל און גוט, ווייל ער האָט צוויי מאָל אזוי פיעל הענד וויא א מענש און ער קען דארום טהאָן צוויי מאָל אזוי פיעל ארבייט.

אין פערלויף פון דער גאנצער צייט פון דיא זיעבען מאָנאטען זייט דיא קאָ־לאָניסטען האָבען געמאכט דיא פאָרשונגען ארום דעם בארג פרענקלין, האָבען זיי פון זייער געהיימניספאָלען בעשיצער גאָר ניט געהערט. עס איז אוועק דער מאָנאט סעפּטעמבער, אין וועלכען עס איז שוין געוועזן שעהנעס וועטער, און דער פערבאָרגענער האָט זיך אליין ניט געלאָזט הערען. דיא קאָלאָניסטען האָבען, אמת, דורך דער צייט ניט געדארפט האָבען זיין הילף, ווייל קיינע בעזאָנדערעס האָט מיט זיי ניט פאסירט; אָבער זיי זיינען אלץ גערן געוועזן צו געפינען איהם,

אָנקוקען איהם און ווארים דריקען זיינע הענד, וועלכע האָבען אזוי פיעל געטהאָן פאר זיי, דיא עלענדע בעזיצער פון אינזעל.

און מערקווירדיג! אלע צייכענס פון דיא געהיימניספאָלע פערזענליכקייט זיינען פערשוואונדען געוואָרען. טאפּ, וועלכער פלעגט אמאָל בילען ביים ברונים, האָט דורך דער גאנצער צייט קיין איין מאָל געבילט. דזשופּ האָט אויך קיין צייכען בעוויזען, אז ער שפּירט עפּעס אויף'ן גרונד פון ברונים. דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען זיכער, אז דאָס בילען פון הונד און דאָס ברומען פון דער אפּע האָבען געהאט א צוזאמענהאנג מיט דעם פערבאָרגענעם; דיא טהיערע האָבען איהם אמאָל געשפּירט, זיי האָבען געפּיהלט ווען ער האָט זיך געפונען ארום גראַניט הויז אָדער אונטערן גראניט הויז, און אין פערלויף פון דיא לעצטע אכט מאָנאטען האָבען זיי איהם ניט געשפּירט! וועט זיך שוין ניט מאכען אזא צופאל וואָס וועט דעם געהיימען רעטער ברייגגען צו צייגען זיינע וואונדער? איז ער שוין אין גאנצען פערשוואונדען אָדער ער וועט נאָך ווידער אמאָל ערשיינען אויף דער סצענע? דאָס האָבען דיא קאָלאָניסטען געמוזט ווארטען, אז דיא צוקונפט זאָל ענטשיידען.

ענדליך איז דער ווינטער אין גאנצען פאָראיבער און אין דיא ערשטע טעג פון פריהלינג האָט פּאסירט א זאך וואָס האָט דיא קאָלאָניסטען געמאכט צו זאָרגען.

דעם זיעבעטען דעצעמבער האָט סיירוס הארדינג בעאָבאכטעט דעם בארג פרענקלין און ער האָט דערזעהן א רויך אויף'ן שפּיץ בארג און א געדיכטער דאמפּף האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופט.

דער וואולקאן האָט אָנגעהויבען זיין טהעטיגקייט און מען האָט געדארפט מורא האָבען פאר א שרעקליכען אויסברוך.

## 15טעם קאפּיטעל.

דער שעהנער סעזאָן. — דער אַבענד פון פופצעהנטען אָקטאָבער. — אַ געהיימניספאָלע נאַכריכט. — אַ שפּאַציער צו דיא שטאהלען. — א טעלעגראַף דראָט. — אונטערערדישער קאַנאַל. — דער געהיימניספאָלער מאן.

---

דיא קאָלאָניסטען האָבען אוועקגעלעגט זייער ארבייט און זיי האָבען געבליקט אויף'ן שפּיץ פון בארג פרענקלין, וואו דער אינזשיניר האָט זיי אָנגעצייגט.

דער וואולקאן האָט אויפגעוואכט און האָט אָנגעפאנגען זיין העלישע טהעטיגקייט. אָבער וועלען דיא אונטערערדישע פייערען ברייגגען שאדען צום

לינקאָלן אינזעל? וועט דער אויסברוך זיין א געפעהרליכער? דאָס האָט מען פּאָראויס ניט געקענט וויסען. יעדענפאלס האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געדענקט אז דער גאנצער אינזעל זאָל ליידען, ווען זאָגאר עס זאָל זיין א גרויסער און שרעקליכער אויסברוך. דער אינזעל האָט שוין איינמאָל אָדער מעהרערע מאָל געליטען פון וואולקאן, דאָס האָבען בעוויזען דיא שוועבעל קוואלען און דיא לאווא וואָס איז געווען אָנגעוואָרפען ארום פרענקלין, און דאָך איז דער אינזעל פערבליבען גאנץ, און מען האָט געקענט האָפען אז דיעזען מאָל וועט אויך ניט זיין ערגער.

אָבער דיא פערגאנגענהייט קען ניט פערענטפערען דיא צוקונפט. עס פּאסירט אמאָל, אז דער אלטער קראטער ווערט פערשטאָפּט און דיא אונטערערדישע פייערען מוזען דורכברעכען אן אנדער וועג ארויסצוקומען און דאן שמעקט עס שוין מיט געפאהר. אזעלכע פעלע האָבען שוין פּאסירט און ווער ווייס אויב אויף'ן לינקאָלן אינזעל וועט אזעלכעס ניט פּאסירען?

סיירוס הארדינג האָט עס ערקלערט צו זיינען קאָמפּאניאָנען, אָבער ער האָט זיי ניט שווער געמאכט דיא הערצער און ער האָט ניט פּראָפעצייהעט קיין געפאהר. יעדענפאלס, וואָס האָבען זיי געקענט העלפען? האָבען זיי דיא וואולקאנישע פייערען געקענט אָבהאלטען אז זיי זאָלען ניט ארויספלאצען? אויסערדעם, איז סיירוס הארדינג אליין געווען כמעט זיכער, אז פאר דער גראניט הויז שטעהט קיין געפאהר, סיידען עס זאָל קומען אן ערדציטערניס; אָבער דיא פיהשטאהלען זיינען געווען אין גרויס געפאהר צו פערניכטעט ווערען אויב א נייער קראטער זאָל זיך עפענען ביים זידליכען זייט פון בארג פרענקלין.

פון יענעם טאָג אָן האָט שוין ניט אויפגעהערט צו רויכערען אויף'ן שפּיץ פון בארג פרענקלין און דער רויך איז אלע מאָל געוואָרען גרעסער און געדיכטער; אָבער קיין פייער האָט מען ניט געזעהן.

דיא קאָלאָניסטען האָבען פון דעסטוועגען פאָרטגעזעצט זייער ארבייט ביים בויען דיא שיף. סיירוס הארדינג האָט געמאכט א מאשין צו זעגען האָלץ. דיא מאשין איז געטריבען געוואָרען פון וואסער אזוי וויא א וואסער מיהל. עס איז געווען אזוי איינגעריכטעט, אז דער בוים אָדער דיא קלאָץ וואָס מען האָט געדארפט צוזעגען האָט זיך דורך דעם מעכאניזם געשטופּט לאנגזאם, וועהרענד זעגען האָבען זיך געהויבען ארויף און אראָפּ און געשניטען דיא קלאָץ אויף ברעטטער. ארום ענדע פון מאָנאט סעפּטעמבער איז דיא אויסערליכע געביידע פון דער שיף געווען פערטיג. אָבער עס האָט נאָך געדארפט נעהמען א היבשע צייט צו ענדיגען דיא גאנצע ארבייט און מאכען דיא שיף גינסטיג פאר א רייזע. צום גליק האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאט פערטיגע אייזען ארבייט פון דער צושמעטערטער פּיראטען שיף און אויך נאָך זאכען וואָס זיי האָבען געקענט געברויכען צו זייער נייע געביידע און דאָס האָט זיי געשפּאָרט פיעל ארבייט.

דיא ארבייט פון בויען דיא שיף איז אונטערבראָכען געוואָרען אויף א

וואָך צייט, ווייל דיא קאָלאָניסטען האָבען געדאַרפט ארונטערנעהמען דיא תבואה פון זייער פעלד און שניידען היי. ווען זיי זיינען מיט דיא פעלד ארבייט פערטיג געוואָרען האָבען זיי זיך ווידער גענומען צו פערפערטיגען זייער שיף. זיי האָבען זעהר שווער געארבייט און ניט איינמאָל האָבען זיי א מאָהלצייט דורכגעלאָזט און ניט געגעסען, ווייל זיי האָבען געזשאלעוועט דיא צייט. זיי האָבען אויך זעהר וועניג געשלאָפען און זאָלאנג זייערע קרעפטען און אומשטענדען האָבען זיי ערלויבט, זיינען זיי אלץ געווען בעשעפטיגט ביים פערפערטיגען דיא שיף.

אָפטמאָל פלעגען זיי אין דער קורצער צייט וואָס זיי האָבען געהאט צו שלאָפען אָנפיהרען געשפרעכען איינע מיט דיא אנדערע. זיי פלעגען געוועהנליך רעדען פון זייער צוקונפט און פאנטאזירען וועגען זייער גליקליכע רייזע אויף דער נייער שיף, וויא אזוי זיי וועלען קומען צו בעוואָהנטעם לאנד, וויא זיי וועלען אויפגענומען ווערען אין זייער אייגענעם פאָטערלאנד און וויא זיי וועלען נאכהער צוזאמען מיט אנדערע צוריקקומען אויף'ן אינזעל לינקאָלן, וועלכער וועט ווערען א טעריטאָריע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, און זיי וועלען זיך אויף איהם בעזעצען און לעבען גליקליך אונטער דעם שוץ פון דער גרויסער און פרייער רעפובליק. צו קומען אהיים און פערבלייבען דאָרט, האָבען זיי קיינמאָל ניט געדענקט, בעזאָנדערס פענקראָפט און נעב, וועלכע האָבען שוין לאנג אָבגעערעדט, אז זיי וועלען זייערע יאָהרען דערציהען אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

— הערבערט — האט זיך איינמאָל דער מאטראָז אָבגערופען — ועסט דוא פערלאָזען דיעזען אינזעל?

— קיינמאָל ניט, פענקראָפט — האָט הערבערט געענטפערט — בעזאָנדערס אז איהר ווילט דאָ פערבלייבען, וועל איך אויך זיין מיט אייך.

— דאָס איז שוין לאנג אָבגעמאכט — האָט פענקאָרפט געענטפערט — איך וועל שוין זיכער פערבלייבען א היעגער און דוא, הערבערט, וועסט הייראטהען, וועסט אהער ברייננגען דיין פרוי און קינדער און מיר וועלען לעבען גליקליך. איך וועל דאָ פון דיינע יונגווארג מאכען לייט!

— אָבגעמאכט! — האָט הערבערט געענטפערט מיט א געלעכטער און ער האָט זיך אין דער זעלבער צייט אביסעל פערשעהמט.

— און איהר, קאפיטאן הארדינג — האָט פענקראָפט פאָרטגעזעצט — וועט זיין דער גאָווערנאָר, דער רעגיערער פון אינזעל! וויפיעל איינוואָהנער וועלען מיר דאָ קענען האָבען? צעהן טויזענד, אמווניגסטען!

אין אזעלכע געשפרעכען פלעגט פענקראָפט זעהר אָפט פערברייננגען זיינע און זיינע קאָמפאניאָנען'ס רוהע צייט. גידעאָן ספּילעט האָט אויך פיעל נעטרוימט וועגען דיא גלענצענדע צוקונפט פון לינקאָלן אינזעל און ער האָט שוין

זאָגאר פאנטאזירט וועגען ארויסגעבען אן אייגענע צייטונג מיט'ן נאָמען "ניו לינקאָלן העראָלד".

דעם מענשען'ס פאנטאזיע איז ברייט און ווייט. ער ווינשט פיעל, אָבער ניט אלעס קען ער צום טהאט ברייינגען.

און ווער האָט געקענט וויסען דיא געפיהלען פון דזשופ און טאפ? פיליכט האָבען זיי אויך געטרוימט פון א גלענצענדע צוקונפט!

איירטאָן פלעגט קיין אנטהייל נעהמען אין דיזע געשפּרעכען. ער איז שטענדיג געווען שטיל. ער האָט נור געוואונשען אז לאָרד גלענארוואן זאָל קו־מען און ערקלערען פאר אלעמען אז זיינע זינד זיינען שוין אָבגעמעקט און אז זיין נשמה איז שוין ריין פון זיינע אמאָליגע פערברעכענס.

איין אבענד, דאָס איז געווען דער 15טער אָקטאָבער, האָבען דיא קאָלאָ־ניסטען אָנגעפיהרט א געשפּרעך לענגער וויא אימער. עס איז שוין געווען שפּעט אין אבענד, ווען פלוצלינג האָט זיך געהערט דער קלונג פון עלעקטרישען גלעקעל ביים טעלעגראף אפּאראט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זייערע אייגענע אויערען ניט געגלויבט. זיי זיינען אלע געווען אין גראניט הויז, הייגט ווער קען דאָס קלינגען פון דיא פיהר־שטאהלען?

— וואָס איז דאָס? — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — וואָס פאר א טייפעל קלינגט עס דאָרט?

קיין אנטוואָרט איז געקומען.

— עס איז א שטורמדיגער וועטער — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — האָט ניט א שטורם עפּעס א ווירקונג אויף עלעקטריציטעט?

הארדינג, אויף וועמען אלעמענס אויגען זיינען געווען געריכטעט, האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ "ניין".

— מיר מוזען ווארטען — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — דאָס איז עפּעס א סיגנאל און דער וואָס האָט איינמאָל געגעבען א סיגנאל וועט געבען נאָך אמאָל.

— אָבער ווער, דענקט איהר, זאָל דאָס זיין? — האָט נעב פערוואונדערט געפרעגט.

— ווער? — האָט פּענקראָפט געענטפערט — וואהרשיינליך דער זעלבער, וואָס —

דער מאטראָז האָט קיין צייט געהאט צו ענדיגען דיא פראזע, ווען דער גלעקעל האָט ווידער אָנגעהויבען קלינגען.

הארדינג איז צוגעגאנגען צום אפּאראט און ער האָט דורך'ן טעלעגראף גע־פרעגט:

— וואָס ווינשט איהר? וואָס פערלאַנגט איהר?

[illegible]ניגע מאָמענטען שפּעטער איז אָנגעקומען דורך'ן טעלעגראַף פאָלגענדע נאַכריכט:

"קומט זאָפאָרט אין דיא פיה־שטאַהלען!"

— ענדליך! — האָט הארדינג אויסגעשריען — ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען!

יא, ענדליך האָט עס געהאַלטען דערביי, אז דיא זאָנדערבארע געהיימניסע זאָלען ענטדעקט ווערען!

ניט אכטענדיג דערויף וואָס דיא קאָלאָניסטען זיינען געוועזן מיעד און שלעפעריג, האָבען זיי זיך געאיילט וואָס שנעלער צו קומען צו דיא שטאַהלען, אום וואָס גיכער צו זעהן דיא פּערזענליכקייט, וועלכע זיי זיינען אזוי גערן געוועזן צו זעהן. נייע און פרישע קרעפטען זיינען צו זיי אין יענעם מאָמענט געקומען און דער לוסט צו רוהען און שלאָפען איז פון זיי פערשוואונדען. אין איינינגע מאָמענטען ארום האָבען זיי אלע פערלאָזען דיא גראַניט הויז און זיי זיינען אלע געוועזן אונטען ביים ים. בלויז דזשופּ און טאָפּ זיינען פערבליבען אין הויז.

עס איז געוועזן א פינסטערע נאַכט. דיא לבנה האָט דאמאָלס ניט געשיינט און דיא שטערען זיינען געוועזן בעהאַלטען איבער געדיכטע, פינסטערע וואָלקענס, בלויז בליטצען האָבען פון צייט צו צייט בעלויכטען דעם האָריזאָנט.

עס האָט אויסגעזעהן, אז קירצליך וועט אָנהויבען דונערען און מען האָט געקענט ערווארטען א גרויסען שטורם.

אָבער קיין זאַך האָט ניט געקענט שטערען דיא קאָלאָניסטען זייער גאנג צו דיא שטאַהלען און קיין שטורם וואָלט זיי דערפון אָבגעהאַלטען. זיי האָבען ניט געצווייפעלט, אז דיא געהיימניספאָלע פּערזאָן, וואָס האָט זיי אזוי פיעל בעשיצט און געשטיצט, האָט עס זיי גערופען און פאר זיי וואָלט ניט שווער געוועזן זיך אונטערצואווארפען דיא גרעסטע געפאַהרען, אום צו האָבען דיא מעגליכקייט צו זעהן איהם און רעדען מיט איהם.

זיי זיינען געגאַנגען מיט פעסטע טריט און יעדע מינוט האָט זיך זיי געצויגען אזוי וויא א שטונדע, וייל זיי האָבען שנעלער געוואָלט קומען צום געווינשטען אָרט און אָנקוקען דאָס געזוכט פון דעם רואה ואינו נראה — פון דער פּערזאָן וואָס האָט זיי שטענדיג געזעהן און זיי האָבען איהם ניט געקענט זעהן.

זיי זיינען דורכאויס געגאַנגען דורך'ן געדיכטען וואַלד. קיין וועג האָבען זיי פאר זיך ניט געזעהן, אָבער זיי זיינען זיכער געוועזן אז זיי בלאָנדזשען ניט. אין וואלד איז געוועזן שטיל, קיין שאָרך פון טהיערע און פויגלען האָט מען ניט געהערט. זיי האָבען זיך וואהרשיינליך בעהאַלטען אין דיא נאָרעס און נעסטען, וויל זיי האָבען געשפּירט דיא אנקונפט פון שלעכטעס וועטער.

דורך דער ערשטער פיערטעל שטונדע גאנג האָבען דיא קאָלאָניסטען גאָר ניט גערעדט. דיא שטילקייט איז בלויז געשטערט געוואָרען דורך פּענקראָפט׳ס א פראגע און הארדינג׳ס אן אנטוואָרט.

— האָבען מיר ניט שלעכט געטהאָן וואָס מיר האָבען ניט מיטגענומען א פאקעל? — האָט דער מאטראָז געפרעגט:

— קיין אונגליק — האָט הארדינג געענטפערט — אין דיא שטאהלען וועלען מיר שוין געפינען א מיטעל וויא אזוי צו מאכען ליכטיג.

אין פינף און דרייסיג מינוט צייט זיינען דיא קאָלאָניסטען אָבגעגאנגען דריי מייל און עס איז זיי נאָך פערבליבען צוויי מייל צו געהן. עס איז דאמאָלס געווען אומגעפעהר א פיערטעל צו צעהן דער זייגער.

אין יענעם מאָמענט האָט אָנגעהויבען שטארק בליצען און דער וואלד איז אלע ווײלע אילומינירט געוואָרען מיט א העלע ליכט. דיא קאָלאָניסטען זיינען שיער פערבלענדעט געוואָרען פון דיא ליכטיגע שיין פון דיא בליצען. אלע צייכענס האָבען בעוויזען, אז א שרעקליכער שטורם קומט אָן.

זיי האָבען זיך געלאָזט געהן נאָך שנעלער און עס האָט אויסגעוויזען, אז זיי ווערען געטריבען אָדער געשלעפּט צו דיא פיה שטאהלען פון א געהיימע קראפט.

אום צעהן אוהר האָבען זיי דורך דעם בליאסק פון א בליץ געזעהן דעם צאם פון דיא שטאהלען און ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טהויער האָט א שטורם אויסגעבראָכען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך געלאָזט לויפען צו דער שטיבעל, פון וועלכע דער אונבעקאנטער האָט זיי וואהרשיינליך דיא טעלעגראמע געשיקט. דאָרט איז אָבער געווען שטאָק פינסטער.

הארדינג האָט אָנגעקלאפּט אין טהיר, אָבער קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען.

דער אינזשיניר האָט דיא טהיר געעפענט און ער און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען אריין אינוועניג. נעב האָט אָנגעצונדען פייער. ביי דער שיין האָבען זיי דאָרט דערזעהן א לאנטערנע און זיי האָבען זיא אָנגעצונדען.

קיינער איז אין שטיבעל ניט געווען און אלעס איז געלעגען און געשטאנען אויף׳ן אָרט אזוי וויא דיא קאָלאָניסטען האָבען עס איבערגעלאָזט.

— זיינען מיר אָבגענארט געוואָרען דורך אן איינבילדונג? — האָט סיירוס הארדינג צו זיך אליין געמורמעלט.

אָבער ניין! דאָס האָט ניט געקענט זיין. דער טעלעגראף האָט דייטליך אויסגעקלאפּט דיא ווערטער: "קומט זאָפאָרט צו דיא שטאהלען!"

דיא קאָלאָניסטען זיינען צוגעגאנגען צום טישעל אויף וועלכען דער טעלעגראפישער אפּאראט איז געשטאנען און זיי האָבען דאָרט אלעס געפונען אין אָרדנונג.

— ווער איז דאָ לעצטענס געווען? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— איך, הערר קאַפּיטאן — האָט איירטאָן געענטפערט.

— ווען?

— מיט פיער טעג צוריק.

— א צעטעל! א בריעף! — האָט הערבערט אויסגעשריען אָנצייגענדיג אויף א שטיקעל פּאַפּיר וואָס איז געלעגען אויף'ן טיש.

אויף'ן פּאַפּיער זיינען געווען אויפגעשריעבען אין ענגליש דיא ווערטער: Follow the new wire (פאָלגט נאָך דעם נייעם דראָט).

הארדינג האָט באלד פערשטאנען, אז ניט פון דאָרט האָט דיא געהיימע פּערזאָן געשיקט דיא טעלעגראַמע, זאָנדערן פון אַן אנדער פּלאַץ, פון וועלכען דער פערבאָרגענער האָט צוגעצויגען א דראָט צו זייער טעלעגראַף. ער האָט זיך באלד געלאָזט געהן צום טהיר און אויסגעשריען:

— פאָרווערטס, פריינדע, פאָרווערטס! נעב האָט גענומען דיא לאַנטערנע, ער האָט זיינע קאָמפּאניאָנען בעלויכטען דעם וועג און זיי האָבען פערלאָזען דאָס הויז.

דער רעגען שטורם האָט דאַן אויסגעפּלאַצט מיט שרעקליכע מאכט. דונערען און בליצען האָבען געפאָלגט איינע נאָך דיא אנדערע און מען האָט ביים שיין פון דיא בליצען געזעהן דעם רויך פון וואולקאן אויף'ן שפּיץ פון בארג פרענקלין.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געזוכט ארום און ארום און זיי האָבען ניט געפונען קיינע טעלעגראַפישע דראָטען אויסער זייערע אייגענע. אָבער א ווייל שפּעטער איז דער אינזשיניר צוגעלאָפען צו א טעלעגראַף סלופּ און ער האָט דערזעהן, אז פון דאָרט העגנגט אראָב א נייער דראָט.

— אָט דאָרט איז דאָס! — האָט ער אויסגעשריען.

דער דראָט האָט זיך געצויגען איבער דער ערד. הארדינג האָט געגעבען א בעפעהל, אז זיי זאָלען נאָכפאָלגען דעם דראָט. זיי זיינען אלע געגאנגען אין דיא ריכטונג וויא דער דראָט האָט זיך געצויגען.

דיא דונערען האָבען אזוי געקלאַפּט און גערוישט, אז מען האָט ניט געקענט הערען א וואָרט וואָס איינער צום אנדערען האָט גערעדט. דיא קאָלאָניסטען זיינען געגאנגען מיט שנעלע טריט ביים זייט פון דראָט, וועלכער איז אין אנדערע פּלעצער געלעגען אויף'ן הויכען ערד און אין מאנכע פּלעצער אויף דיא ניעדעריגע צווייגען פון בוימער. דער אינזשיניר האָט געדענקט, אז דער דראָט וועט זיך ענדיגען אירגענד וואו אין געדיכטען וואלד, וואו דער פערבאָרגענער האָט זיין שוץ־אָרט, אָבער פאקטיש איז אזוי ניט געווען.

דער דראָט האָט זיך געצויגען איבער בערג און טהאָלען צו דער זייט פון

מעער. עס האָט אַלזאָ אויסגעזעהן, אז דער געהיימניספּאַלער האָט זיין היים אירגענד וואו צווישען דיא פעלזען ביים ברעג וואסער.

דיא דונערען און בליצען זיינען אלע ווייל̇ע געוואָרען מעהר און שטארקער. עס האָט אויסגעזעהן אז דער גאנצער הימעל איז בעצויגען מיט פייער, און דער רויך אויף'ן שפּיץ פון בארג פרענקלין איז געוואָרען גרעסער און געדיכטער. איינינע מינוטען פאר עלף אוהר זיינען דיא קאָלאָניסטען געקומען אויף א הויכען פעלזען־בארג ביים ים. דער אינזשיניר האָט געשאצט אז זיי זיינען אָבגעגאנגען אומגעפעהר א מייל און א האלב פון דיא שטאהלען.

דער דראָט איז דאָרט אריין צווישען פעלזען און האָט זיך געצויגען ביי דער זייט פון א טיעפען און שמאָלען טהאָל, צווישען צוויי פעלזען־בערג. געהן פער־ביי דעם דראָט איז געווען זעהר ריזיקאליש, ווייל מיט איין פאלשען טראָט האָבען זיי געקענט ארונטערפאלען צו א זיכערען טויט.

אָבער דיא קאָלאָניסטען האָבען ניט געאכטעט אויף דיא געפאהר און זיי זיינען געגאנגען. זיי האָבען דאן קיין דעה געהאט איבער זיך אליין. אזוי וויא א געהיימע קראפט האָט זיי געצויגען צום וואָהנונג פון פערבאָרגענעם, אזוי וויא מאגנעט ציהט צו זיך אייזען.

זיי זיינען געגאנגען לאנגזאם, טריט ביי טריט. הארדינג פאָראויס און אייר־טאָן צו לעצט. דער וועג האָט זיך געצויגען בארג אראָב און דאָס האָט נאָך גע־מאכט דעם גאנג מעהר געפעהרליך, ווייל אויף דיא גליטשיגע שטיינער איז אויך זעהר לייכט געווען ארונטערצוגליטשען זיך אין מעער.

זיי זיינען ענדליך ארונטער אונטען צום ברעג ים. דאָרט האָט זיך דער דראָט אריינגעצויגען אין א שמאָלען גראָבען. דורך דיעזען גראָבען זיינען דיא קאָ־לאָניסטען געגאנגען ביים דראָט ביז ער האָט זיך געענדיגט. הארדינג האָט מיט דער האנד אָנגעטאפּט און זיך איבערצייגט אז דער דראָט ציהט זיך אוועק אין מעער. ער האָט וועגען דעם צו־וויסען געגעבען זיינע קאָמפּאניאָנען.

זיי האָבען אלע ארויסגעלאָזט א געשריי פון פערצווייפלונג. וואָס זאָלען זיי ערשט טהאָן? זאָלען זיי געהן זוכען דעם געהיימניספּאָלען אונטער דיא כוואליעס פון ים?

— מיר מוזען ווארטען — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — דאָס וואסער פון ים איז ערשט הויך. שפּעטער, ווען דאָס וואסער וועט אָבפאלען וועלען מיר האָבען א פרייען וועג און מיר וועלען זעהן וואוהין דער דראָט ציהט זיך.

— אָבער וואָס דענקט איהר, הערר קאפּיטאן, וועגען דער גאנצער אנגע־לעגענהייט? — האָט פּענקראָפט געפרעגט.

— איך גלויב — האָט הארדינג געענטפערט — אז ער וואָלט אונז ניט גערופען, ווען ער זאָל וויסען אז מיר וועלען צו איהם ניט קענען צוקומען.

הארדינג'ס אנטוואָרט איז געווען א לאָגישער. מען האָט דאָך טאקי גע־

קענט גלויבען אז דער פערבאָרגענער געפינט זיך ערגיץ אין א הייהל, וואָס דער אריינגאנג איז פערשטעלט אין דער צייט פון פלוטה (וואסער שטייגונג אין ים), אָבער ווען דאָס וואסער וועט אָבפאלען וועלען זיי דעם אריינגאנג געפינען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געהאט א היבשע שטיקעל צייט צוווארטען. זיי האָבען זיך פערשטעקט צווישען פעלזען און זיי זיינען געזעסען שטיל. אין יענעם מאָמענט האָט אָנגעהויבען רעגנען און דיא דונערען און בליצען האָבען ניט אויפגעהערט.

דיא לייטע זיינען געזעסען און זיך געבראָכען דיא מחות. טויזענדע געדאנקען זיינען דורכגעפלויגען אין זייערע קעפּ. זיי האָבען געטראכט וועגען א גייסט וואָס וועט זיך צו זיי פלוצלונג בעוויזען; זיי האָבען געדענקט וועגען מלאכים און וועגען שדים און רוחות, ווייל עס האָט זיך זיי ניט געלאָזט גלויבען אז זיי האָבען דאָ צו טהאָן מיט פלייש און בלוט — מיט א מענשען. זאָגאר סיירוס הארדינג האָט אָנגעהויבען גלויבען אין אויסערנאטירליכעס און ער האָט דיא טיעפע געהיימנים ניט געקענט אָננעהמען פאר א נאטירליכע ערשיינונג.

ארום האלבע נאכט האָט סיירוס הארדינג גענומען דיא לאנטערנע און ער איז געגאנגען צום ברעג ים מאכען אן אונטערזוכונג.

עס איז ווירקליך געווען אזוי וויא ער האָט פריהער געזאָגט. ער האָט אויסגעפונען, אז דער דראָט ציהט זיך אריין אין מעער און פון דאָרט אין דער עפענונג פון א הייהל אונטער'ן וואסער. ער איז געקומען און האָט עס איבערגעגעגעבען צו זיינע קאָמפּאניאָנען.

— אין א שטונדע ארום — האָט ער געזאָגט — ווען דאָס וואסער וועט מעהר אָבפאלען וועט דיא עפענונג פון דער הייהל זיין פריי.

— איז דאָס ווירקליך דאָרט? — האָט פענקראָפט געפרעגט.

— איהר צווייפעלט נאָך? — האָט הארדינג געענטפערט.

— אָבער דיא הייהל איז דאָך געווים פול מיט וואסער! — האָט הערבערט זיך אָבגערופען.

— פיליכט וועט דאָרט קיין וואסער ניט זיין — האָט הארדינג געענטפערט — און אויב יא, איז וואהרשיינליך אויף פאראן א מיטעל וויא אזוי אריינצוקומען אהין, פיליכט מיט א שיפעל וואָס שווימט אונטער'ן וואסער.

עס איז פאָראיבער נאָך א שטונדע צייט. אלע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע זיינען אוועק צום ברעג מעער. דיא עפענונג פון דער הייהל האָט זיך שוין ארויסגעזעהן אייניגע פוס איבער'ן וואסער. דאָס איז געווען אזוי וויא א האלב רונדער געוועלב פון א בריק. דיא הייהל האָט זיך געצויגען אונטער'ן אינזעל. דאָס וואסער איז אהין געלאָפען זעהר שטראָמיג.

דער אינזשיניר האָט נאכהער דערזעהן א שווארצען געגענשטאנד שווימענדיג ביים ברעג. ער האָט עס צוגעשלעפּט צו זיך און זיך איבערצייגט, אז דאָס איז א

שיפעל, וועלכע איז געוועזן צוגעבונדען צו עפּעס אינוועניג אין הייהל. דיא שיפעל איז געוועזן בעדעקט מיט אייזען. צוויי וואסער-לאָפּאטעס זיינען אינוועניג גע־לעגען.

— שפּרינגט אריין! — האָט הארדינג אויסגעשריען צו זיינע קאָמפּאניאָנען.

אין איין מאָמענט זיינען דיא קאָלאָניסטען שוין געוועזן אין שיפעל. נעב און איירטאָן האָבען גענומען רודערען און סיירוס הארדינג האָט בעלויכטען דעם וועג מיט'ן לאַנטערנע.

דער געוועלב, אונטער וועלכען דיא שיפעל מיט דיא פּאסאזשירען איז דורכגעפאָהרען, האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען, אָבער ביי דער שוואכער ליכט פון דער לאַנטערנע האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט זעהן וויא לאנג, ברייט און הויך ער איז געוועזן. אין הייהל איז געוועזן שטיל אזוי וויא אין א קבר, זאָגאר דיא דונערען האָבען זיך דאָרט ניט געהערט.

אזעלכע הייהלען זיינען פאראן פיעלע אין אלע טהיילען פון דער וועלט. זיי זיינען אזוי אלט וויא דיא ערד. אין קענטאָקי געפינט זיך אויך אזא הייהל, וועלכע איז פינף הונדערט פוס הויך און מעהר וויא צוואנציג מייל לאנג. אין מאנכע פּלעצער האָט דיא נאטור אויסגעגראָבען אזעלכע הייהלען און זיי זיינען ניט בעשאפען געוואָרען צוזאמען מיט דער ערד.

ציהט זיך דיעזע הייהל ביז'ן צענטער פון אינזעל? לויפט זיא דורך דיא גאנצע ברייט פון אינזעל, אָדער זיא ענדיגט זיך באלד? דאָס האָבען דיא קאָ־לאָניסטען ניט געקענט וויסען. זיי זיינען שוין דאָרט אָבגעפאָהרען ביי א פיערטעל שטונדע צייט און ביי קיין ענדע האָט עס נאָך ניט געהאלטען.

דיא שיפעל איז געשוואומען נאָהענט ביי דער רעכטער וואנד. סיירוס הארדינג האָט געוואָלט וויסען אויב דער דראָט ציהט זיך נאָך דאָרט. ער האָט זיך אביסעל ארויסגעבויגען און האָט דעם דראָט אָנגעטאפּט מיט'ן האנד.

זיי זיינען געפאָהרען נאָך א פיערטעל שטונדע צייט, ווען סיירוס הארדינג האָט געהייסען זיך אָבשטעלען. דיא שיפעל איז געבליבען שטעהן און דיא קאָ־לאָניסטען האָבען דערזעהן, אז דיא הייהל איז בעלויכטען געוואָרן.

דער געוועלב איז געוועזן הונדערט פוס הויך. ער איז געוועזן מאָלדירט מיט פערשיעדענע פיגורען. פון ביידע זייטען זיינען געשטאנען שטיינערנע זיילען. דאָס איז געוועזן א זעלטענע שטיק ארכיטעקטור, א זאָנדערבארע שטיק קונסט־ארבייט וואָס דיא נאטור האָט אליין געשאפען מיט טויזענדע יאָהרען צוריק.

פון דער שיין פון דיא בעלייכטונג האָט דאָס וואסער געבלישצעט און עס האָט אויסגעזעהן אז דיא שיפעל שווימט אין א ים פון בריליאנטען.

דיא גאנצע ליכט אין הייהל איז געקומען פון איין גרויסע עלעקטרישע לייכ־טונג. דאָס איז געוועזן דיא זונן פון דער הייהל, וואָס האָט מיט איהרע שטראַהלען בעלויכטען דיא גאנצע לענג פון דעם אונטערערדישען זאָנדערבארען קאנאל.

אויף דעם אינזשיניר'ס א וואונק איז דיא שיפעל געפאָהרען ווייטער, נע־הענטער צו דער עלעקטרישער ליכט אָדער קינסטליכע זונן וואָס איז געווען אין דער הויך אין געוועלב.

אין יענעם פּלאַץ איז דיא ברייט פון דער בעוואסערטער הייהל געווען נאָ־הענט צו דריי הונדערט און פופציג פוס. אביסעל ווייטער איז דער אונטער־ערדישער קאנאל אָדער טייך געווען נאָך ברייטער. אנטקעגען האָט זיך פון ווייטענס געזעהן א פעלזען־וואנד. דאָרט האָט זיך וואהרשיינליך דיא הייהל גע־ענדיגט.

אין מיטען וואסער איז געשטאנען א לאנגער געגענשטאנד אין דער פאָרמע פון א סיגאר; ביידע ברעגען שמאָל און אין מיטען ברייטער. דיא עלעקטרישע לייכטונג איז געווען איבער יענעם לאנגען געגענשטאנד, וועלכער איז געווען ארומגענומען מיט א ים ליכט און האָט געפינקעלט און געבלישצעט אונטער דיא גלענצענדע שטראהלען. דער אונבעוואוסטער געגענשטאנד האָט אויסגע־זעהן אזוי וויא אן אונגעהייער גרויסער וואלפיש. ער איז געווען אומגעפעהר צוויי הונדערט און פופציג פוס לאנג און האָט ארויסגעשטעקט פון וואסער אומגעפעהר צעהן אָדער צוועלף פוס.

דיא שיפעל איז לאנגזאם געשוואומען נעהענטער צו יענעם געגענשטאנד. סיירוס הארדינג האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט געוואָרפען א שארפען בליק אויף דער זאָנדערבארער געביידע און ער האָט העכסט אויפגערעגט אויסגעשריען:

— דאָס איז ער! דאָס קען ניט זיין קיין אנדערער! ער —

און פאלענדיג צוריק אויף זיין זיץ האָט ער שטילערהייד אויסגעמורמעלט א נאָמען, וואָס נור גידעאָן ספּילעט האָט געקענט הערען.

דער רעפּאָרטער האָט וואהרשיינליך געוואוסט יענעם נאָמען, ווייל דאָס האָט אויף איהם געמאכט א זאָנדערבארען איינדרוק און ער האָט געענטפערט מיט א הייזעריגע שטימע:

— ער! א פערטריבענער, א פערשטויסענער מאן!

— יא, ער! — האָט דער אינזשיניר ווידער אויסגעשריען.

דער אינזשיניר האָט געהייסען צופאָהרען צום שווימענדען גרויסען אפּאַ־ראט. אין א ווייל'ע ארום איז דיא שיפעל געשטאנען ביים זייט פון דעם געגענ־שטאנד, פון וועלכען א שטראהל פון ליכט האָט ארויסגעשיינט דורך א דיקע גלאָז.

הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען ארויף אויף'ן פּלאטפאָרם פון דער געביידע. דאָרט האָבען זיי געפונען אן עפענונג, דורך וועלכע זיי זיינען ארונ־טערגעגאנגען אינוועניג מיט א לייטער.

זיי האָבען דערגרייכט דעם באָדען. דאָרט איז געווען א גרויסער צימער,

וועלכער איז געווען העל בעלויכטען פון עלעקטריציטעט. ביים ענדע פון ציר מער איז געווען א טהיר, וועלכע הארדינג האָט געעפענט.

דיא קאָלאָניסטען זיינען פון דאָרט אריין אין א רייך פערפּוצטען זאאל, וועלכער האָט געפיהרט צו א גרויסער ביבליאָטהעק. דאָרט איז ווידער געווען א פערמאכטע טהיר, וועלכע דער אינזשיניר האָט געעפענט.

זיי זיינען דאן אריינגעקומען אין זאאל, אין וועלכען עס זיינען געווען אויס־געשטעלט פערשיעדענע קונסט־ווערק און זעלטענע נאטור־שאפונגען. דיא קאָ־לאָניסטען האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון דיא זעלטענהייטען וואָס זיי האָבען דאָרט געזעהן. דאָס איז געווען א מין מוזעאום, אָבער מיט אזוי פיעל רייכטהימער וואָס מען קען ניט זעהן אין דיא גרעסטע מוזעאומס פון דער וועלט.

אויף א רייך געבעטער סאָפא, האָבען זיי געזעהן, איז געלעגען א מאן, וועלכער האָט וואהרשיינליך ניט בעמערקט זייער אנוועזענהייט. הארדינג האָט דאן איבערראשט זיינע קאָמפּאניאָנען אויסשרייענדיג פאָלגענדע ווערטער:

— קאפּיטאן נעמאָ, איהר דארפט אונז? אָט זיינער מיר דאָ!

---

## 16טעם קאפּיטעל.

קאפּיטאן נעמאָ׳ס ערשטע ווערטער. — דיא געשיכטע פון דעם זאָנדערבארען מאָן. — זיינע טהאטען. — זיין לעבען אונטער׳ן וואסער. — זיין לעבען אונטער׳ן אינזעל. — אלע געהיימניסע אויפגעדעקט.

ביי דיעזע ווערטער האָט זיך דער מאן אויפגעהויבען פון דער סאָפא. דיא עלעקטרישע ליכט איז געפאלען אויף איהם און דיא קאָלאָניסטען האָבען בעאָבאכטעט זיין פיזיאָגנאָמיע. דער מאן האָט געהאט א הויכען שטערען, א שנעע ווייסע באָרד און דיא האָר פון קאָפּ זיינען געהאנגען אויף זיינע שולטערען. ער האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א פּאטריארך און זיינע בליקען האָבען אויסגע־דריקט קלוגהייט און טיעפזינניגקייט.

ער איז פערבליבען ליגען אָנגעשפּארט מיט׳ן האנד אויף׳ן קישען און מען האָט געקענט זעהן אז דער מאן איז זעהר שוואך. אָבער זיין שטימע איז געווען קלאָר און קלינגענד, ווען ער האָט צו זיינע בעזוכער געזאָגט אין ענגליש:

— מיינע הערען, איך האָב ניט קיין נאָמען.

— דאָך קען איך אייך — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט.

קאפּיטאן נעמאָ האָט אויף׳ן אינזשיניר א שטרענגען בליק געטהאָן, אזוי וויא ער זאָל איהם וועלען בעשטראָפען פאר זיינע ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט.

ער איז דאן צוריק געפאַלען אויף׳ן קישען.

— נאָך אַלעמען — האָט ער געמורמעלט אין דער שטיל — וואָס מאַכט עס אוים? איך שטאַרב!

סיירוס הארדינג איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום קראַנקען מאַן, און גידעאָן ספּילעט איז באַלד אויך צוגעקומען און האָט דעם קראַנקען אָנגענומען ביי דער האַנד, וועלכע איז געווען זעהר הייס. דער מאַן האָט געליטען פון א שטאַרקען, געפעהרליכען פיבער.

קאַפּיטאַן נעמאָ האָט ארויסגעצויגען זיין האַנד פון רעפּאָרטער׳ס האַנד און ער האָט א וואונק געטהאָן צו איהם און צום אינזשיניר אז זיי זאָלען זיך זעצען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אויף דעם מאַן געקוקט מיט עהרע־פורכט. זיי האָבען געוואוסט, אז ער, דיעזער קראַנקער מאַן איז געווען זייער שטיצער און רעטער דיא גאַנצע צייט וואָס זיי זיינען געווען אויף׳ן אינזעל; זיי זיינען זיכער געווען אז איהם האָבען זיי צו פערדאַנקען זייער לעבען, זייער עקזיסטענץ און זייער ערפאָלג און זייערע הערצער זיינען געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו איהם. פענקראָפט און נעב זיינען זעהר איבערראַשט געווען. זיי האָבען געדענקט, אז זיי וועלען אין יענעם אונטערערדישען קאַנאַל געפינען א מלאך אָדער אַן אויסער־באַטירליכעס וועזען, ענדליך זעהן זיי פאַר זייערע אויגען אַ מענשען, א שטער־בענדען מענשען וואָס שטעהט אויף׳ן שוועל פון טויט.

סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט האָבען זיך אוועקגעזעצט. קאַפּיטאַן נעמאָ האָט זיך ווידער אביסעל אויפגעהויבען און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין אָרם.

— ווייסט איהר, מיין העדר, דעם נאָמען וואָס איך האָב לעצטענס גע־טראָגען? — האָט ער געפרעגט.

— יא, מיין הערר — האָט הארדינג געענטפערט — איך וויים זאָגאר אויך דעם נאָמען פון דיעזער אונטערוואַסערדיגער שיף.

— דיא "נאָטילוס"? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט מיט א שוואַכען שמייכעל.

— יא, דיא "נאָטילוס".

— אָבער ווייסט איהר ווער איך בין?

— יא, איך וויים.

— עס זיינען שוין פיעלע יאָהרען אוועק וואָס איך האָב קיין פערבינדונג ניט געהאַט מיט דיא בעוואָהנער פון דער וועלט. דריי יאָהר האָב איך אומ־געוואַנדערט אין טיעפענים פון ימים, דער איינציגער פּלאַץ וואו איך האָב גע־פונען פרייהייט! היינט ווער האָט געקענט ארויסגעבען מיין געהיימניס?

— א מאַן, וועלכער איז מיט אייך, קאַפּיטאַן נעמאָ, געווען צוזאַמען, אָבער

ער האָט צו אייך קיינע פּפליכטען געהאט און איהר קענט איהם ניט בעשולדיגען אַלס פעררעטהער.

— דער פראַנצויז, וועלכער איז פערוואָרפען געוואָרען אויף מיין שיף מיט זעכצעהן יאָהר צוריק?

— יא, דער זעלבער.

— זיינען ער און זיינע צוויי קאָמפּאַניאָנען דאמאָלס ניט אומגעקומען אין מעלסטראָם (געפעהרליכע קעסעל־גרוב נעבען נאָרוועגיען), וואו דיא "נאָטילוס" האָט געקעמפּפט מיט דיא שרעקליך שטראָמיגע וואסערען?

— ניין, זיי האָבען זיך גערעטעט, און א בוך איז פערעפענטליכט געוואָרען אונטער דעם נאָמען "צוואנציג טויזענד ליגס אונטערן ים", וועלכער ענטהאַלט אייער געשיכטע.

— דיא געשיכטע פון בלויז איינינע מאָנאטען פון מיין לעבען! — האָט דער קאפּיטאן בעמערקט.

— דאָס איז ריכטיג — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — אָבער איי־ניגע מאָנאטען פון אייער זאָנדערבארען לעבען איז גענוג צו מאכען אייך בעוואוסט —

— אַלס א געפעהרליכען פערברעכער! — איז איהם נעמאָ אריינגעפאַ־לען אין דיא רייד און א שטאָלצער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען — יא, א רעבעל, א בונטאָוושטשיק, א געזעץ ברעכער!

דער אינזשיניר האָט געשוויגען.

— נו, מיין העדר? — האָט נעמאָ געפרעגט.

— עס איז ניט פאר מיר צו אורטהיילען אייך, קאפּיטאן נעמאָ — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — יעדענפאלס, וואָס אָנבעלאַנגט אייער פערגאנ־גענהייט ווייס איך עס ניט און דיא גאנצע וועלט ווייס דאָס אויך ניט. דיא אורזאַ־כע וואָס האָט אייך געבראכט צו זיין אָבגעזונדערט פון דער וועלט און אומוואנדע־רען אין דיא טיעפע וואסערען און אויף'ן גרונד פון ימים איז פערבליבען א גע־היימניס, און איך קען דעריבער ניט אורטהיילען אייערע טהאטען ניט וויסענ־דיג דיא אורזאכען וואָס האָבען דערצו געפיהרט. אָבער דאָס ווייס איך יא, אז יעמאנד האָט אונז שטענדיג געשיצט און געשטיצט דיא גאנצע צייט וואָס מיר זיינען אויף'ן לינקאָלן אינזעל, איך ווייס אז מיר האָבען יעמאנדען צו פער־דאנקען אונזער לעבען, איך ווייס אז א גוטע הארץ און א מעכטיגע האנד האָט אונז אויסגעהאָלפען אין נויטה און גערעטעט פון אלערליי אונגליקען, איך ווייס אז יעמאנד איז געווען אונזער רעטונגס־ענגעל זייט דיא לעצטע דריי יאהר און דיעזער יעמאנד זיינט איהר, קאפּיטאן נעמאָ!

— יא, דאָס בין איך — האָט נעמאָ געענטפערט.

דער אינזשיניר און דער רעפּאָרטער האָבען זיך אויפגעהויבען. **פּענקראָפט,**

נעב, הערבערט און איירטאָן זיינען צוגעגאנגען נעהענטער און זיי האָבען אלע געוואָלט אויסדריקען זייערע געפיהלען פון דאנקבארקייט צום קראנקען מאן, אָבער ער האָט זיי אָבגעהאלטען מיט א מאך מיט דער האנד און ער האָט געזאָגט:

— ווארט ביז איהר וועט אלעס אויסהערען.

און מיט א שוואכע שטימע האָט ער דערצעהלט דיא פאסירונגען פון זיין לעבען.

דורך דער גאנצער צייט פון זיין ערצעהלונג האָט זיך קאפּיטאן נעמאָ ניט אָבגערוהט אויף א ווייל, אָבוואָהל עס איז איהם שווער געווען צו רעדען. הארדינג און ספּילעט האָבען איהם אייניגע מאָל אויפמערקזאם געמאכט אז ער זאָל זיך ניט אָנשטרענגען, אָבער ער האָט געענטפערט: "איך שטארב זאָ וויא זאָ".

היער איז זיין ביאָגראפיע:

קאפּיטאן נעמאָ איז געווען א הינדוס. זיין געבורטס נאָמען איז געווען פּרינץ דעקער. ער איז געווען דער זוהן פון א ראדזשאה (אינדישער פירסט פון דער דאָמאָלסדיגער אונאבהענגיגער טעריטאָריע באָנדעלקאָנד אָדער באָנדעלקהענד, אין נאָרד־וועסט אינדיען (הינדאָסטאן, אין אזיען). ווען ער איז 10 יאָהר אלט געווען האָט מען איהם אוועקגעשיקט נאָך אייראָפּא מיט דעם צוועק אז ער זאָל דאָרט שטודירען און ווערען א געבילדעטער מאן. פירסט דעקער האָט געלעגט פיעלע האָפנונגען אויף דיא פעהיגקייטען פון זיין זוהן. ער האָט איהם געוואָלט מאכען פאר א העכסט ציוויליזירטען מענשען, אום ער זאָל שפּעטער ציוויליזירען זיין פאָלק און אויפהויבען דיא האַלב ווילדע הינדוסען צו א העכערע שטופע. דער פירסט האָט פון זיינע אונטערטהאנען געוואָלט מאכען ציוויליזירטע אייראָפּעער.

דער יונגער פּרינץ דעקער איז ווירקליך געווען א פעהיגער און טאלאנטפאָלער אינגעל. ער האָט זיך פלייסיג גענומען צו דיא אייראָפּעאישע בילדונג און ער איז געוואָרען א וויסענשאפטס מאן. צוואנציג יאָהר איז ער געווען אין אייראָפּא און ער האָט דורך דער צייט אויסגעלערענט אלע קענטעניסע און וויסענשאפטען וואָס מען לערענט אין דיא גרעסטע אוניווערזיטעטען פון פערשיעדענע לענדער. ווען ער האָט געענדיגט זיינע שטודיען האָט ער געמאכט א רייזע איבער פערשיעדענע לענדער. ער האָט געוואָלט קענען דיא וועלט. ער האָט געוואָלט האָבען א פולען בעגריעף אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאגע פון אלע ציוויליזירטע לענדער, אום ער זאָל קענען בילדען זיין פאָלק און מאכען זיי פאר מענשען מיט לייטען גלייך. זיין אבזיכט איז געווען צו קומען אהיים און מיט דער צייט ווערען דער הערשער און רעגיערער פון א פרייעם ציוויליזירטעם לאנד.

אָבער אין דער זעלבער צייט האָב ער אויך פיעל געלערענט פאר זיך. זיין לוסט צו וויסענשאפט האָט קיין גרונד געהאט און ער איז געוואָרען א קינסטלער אין אלע צווייגען פון קענטעניס און וויסענשאפט. ער האָט געקענט שפראכען, איז געווען ארכיטעקט, פילאָזאָף, שטאאטסמאן און נאטור־פאָרשער.

פרינץ דעקער איז אהיים געקומען אין יאָהר 1848. ער איז דאמאָלס געווען אריבער דרייסיג יאָהר אלט. ער האָט געהייראטה א מיידעל פון זיין שבט, וועלכע, אָבוואָהל אן הינדוסין, איז אויך ניט געווען פערגרעבט און זיא האָט געשטרעבט צום זעלבען ציעל וואָס איהר מאן אויפצוהויבען דעם צושטאנד פון איהרע שוועסטער און ברידער און מאכען זיי פאר ציוויליזירטע מענשען. צוויי קינדער האָט פרינץ דעקער'ס פרוי געבאָרען און פאָטער און מוטער האָבען זיי זעהר ליעב געהאט. אָבער דאָס גליקליכע פאמיליען לעבען האָט דעם געלערענטען הינדוס ניט געשטערט פון זוכען מיטעל וויא אזוי צו ערדייכען זיין ציעל און וויא אזוי דורכצופיהרען דיא זאך צו וועלכע ער האָט געשטרעבט זייט יאָהרען. ער האָט געווארט אויף א געלעגענהייט, און דיעזע געלעגענהייט איז געקומען.

אין יאָהר 1857 האָבען דיא סעפּאָיען, אן אנדער אינדישער שבט, וועלכער איז געווען אונטערוואָרפען אונטער דיא מאכט פון דער ענגלישער רעגיערונג, רעוואָלטירט און געוואָלט אראָבוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון דיא ענגלענדער. דיא פירסטען און פרינצען פון יענעם שבט האָבען אויך געהאט דיא אמביציאָן צו ווערען פרייע מענשען, אָבער זיי האָבען ניט געהאט דיא פעהיגקייטען און דיא מאכט אזוי וויא פרינץ דעקער. דער געבילדעטער פרינץ האָט איינגעזעהן, אז דורכדעם וואָס ער וועט זיין אויף דעם זייט פון דיא רעוואָלוציאָנערען און ער וועט זיי העלפען דורכפיהרען זייער וואונש וועט ער זיך קויפען א גוטען נאָמען און ער וועט דאן קענען אריינברייגנען דיא ציוויליזאציאָן אין דיא לאגערען פון זיינע פערגרעבטע און אונגעבילדעטע שוועסטער און ברידער. ער האָט דארום אנטהייל גענומען אין דער קריעג און ער האָט זיך אָבגעגעבען מיט לייב און לעבען צו פערפאָלגען דיא ענגלענדער און העלפען דיא הינדוסען. ער האָט פערלאָזט זיין ליעבע היים, ער האָט געאָפּפערט זיין פערמעגען און זיין לעבען; ער איז געוואָרען דער פעלדמארשאל פון דיא קריעגער און פיעלע מאָל איז זיין לעבען געהאנגען אויף א האָר. צעהן מאָל איז ער פערוואונדעט געוואָרען אין פערשיעדענע שלאכטען. ער האָט געליטען אונערטרעגליכע יסורים און ניט איין מאָל האָט ער אויף זיך געבעטען דעם טויט, אָבער ער איז ניט געקומען.

אָבער דיא רעבעלען זיינען ענדליך שטארק געשלאָגען געוואָרען און זיי האָבען געמוזט אויפגעבען דיא קריעג. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט דאז איי יענעם טהייל פון אינדיען אָנגעהויבען געוועלטיגען מיט מעהר מאָכט.

דער נאָמען פון פרינץ דעקער איז דאן געוואָרען גוט בעוואוסט. ער האָט אָנגעפיהרט דיא קריעג אָפען. ער האָט זיך ניט פערשטעלט און ניט בעהאלטען, ווייל ער האָט געהאלטען פאר זיין הייליגע פפליכט צו בעפרייען אונטערדריקטע. דיא ענגלישע רעגיערונג, וועלכע האָט פיעל געליטען פון דער רעוואָלוציאָן און האָט געהאלטען דעם פרינץ דעקער פעראנטוואָרטליך פאר איהרע פערלוסטען, האָט ארויסגעגעבען א פרייז פאר זיין קאָפּ. דער פרינץ האָט געמוזט אנטלויפען און זיך בעהאלטען אין דיא בערג פון באָנדעלקאָנד. אונטערדעסען האָבען דיא ענגלענדער אויסגעשלאכטעט זיין פרוי און קינדער און ער איז פערבליבען איינער אליין, עלענד, איינזאם, ניעדערגעשלאָגען און פערצווייפעלט.

פון זיין גאנצע מיה, פון זיינע גאנצע האָפענונגען און שטרעבונגען איז איהם קיין זאך ניט פערבליבען אויסער זיין פערוועהטאָגטע הארץ און איידעלע נשמה וואָס האָט געזוכט גערעכטיגקייט און ניט געקענט געפינען.

דער אונגליקליכער געלערנטער געוועזענער פרינץ האָט אָנגעהויבען האַסען דיא גאנצע ציוויליזירטע וועלט און דיא גאנצע מענשהייט. דיא גאנצע וועלט האָט איהם אויסגעזעהן אזוי וויא א גהינום און דיא מענשען אזוי וויא בייזע טייפלען. ער האָט געוואָלט אנטלויפען פון דער זינדיגער וועלט וואָס איז פול מיט אונרעכט און טיראנייַ; אָבער וואוהין? ער האָט געבעטען אויף זיך דעם טויט, אָבער ער איז ניט געקומען.

פרינץ דעקער האָט נאכהער בעשלאָסען צו בעהאלטען זיך אין דיא טיעפענים פון ים, וואו דיא אונרעכט פון דיא מענשען וועט איהם ניט קענען פערפאָלגען. ער האָט צוזאמענגעקליבען א פאָר צעהנדליג פון זיינע אנהענגער און פערעהרער און זיי זיינען אלע פערשוואונדען געוואָרען, ניט איבערלאָזענדיג קיין שפור הינטער זיי.

דער גרויסער קריעגס-העלד האָט זיך דאן גענומען אויסנוצען זיין וויסענשאפט. ער איז מיט זיינע מענשען אוועק אויף אן איינזאמען אינזעל אויף'ן שטילען מעער און דאָרט האָבען זיי אויסגעבויט א מעכטיגע און מערקווירדיגע ריזען שיף, וואָס זאָל שווימען אונטער'ן וואסער. דיא שיף איז געווען איינגעריכטעט מיט אלערליי־בעקוועמליכקייטען, אזעלכע וואָס דיא גרעסטע ארכיטעקטען וואָלטען ניט געקענט מאכען אויף דער טריקענים. דיא מאשינען פון דער שיף זיינען געווען אזעלכע וואָס קיין פאנטאזיע קען פאָרשטעלען. לעבענס־מיטעל האָבען דער פערוואָגעלטער פרינץ און זיינע מענשען גשאפט פון פערשיעדענע פיש, מעער־טהיערע און וואקסונגען וואָס געפינען זיך אויף'ן גרונד פון ים, פון וועלכע פרינץ דעקער האָט מיט זיין חכמה פערפערטיגט אזעלכע מאכלים וואָס קיין מענש אויף דער ערד קען בעקומען. דיא שיף איז געטריבען געוואָרען דורך עלעקטריציטעט, דורך דיעזער קראפט האָט מען געקאָכט, געבאקט, געוואשען און געטהאָן אלע נויטיגע ארבייט אויף דער שיף און דורך

דיעזער קראפט האָבען זיך דיא לייטע דאָרט פערשאפט אלערליי תענוגים, וואָס דיא רייכסטע מענשען אויף דער וועלט קענען זיך ניט פערשאפען. דאָס איז געוועזען א צויבער פאלאסט וואָס איז געשוואומען אין דיא טיעפענים פון ימים. פרינץ דעקער האָט זיין אונטערוואסערדיגע שיף גערופען "נאָטילוס" און זיך אליין האָט ער געקרוינט מיט'ן נאָמען "קאפיטאן נעמאָ".

אין פערלויף פון איינינע יאָהר האָט דיעזע מערקווירדיגע שיף בעזוכט אלע ימים פון דער וועלט פון פאָל צו פאָל — פון איין עק וועלט ביז'ן צווייטען. קאפיטאן נעמאָ האָט אין דיא טיעפע אָבגרונדען געפונען פיעלע פערלאָרענע אוצרות. ער און זיינע מענשען האָבען בעזוכט אונטערגעגאנגענע שיפען און זיי האָבען פון דאָרט ארויסגענומען גאָלד, זילבער און טהייערע שטיינער. קאפיטאן נעמאָ האָט מיט דיא ענטדעקטע רייכטהימער געשטיצט פערפאָלגטע און אונטערדריקטע פעלקער אָדער שבטים.

אָבער קאפיטאן נעמאָ, וועלכער האָט זיך ענטזאגט פון דער וועלט און איהרע בעוואָהנער, האָט יאָהרען לאנג קיין מענשען אויסער זיין מאנשאפט ניט אָנגעזעהן און ער איז מיט קיינעם אין פערבינדונג ניט געקומען, זאָגאר מיט דיא וועלכע ער האָט פינאנציעל געשטיצט, ביז דיא נאכט פון זעקסטען נאָוועמבער 1866, ווען דריי מענער זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף זיין שיף. זיי זיינען געוועזען א פראנצויזישער פראָפעסאָר, זיין דיענער און א וואלפיש פאנגער פון קאנאדא. דיעזע דריי זיינען ארויפגעשליידערט געוואָרען אויף'ן דעק פון דער "נאָטילוס" צוליעב א צוזאמענשטויס צווישען דער "נאָטילוס" און א קריעגס שיף פון דיא פעראייניגטע שטאאטען נאָמען מיט'ן נאָמען "אייברעהעם לינקאָלן", וועלכע האָט איהר, דער "נאָטילוס" נאָכגעיאָגט.

קאפיטאן נעמאָ האָט פון פראָפעסאָר ערפאהרען, אז דיא וועלט האָט זיין שיף אָנגענומען פאר א נארוואל — א ריעזיגע ים־חיה; מאנכע וויעדער זיינען געוועזען מיט דער מיינונג, אז דאָס איז א פיראטען שיף און דיא דריי פערוואָרפענע מיט א מאנשאפט פון נאָך איינינע פערזאָן זיינען דאָס געפאָהרען פערפאָלגען דיא פיראטען אָדער טויטען דעם מעער־ריעז.

קאפיטאן נעמאָ האָט מיט דיא דריי פערזאָן, וועלכע האָבען צופעליג ערפאהרען פון זיין עקזיסטענץ, געקענט טהאָן וואָס ער וואָלט וועלען. ער האָט זיי געקענט ארײנשליידערען צוריק אין ים פון וואנען זיי זיינען געקומען, אָבער ער האָט זיי קיינע בייזעס געטהאָן און זיי געהאלטען געפאנגען אויף זיין שיף זיעבען מאָנאטען צייט. דיא פערוואָרפענע האָבען געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהן און צו בעקענען זיך מיט דיא וואונדער פון ים, וועהרענד דיא רייזע פון צוואנציג טויזענד ליגס אונטער דיא וואסערען.

איין טאָג, דעם 22טען יוני, 186′, איז דיא דריי פערזאָן, וועלכע האָבען ניט געוואוסט פון קאפיטאן נעמאָ'ס פערגאנגענהייט, געלונגען צו אנטלויפען

אויף א קליין שיפעל פון דער "נאָטילוס", אָבער אין יענער צייט איז דיא "נאָ־טילוס" אריינגעקומען אין דיא געפעהרליכע, רוישענדע וואסערען פון מעלסטראָם, ניט וויט פון נאָרוועגיען. דער קאפיטאן האָט נאַטירליך געגלויבט, אז זיינע אנטלאָפענע געפאנגענע זיינען אין יענער שרעקליכער קעסעל־גרוב אומגעקומען. ער האָט ניט געוואוסט אז דער פראנצויז און זיינע צוויי קאָמפּאניאָנען זיינען גליקליכערוייזע ארויסגעשליידערט געוואָרען אויף א ברעג און אז פישער האָבען זיי געראטעוועט און אז דער פּראָפעסאָר איז געקומען אין זיין פאַטערלאנד און האָט פערעפענטליכט דיא בעשרייבונגען פון דער לאנגע רייזע אין דיא טיע־פענים פון דיא ימים.*)

קאפיטאן נעמאָ האָט א לאנגע צייט נאָכדעם פאָרטגעזעצט זיינע רייזען אונטער דיא ימים. אָבער זיינע מענשען וואָס זיינען מיט איהם מיטגעפאָהרען זיינען איינציגווייז אויסגעשטאָרבען און זיי האָבען געפונען זייערע קברים צווי־שען קאָראלען־בערג אויף'ן גרונד פון שטילען מעער, וואָס קאפיטאן נעמאָ האָט אויסגעקליבען אלס בעגרעבענים אָרט.

ער איז ערשט אלט געווען זעכציג יאָהר. אָבוואָהל ער איז געווען איינער אליין, דאָך איז איהם געלונגען צו ברייננגען זיין שיף אין דער אונטערוואסערדי־גער הייהל וואו זיא האָט זיך ערשט געפונען. דאָרט האָט דער געוועזענער קעמפּ־פער געהאט זיין היים און דאָרט האָט ער בעשלאָסען צו ענדיגען זיינע יאָהרען.

געקומען איז דער קאפיטאן אהין מיט זעקס יאָהר צוריק. עס הייסט, מיט דריי יאָהר פריהער איידער דיא קאָלאָניסטען זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף'ן לינקאָלן אינזעל. ער האָט קיינע רייזעס ניט אונטערנומען דורך דער צייט און ער איז געווען עלענד און איינזאם אויף דער "נאָטילוס" וואָס איז געווען בע־האלטען אין אונטער־ערדישען וואסער אונטער'ן אינזעל. דאָרט האָט דער גע־וועזענער העלד ערווארטעט זיין טויט. פון דאָרט האָט ער געוואָלט אוועק צו זיי־נע פערשטאָרבענע קאָמפּאניאָנען און קיין לעבעדיגער מענש זאָל וויסען וואו זיין געביין איז הינגעקומען.

דורך א צופאל האָט ער געזעהן וויא דער באלון מיט דיא אנטלאָפענע פון ריטשמאָנד איז ארונטערגעפאלען. ער האָט זיך אָנגעטהאָן אין זיינע טויי־בער־קליידער און איז געגאנגען אונטער'ן וואסער צו שאפען הילף צו דיא אונ־גליקליכע אויב עס וועט נויטיג זיין. טראָצדעם וואָס ער האָט דיא וועלט און דיא מענשהייט פיינד געהאט, האָט זיך אין איהם ערוועקט א געפיהל פון רחמנות און ער האָט געוואָלט רעטען מענשען פון דערטרונקען ווערען. פיער פון דיא

*) דיעזער בוך אונטער'ן נאָמען "א רייזע אויף'ן גרונד פון ים, אדער 20 טויזענד מייל אונטער'ן וואסער", איז איינער פון דיא בעסטע און אינטערעסאנטעסטע ביכער וואָס זיינען ארויס פון זשול ווערן'ס פעדער.

פינף אנטלאָפענע זיינען פון דיא כוואליעס ארויסגעשליידערט געוואָרען אויף'ן ברעג פון אינזעל און דעם אינזשיניר, וועלכער איז פערשלעפּט געוואָרען ווייט אין מעער, האָט קאפּיטאן נעמאָ גערעטעט.

אָנפאנגס האָט דער קאפּיטאן געדענקט צו פערלאָזען זיין שוץ־אָרט, אום דיא פינף פערוואָרפענע זאָלען ניט ערפאהרען פון זיין עקזיסטענץ; אָבער דער אונטערערדישער אריינגאנג אין האפען צו דער "נאָטילוס" איז פערמאכט געוואָרען פון שטיינער וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען אונטער'ן וואסער דורך א וואולקאנישע קראפט און ער האָט זיין ריעזען שיף ניט געקענט ארויספיהרען, אָבוואָהל דאָס וואסער איז נאָך געוועזען טיעף גענוג פאר א קליינע שיף.

קאפּיטאן נעמאָ איז אלזאָ געצוואונגען געווען צו פערבלייבען אין יענער הייהל. ער האָט געהאלטען אן אויג אויף דיא פינף אמעריקאנער, וועלכע זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף אן איינזאמען, וויסטען אינזעל, אָבער ער האָט ניט געוואָלט, אז זיי זאָלען איהם זעהן אָדער וויסען פון איהם. ער האָט געזעהן, אז דיא לייטע זיינען אָרענטליכע מענשען, ענערגישע און פלייסיגע מענשען און שטארק צוגעבונדען איינע צו דיא אנדערע און ער האָט זיך שטארק פעראינטע־רעסירט אין זיי און אין זייער לאגע. אין זיינע טויכער־קליידער איז איהם גאנץ לייכט געווען צו קומען דורך'ן אונטערערדישען קאנאל צום ברונים פון גראניט הויז. דאָרט פלעגט ער ארויפקלעטערען אויף א פעלזען און פלעגט זיך צוהערען צו דיא געשפּרעכען פון דיא קאָלאָניסטען. ער האָט ערפאהרען פון זייער פערגאנגענהייט, געגענווארט און פון זייערע פּלענער פאר דיא צוקונפט. ער האָט פון זייערע געשפּרעכען וועגען דער בירגער קריעג צווישען אמעריקאנער מיט אמעריקאנער פאר דיא אָבשאפונג פון שקלאפעריי זיך איבערצייגט, אז דיא פינף פערוואָרפענע זיינען גרויסע געגנער פון שקלאפען האנדעל און אז זיי האָבען ריזיקירט זייערע לעבענס צוליעב דער נאָבעלער אידעע פון אָבשאפען שקלאפעריי. ער האָט דיא פינף קאמעראדען ליעב בעקומען און ער האָט זיך פערפּפליכטעט צו העלפען זיי און שטיצען זיי צו יעדער צייט.

קאפּיטאן נעמאָ האָט גערעטעט סיירוס הארדינג. ער איז געווען דער יע־ניגער וואָס האָט געבראכט דעם הונד צו דיא "טשימנים" א טרוקענעם, אָבוואָהל עס האָט געגאָסען א שלאגס רעגען. ער איז עס געווען דער וואָס האָט גערעטעט דעם הונד פון וואסער און געטויטעט דעם דיוגאָנג. ער איז עס געווען דיא פערזאָן, וואָס האָט זיי געבראכט דיא שיפעל צום מויל פון טייך מערסי. ער האָט ארונטערגעוואָרפען דעם שטריק לייטער, ווען דיא אָראנג־אוטאנגס האָבען פער־כאפּט דיא גראניט הויז. ער איז געווען דער יעניגער וועלכער האָט דיא קאָלאָ־ניסטען געלאָזט וויסען וועגען איירטאָן'ס אנוועזענהייט אויף'ן אינזעל טייבאָר, וועלכער האָט אָנגעצונדען פייער ווען דיא רייזענדע זיינען צוריק געפאָהרען פון יענעם אינזעל, וועלכער האָט זיי אונטערגעוואָרפען דעם קאסטען מיט דיא קליי־

דער, געוועהר און אינסטרומענטען, וועלכער האָט צושמעטערט דיא פּיראַטען־שיף, וועלכער האָט געבראַכט דיא מעדיצין פאר הערבערט און איהם גערעטעט פון א זיכערען טויט, און ענדליך, וועלכער האָט גערעטעט איירטאָן און געטויטעט דיא פינף באַנדיטען מיט עלעקטרישע קוילען, וואָס נור ער אליין האָט געקענט פאבריצירען.

אין דיא אלע זאכען האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען איבערצייגט און זיי זיינען געוועזען זיכער אז דיא אלע וואונדער וואָס האָבען מיט זיי פּאסירט זיינען ניט געוועזען קיין איבערנאַטירליכע.

דער געוועזענער מענשען־פיינד, וועלכער איז צו דיא קאָלאָניסטען געוועזען א פריינד, האָט שטעהענדיג אויף'ן שוועל פון טויט זיי איינגעלאַדען צו זיך דורך א טעלעגראַף וואָס ער האָט געבראַכט אין פערבינדונג מיט דעם טעלעגראַף פון דער קאָלאָניע. ער האָט דיא לייטע געוואָלט טהאָן נאָך א טובה פאר זיין טויט. מעגליך, אז ווען ער זאָל געוועזען וויסען דאָס סיירוס הארדינג ווייס פון איהם און ער וועט איהם דערקענען, וואָלט ער זיי צו זיך ניט גערופען.

ווען קאַפּיטאַן נעמאָ האָט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האָט סיירוס הארדינג גענומען דאָס וואָרט. ער האָט אויסגערעכענט אלע גוטע זאכען וואָס דער קאַפּיטאַן האָט געטהאָן פאר איהם, פאר זיינע קאָמפּאַניאָנען און פאר זייער קאָלאָניע און אין נאָמען פון אלע בעזיצער פון לינקאָלן אינזעל האָט ער געדאַנקט דעם קאַפּיטאַן פאר זיינע וואָהלטהאַטען צו זיי.

אָבער דער קאַפּיטאַן איז איהם אריינגעפאַלען אין דיא רייד און געזאָגט:

— ניין, מיין הערר, קיין דאנק. אצינד אז איהר ווייסט מיין לעבענס־געשיכטע, וויל איך הערען אייער אורטהייל איבער מיר.

דערביי האָט דער קאַפּיטאַן דערמאָהנט פון נאָך א פּאסירונג אין זיין לעבען, נעמליך, אז איידער דיא דריי פערזאָן, וואָס זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף זיין שיף, האָבען זיך גערעטעט, האָט ער געזונקען א פריגאַטע (א מין קריעגס־שיף) מיט איהר מאַנשאַפט.

סיירוס הארדינג האָט געשוויגען. ער האָט קיין פּאסענדען אנטוואָרט ניט געפונען.

— דאָס איז געוועזען מיין פיינד'ס שיף! — האָט דער קאַפּיטאַן אויסגעשריען

— א פיינד'ס שיף! זיא האָט מיך פערפאָלגט, זיא האָט מיך אטאַקירט. איך בין געוועזען אין א שמאָלען בעי און דיא פריגאַטע האָט מיר פערשטעלט דעם וועג און איך האָב איהר געזונקען!

אייניגע מאָמענטען זיינען פאַראיבער און סיירוס הארדינג האָט אלץ קיין אנטוואָרט געגעבען אויף'ן קאַפּיטאַן'ס פראגע.

— וואָס דענקט איהר וועגען מיין לעבען, מיינע הערען? — האָט קאַפּי־טאַן נעמאָ שטרענג געפרעגט.

סיירוס הארדינג האָט דעם קאַפּיטאַן געררייכט זיין האנד און האָט געזאָגט:
— מיין הערר, איהר האָט אין אייער לעבען געשטרייט געגען אן אונפּער־מיידליכע זאך. דריקער און אונטערדריקטע וועלען קיינמאָל ניט אונטערגעהן. מען קען דארום ניט אורטהיילען אויב איהר האָט געטהאָן גוט אָדער שלעכט. ווען א מענש טהוט זאָגאר אן אונגערעכטע זאך, אָבער ער דענקט אז עס איז גערעכט, קען מען איהם ניט בעשולדיגען און מען קען צו איהם גאָר ניט האָבען. דער נאָמען פון אזא מאן דארף פערבלייבען געשעצט און געאכטעט ביי אונז מענשען. איהר דארפט דארום ניט מורא האָבען אז אייער נאָמען וועט ליידען פון אייער לעבענסגעשיכטע, ווייל מיר קענען איבערהויפּט ניט אורטהיילען אויב אייערע טהאטען זיינען געווען גוטע אָדער שלעכטע.
דער אלטער האָט אויפגעהויבען זיינע הענד אין דער הויך און האָט אויס־געשריען:
— בין איך געווען גערעכט אָדער אונגערעכט?
קאַפּיטאַן נעמאָ איז פערבליבען ליגען שטיל אזוי וויא פערטיעפט אין גע־דאנקען. הערבערט, וועלכער איז געשטאנען נעבען איהם, איז געפאלען אויף זיינע קניע און געקושט דעם אלטען'ס האנד.
טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין דיא אויגען פון שטערבענדען און מיט א שטילע אָבער ריהרענדע שטימע האָט ער געזאָגט:
— גאָט זאָל דיך בענשען, מיין קינד!

---

## 17טעם קאַפּיטעל.

**דיא לעצטע מאָמענטען פון נעמאָ'ס לעבען. — זיין צוואה. — א קאסטען מיט טהייערע שטיינער. — נעמאָ'ס ראטה צו דיא קאָלאָניסטען. — אונטער פיער אויגען מיט קאַפּיטאַן הארדינג. — נעמאָ'ס קבר — געזונקען צום גרונד.**

ס איז געוואָרען טאָג. קיין שטראהל פון ליכט איז אריינגעקומען אין דער טיעפער הייהל. דאָס וואסער אין ים איז דאמאָלס געשטיעגען און דיא עפענונג פון הייהל איז געווען פערשטעלט מיט וואסער. אָבער דיא קינסטליכע ליכט האָט בעלויכטעט דיא "נאָטילוס" און דיא גאנצע הייהל ארום און ארום.
קאַפּיטאַן נעמאָ איז זעהר שוואך געוואָרען. מען האָט געזעהן אז זיינע קרעפטען גייען אוים און דער שאָטען פון טויט פערציהט זיך אויף זיין געזיכט. דיא קאָלאָניסטען האָבען גאָר ניט געקענט טהאָן. דער אלטער האָט אויסגע־שפּראָכען זיין וואונש, אז ער וויל שטארבען אויף דער "נאָטילוס" און זיי האָבען געהאט צו ווארטען גלייך מיט איהם ביז דער טויט וועט קומען.

אין פערלויף פון א היבשע שטיקעל צייט, וואָס דער קאַפּיטאַן איז גע־לעגען כמעט בעוואוסטלאָז, האָבען סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט בע־אָבאכטעט דעם קראנקען און זיי האָבען געזעהן אז טהיילען פון זיין קערפּער זיינען שוין אָבגעשטאָרבען. דאָס ביסעל לעבען וואָס אין איהם איז נאָך געווען האָבען זיך קאָנצענטרירט אין הארץ און אין קאָפּ. זיי האָבען דערקענט אז ער שטארבט ניט פון קיין קראנקהייט, זאָנדערן איינפאך ווייל דיא לעבענס קראפט שעפּט זיך ביי איהם אויס.

— פּילייכט — האָט פּענקראָפט געזאָגט — וואָלטען מיר איהם גענומען אין גראניט הויז? פּילייכט וואָלט דיא פרישע לופט אויף איהם געווירקט און ער וואָלט נאָך אָבגעלעבט?

— ניין, פּענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — דאָס וועט קיינע נוצען בריינגען און מיר דארפען דאָס גאָר ניט פּרובירען. אויסערדעם, וועט קאַפּיטאַן נעמאָ ניט וועלען פערלאָזען זיין שיף. ער האָט יאָהרען לאנג געלעבט אויף דער "נאָטילוס" און אויף דער "נאָטילוס" וויל ער שטארבען.

דער קאַפּיטאַן האָט אָהן צווייפעל געהערט הארדינג'ס ווערטער, ווייל ער האָט זיך א ביסעל אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און האָט געזאָגט מיט א שוואכע שטימע:

— איהר זיינט גערעכט, מיין הערר. איך וועל דאָ שטארבען. דאָס איז מיין וואונש און אנדערש קען דאָס ניט זיין, אָבער איך וויל נאָך אייך עטוואָס בעטען פאר מיין טויט.

סיירוס הארדינג און זיינע פריינד זיינען צוגעגאנגען נעהענטער צום שטער־בענדען. זיי האָבען דיא קישען אונטער זיין קאָפּ אונטערגעהויבען אום עס זאָל איהם זיין בעקוועמער צו ליגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געזעהן וויא דעם קאַפּיטאַן'ס אויגען האָבען גע־וואנדערט איבער דיא רייכטהימער פון דעם וואונדערבארען זאאל, וועלכער איז געווען בעלייכטעט מיט עלעקטריציטעט דורך און דורך. ער האָט אלעס בע־קוקט, אלעס בעטראכט, פון דיא פּאָרטרעטען וואָס זיינען געהאנגען אויף דיא וואנד, וועלכע זיינען געווען דיא קונסטווערקע פון דיא גרעסטע מאהלער פון דער וועלט, ביז דיא גאנץ קליינע אנטיקען וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף טישען און אויף'ן באָדען. דאָרט זיינען אויך געווען אלערליי פּראָדוקטען פון מעער, וויא פּלאנצונגען, וואונדערבארע מינים פיש, פּערל און דאָס גלייכען. אין א ווינקעל איז געשטאנען א גרויסער און פּראכטפאָלער אָרגאַן, אויף וועלכען קאַפּיטאַן נעמאָ פּלעגט וואהרשיינליך שפּיעלען אין זיינע גוטע צייטען. אלע ארטיקלען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען האָבען געטראָגען דעם אויפשריפט: "Mobilis in mobil" (בעוועגליכעס אין בעוועגליכעס).

דער שטערבענדער האָט געוואָרפען זיינע לעצטע בליקען אויף דיא קונסט

ארבייט און נאטור וואונדער, וועלכע ער האָט יאָהרען לאנג געזאמעלט. ער האָט זיך געזעגענט מיט זיי פאר זיין אוועקגעהן אין אזא וועג פון וואנען מען קומט שוין ניט צוריק.

סיירוס הארדינג האָט געשוויגען. ער האָט געוואוסט אז קאפיטאן נעמאָ זאָל עפּעס זאָגען.

אין אייניגע מינוטען ארום האָט זיך דער קאפיטאן געווענדעט צו דיא קאָלאָניסטען און געזאָגט:

— דענקט איהר, מיינע העררען, אז איהר זיינט מיר עטוואָס שולדיג? אז איהר זיינט עטוואָס פערפליכטעט צו מיר?

— קאפיטאן — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — גלויבט אונז, אז מיר וואָלטען אוועקגעגעבען אונזערע לעבענס צו פערלענגערען אייער לעבען.

— זאָגט זשע מיר צו — האָט דער קאפיטאן געזאָגט — אז איהר וועט אויספיהרען מיין לעצטען וואונש און דערמיט וועט איהר מיר האָבען אָבגעצאָהלט פאר אלעס וואָס איך האָב פאר אייך געטהאָן.

— מיר פערשפּרעכען אייך — האָט הארדינג געענטפערט.

— מיינע העררען — האָט דער קאפיטאן פאָרטגעזעצט — מאָרגען וועל איך שטארבען, און איך וויל ניט האָבען קיין אנדער קבר, נור דיא "נאָטילוס". דיעזע שיף איז מיין קבר! אלע מיינע פריינד רוהען אין דיא טיעפענים פון ים, און וואו זיי רוהען וויל איך אויך רוהען.

ווען קאפיטאן נעמאָ האָט דיעזע ווערטער גערעדט האָט אין צימער געהערשט א טויטע שטילקייט. קיינער פון דיא אנוועזענדע האָט זיך בעוועגט אָדער דעם אָטהעם אָבגעצויגען.

— שענקט אייער אויפמערקזאמקייט צו מיין וואונש — האָט דער שטערבענדער ווייטער געזאָגט — דיא "נאָטילוס" איז איינגעשפּארט אין דיעזער הייהל. ארויספיהרען איהר פון דאנען איז אונמעגליך, אָבער מען קען דיא שיף זינקען צוזאמען מיט מיין טויטען קערפּער. מאָרגען, נאָך מיין טויט, זאָלט איהר, העדר הארדינג, און אייערע קאמפּאניאָנען פערלאָזען דיא "נאָטילוס" און איהר זאָלט פון דאנען קיין זאך ניט נעהמען, ווייל אלעס וואָס דאָ געפינט זיך מוז זינקען מיט מיר צוזאמען. בלויז איין זאך וועל איך אייך שענקען אלס אנדענקונג פון פּרינץ דעקער, מיט וועמענס לעבענס־געשיכטע איהר זיינט ערשט בעקאנט געוואָרען. דאָס איז א קאסטען מיט פּערל, דימאנטען און אנדערע טהייערע שטיינער, דיא מעהרסטע פון זיי האָב איך אלס ערבאינערונג פון דיא גוטע צייטען, ווען איך בין געווען מאן און פאָטער. דיעזער אוצר וועט אייך אין דיא צוקונפט צוניץ קומען. אין אייערע הענד, הערר סיירוס, און אין דיא הענד פון אייערע קאָמפּאניאָנען, וועלען געלד און רייכטהום קיין מאָל ניט פיהרען צו א געפאהר. דאָס וועט אייך שטענדיג נוצען ברייגנען און איהר וועט מיין נאָמען דערמאָהנען.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אַ ווײַלע אָבגערוהט, דאַן האָט ער פאָרטגעזעצט:

— מאָרגען וועט איהר נעהמען דעם קאַסטען. ער שטעהט דאָרט ביי דער רעכטער זייט. איהר וועט ארויסגעהן פון דיעזען זאאַל און פעסט פערשפּארען דיא טהיר. דאַן וועט איהר ארויפגעהן אויף דעק און ארונטערלאָזען דיא טהיר פון דער אויבערשטער עפענונג.

— אייער ווילען וועט געשעהן, קאַפּיטאַן — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט.

— גוט. ווען איהר וועט האָבען אַזוי געטהאָן וועט איהר אריינגעהן אין דער קליינער שיפעל וואָס האָט אייך אהער געבראכט; אָבער איידער איהר וועט פערלאָזען דיא "נאָטילוס" זאָלט איהר געהן צום הינטערשטען טהייל פון שיף און דאָרט עפענען צוויי גרויסע שטאָפּקעס, וועלכע איהר וועט געפינען אין וואַסער. דיא רעזערוואוארען פון דער "נאָטילוס" וועלען אָנגעפילט ווערען מיט וואַסער און זיא וועט ביסלעכווייז זינקען, ביז זיא וועט בלייבען שטעהן אויף'ן גרונד פון דיעזען קאַנאַל.

און וואָרפענדיג אַ בליק אויף סיירוס הארדינג האָט ער פאָרטגעזעצט:

— איהר האָט ניט וואָס צו שרעקען זיך. איהר וועט בלויז בעגראָבען אַ טויטען קערפּער.

ניט סיירוס הארדינג, ניט זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען געהאט עטוואָס אָנצוואווענדען. דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעדריקט זיין פערלאַנג און זיי האָבען עס געדאַרפט ערפילען.

— האָב איך אייער צוזאָג, מיינע העררען? — האָט נעמאָ ווידער אמאָל געפרעגט.

— יאַ, קאַפּיטאַן, איהר האָט עס — האָט הארדינג געענטפערט.

דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעדריקט זיין דאַנק צו דיא קאָלאָניסטען דורך אַ ליעבליכען בליק און ער האָט זיי געבעטען זיי זאָלען איהם לאָזען אַליין אויף איינינע שטונדען. גידעאָן ספּילעט האָט געוואָלט פערבלייבען נעבען איהם, פיליייכט שטאַרבט ער און ער זאָל זיין דערביי ווען דיא נשמה וועט זיך שיידען מיט'ן גוף, אָבער דער קאַפּיטאַן האָט איהם געהייסען געהן, זאָגענדיג: "איך וועל נאָך לעבען ביז מאָרגען".

אַלע זיינען ארויס פון זאאַל. זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך'ן ביבליאָטהעק צימער, פון דאָרט אין עס־שטוב און ווייטער אין צימער וואו דיא מאַשינערייע און דיא אַפּאַראַטען פון דער שיף האָבען זיך געפונען.

דיא "נאָטילוס" איז געווען אַ זאָנדערבאר מייסטערווערק אין און פאר זיך און דיא מעכאַנישע איינריכטונגען וואָס זיינען דאָרט געווען זיינען געווען וואונדערבאַר. דער אינזשיניר איז ערשטוינט געוואָרען קוקענדיג אויף אַלע זאַכען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען ארויפגעגאַנגען אין דער הויך אויף'ן פּלאַטפאָרם,

וואָס איז געווען זיעבען אָדער אכט פוס איבער'ן וואסער. זיי האָבען דאָרט אַלעס בעאָבאכטעט און זיי האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען וויא אזוי מענ־שען'ס הענד האָבען דאָס אַלעס געקענט שאפען.

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען א היבשע צייט גע־ווען שטיל. זיי זיינען געווען צוטומעלט און העכסט איבערראשט פון אַלעס וואָס זיי האָבען נור וואָס געזעהן און געהערט; זיי זיינען געווען זעהר געריהרט פון דעם קאפּיטאן'ס לעצטע ווערטער; עס האָט זיי וועה געטהאָן דיא הערצער וואָס זיי דארפען זיך שיידען מיט זייער רעטער, בעשיצער און וואָהלטהעטער און זיי האָבען ניט געפונען קיין ווערטער מיט וועלכע אָנצופאנגען א געשפּרעך. ענדליך האָט זיך פּענקראָפט אָבגערופען:

— וואָס פאר א זאָנדערבארער מענש! איז עס מעגליך אז ער קען לעבען אויף'ן גרונד פון ים? איך דענק אז ער האָט דאָרט ניט געקענט האָבען מעהר רוהע וויא אנדערשוואו!

— איהר ווייסט? — האָט זיך איירטאָן אָבגערופען — מיט דער "נאָטי־לוס" וואָלטען מיר געקענט קומען צו בעוואָהנטעס לאנד.

— גאָט אין הימעל! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — איך וואָלט קיינמאָל ניט ריזיקירט צו פאָהרען אין אזא שיף. פאָהרען אויף'ן מעער איז גוט; אָבער אונטער'ן מעער, קיינמאָל אין לעבען ניט!

— איך גלויב, פריינד פּענקראָפט — האָט זיך דער רעפּאָרטער אָבגערופען — אז פאָהרען אונטער'ן וואסער אין אזא שיף וויא דיא "נאָטילוס" איז א גאנץ לייכטע זאך און מיר וואָלטען גאנץ שנעל געוואָהנט געוואָרען דערצו. אונטער'ן וואסער זיינען ניטאָ קיין שטורמס, קיין מורא'דיגע כוואַליעס און דאָרט קען נאך זיין זיכערער וויא צו פאָהרען אויף דער אָבערפלעכע פון ים. ווייסט איהר, אז אייניגע פוס טיעף אין וואסער איז דער ים רוהיג און שטיל אזוי וויא א לייק (אָזיערא)?

— דאָס קען זיין — האָט דער מאטראָז געענטפערט — אָבער איך וואָלט בעסער איבערגעטראָגען דעם גרעסטען שטורם אויף'ן ים איידער דיא שטילקייט און דיא רוהיגקייט אין ים. א שיף איז געמאכט געוואָרען צו פאָהרען אין דער הויך אויף'ן וואסער, ניט אונטער'ן וואסער.

— מיינע פריינדע — האָט זיך דער אינזשיניר אָבגערופען — עס איז דאָך פּוסטע רייד און אומזיסטע דיסקוסיאָנען. ערשטענס, איז דיא "נאָטילוס" ניט אונזערע און מיר האָבען קיין רעכט צו דענקען צו בענוצען איהר, זאָלאנג דער ווילען פון איהר אייגענטהימער איז ניט דערביי; און צווייטענס, קען מען דיא "נאָטילוס" פון דיעזער הייהל ניט ארויסשלעפּען. קאפּיטאן נעמאָ אליין האָט דאָס אויך ניט געקענט בעווייזען, היינט צו וואָס ארויסווארפען אומזיסטע רייד?
דיא קאָלאָניסטען האָבען נאכהער א היבשע צייט גערעדט וועגען פערשיעדע־

נע אנגעלעגענהייטען, דאן זיינען זיי ארונטערגעגאנגען אין עס־שטוב, וואו זיי האָבען געפונען עפּעס צו עסען און א ביסעל שפּעטער זיינען זיי אוועק צוריק אין זאאל.

קאפּיטאן נעמאָ איז געלעגען אויף זיין געלעגער. זיינע אויגען האָבען געשיינט און אויף זיינע ליפּען איז געלעגען א שמייכעל. דיא שוואכקייט איז פון איהם אביסעל אָבגעטראָטען.

דיא קאָלאָניסטען זיינען צוגעגאנגען נאָהענט צו איהם.

— מיינע הערדען — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט — איהר זיינט אָרענטליכע און בראווע מענער. איך האָב בעאָבאכטעט אייערע אויפפיהרונגען און זיי זיינען מיר זעהר געפעלען געווען. איך האָב אייך שטענדיג געאכטעט און איך אכטע אייך היינט אויך. הערר הארדינג, גיט מיר אייער האנד.

סיירוס הארדינג האָט איהם געבעבען זיין האנד און דער קאפּיטאן האָט זיא פריינדליך געדריקט.

— אָבער גענוג וועגען מיר — האָט נעמאָ ווייטער געזאָגט — איך האָב עטוואָס צו זאָגען וואָס אָנבעלאנגט אייך און דיעזען לינקאָלן אינזעל אויף וועלכען איהר זיינט געגעטעט געוואָרען. דענקט איהר צו פערלאָזען דיעזען אינזעל?

— אָבער צוריק צו קומען, הערר קאפּיטאן — האָט פּענקראָפט שנעל געענטפערט.

— צוריק צו קומען? — האָט דער קאפּיטאן געפרעגט מיט א שמייכעל — איך ווייס און בעגרייף אז דער אינזעל איז אייך ליעב און טהייער; איהר האָט פון דיעזען אינזעל געמאכט דאָס וואָס ער איז; איהר האָט איהם פערוואנדעלט אין א פּאראדיז! אָבער —

— אונזער פּראָיעקט איז, הערר קאפּיטאן — האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען — צו מאכען דיעזען אינזעל א טהייל פון אונזער געבורטס־לאנד — דיא פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא.

— איך ליגט שטארק אין זינען אייער לאנד, מיינע הערען — האָט נעמאָ געזאָגט — איהר ליעבט אייער לאנד און איהר ווילט זעהן איהר גליק! איהר האָט רעכט! יעדער איינער דארף לעבען אין זיין געבורטס־לאנד און דארף שטארבען אין זיין געבורטס־לאנד! אָבער איך? איך וועל שטארבען ווייט פון אלעמען און פון אלעס וואָס איך האָב געליעבט!

— פיליייכט, הערר קאפּיטאן, פערלאנגט איהר מיר זאָלען פאר אייך דורכפיהרען נאָך א זאך? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט — פיליייכט ווילט איהר צו יעמאנדען פון אייערע פריינד אין אינדיען שיקען אן אנדענקונגס געשאנק?

— ניין, קאפּיטאן הארדינג — האָט נעמאָ געענטפערט — קיינע פריינד זיינען מיר פערבליבען! איך בין דער לעצטער פון מיין ראסע און דיא וואָס האָבען

מיך אמאָל געקענט האָבען מיך שוין לאנג פערגעסען. איך האָב קיינעם אויף דער וועלט, צו וועמען איך זאָל שיקען א גרוס אָדער אן אנדענקונגס געשאנק! אָבער לאָמיר רעדען וועגען אייך. איינזאמקייט און עלענדקייט איז זעהר א שווערע זאך פאר א מענשען צו איבערטראָגען. איך שטארב ערשט, ווייל דיא איינזאמקייט טרייבט מיך צום טויט. איך האָב געמיינט אז איך וועל קענען לעבען אליין, אָבער ערשט בין איך איבערציינגט אז דאָס האָט פערקירצט מיינע יאָהרען. וויא גאָט איז אייך ליעב, מיינע פריינדע, ווענדעט אָן אלעס מעגליכע צו פערלאָזען דיעזען אינזעל און צו קומען אין אייער פאָטערלאנד. דיא איינזאמקייט דאָ קען אייך טרייבען צו א פריה־צייטיגען טויט. איך ווייס אז איהר האָט געהאט א שיף און דיא פיראטען האָבען זיא פערניכטעט.

— מיר בויען אן אנדער שיף — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט — גרויס און שטארק גענוג צו קומען צו דאָס נעהענטסטע לאנד; אָבער אויב נור מיר וועלען עס קענען אויספיהרען וועלען מיר פריהער אָדער שפּעטער צוריק קומען אהער, ווייל דיעזער אינזעל איז אונז בעליעבט און מיר וועלען קיינמאָל ניט קענען פערגעסען דיא אלע זאכען וואָס מיר האָבען דאָ ערוואָרבען.

— דאָס אליין — האָט זיך סיירוס הארדינג אָבגערופען — וואָס מיר האָבען זיך דאָ בעקאנט מיט קאפּיטאן נעמאָ, וועט אונז ציהען צו דיעזען אינזעל.

— נור דאָ קענען מיר מאכען אונזער היים — האָט הערבערט צוגעגעבען.

קאפּיטאן נעמאָ האָט א וויילע געשוויגען, דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— הערר הארדינג, איך וויל רעדען מיט אייך אליין אונטער פיער אויגען.

הארדינג׳ס קאָמפּאניאָנען האָבען באלד ערפילט דעם שטערבענדען׳ס וואונש און זיי זיינען אָבגעטראָטען.

דער אינזשיניר איז פערבליבען אייניגע מינוטען אליין מיט קאפּיטאן נעמאָ און נאכהער האָט ער זיינע קאָמפּאניאָנען צוריקגערופען, אָבער ער האָט זיי גאָר ניט געזאָגט וועגען דעם געשפּרעך וואָס ער האָט געהאט מיט׳ן קאפּיטאן.

— דער טאָג איז פאַראיבער און אויף׳ן קראנקען קאפּיטאן איז קיין ענדערונג געזעהן געוואָרען. דיא קאָלאָניסטען זיינען ניט ארויס פון זאאל זאָגאר אויף א סעקונדע. עס איז געוואָרען נאכט. אָבוואָהל אין הייהל איז קיין אונטערשיעד געווען פון טאָג צו נאכט, האָבען דיא קאָלאָניסטען געוואוסט פון זייגער, אז דיא פינסטערע נאכט הערשט אויף זייער אינזעל.

קאפּיטאן נעמאָ האָט קיין שמערצען געליטען, אָבער ער איז אויסגעגאנגען אזוי וויא א ליכט. ער איז געוואָרען אלע מאָל אלץ בלאסער און בלאסער. ער איז געלעגען שטיל און רוהיג און בלויז פון צייט צו צייט האָבען זיך פון זיינע ליפּען ארויסגעכאפּט ווערטער וועגען זיין פערגאנגענהייט. מען האָט געזעהן, אז דאָס ליכט פון לעבען ווערט אין איהם אויסגעלאָשען. זיינע גליעדער זיינען ביסלעכווייז געוואָרען קאלט.

ער האָט נאָך גערעדט אייניגע ווערטער צו דיא קאָלאָניסטען. ער האָט גע־שמייכעלט, אָבער דאָס איז שוין געווען זיין לעצטער שמייכעל.

ארום האלבע נאכט האָט דער שטערבענדער ארויפגעלעגט זיין האנד אויף׳ן ברוסט אין ער איז אזוי געלעגען ביי א שטונדע צייט. דאן האָט דער טויט פער־שפרייט זיינע פליגעל אויף׳ן געזיכט פון דעם געוועזענעם העלד און קעמפ־פער פאר פרייהייט און מען האָט געזעהן, אז דער לעצטער מאָמענט איז גע־קומען. ער האָט שטיל אויסגערעדט דיא ווערטער: "גאָט און מיין לאנד" און ער האָט זיין לעצטען אָטהעם אויסגעהויכט.

סיירוס הארדינג האָט זיך צוגעבויגען און האָט געשלאָסען דיא אויגען פון דעם געוועזענעם פרינץ דעקער, וועלכער איז שוין ערשט זאָגאר קאפיטאן נעמאָ אויך ניט געווען.

הערבערט און פענקראָפט האָבען געזיפצט און טרעהרען זיינען געפאלען פון איירטאָן׳ס אויגען. נעב איז געשטאנען אויף דיא קניע אונבעוועגליך אזוי וויא א שטיינערנע סטאטוע.

סיירוס הארדינג האָט צוגעלעגט זיין האנד צום טויטען׳ס שטערען און ער האָט געזאָגט:

— זאָל דיא זעלע פון דיעזען מאן זיין מיט גאָט. זאָל זיא שוועבען אין דיא הויכע הימלען וואו זיא בעלאנגט.

אין אייניגע שטונדען ארום האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגעפיהרט דעם וואונש פון פערשטאָרבענעם.

סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפאניאָנען האָבען פערלאָזען דיא "נאָטילוס". זיי האָבען בלויז מיטגענומען דעם קאסטען מיט דיא טהייערע שטיינער, וואָס קאפיטאן נעמאָ האָט זיי געהייסען נעהמען, מעהר האָבען זיי קיין זאך ניט בע־ריהרט. דיא אָנדענקונג, וואָס דער פערשטאָרבענער האָט זיי געשענקט, איז ווערטה געווען מיליאָנען.

דער פרעכטיגער זאאל, וועלכער איז געווען העל בעלויכטען איז צוגעשלאָ־סען געוואָרען. דיא אייזערנע טהיר וואָס האָט געפיהרט צום דעק האָבען דיא קאָלאָניסטען אויך פעסט פערמאכט. זיי זיינען דאן ארויפגעגאנגען אין דער הויך, האָבען פערמאכט דיא אויבערשטע עפענונג און זיינען ארונטער אין דער קליין שיפעל.

זיי זיינען מיט דער שיפעל צוגעפאָהרען צום הינטערסטען טהייל פון דער "נאָטילוס", האָבען געעפענט דיא שטאָפקעס און שטראָמען וואסער האָבען אָנגעהויבען לויפען אין דיא רעזערוואוארען פון שיף.

דיא הייהל איז נאָך געווען בעלויכטען פון דיא עלעקטרישע לייכטונג און

דיא קאָלאָניסטען האָבען געזעהן וויא דיא שיף האָט ביסלעכווייז געזונקען, ביז ענדליך זיינען דיא עלעקטרישע ליכט אויסגעלאָשען געוואָרען און דיא געוועזענע "נאָטילוס", וואָס איז פערוואנדעלט געוואָרען אין איהר קאפּיטאן'ס קבר, איז געזונקען צום גרונד.

## 18טעם קאפּיטעל.

דעקער גראָטאָ. — ניעדערגעשלאָגען און פערצווייפעלט. — דיא ארבייט פון בויען דיא שיף. — א וואָלקען איבער'ן בארג פרענקלין. — א פאָרשונגס רייזע אין הייהל. — ענטדעקט דיא גרויסע געפאהר.

---

ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען זיינען דיא קאָלאָניסטען געקומען צו דעם מויל פון דעם אונטערערדישען קאנאל, וועלכען זיי האָבען א נאָמען געגעבען "דעקער גראָטאָ" (דעקער'ס הייהל), צום אנדענקען פון קאפּיטאן נעמאָ, וועמעס ריכטיגער נאָמען איז געוועזען פּרינץ דעקער. דאָס וואסער איז דאן געוועזען אָבגעפאלען. זיי זיינען לייכט דורכגעגאנגען אונטער'ן געוועלב און האָבען דער־גרייכט דעם ברעג.

דיא שיפעל האָבען דיא קאָלאָניסטען דאָרט איבערגעלאָזט. זיי האָבען איהר ארויסגעשלעפּט און בעפעסטיגט אין א זיבערען אָרט, אז זיא זאָל ניט פערטראָגען ווערען פון דיא כוואליעס.

דער רעגען שטורם האָט שוין געהאט אויפגעהערט. עס האָבען זיך נאָך גע־הערט שוואכע דונערען, אָבער גערעגענט האָט שוין ניט. דער הימעל איז נאָך געוועזען בעדעקט מיט וואָלקענס און מען האָט ניט געקענט וויסען אויב עס וועט נאָך רעגענען אָדער ניט.

דעם גאנצען מאָנאט אָקטאָבער זיינען דיא וועטערען ניט געווען רעגעלמע־סיג און מען האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסען וואָס אין א שטונדע שפּעטער וועט זיין. דאָ איז געווען שעהנעס וועטער און עס האָט גאָר ניט אויסגעזעהן אז עס זאָל רעגענען, אָבער פּלוצלונג האָט זיך אויפגעכאפּט א שטורם ווינד, וועלכער האָט געבראכט וואָלקענס, דונערען און בליצען און שלאגס רעגען.

ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען פערלאָזען דעקער גראָטאָ האָבען זיי זיך געלאָזט געהן צו דיא פיה שטאהלען. אויף'ן וועג האָבען געב און הערבערט בעאָבאכטעט דעם טעלעגראף דראָט, וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט געהאט פער־צויגען פון דיא שטאהלען צו דער "נאָטילוס", פיללייכט וועט נאָך דיעזער דראָט אמאָל נוצען ברייגגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען געהענדיג ווייניג וואָס גערעדט. דיא פּאסירונג פון דער נאכט האָט אויף זיי א שטארקען איינדרוק געמאכט און זיי זיינען

אויסער זיך געוועזן. זיי האָבען ענדליך אויפגעזוכט זייער רעטער און בעשיצער, וועלכען זיי האָבען געדענקט אז ער איז אן אויסערנאַטירליכעס וועזען און זיי האָבען איהם געפונען א מענש מיט אלע מענשען צוגלייך, און ערשט איז ער טויט! זיי האָבען זאָגאר קיין צייט געהאט צו ווערען בעקאנט מיט זייער רעטונגס ענגעל וואָס האָט זיי אזוי פיעל וואונדער בעוויזען; זיי האָבען קיין צייט געהאט אויסצודריקען זייער דאנקבארקייט צו איהם און ער האָט געפונען זיין קבר אויף׳ן גרונד פון דיא טיעפע וואסערען! יעדער איינער פון דיא קאָלאָניסטען האָט זיך ערשט געפיהלט מעהר עלענד וויא פריהער און זייערע הערצער זיינען זיי געוועזן אזוי פערביטערט, זייערע געדאנקען אזוי צומישט, אז זיי האָבען איינפאך ניט געקענט רעדען.

ביי דיא שטאהלען האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען ניט געזאמט און זיי זיינען אוועק צום גראַניט הויז. זיי זיינען אהין געקומען ארום ניין אוהר אין דער פריה.

זיי האָבען בעשלאָסען, אז זיי זאָלען פאָרטזעצען דיא ארבייט פון בויען דיא שיף, און סיירוס הארדינג אליין האָט זיך ערשט אָבגעגעבען מיט דער ארבייט מעהר וויא אימער. קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט וואָס עס וועט שפּעטער פּאסירען, אָבער דיא שיף האָבען זיי געוואָלט האָבען פערטיג וואָס פריהער, פיליייכט וועט מען זיא שנעל דארפען אָדער מוזען געברויכען. אָבצופאָהרען אין א ווייטער וועג באלד וויא דיא שיף וועט פערטיג ווערען, האָבען זיי ניט געדענקט. זיי האָבען נאָך פריהער געוואָלט מאכען א רייזע צום אינזעל טייבאָר און איבערלאָזען א שריפט וועגען איירטאָן, פיליייכט וועט לאָרד גלענארוואן איהם קומען אָבנעהמען. אויב דיא שאָטלענדישע יאכט-שיף זאָל אהין קומען, דאן וועלען זיי ניט דארפען ריזיקירען צו פאָהרען אין זייער אייגענע שיף, וועלכע קען פאר קיין פאל ניט ארויסקומען אזוי שטארק און זיכער וויא א ריכטיגע דאמפף-שיף.

דיא ארבייט פון בויען דיא שיף איז צוגעגאנגען שנעל. אלע זעקס קאָלאָניסטען האָבען געארבייט פלייסיג, אָהן אויפהער, סיידען אן אנדער וויכטיגע און נויטיגע ארבייט האָט זיי געשטערט. זיי האָבען געוואָלט האָבען דיא שיף פערטיג אין פינף מאָנאטען ארום, דאָס הייסט, אין אָנפאנג פון מאָנאט מערץ, אום אויב זיי וועלען בעשליסען צו מאכען שוין דיא רייזע צום אינזעל טייבאָר, זאָלען זיי עס קענען טהאָן איידער דער סעזאָן פון שלעכטע וועטערען וועט אָנקומען.

ביים ענדע פון יאָהר 1868 האָבען דיא שיף-בויער שוין געקענט זעהן וואָס פאר אן אויסזעהן זייער שיף וועט האָבען און זיי זיינען געוועזן אזוי גוט וויא זיכער, אז מען וועט מיט איהר קענען אונטערנעהמען א ווייטע רייזע אויף׳ן ים.

פענקראָפט האָט אויף דער שיף געלעגט מעהר מיה וויא דיא אלע אנדערע,

וועלכע פלעגען אָפּט אוועקלעגען זייערע העק און האַמערס און פלעגען געהן אויף יאגד. דאָס איז אויך געווען נויטהווענדיג, ווייל מען האָט געמוזט אָנגרייטען פלייש און אנדערע לעבענסמיטעל אויף'ן קומענדען ווינטער. דער מאַטראָז אָבער האָט זיין ארבייט קיינמאָל ניט פערלאָזען. ער איז זעהר שטארק בייז געווען אויף זיינע קאמעראדען, וואָס געהען אוועק טהאָן אנדערע זאכען, אָבער אזוי וויא ער האָט געוואוסט, אז זייער ארבייט מוז אויך אונבעדינגט געטהאָן ווערען, פלעגט ער גאָר ניט זאָגען און ער פלעגט אוים כעס אָבטהאָן ארבייט פאר זעקס פערזאָן.

דעם גאנצען זומער סעזאָן זיינען דיא וועטערען געווען ניט קיין גוטע. ענטוועדער עס זיינען געווען שרעקליכע, אונערטרעגליכע היצען, אָדער רעגען־שטורמס מיט דונערען און בליצען. זעלטען ווען עס איז געווען רעגעלמעסיגעס וועטער, און דיא קאָלאָניסטען האָבען דערפון געליטען.

דעם ערשטען יאנואר, 1869, איז געווען א שטארקער שטורם מיט שרעקליך קראכענדע דונערען. גרויסע בוימער זיינען אומגעפאלען און צושמעטערט גע־וואָרען פון עלעקטרישע שטראָמען וואָס זיינען געפאלען פון דיא וואָלקענס. האָט דיעזער בייזער שטורם געהאט א פערבינדונג מיט דיא וואולקאנישע פייערען אין דער ערד? האָט דער שטורם געהאט צו טהאָן מיט דיא ערשייננונגען אויף'ן בארג פרענקלין, וואו רויך און דאמפף האָבען ארויסגעשפארט פון דער ערד'ס געדערים? סיירוס הארדינג האָט געדענקט אז אזוי איז עס געווען, ווייל נאָך דעם שטורם איז דיא ענטוויקלונג פון א וואולקאנישען אויסברוך געוואָרען שטארקער און מען האָט געקענט ערווארטען ניט זעהר קיין פרעהליכע נייעס אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

עס איז געווען דער דריטער יאנואר, ווען הערבערט איז בעגינגען ארויף אויף פּראָספּעקט האיטס איינצושפאנען איינעם פון דיא אָנאגאס, ווען ער האָט דערזעהן אזוי וויא א גרויסע שטיק וואָלקען האָט זיך ארויסגעקייקעלט פון שפּיץ פון וואולקאן.

הערבערט האָט עס באלד צוּאוויסען געגעבען דיא איבעריגע קאָלאָניסטען און זיי זיינען אלע ארוים און געקוקט אויף'ן בארג פרענקלין.

דיא גרויסע שטיק וואָלקען, וואָס איז אין פאקט געווען רויך, האָט אויסגע־זעהן אזוי וויא א גרויסע שוואָם, מעהר וויא דריי הונדערט פוס ברייט און האָט זיך אויפגעהויבען ביי זיעבען אָדער אכט הונדערט פוס איבער'ן בארג.

— עס ברענט שוין אין קוימען — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט.

— און מיר קענען עס ניט אויסלעשען — האָט הערבערט געענטפערט.

— מען וואָלט דעם וואולקאן געדארפט אָבראמען — האָט זיך נעב אָבגערוי־פען מיט אן ערנסטען טאָן.

— זעהר פיין, נעב! — האָט פענקראָפט געזאָגט מיט א געלעכטער — אך,

מיט'ן גרעסטען כבוד! געהט מאכט דיא שטיקעל ארבייט. נעהמט א בעזים און קעהרט אראָב דעם וואולקאנישען בארג אין ים אריין.

סיירוס הארדינג האָט אויך בעאָבאכטעט דעם געדיכטען רויך וואָס האָט ארויסגעשפארט פון בארג פרענקלין און ער האָט זיך אויך צוגעהערט צום געשפרעך פון זיינע קאָמפאניאָנען. ער האָט זיך צו זיי געווענדעט און געזאָגט:

— דיא ווארהייט איז, מיינע פריינדע, אז עטוואָס נייעס וועט דאָ געשעהן. דער וואולקאנישער פייער ברענט שוין און מיר דארפען אָהן צווייפעל ערווארטען אַן אויסברוך.

— נו, קאפיטאן — האָט דער מאטראָז געזאָגט — ווּעלען מיר זעהן דעם אויסברוך, און אויב עס וועט זיין וואָס צו זעהן, וועלען מיר אפלאָדירען און פאטשען "בראוואָ"! איך זעה ניט איין וואָס מיר האָבען דאָ צו זאָרגען וועגען דעם.

— מעגליך — האָט הארדינג געענטפערט — אז קיין געפאהר דראָהעט אונז ניט. דער אלטער מויל, דיא אלטע עפענונג פון וואולקאן איז ערשט אויף אָפען און דיא אונטערערדישע פייערען און דיא לאַווא וועלען זיך דורכשפארען דורך יענעם וועג, דאָך —

— דאָך — האָט דער רעפּאָרטער אונטערגעכאפּט — זאָבאלד קיין פּראָפיט קענען מיר פון א וואולקאנישען אויסברוך געווים ניט ציהען, איז גלייכער אז עס זאָל ניט געשעהן.

— ווער ווייס — האָט זיך דער מאטראָז אָבגערופען — פיליכט ליגען דאָרט אין וואולקאן ווערטהפאָלע זאכען און ער וועט עס זיי אויסשפּייען פון אונ־זערטוועגען.

סיירוס הארדינג האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ מיט א זאָרגהאפטע מינע. ער האָט דיא זאך ניט אָנגענומען פאר לייכט אזוי וויא פּענקראָפט און ער האָט מורא געהאט אז דער אויסברוך קען ברייננגען שאדען אָדער פיליכט אונגליק. אויב דיא לאַווא וואָס וועט ארויסגעשליידערט ווערען פון קראטער (עפענונג פון א וואולקאן) וועט ניט שאדען דעם קולטיווירטען טהייל פון אינזעל, קען אָבער דער אויסברוך אָפּטמאָל ברייננגען אן ערד ציטערנים און אויפטרייסלען דעם גאנצען אינזעל.

איירטאָן האָט זיך צוגעבויגען ניעדעריג צו דער ערד און ער האָט זיך צוגעהערט.

— מיר ווייזט אוים — האָט ער געזאָגט — אז איך הער א שטילען גערויש אונטער דער ערד, א גערויש וואָס איז עהנליך צו דעם גערויש פון א וואָגען וואָס איז אָנגעלאָדען מיט לאנגע אייזערנע שטאנגען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך גוט צוגעהערט און זיי האָבען זיך איבער־צייגט אז איירטאָן האָט קיין טעות געהאט. זיי האָבען ווירקליך געהערט אזא

געָרויש וויא איירטאָן האָט געזאָגט; אָבער דער גערויש איז געוואָרען שטילער ביז ער איז אין גאנצען אָבגעשטאָרבען און מען האָט גאָר ניט געהערט. דאָס האָט געקענט ערקלערט ווערען דערמיט, אז דער דאמפף און רויך האָט זיך אונטער דער ערד דורכגעקייקעלט דורך א הייהל צום צענטער פון וואולקאן, און עס איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך, אז עס זאָל אויספלאצען אנדערש וואו.

— אויב אזוי — האָט פענקראָפט געזאָגט — ווארום זאָלען מיר ניט געהן צוריק צו דער ארבייט? זאָל זיך דער בארג פרענקלין רויבערען, זאָל אונטער דער ערד רוישען, זאָל דאָרט שפריצען פייער און מיר קענען זיך טהאָן אונזערעס! איך זעה ניט איין ווארום מיר זאָלען צוליעב דעם שטעהן מיט פערלעגטע הענד! קומט, איירטאָן, נעב, הערבערט, קאפּיטאן הארדינג, הערר ספּילעט, קומט אלע צו דער ארבייט! מיר האָבען היינט א שווערע שטיק ארבייט צו מאכען און א דוצענד הענד וועלען ניט זיין צופיעל. איך וויל אז אונזער נייע "באָנעדווענטשור" זאָל אין וועניגער וויא צוויי מאָנאטען ארום זיין פערטיג. דענקט איהר ניט אז מיר זאָלען אונזער נייע שיף רופען מיט'ן זעלבען נאָמען וויא מיר האָבען אונזער ערשטע שיף גערופען?

דיא קאָלאָניסטען האָבען ערפילט פענקראָפט'ס וואונש און זיי זיינען אלע אוועק צו דער ארבייט ביי דער נייער שיף.

זיי האָבען געארבייט דעם גאנצען טאָג פון דריטען יאנואר און זיי האָבען זיך אזוי וויא פערגעסען אָן דעם וואולקאן, וועלכען מען האָט ניט געקענט זעהן פון זייער ארבייטס-פּלאץ. אָבער א פּאָר מאָל האָבען זיי געזעהן וויא גרויסע שאָטענס האָבען פערשטעלט דיא זונן. דאָס זיינען געווען וואָלקענס פון רויך, וועלכע האָבען זיך אויפגעהויבען פון בארג פרענקלין און דער ווינד האָט זיי פונאנדערגעטריבען ווייט אין דער הויך. סיירוס הארדינג און גידעאָן ספּילעט האָבען גערעדט וועגען דיא שנעלע ענטוויקלונג פון דעם וואולקאנישען אויסברוך, אָבער זיי האָבען געארבייט פלייסיג און ניט גערוהט א מינוט. זייער וואונש איז געווען אז זייער שיף זאָל וואָס שנעלער פערטיג ווערען, ווייל ווער קען פאָראויס זעהן וואָס אויף'ן אינזעל קען פּאסירען? פיליכט וועט קומען אָן ערדציטערנים, פיליכט וועט זיך דער גאנצער אינזעל איבערקערען און זיי וועלען קיין אנדער רעטונגס-מיטעל אויסער צו אנטלויפען מיט דער שיף אויף'ן ים ניט האָבען?

אין אבענד נאָכדעם וויא דיא קאָלאָניסטען האָבען אָבגעגעסען זייער מאָהלצייט, זיינען הארדינג, ספּילעט און הערבערט ווידער ארויף אויף פּראָספּעקט האיטס. עס איז שוין געווען גוט פינסטער. הערבערט האָט דער ערשטער דערגרייכט פּראָספּעקט האיטס און ער האָט דערזעהן אז פייער האָט ארויסגעשפּארט פון קראטער. ער האָט דאָס אָנגעזאָגט זיינע צוויי קאָמפּאניאָנען, וועלכע זיינען נאָך געווען ניעדעריג און זיי האָבען דעם פלאם ניט געקענט זעהן.

דער בארג פרענקלין, וועלכער איז געווען אומגעפעהר זעקס מייל פון

פּראָספּעקט האיטס, האָט ערשט אויסגעזעהן אזוי וויא א ריעזיגער פאקעל. דער שפּיץ פון בארג איז געוועזן איינגעוויקעלט אין א העלען פלאם פייער. דער שיין פון דעם וואולקאנישען פייער האָט בעלויכטען א גרויסען טהייל פון לינקאָלן אינזעל. דיא סצענע איז געוועזן זעהר א שעהנע, אָבער א טרויעריגע.

— דיא ענדערונג קומט שנעל — האָט דער אינזשעניר געזאָגט.

— דאָס איז ביי מיר גאָר ניט קיין איבערראשונג — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — עס איז שוין גאנץ לאנג אז דער וואולקאן האָט אָנגעהויבען אויפ־וואכען. איהר דאַרפט געדענקען, פריינד סיירוס, אז ווען מיר זיינען געגאנגען זוכען דעם קאפּיטאן נעמאָ ביים בארג פרענקלין האָבען מיר שוין דאמאָלס בע־מערקט צייכענס פון דיא אויפלעבונג פון דעם וואולקאן. דאָס איז געוועזן, אויב איך האָב קיין טעות ניט, דעם 15טען אָקטאָבער.

— יא — האָט זיך הערבערט אָבגערופען — דאָס איז געוועזן מיט צוויי און א האלב מאָנאט צוריק.

— דיא אונטערערדישע פייערען ברענען שוין אלזאָ צעהן וואָכען — האָט ספּילעט פּאָרטגעזעצט — און עס איז גאָר קיין וואונדער וואָס זיי האָבען ערשט אויסגעפּלאצט מיט אזא קראפט.

— פיהלט איהר ניט, אז דיא ערד אונטער אונז טרייסעלט זיך עטוואָס? — האָט דער אינזשיניר געפרעגט.

— יא — האָט דער רעפּאָרטער געענטפערט — אָבער עס איז א גרויסער אונטערשייד פון דיעזען טרייסעל צו אן ערדציטערנים.

— איך זאָג ניט — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — אז אן ערדצי־טערנים דראָהעט אונז ערשט. זאָל אונז גאָט היטען דערפון! ניין, דאָס וואָס דיא ערד ציטערט קומט עס פון דעם האסט פון דיא פלאמען וואָס שפּארען ארויס פון דיא טיעפע שיכטען פון דער ערד. דיא ערד איבער דיא וואולקאנישע פייערען איז אזוי וויא א צודעק אויף א קעסעל קאָכעדיגעם וואסער וואָס בע־וועגט זיך פון דעם דאמפּף וואָס שפּארט ארויף.

אין יענעם מאָמענט האָבען זיך פון קראטער בעוויזען פּראכטפאָל שעהנע צונגען פייער, וועלכע האָבען זיך צושפּרייט אין אלע זייטען און דער גאנצער אינזעל איז געוועזן אילומינירט אזוי וויא פון טויזענדע עלעקטרישע ליכט פון פערשיעדענע קאָלירען. דער אויסברוך פון דיא פייערען איז געקומען אין דיא בעגלייטונג פון עקספּלאָזיאָנען, וואָס זיינען געוועזן עהנליך צו א שיסעריי פון פיעל־רעהרעדיגע ביקסען.

ביי א שטונדע צייט האָבען הארדינג, ספּילעט און הערבערט פערזאמט אויף פּראָספּעקט האיטס, דאן זיינען זיי ארונטערגעגאנגען פון בארג און זיינען ארויף אין גראניט הויז.

דער אינזשיניר איז געוועזן זעהר פערטראכט און בעזאָרגט און דער רע־

פּאַרטער האָט איהם געפרעגט, אויב מען דארף מורא האָבען אז דער וואולקאַ־נישער אויסברוך קען דירעקט אָדער אינדירעקט ברייגנען א געפאהר.

— יא און ניין — האָט הארדינג געענטפערט.

— נאָך אלעמען — האָט ספּילעט געזאָגט — קען דער גרעסטער אומגליק זיין פאר דיעזען אינזעל, ווען עס זאָל, גאָט בעהיט, געשעהן אן ערדציטערניס, אָבער זאָבאלד אז דיא פייערען, דער דאמפּף און דיא לאַווא האָבען געפונען א פרייען אָרט דורך וועלכען ארויסצוקומען, דענק איך, אז מיר דארפען זיך ניט שרעקען פאר אן ערדציטערניס.

— דאָס איז וואהר — האָט סיירוס הארדינג געענטפערט — און עס איז ווירקליך ניטאָ צו מורא האָבען פאר אן ערד־ציטערנים אין דעם געוועהנליכען זינען, וואָס קומט פון דיא גאזען וואָס זאמלען זיך אָן אין דער ערד; אָבער איך האָב מורא פאר אנדערע אורזאכען וואָס קענען פיהרען צו א שרעקליכע קאַ־טאסטראָפע.

— וואָס איז אזעלכעס, טהייערער סיירוס? — האָט ספּילעט געפרעגט.

— איך בין אין דעם ניט זיכער. איך דארף דיא זאך גענוי בעטראכטען. איך דארף זיך איבערלעגען. איך מוז בעזוכען דעם בארג פרענקלין און אין איי־ניגע טעג ארום וועל איך דיא זאך גרינדליך וויסען.

גידעאָן ספּילעט האָט מעהר קיינע פראגען געשטעלט. דיא מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען זיך געלעגט אויף זייערע געלעגערס און זיי זיינען יענע נאכט געשמאק געשלאָפען.

עס זיינען פאַראיבער דער פייערטער, פינפטער און זעקסטער יאנואר. דיא ארבייט פון בויען דיא שיף איז אָנגעגאנגען. דער אינזשיניר האָט ניט געגעבען קיין ערקלערונג וועגען דיא געפאהר וואָס ער האָט געדענקט אז עס קען קומען אויף׳ן לינקאָלן אינזעל און ער האָט געאיילט זיינע קאָמפּאניאָנען אז מען זאָל וואָס שנעלער פערטיג מאכען דיא שיף. דער בארג פרענקלין האָט אלץ געררוי־בערט און געשליידערט צונגען פייער און אויך שטיקער צוקלאַפּטע שטיינער, וועלכע זיינען מעהרסטענטהייל געפאלען צוריק אין קראטער. פּענקראָפט האָט דיא גאנצע זאך ניט גענומען ערנסט. ביי איהם איז דאָס געווען א געלעכטער, א שטיף און איהם האָט זיך געוואָלט וויצלען איבער דער טייפעלשער שפּיעל.

— דער גרויסער בארג פרענקלין — האָט ער אמאָל אויסגעשריען — שפּיעלט זיך אזוי וויא א קינד מיט א פּילקע (באָל); ער ווארפט שטיינער און כאפּט זיי צוריק!

דיא וואָס האָבען דיא זאך גענומען ערנסט און מורא געהאט, אז דאָס וועט ברייגנען צו א קאטאסטראָפע, האָבען דעם מאטראָז ניט שווער געמאכט דאָס הארץ און מען האָט איהם געלאָזט זיך וויצלען.

אָבער וויא דיא ארבייט צו פערטיג מאכען דיא שיף איז געווען דרינגענד,

האָבען דיא קאָלאָניסטען אויף געמוזט טהאָן אנדערע נויטיגע ארבייט. איינער פון זיי האָט געמוזט געהן אין דיא פיה שטאהלען און דאָרט בעזאָרגען דיא מאָס־מאָנען און ציעגען מיט העי. פאר דיעזער ארבייט איז בעשטימט געוואָרען איירטאָן, וועלכער האָט עס שטענדיג געטהאָן און ער האָט בעסער פון אנדערע געוואוסט ווי אָנצוגעהן מיט דיא פיה. עס איז אָבגערעדט געוואָרען אז דעם זיע־בענטען יאנואר אין דער פריה זאָל ער אהין אוועקגעהן, און וויא איבערראשט איז פענקראָפט געוואָרען, ווען ער האָט דעם אבענד פריהער געהערט וויא הארדינג האָט געזאָגט צו איירטאָן:

— ווען איהר וועט מאָרגען געהן אין דיא שטאהלען וועל איך מיטגעהן מיט אייך.

— אָבער, קאפיטאן הארדינג — האָט פענקראָפט אויסגעשריען — צו וואָס זאָלט איהר מיטגעהן? דיא ארבייט דאָ איז דרינגענד און ווען איהר וועט אויך אוועקגעהן וועלען אונז פעהלען פיער הענד!

— מיר וועלען מאָרגען צוריק קומען — האָט הארדינג געענטפערט — אָבער איך מוז דאָרט נויטיג זיין. איך מוז ערפאהרען וויא אזוי דער וואולקאנישער אויסברוך געהט אָן.

— דער אויסברוך! שטענדיג דער אויסברוך! — האָט פענקראָפט אויס־געשריען — א וויכטיגע זאך דער אויסברוך! מיך קימערט דיא גאנצע זאך זעהר ווניג.

דער אינזשיניר האָט ניט געאכטעט אויף פענקראָפט'ס מיינונג און ער האָט בעשלאָסען צו געהן. הערבערט האָט אויך לוסט געהאט מיטצוגעהן, אָבער ער האָט זיין ווילען ניט אויסגעדריקט, אום ניט צו ערגערען דעם מאטראָז.

אויף מאָרגען וויא נור עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, האָבען הארדינג און איירטאָן איינגעשפאנט דיא אָנאגאס אין וואָגען און זיי זיינען אוועקגעפאָה־רען.

איבער'ן וואלד האָט זיך געקייקעלט א געדיכטער רויך וואָס איז געקומען פון וואולקאן פון בארג פרענקלין, אָבער דאָס איז ניט געווען רויך אליין, זאָנדערן געמישט מיט וואולקאנישען שטויב אָדער אש. דיעזע אש איז אזוי דין, אז א מאסע אזעלכע אש זעהט אויס פונקט וויא א רויך און עס פאסירט אָפט אז עס פערבלייבט אין דער לופט מאָנאטען לאנג. נאָך דעם וואולקאנישען אויסברוך אין אייזלאנד (אן אינזעל אין נאָרד פון אטלאנטישען אָקעאן), אין יאָהר 1783, איז דיעזער וואולקאנישער פולווער פערבליבען אין דער לופט מעהר וויא א יאָהר צייט און האָט איינינגער מאסען פערשטעלט דיא שטראהלען פון דער זונן.

מעהרסטענס אָבער פאלט דיעזער שטויב ארונטער, און אזוי איז אויך גע־שעהן אויף'ן אינזעל לינקאָלן. איידער סיירוס הארדינג און איירטאָן זיינען געקור־מען צו דיא שטאהלען, האָט פון דער הויך אָנגעהויבען פאלען אזוי וויא א מין

דונקעלער שנעע און דער באָדען האָט בעקומען אן אנדער אויסזעהן. בוימער און לאָנקעס זיינען בעשאָטען געוואָרען מיט דעם וואולקאנישען שטויב, אָבער א ווינד האָט איהם אויפגעהויבען און פערטראָגען אין מעער.

— עס איז זעהר זאָנדערבאר! — האָט איירטאָן געזאָגט.

— עס איז זעהר אן ערנסטע פאסירונג — האָט קאפיטאן הארדינג גע־ענטפערט — דיעזער שטויב וואָס עס פאלט בעווייזט וויא ערנסט דיא לאגע איז, וויא שרעקליך דיא אונטערערדישע פייערען ארבייטען.

— קען מען עטוואָס טהאָן דערצו?

— ניין, גאָר ניט! מיר קענען געגען דער נאטור ניט שטרייטען. דאָס אלעס וואָס איך האָב צו טהאָן איז צו בעאָבאכטען דעם צושטאנד פון וואולקאן און וויסען וואו עס האלט. איהר, איירטאָן, געהט צו אייער ארבייט אין דיא שטאה־לען און איך וועל צוגעהן צום רעד קריק (רויטער טייכעל) און זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך.

— נו, קאפיטאן הארדינג, און נאכהער?

— נאכהער וועלען מיר בעזוכען דיא דעקער גראָטאָ. איך וויל וויסען וואָס דאָרט געהט פאָר. יעדענפאלס, ווארט פאר מיר. איך וועל צו אייך קומען אין צוויי שטונדען ארום.

איירטאָן איז אוועק זיין וועג און ער האָט אין דיא שטאהלען געטהאָן וואָס ער האָט געדארפט. ער האָט בעמערקט, אז דיא שעפסען און ציעגען זיינען אונ־רוהיג, וואהרשיינליך שרעקען זיי זיך פאר דעם וואולקאנישען אויסברוך.

אונטערדעסען איז הארדינג אוועק מאכען זיינע פאָרשונגען. ער איז גע־קומען צום שוועבעל קוואל, וועלכען ער און זיינע קאָמפאניאָנען האָבען ענטדעקט ביי זייער ערשטען פאָרשונגס שפאציר.

אָבער וואָס פאר אן ענדערונג דאָרט איז געוואָרען! אָנשטאָט וואָס זיי האָבען דאָרט אמאָל געזעהן איין זייל רויך, האָט הארדינג ערשט איבערגעצעהלט ניט וועניגער וויא דרייצעהן זיילען! דיא לופט איז געוועזען אָנגעפילט מיט גאזען און קארבאָניק עסיד (קויהלען־זויערע), געמישט מיט דאמפף. דער אינזשי־ניר האָט געפיהלט, אז דיא שטיינער אויף וועלכע ער טרעט טרייסלען זיך, אָבער קיין פרישע לאווא (צושמאָלצענע שטיינער) האָט ער ניט בעמערקט. ער האָט ארומגעקוקט דיא גאנצע געגענד און איבעראל האָט געראויכערט און געפלאמט, אָבער קיין לאווא האָט נאָך אין קיין אָרט ניט ארויסגעפלאצט:

— איך וואָלט מעהר געוועזען צופריעדען — האָט הארדינג געזאָגט צו זיך אליין — ווען לאווא זאָל יא ארויסגעוואָרפען ווערען, ווייל דאן וואָלט איך זיכער געוועזען, אז דער וואולקאן האָט שוין געפונען זיין וועג און ער וועט ניט ברייננגען קיין געפאהר אנדערשוואו. אצינד אָבער קען מען ניט וויסען וואו דיא לאווא וועט ארויסשפארען און דאָס איז פיעל ערגער. אָבער ניט אין דעם

בעשטעהט דיא געפאהר! קאפּיטאן נעמאָ האָט עס פאָראויס איינגעזעהן! ניין, ניט דאָס איז דיא געפאהר!

ער האָט זיך אומגעקעהרט מיט דערזעלבער וועג וואָס ער איז אהין געגאנגען. אונטער דער ערד האָט גערוישט אזוי וויא א לאנגער דונער און עס האָט אויסגע־וויזען אז דיא ערד אונטער איהם ווערט אויפגעריסען.

אום ניין אוהר איז הארדינג געקומען צו דיא שטאהלען. איירטאָן האָט דאָרט געוואַרט פאר איהם.

— דיא שעפּסען און דיא ציעגען — האָט איירטאָן געזאָגט — זעהען אויס צו זיין אונרוהיג.

— יא, איירטאָן — האָט הארדינג געענטפערט — זיי פיהלען, זיי שפּירען דעם וואולקאנישען אויסברוך. זייער אינסטינקט, זייער נאטירליכער געפיהל זאָגט עס זיין אָן.

— זיינט איהר פערטיג, קאפּיטאן?

— יא, איך בין פערטיג. נעהמט, איירטאָן, א לאנטערנע און מיר געהען.

איירטאָן האָט גענומען א לאנטערנע, האָט אויסגעשפּאנט דיא אָנאגאס און ער האָט נאָכגעפאָלגט דעם אינזשיניר.

דער וועג איבער וועלכען זיי זיינען געגאנגען צום ברעג ים איז געווען בעשאָטען מיט דעם דינעם וואולקאנישען שטויב. קיינע טהיערע זיינען ניט געזעהען אָדער געהערט געוואָרען אין וואלד, זאָגאר דיא פויגלען זיינען פון יענע געגענד צופלויגען. פון צייט צו צייט האָט זיך אויפגעהויבען א ווינד און פונאנ־דערגעבלאָזען דעם שטויב. הארדינג און איירטאָן האָבען צוליעב דעם שטויב איינעם דעם אנדערען ניט געזעהן. זיי האָבען געדארפט העכסט פאָרזיכטיג זיין אז דער שטויב זאָל ניט פערשיטען זייערע אויגען און זיי בלינד מאכען.

די לופט איז געווען שטיקענד און זיי האָבען ניט געקענט געהן שנעל. עס איז זיי שווער געווען צו אטהעמען און זיי האָבען זיך אלע מאָל געמוזט אָבשטעלען. אין מעהר וויא א שטונדע ארום זיינען זיי געקומען צו דיא שטיינער און פעלזען ביים ברעג מעער. דאָרט האָבען זיי געהאט אריבערצוקלעטערען דיא שטיי־נערנע בערג, וועלכעס איז זיי ניט אזוי לייכט אָנגעקומען און זיי האָבען ענדליך דערגרייכט דעם אריינגאנג אין דעקער גראָטאָ.

דיא שיפעל וואָס האָט דיא קאָלאָניסטען אמאָל געבראכט צו קאפּיטאן נעמאָ און צוריק, איז געשטאנען אויף דעם זעלבען פּלאץ וואו זיי האָבען זיא איבער־געלאָזט. הארדינג און זיין קאָמפּאניאָן האָבען זיך אין איהר אריינגעזעצט.

זיי זיינען ארונטערגעפאָהרען אונטער'ן געוועלב. דאָרט האָט איירטאָן מיט א שטיקעל שטאָהל און א קראמען אויסגעקלאפּט פייער און ער האָט אָנגע־צונדען דיא לאנטערנע, מיט וועלכע הארדינג האָט בעלויכטען דעם וועג און איר־טאָן האָט גערודערט.

דיא לופט אין אונטערערדישען קאנאל איז געוועזן שטיקענד. דיא צוויי קאָלאָניסטען האָבען דעם אָטהעם ניט געקענט אָבציהען, אָבער זיי זיינען גע־פאָהרען ווייטער. אין הייהל איז געווען פינסטער און שטיל אזוי וויא אויף א בית עלמין. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט א גערויש פון אונטער'ן בארג פרענקלין, דאָס איז געווען א גערויש פון דיא אונטערערדישע פייערען, מעהר האָט מען דאָרט קיין שאָרך ניט געהערט. זיי זיינען צוגעפאָהרען צום ברעג הייהל, דאָרט וואו דיא "נאָטילוס" איז געזונקען און אויך דאָרט איז געווען פינסטער. מעגליך אז דיא "נאָטילוס" איז אונטער'ן וואסער געווען בעלויכטען, אָבער אויסוויינינג איז קיין שטראהל ניט געזעהן געוואָרען.

סיירוס הארדינג האָט ביי דער שיין פון דער לאנטערנע בעקוקט דיא וואנד ארום און ארום, אזוי ווייט וויא זיינע בליקען האָבען געקענט ערגרייכען. דאן האָט ער דיא לאנטערנע אָנגעטשעפּעט אָן א וואסער־לאָפּעטע, וועלכע ער האָט אויפגעהויבען און בעקוקט דיא וואנד אין דער הויך. דאָרט האָט ער געזעהן איינינגע גרויסע שפּאַלטען אין וואנד, פון וועלכע א געדיכטער דאמפף פון שעדליכע גאזען האָט ארויסגעשפּארט. וויא דיק דיא וואנד איז געווען, האָט הארדינג ניט געקענט וויסען.

— אָט דאָס איז וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט מורא געהאט — האָט דער אינזשיניר געמורמעלט — אָט דאָס פערדערבט דיא לופט אין הייהל. יא, דער קאפּיטאן האָט רעכט געהאָט! דיא געפאהר ליגט דאָרט, און א שרעקליכע גע־פאהר!

איירטאָן האָט גאָר ניט געפרעגט און גאָר ניט געזאָגט; אָבער אויף קאפּיטאן הארדינג'ס א צייכען האָט ער אויסגעדרעהט דיא שיפעל און זיא געטריבען צוריק. אין א האלבע שטונדע ארום זיינען זיי געקומען צום אריינ־גאנג פון דעקער גראָטאָ.

## 19טעם קאפּיטעל.

**הארדינג'ס שרעקליכע בשורה. — פּענקראָפט'ס נארישע ארגומענטען. — טויכען פון לאווא. — שרעקליכער חורבן אויף'ן אינזעל. — ווילען ארונטערלאָזען דיא שיף אין וואסער. — דיא שוידערליכע קאטאסטראָפע.**

---

אויף מאָרגען, דעם אכטען יאנואר, זיינען סיירוס הארדינג און איירטאָן אָנגעקומען צוריק אין גראניט הויז. דעם זיעבענטען יאנואר און דיא פאָלגענדע נאכט האָבען זיי פערבראכט אין דיא שטאהלען.

דער אינזשיניר האָט באלד צוזאמענגערופען זיינע קאָמפּאניאָנען און ער האָט

זיי ערקלערט פון א שרעקליכע געפאהר וואָס דראָהעט זייער אינזעל — א געפאהר וואָס קיין מענש קען ניט פערהיטען.

— מיינע פריינדע — האָט ער צו זיי געזאָגט מיט א בעזאָרגטע שטימע — אונזער אינזעל איז ניט צווישען דיא וואָס וועלען עקזיסטירען אזוי לאַנג וויא דיא ערד וועט עקזיסטירען. אונזער אינזעל איז פעראורטהיילט צו א שנעלערע אָדער שפעטערע פערניכטונג. ער אליין איז דיא אורזאכע דערפון און קיינער קען איהם ניט רעטען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען איינע דיא אנדערע אָנגעקוקט. זיי האָבען דעם אינזשיניר ניט פערשטאַנען.

— ערקלערט אונז דייטליכער — האָט גידעאָן ספילעט געזאָגט.

— איך וועל עס אייך ערקלערען — האָט הארדינג געענטפערט — אָדער בעסער, איך וועל אייך זאָגען דאָס וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט מיר אליין פערטרויט אונטער פיער אויגען.

— קאפּיטאן נעמאָ! — האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגעשריען.

— יא. און דאָס איז געוועזען דיא לעצטע דיענסטע וואָס ער האָט פאר אונז געלייסטעט פאר זיין טויט.

— דיא לעצטע, זאָגט איהר? — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — דיא לעצטע? איהר וועט זעהן, אז ער וועט אונז נאָך גוטעס טהאָן, אָבוואָהל ער איז שין טויט!

— אָבער וואָס האָט אייך קאפּיטאן נעמאָ געזאָגט? — האָט דער רעפּאָרטער געפרעגט.

— איך וועל אייך זאָגען, מיינע פריינדע — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — ער האָט מיר געזאָגט, אז דער לינקאָלן אינזעל איז ניט גלייך צו אלע אנדערע אינזלען פון פּאסיפיק, און פון א פאקט מיט וועלכען דער קאפּיטאן האָט מיר בעקאנט געמאכט, בין איך איבערצייגט, אז פריהער אָדער שפּעטער וועט אונזער אינזעל פערניכטעט און אָבגעווישט ווערען פון דער וועלט.

— אונזין! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — אונזער אינזעל וועט ניט אונטערגעהן! נארישקייטען! אונזין!

דער מאטראָז האָט ניט געוואָלט אויסדריקען זיך אזוי שארף געגען סיירוס הארדינג, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט בעהערשען און ער האָט זיינס ארויסגעפּלאפּעלט.

— הערט זיך צו, פּענקראָפט — האָט דער אינזשיניר געזאָגט — איך וועל אייך זאָגען דאָס וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט מיר געזאָגט און אין וועלכעס איך האָב זיך אליין אויך נעכטען איבערצייגט, ווען איך בין מיט בעזוך אין דעקער גראָטאָ. יענע הייהל ציהט זיך אונטער'ן אינזעל אזוי ווייט וויא דער וואולקאן און זיא איז בלויז אָבגעטהיילט פון וואולקאן מיט א וואנד. יענע וואנד איז שוין

אצינד צושפּאָלטען און דיא שוועבעל גאזען פון דיא אונטערערדישע פייערען קומען אריין אין הייהל.

— נו, איז וואָס? — האָט דער מאטראָז געפרעגט.

— לאָזט זשע רעדען! — האָט דער אינזשיניר געענטפערט — איך האָב געזעהן, אז דיא שפּאלטען אין וואנד זיינען שוין גאנץ ברייט און לאנג, און איך גלויב, אז עס וועט שוין ניט פיעל דויערען ביז דיא וואנד וועט צושפּאָלטען ווערען ביז׳ן וואסער פון קאנאל און דאָס וואסער וועט אריינדרינגען אין צענטער פון וואולקאן.

— איז דאָך גוט! — האָט פּענקראָפט אויסגעשריען — וועט דאָך דאָס וואסער פערלעשען דיא וואולקאנישע פייערען און עס וועט נעהמען אן ענדע צום אויסברוך, פאר וועלכען איהר ציטערט אזוי פיעל!

— ניט אזוי וויא איהר דענקט! — האָט הארדינג געזאָגט — זאָל עס בעסער ניט געשעהן; אָבער אויב עס וועט קומען א טאָג, ווען דער ים וואָס לויפט דורך׳ן הייהל וועט אריינדרינגען דורך דיא שפּאלטען פון וואנד אין וואולקאן אין דיא קאָכעדיגע לאווא וואָס דאָרט געפינט זיך, דאן וועט דער לינקאָלן אינזעל אויפגעריסען ווערען. ער וועט זיך אויפהויבען אין דער הויך און וועט צוריסען ווערען אויף שטיקער!

דיא קאָלאָניסטען און זאָגאר פּענקראָפט האָבען דאן פערשטאנען וואָס פאר א געפאהר עס דראָהעט זיי און א געפיהל פון פערצווייפלונג און שרעק האָט אָנגעהויבען קלאפּען אין זייערע הערצער.

און סיירוס הארדינג האָט ניט איבערטריבען. מאנכע דענקען, אז מען קען אויסלעשען וואולקאנישע פייערען דורך אריינלאָזען וואסער אין צענטער פון וואולקאן, אין דיא ריכטיגקייט איז אָבער ניט אזוי. ווען אזא זאך זאָל געטהאָן ווערען, וואָלט א שטיק לאנד אויפגעריסען געוואָרען, אזוי וויא א קעסעל מיט קאָכעדיגעם וואסער ווען עס קלייבט זיך אין איהם אָן צופיעל דאמפּף. דיא טעמפּעראטור אין א וואולקאן דערגרייכט פיליכט ביז טויזענד גראד היטץ און ווען עס לויפט אהין אָן וואסער ווערט דערפון אזא דאמפּף וואָס איז בכוח אויפצורייסען א גאנצען וועלט־טהייל.

עס איז אלזאָ קיין צווייפעל געוועזן אז דעם לינקאָלן אינזעל ערוואַרטעט א שרעקליכע קאטאסטראָפע, אז ער האָט בלויז צו עקזיסטירען אזוי לאנג ביז דיא וואנד אין הייהל וועט מעהר געעפענט ווערען און דאָס וואסער פון קאנאל וועט אריינדרינגען אין וואולקאן. דאָס איז ניט געוועזן א פראגע פון מאָנאטען אָדער וואָכען, זאָנדערן א פראגע פון טעג און פיליכט שטונדען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען אָנפאנגס ניט אזוי פיעל געדענקט וועגען דיא געפאהר וואָס דראָהעט זיי זעלבסט, וויא וועגען דעם אינזעל, וועלכען זיי האָבען

קולטיווירט און אוועקגעלייגט אזוי פיעל ענערגיע און מיה צו מאכען פון איהם דאָס וואָס ער איז. פענקראָפט האָט פון גרויס ערגערניס אָנגעהויבען וויינען.

דיא מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע האָבען זיך אָנגעהויבען בעראַטהען וואָס צו טהאָן, פיללייכט איז פאראן אירגענד וועלכע וועג צו פערמיידען דיא ערוואר־טעטע קאטאסטראָפע און זיי זיינען געקומען צום שלוס, אז זיי טאָרען קיין שטונדע פערלירען און זעהן ענדיגען וואָס שנעלער דיא ארבייט פון דער שיף, פיללייכט וועט דער שוידערליכער אונגליק ניט קומען ביז זייער שיף וועט פערטיג ווערען און זיי וועלען זיך קענען רעטען אויף איהר.

אלע זעקס פערזאָן האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט מיט מעהר ענערגיע, מיט מעהר פלייס וויא אימער. זיי האָבען שוין יעצט קיין זאך אין זינען ניט געהאט, נור דיא שיף. זיי האָבען שוין ערשט קיין זאך ניט געדארפט, נור א רעטונגס־מיטעל צו רעטען זייערע לעבענס.

זיי האָבען אזוי געארבייט ביינאַהע אָהן אויפהער ביז דעם 23טען יאנואר. אויף'ן בארג פרענקלין איז דורך דער צייט קיין ענדערונג געוואָרען. געדיכטער רויך, געמישט מיט פלאַמען האָט זיך געזעהן אויף'ן שפיץ בארג און שטיי־נער זיינען געפלויגען אין דער הויך און ארונטערגעפאלען אין קראטער.

אָבער אין יענעם דאטום ארום צוויי אוהר נאָך האלבע נאכט, האָט זיך גע־הערט א שרעקליכער קראך. דיא קאָלאָניסטען האָבען געדענקט אז זייער אינזעל איז צוריסען געוואָרען און זיי זיינען אלע ארויסגעלאָפען פון גראניט הויז.

עס האָט אויסגעזעהן אז דער גאנצער הימעל ברענט. שטיינער וואָס האָבען געוואויגען פיעלע טויזענדע פונט זיינען געפלויגען אין דער הויך און זיינען ארונטערגעפאלען אויף'ן אינזעל מיט אזא קראך, אז דער גאנצער אינזעל האָט זיך געטרייסעלט. גליקליכערווייזע זיינען דיא שטיינער געפאלען אין נאָרדליכען זייט פון אינזעל אויף א שטיק זאמדיגען באָדען. דיא עפענונג פון קראטער איז פיעל גרעסער געוואָרען און דיא פלאַמען וואָס האָבען פון איהם ארויסגעשפארט האָבען בעלויכטען דעם גאנצען האָריזאָנט און דיא לופט האָט אויסגעזעהן אזוי וויא איין שטיק גליהענדע אייזען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך פון קראטער אָנגעהויבען גיסען צושמאָלצענע לאווא, אזוי וויא וואסער פון אן איבערגע־פילטען טאָפ.

— אונזערע פיה־שטאהלען, אונזערע פיה־שטאהלען! — האָט איירטאָן פערצווייפעלט אויסגעשריען.

דיא לאווא האָט זיך ווירקליך געגאָסען געגענאיבער דיא שטאהלען און דיא שעפסען און ציעגען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען זיינען געווען אין געפאהר אָבגעבראָטען צו ווערען לעבעדיגערהייד אין א ים פון דיא צושמאָלצענע מאסע.

אויף איירטאָן'ס געשריי זיינען דיא קאָלאָניסטען געלאָפען און איינגע־

שפּאַנט דיא אָנאַגאַס. זיי האָבען זיך אַלע אַריינגעזעצט אין וואָגען און זיינען געפאָהרען צו דיא שטאַהלען צו רעטען דיא פּיה.

פאַר דריי אוהר בעגינען זיינען דיא קאָלאָניסטען אהין געקומען. דיא געשרייען און דאָס ברומען פון דיא צושראָקענע מאָסמאָנען (ווילדע שעפּסען) און ציעגען זיינען געוועזן שרעקליך. א שטראָם פון ברענענדיגע לאַווא האָט זיך שוין געגאָסען ביים זייט פון פּאַרקאַן. איירטאָן האָט שנעל אויפגעעפענט דעם טהויער און דיא טהיערע זיינען זיך צולאָפען אין פערשיעדענע ריכטונגען. מיט א שטונדע שפּעטער איז דער גאַנצער פּלאַץ, וואו דיא שטאַהלען זיינען געשטאַנען, אָנגעפילט געוואָרען מיט דיא ברענענדע פליסיגקייט פון לאַווא, וועלכע איז אויך אַריינגעפאַלען אין דיא קליינע וואַסער שטראָמען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען און עס איז געוואָרען א שרעקליכער דאַמפּף. דיא לאַווא האָט אויך אָנגעצונדען טרוקענע גראָז און א גרויסער פייער האָט אויסגעבראָכען און פערניכטעט דיא שטאַהלען, איירטאָן׳ס שטיבעל און אַלעס וואָס דאָרט האָט זיך געפונען. דאָס שטיק לאַנד איז געוואָרען וויסט און לעער אַזוי ווי קיין געביידע וואָלט דאָרט קיינמאָל געשטאַנען.

עס איז שוין דאַמאָלס געוועזן טאָג — דער 24טער יאַנואַר. איידער סיירוס האַרדינג און זיינע קאָמפּאַניאָנען האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק צום גראַניט הויז, האָבען זיי געפונען פאַר נויטיג צו זעהן אין וועלכע ריכטונג דער לאַווא שטראָם פליסט. זיי האָבען געזעהן, אַז דער שטראָם פערלענגערט זיך אַלץ נעהענטער צו פּראָספּעקט האַיטס.

— דיעזער ברענענדער טייך וועט אונז פערפלייצען — האָט גידעאָן ספּילעט געזאָגט.

— איך האָב אויך אַזוי מורא — האָט האַרדינג געענטפערט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען באַלד דערזעהן אַז נאָך א לאַווא שטראָם פליסט פון דער אַנדערער זייט פון דיא פערניכטעטע שטאַהלען און דער וועג צום גראַניט הויז איז זיי פערשטעלט געוואָרען. דיא לאַווא איז אַריינגעפאַלען אין לויפענדע טייכלאַך און וואַסער שטראָמען און עס האָט געזאָדען און געברויזט אַזוי וויא וואַסער וואָס זאָל זיך קאָכען אין ריעזיגע קעסלען. פון דעם דאַמפּף איז דיא אַטמאָספערע פערפינסטערט געוואָרען.

דיא אונגליקליכע זיינען אַריינגעכאַפּט געוואָרען אין א פּאַסטקע פון קאָכענדיגע לאַווא. זיי האָבען זיך געוואָלט אומקעהרען צוריק, אָבער אויך דאָרט איז זיי דער וועג געוועזן פערשטעלט. אויסער דעם האָבען זיך בוימער אָנגעצונדען און דיא קאָלאָניסטען זיינען געוועזן אין געפאַהר פערברענט צו ווערען אָדער דערשטיקט צו ווערען פון דעם רויך וואָס האָט זיך געקייקעלט אין וואַלד.

עס איז ערשט געוועזן א פראַגע פון לעבען און טויט.

סיירוס האַרדינג האָט זיינע קאָמפּאַניאָנען געזאָגט דיא ריינע וואהרהייט,

אז זיי זיינען אלע אין לעבענסגעפאהר און אויב זיי וועלען זיך זאָגאר ערשט אויסדרעהען פון טויט, אויב זאָגאר זיי וועלען ערשט געפינען א וועג צו רעטען זיך און אויב זאָגאר דער אינזעל וועט אין גאנצען ניט פערניכטעט ווערען, קענען זיי אויך ניט האָפען אויף א לאנגען עקזיסטענץ, ווייל דער אינזעל וועט אין בעסטען פאל פערבלייבען א שטיק ווילדע וויסטענהייט, אָהן פלאנצען, אָהן וואקסונגען, אָהן בוימער און אָהן טהיערע און פויגעל.

— אויב אזוי — האָט פענקראָפט געזאָגט — צו וואָס דארפען מיר אומזיסט ארבייטען אויף בויען דיא שיף?

— מיר דארפען און מוזען טהאָן אונזער פפליכט — האָט דער אינזשיניר געענטפערט.

דיא קאָלאָניסטען איז ענדליך געלונגען ארויסצוכאפען זיך פון דעם שרעקליכען גהינום. זיי האָבען געפונען א וועג אויסצומיידען דיא לאווא שטראָמען און דיא וואלד פייערען און זיי האָבען זיך געלאָזט געהן צו זייער וואָהנונג.

א לאווא שטראָם האָט זיך אונטערדעסען דערנעהענטערט צום לייק גרענט. אָבער ביים ברעג פון לייק איז דיא ערד געוועזען א ביסעל העכער און דער זודיגער שטראָם האָט זיך דאָרט אָבגעשטעלט.

— צו דער ארבייט, מיינע פריינדע! — האָט סיירוס הארדינג אויסגעשריען.

זיינע קאָמפאניאָנען האָבען פערשטאנען וואָס ער מיינט צו טהאָן. זיי זיינען געלאָפען און האָבען געבראכט העק, גראָב־אייזענס, ברעך־אייזענס און אנדערע אינסטרומענטען און זיי האָבען זיך פלייסיג גענומען אָנצושיטען א בארג ביי דעם לייק אום דער לאווא שטראָם זאָל ווייטער ניט לויפען. זיי האָבען אָנגעלעגט בוימער, שטיינער און פערשאָטען מיט ערד און אין איינינע שטונדען צייט האָבען זיי געהאט א בארג אָדער א שוץ־וואנד דריי פוס הויך און איינינע הונדערט טריט לאנג. דיא קאָלאָניסטען זיינען געוועזען אזוי פערטהאָן אין דער ארבייט, דאָס עס האָט זיי אויסגעוויזען, אז זיי האָבען בלויז געארבייט איינינע מינוטען.

דער לאווא שטראָם האָט דורכגעריסען א וועג צום לייק, אָבער ווייטער צו פראָספעקט האיטס איז ער ניט געלאָפען. דיא לאווא איז ארונטערגעפאלען אין לייק ביי א צוואנציג פוס טיעף און קיין פעדער קען ניט בעשרייבען דעם גערויש וואָס עס איז געוואָרען אין וואסער. עס האָט אזוי געקאָכט און געראַיישט, אז מען האָט געקענט פערטויבט ווערען. עס האָט געשפריצט און געוואָרפען זיילען וואסער הונדערטע פוס הויך. עס איז געוועזען א סצענע וואָס קיין קינסטלער אין דער וועלט איז אימשטאנד אָבצומעלרען.

דיא לאווא האָט ניט אויפגעהערט צו פליסען אין לייק מיט א שרעקליכען האסט. זיא איז ענדליך אָבגעקיהלט געוואָרען אין וואסער, אָדער בעסער גע־

זאָגט: איז פערהאַרטעוועט געוואָרען. שיכטען אויף שיכטען פערהאַרטעוועטע לאַווא זיינען געבליבען ליגען אין לייק, ביז זיי זיינען ארויס איבער דער אָבער־פלעכע פון וואסער און האָבען געבילדעט אונגעהייער גרויסע שטיינער, וועלכע האָבען זיך געדרייכערט אזוי וויא פערלאָשענע האַלאָוועשקעס. דיא ניי־אָנגעקומענע לאַווא האָט זיך אריבערגעגאָסען איבער דיא פערהאַרטעוועטע שטיינער און האָט געבילדעט נייע שטיינער. דער לייק איז פון מינוט צו מינוט אלץ שמעלער געוואָרען. דער פייער האָט דיעזען מאָל בעזיעגט דעם וואסער.

דאָס וואָס דער לאַווא שטראָם האָט איינגעבראָכען אין לייק גרענט איז פאַר דיא קאָלאָניסטען געווען דער גרעסטער גליק. ווען ער זאָל געווען דורכ־ברעכען א וועג צו פראָספּעקט האַיטס, וואָלט ער פערפלייצט דיא "טשימניס" און פערברענט און פערניכטעט זייער נייע שיף, וועלכע איז שוין באלד פערטיג געווען. אצינד זיינען זיי פאָרלויפיג געווען זיכער און זיי האָבען נאָך געקענט האָפען צו פערפערטיגען זייער שיף און זיך רעטען אויף'ן מעער, נאַטירליך, אויב קיין ערגערער און מעהר געפעהרליכער אויסברוך וועט ניט קומען, אויב דאָס וואסער פון דעקער גראָטאָ וועט ניט אריינדרינגען אין וואולקאַן אונטער דער ערד.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך ווידער אמאָל גענומען פעסט צו דער ארבייט און אין דיא זעקס טעג פון דעם 25טען ביז דעם 30טען יאַנואַר האָבען זיי אָבגעטהאָן אזוי פיעל ארבייט וואָס צוואַנציג מענשען וואָלטען ביי אנדערע אומשטענדען ניט אָבגעטהאָן. זיי האָבען געארבייט אי ביי טאָג, אי ביי נאַכט; ביי טאָג ביי דער ליכט פון דער זונן און ביי נאַכט ביי דער שיין פון דיא וואולקאַנישע פייערען אויף'ן בארג פרענקלין.

דיא לאַווא האָט נאָך אלץ געשטראָמט אין לייק גרענט, אָבער ניט אזוי שטארק וויא דעם ערשטען טאָג פון אויסברוך. דער לייק איז בייַנאַהע אין גאַנצען פערשטאָפּט געוואָרען. ווען דער העלישער שטראָם וואָלט געלאָפען אזוי שטארק און האַסטיג וויא דעם ערשטען טאָג, וואָלט דער לייק געווען שוין אין גאַנצען פערשטאָפּט און דער שטראָם וואָלט פיליכט געלאָפען איבער דיא פערהאַרטעוועטע שטיינער צו פראָספּעקט האַיטס. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָס אויך געדאַרפט צורעכענען צו דיא נסים וואָס האָבען מיט זיי פּאַסירט אויף'ן לינקאָלן אינזעל.

ערגער איז אָבער געווען דיא לאַגע אין מערב זייט פון אינזעל.

דער צווייטער שטראָם פון לאַווא, וואָס האָט זיך דאָרט געגאָסען, האָט זיך פערשפּרייט ווייטער און ווייטער אין א טהאָל פון ביידע זייטען פון פאַל ריווער. דיא ברענענדע פליסיגקייט האָט זיך דאַן פערשפּרייט אין וואלד פון פאַר וועסט און דער גאַנצער וואלד האָט זיך אָנגעצונדען. אין יענער צייט פון יאָהר זיינען

דיא בוימער טרוקען און זיי האָבען געברענט און געפלאַקערט אזוי וויא טרוקענע האָלץ אין אן אויווען.

דיא ווילדע טהיערע וואָס האָבען זיך געפונען אין וואלד זיינען זיך צולאָפען. יאגוארען און אנדערע געפעהרליכע און בייזע ברואים זיינען געלאָפען אין דיא צעהנדליגע צו זוכען שוץ פון דיא העלישע פלאמען. דיא קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין א פאלאטקע נעבען טייך מערסי, האָבען קיין צייט געהאט צו שענקען אויפמערקזאמקייט אויף דיא ווילדע טהיערע, ווייל זיי זיינען געווען פערטהאָן אין זייער ארבייט.

סיירוס הארדינג און גידעאָן ספילעט פלעגען אלע טאָג ארויפגעהן אויף פראָספעקט האיטס צו זעהן וואָס עס געהט פאָר אויף'ן אינזעל. הערבערט פלעגט אָפטמאָל אויך מיטגעהן, אָבער פענקראָפט קיינמאָל ניט, ווייל ער האָט ניט געקענט צוזעהן דעם שרעקליכען חורבן וואָס עס איז געוואָרען אויף זיין בעליעב־טען אינזעל.

עס איז ווירקליך געווען א הערצרייסענדע סצענע. דיא וועלדער פון אינזעל זיינען אויסגעברענט געוואָרען, בלויז וואו ניט וואו האָט זיך געזעהן א בוימעלע, וואָס דיא העלישע פלאמען האָבען אזוי וויא איבערגעלאָזט פאר אן אנדענקונג. קיין גרעזעלע, קיין פלאנצע איז פערבליבען דורכאויס וואו דיא ברענענדע פליסיגקייט איז דורכגעלאָפען. דער אינזעל איז, מיט איין וואָרט, געוואָרען א שטיק וויסטע, אז עס איז געווען א שרעק צו קוקען.

אלע טייכלאך פון פרישעס וואסער זיינען פערגאָסען געוואָרען מיט לאַ־ווא און עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען, בלויז א ווינקעל פון לייק גרענט איז פערבליבען. דאָס איז געווען א גליק פאר דיא קאָלאָניסטען, ווייל ווען דיעזע אָזיערא וואָלט אין גאנצען פערשטאָפט געוואָרען, וואָלטען זיי ניט געהאט קיין טרונק וואסער און זיי וואָלטען אויסגעהן פון דורשט.

וויא שרעקליך, וויא שוידערהאפט עס איז געווען צו קוקען אויף דעם געוועזענעם גן עדן וואָס איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א גהינום!

— עס איז גענוג טרויעריג, גענוג הערצרייסענד צו קוקען אויף דיעזען חורבן — האָט איינמאָל דער רעפאָרטער געזאָגט צום אינזשיניר.

— יא, ספילעט — האָט הארדינג געענטפערט — העלף אונז גאָט אז מיר זאָלען פערטיג מאכען אונזער שיף און מיר זאָלען קענען רעטען אונזערע לעבענס. זאָל נאטור'ס צאָרן אונז געבען דיא געלעגענהייט צו אנטלויפען מיט אונזער לעבען.

— דענקסט איהר ניט, הערר סיירוס — האָט ספילעט געפרעגט — אז דער וואולקאנישער אויסברוך איז ערשט עטוואָס קלענער? אויב איך האָב קיין אירטהום איז ער ערשט שוואכער וויא פריהער.

— דאָס מאכט א קליינעם אונטערשייד — האָט הארדינג געענטפערט —

דער פייער ברענט נאָך אינווענעניג אין בארג און דאָס וואסער פון מעער קען נאָך אלץ דורכברעכען דיא וואנד אין דעקער גראָטאָ. דאָס קען געשעהן יעדען מאָ־מענט, און אז דאָס וועט געשעהן, זיינען מיר פערלאָרען. מיר געפינען זיך ערשט אין אזא לאגע אזוי וויא מענשען אויף א ברענענדע שיף און מען ערוואַרטעט יעדע ווײלע, אז דיא פלאמען זאָלען דערגרייכען דעם פולווער מאגאזין. צו דער ארבייט, ספילעט! מיר טאָרען א ברעקעל צייט ניט פערלירען.

אין פערלויף פון דיא פאָלגענדע אכט טעג, דאָס הייסט, ביז דעם זיעבענטען פעברואר איז דיא לאווא אלץ געלאָפען אין שטראָמען איבער׳ן אינזעל. סיירוס הארדינג האָט מורא געהאט, אז דיא לאווא זאָל ניט דערגרייכען דעם ברעג, וואו זיי האָבען זייער שיף געבויט. דיא שיף איז שוין דאמאָלס געווען צוזאַ־מענגעשטעלט און דיא ברענענדע פליסיגקייט קען פון איהר מאכען א תל. אָבער ער האָט דאָס ניט געקענט פערהינדערען און ער האָט זיך געמוזט פערלאָזען אויף גאָט׳ס בעראָט.

עס איז געקומען דער 20טער פעברואר. נאָך א מאָנאט צייט האָט גע־דארפט דויערען ביז מען וועט דיא שיף קענען ארונטערלאָזען אין מעער. וועט דער אינזעל נאָך עקזיסטירען ביז יענער צייט? דאָס איז, נאטירליך, געווען א זאך וואָס קיינער האָט ניט געקענט וויסען.

סיירוס הארדינג און פענקראָפט האָבען ניט געדענקט פערטיג צו מאכען דיא שיף גאָר אין גאנצען. זייער אבזיכט איז געווען צו מאכען איהר בלויז גינסטיג צו שווימען אויף׳ן וואסער און דיא איבעריגע ארבייט אינווענעניג אין שיף וועלען זיי קענען פערפערטיגען שוין זייענדיג אויף׳ן ים. זיי האָבען געדענקט אָבצופאָהרען מיט איהר אנווענינגסטען צו פאָרט באלון וואָס איז ווייט פון צענטער פון אינזעל און דאָרט וועלען זיי זיין זיכערער, ווען דיא ערוואַרטעטע קאטאסטראָפע וועט קומען.

עס איז אָנגעקומען דער דריטער מערץ. דיא קאָלאָניסטען האָבען אויסגע־רעכענט, אז אין צעהן טעג ארום וועלען זיי זייער שיף קענען ארונטערלאָזען אין וואסער.

דיא האָפענונג אין דיא הערצער פון דיא קאָלאָניסטען האָט פערשטארקט זייער מוטה און ענערגיע. זאָגאר פענקראָפט, וועלכער איז לעצטענס געווען אזוי פערצווייפעלט, אז ער האָט צו קיינעם א וואָרט ניט גערעדט, איז אויך מוטהיגער געוואָרען, ווען ער האָט אָנגעהויבען האָפען אז זייער רעטונג וועט קומען דורך זיין שיף.

— מיר וועלען זיא פערטיג מאכען — האָט ער געזאָגט צום אינזשיניר — מיר מוזען זיא פערטיג מאכען. אויב עס וועט נויטיג זיין וועלען מיר אוועק־פאָהרען אויף׳ן אינזעל טייבאָר און מיר וועלען דאָרט איבערווינטערען. אָבער דערמאָהנט זיך דעם אונטערשיעד צווישען דעם אינזעל טייבאָר און דעם לינקאָלן

אינזעל! אך, וואָס פאר אן אונגליק אונז האָט געטראָפען! ווער וואָלט עם גע־קענט גלויבען, אז פון אונזער אינזעל זאָל אזוי ווערען?

דיא ארבייט איז אָנגעגאנגען שנעל. קיינער פון דיא קאָלאָניסטען האָט זאָגאר א ווײלע ניט גערוהט.

— מיין הערר — האָט נעב געפרעגט דעם אינזשיניר מיט איינינע טעג שפעטער — דענקט איהר, אז דאָס אלעס וואָלט געקענט פאסירען ווען קאפיטאן נעמאָ וואָלט געלעבט?

— געוויס, נעב — האָט הארדינג געענטפערט — געגען דער נאטור וואָלט קאפיטאן נעמאָ אויך ניט געקענט שטרייטען.

— און איך גלויב דאָס ניט — האָט פענקראָפט געזאָגט צו נעב.

— איך אויך ניט — האָט נעב געענטפערט.

אין דער ערשטער וואָך פון מאָנאט מערץ איז דיא לאגע אויף'ן לינקאָלן אינזעל געוואָרען שרעקליכער. צושמאָלצענע לאווא האָט אָנגעהויבען ארויס־שפארען פון דער הויך פון בארג און איז געפאלען אזוי וויא א רעגען אויף'ן אינזעל. דער קראטער האָט ווידער אָנגעהויבען קאָכען און זידען און דיא לאווא שטראָמען אויף דער ערד האָבען אָנגעהויבען פליסען שטארקער און זיי האָבען פערברענט און פערניכטעט יעדע ביימעלע און יעדע צווייגעלע וואָס איז נאָך פערבליבען. א נעדיכטער דאמפף האָט בעדעקט דעם גאנצען אינזעל און איבעראל האָט געהערשט פערניכטונג און פערוויסטונג. דיא לאווא שטראָמען האָבען דער־גרייכט פראָספעקט האיטס און דיא מיהל און אנדערע געביידען אויף פראָס־פעקט האיטס זיינען צושטערט געוואָרען. דיא פויגלען פון געפליגעל־הויף זיינען זיך צופלויגען און דיא טהיערע וואָס זיינען נאָך פערבליבען לעבען זיינען געלאָפען זוכען שוטץ אין פערשיעדענע געגענדען פון אינזעל, אָבער זיי האָבען ניט געפונען. טאָג און דזשופ האָבען געברומט און געצייגט צייכענס פון שרעק. דיא טהיערע האָבען וואהרשיינליך געשפירט אז א שרעקליכע קאטאסטראָפע קומט.

דיא קאָלאָניסטען האָבען איינגעזעהן אז זיי האָבען קיין אנדער וועג, נור ארונטערצולאָזען דיא שיף, אין וועלכע דיא שפאלטען זיינען נאָך ניט געווען פער־שטאָפט, און פרובירען רעטען זיך אויף איהר.

פענקראָפט און איירטאָן האָבען באלד געמאכט דיא נויטיגע פאָרבערייי־טונגען ארונטערצולאָזען דיא שיף מאָרגען פריה, דעם ניינטען מערץ.

אָבער יענע נאכט האָט זיך א פירכטליכער וואָלקען פון דאמפף אויפגע־הויבען פון קראטער און באלד איז געקומען א שרעקליכע עקספלאָזיאָן. דאָס וואסער פון דעקער גראָסע האָט וואהרשיינליך דורכגעבראָכען א וועג דורך דער שטיינערנער וואנד און אריינגעדרונגען אין צענטער פון וואולקאן. אָבער דער גאנצער דאמפף, וואָס איז געוואָרען אונטער דער ערד פון דער פערפלייצונג

אין וואולקאן, האָט זיך ניט געקענט ארויסשפּארען דורך'ן קראטער און דער אינזעל איז אויפגעריסען געוואָרען. דער קראך האָט זיך פיליכט געהערט פאר הונדערט מייל און אונגעהייער גרויסע שטיקער ערד, פעלזען און שטיינער זיי־נען געשליידערט געוואָרען אין מעער.

אין איינינע מינוטען ארום איז דאָס וואסער פון מעער געלאָפען אויף דעם אָרט וואו פריהער איז געווען דער אינזעל לינקאָלן.

## 20טעם קאפּיטעל.

אן איין און איינציגער פעלז. — דיא קאָלאָניסטען גערעטעט. — ערוואַרטען דעם טויט. — דיא אונערוואַרטעטע רעטונג. — דיא יאכט־שיף. — דיא קאָלאָניסטען אין זייער לאנד. — דיא נייע לינקאָלן קאָלאָניע אין אמעריקא.

---

אן אָבגעזונדערטער פעלז, דרייסיג פוס לאנג, צוואנציג ברייט, וועלכער האָט זיך ארויסגעשטעקט פון וואסער אומגעפעהר צעהן פוס, איז געווען דער איינציגער טרוקענער אָרט וואָס איז פערבליבען אין יענע געגענד פון שטילען מעער.

ארום און ארום האָט מען קיין זאך ניט געזעהן. אלעס איז פערניכטעט און פערטראָגען געוואָרען פון ים, בלויז דער איין און איינציגער פעלז וואָס איז פערבליבען פון דער געביידע פון גראניט הויז, האָט ארויסגעשטעקט פון גרויסען און ברייטען מעער און האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א לינז אין אן אונגעהייער גרויסען קעסעל וואסער. אויף דיעזען נאקעטען פעלז האָבען זיך גערעטעט דיא זעקס קאָלאָניסטען און זייער הונד טאפּ. דער אָרימער דזשופּ איז דער'הרג'עט אָדער דערטרונקען געוואָרען צוגלייך מיט אנדערע הונדערטע טהיערע.

דיא זעקס קאָלאָניסטען וועלכע זיינען געווען אין זייער פּאלאטקע ווען דיא קאטסטראָפע האָט פּאסירט זיינען אריינגעשליידערט געוואָרען אין ים. זיי האָבען דערזעהן דעם פעלז צו וועלכען זיי זיינען צוגעשוואומען און זיך אויף איהם גערעטעט.

אויף דיעזען פעלז זיינען דיא אונגליקליכע געזעסען ניין טעג. אביסעל לע־בענסמיטעל האָבען זיי געהאט. זיי האָבען גליקליכערווייזע געבראכט אביסעל עסענווארג פון גראניט הויז איידער דיא קאטאסטראָפע האָט פּאסירט און זיי האָבען עס פערכאפּט זאָבאלד וויא דער קראך האָט זיי פערשליידערט. אביסעל רעגען וואסער וואָס איז געווען אין א לאָך פון פעלז האָבען זיי געהאט צו טרינקען

און אזוי האָבען זיי אָבגעלעבט ניין טעג. זייער לעצטע האָפענונג — דיא שיף איז פערניכטעט געוואָרען און דיא אונגליקליכע זיינען פערבליבען צווישען הימעל און וואסער אָהנע אויסזיכטען צו קענען לאנג עקזיסטירען.

יענעם טאָג, דעם 18טען מערץ, האָבען דיא קאָלאָניסטען נאָך געהאט שפייז ניט מעהר וויא אויף צוויי טעג. זיי האָבען דיא גאנצע צייט געקארגט און זיי האָבען געגעסען בלויז אויף צו דערהאלטען דיא נשמות, אָבער מעהר קאר־גען האָבען זיי שוין ניט געקענט. זייער וויסענשאפט, קענטעניס און ענערגיע האָבען דאָ ניט געקענט העלפען. זיי זיינען איבערגעגעבען אין דיא הענד פון שיקזאל און וואָס גאָט וועט מיט זיי מאכען, דאָס וועט זיין.

סיירוס הארדינג איז געוועזען רוהיג, גידעאָן ספילעט שטארק נערוועז און פענקראָפט איז אזוי וויא א צומישטער אומגעלאָפען פון איין ברעג פעלז צום צווייטען. הערבערט האָט אויך א ווייל ניט גערוהט, אזוי. וויא ער זאָל זוכען רעטונג פאר איהם און זיינע קאָמפאניאָנען. נעב און איירטאָן זיינען געזעסען שטיל, אונבעוועגט, איבערגעגעבען אין דעם שיקזאל׳ס הענד.

— אך, וואָס פאר אן אונגליק! וואָס פאר אן אונגליק! — פלעגט פענק־ראָפט אָפט אויסשרייען — אך, ווען מיר וואָלטען כאָטש אויף א ברעט קענען קומען צום אינזעל טייבאָר! אָבער מיר האָבען גאָר ניט, מיר האָבען קיין זאך ניט!

— קאפיטאן נעמאָ האָט זעהר גלייך געטהאָן וואָס ער איז געשטאָרבען — פלעגט נעב דערויף ענטפערען.

דיא פאָלגענדע טעג האָבען דיא קאָלאָניסטען נאָך מעהר געקארגט מיט׳ן עסען און דיא שפייז וואָס זיי האָבען געהאט אויף צוויי טעג האָבען זיי צור־טהיילט אויף פינף. זיי זיינען זעהר אָבגעשוואכט געוואָרען פון הונגער און הער־בערט און נעב זיינען געבליבען ליגען אזוי וויא בעטויבט.

האָבען דיא קאָלאָניסטען אונטער אזעלכע אומשטענדען נאָך געקענט עטוואָס האָפען? ניין! זיי האָבען שוין אלע האָפנונגען פערלאָרען. זיי וואָלטען פי־לייכט געקענט האָפען, אז א שיף וועט דאָרט צופאָהרען און וועט זיי רעטען, אָבער זיי האָבען פון לאנגע ערפאהרונג געוואוסט, אז קיינע שיפען פאָהרען ניט אין יענע געגענד. זאָלען זיי ווידער האָפען אז דיא שאָטלענדישע יאכט שיף, דיא "דאָנקאָן" וועט קומען נעהמען דעם פערשטויסענעם איירטאָן פון אינזעל טייבאָר און זיי וועלען דורך דעם געראַטעט ווערען? דאָס האָבען זיי געוויס ניט געקענט דענקען, ווייל דיא זאך איז געוועזען זעהר ווייטלויפיג, און האָפענדיג אפילו אז יענע שיף וועט יא קומען אויף׳ן אינזעל טייבאָר, וויא אזוי וועלען יענע לייטע וויסען וואו איירטאָן איז היגעקומען?

— ניין! קיין האָפענונג, קיין שטראהל, קיין פונק פון האָפענונג איז גע־

ווען פאר דיא אונגליקליכע, וועלכע זיינען אלע וויילע געווען אין געפאהר צו שטארבען א שרעקליכען הונגער טויט.

ענדליך זיינען דיא אלע מיטגליעדער פון דער פערניכטעטער קאָלאָניע געבליבען ליגען פער'חלש'טע און זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס ארום זיי טהוט זיך. בלויז איירטאָן, וועלכער איז געווען שטארקער פון דיא אלע אנדערע האָט נאָך פון צייט צו צייט אויפגעהויבען זיין קאָפּ און געוואָרפען א בליק אויף'ן ברייטען ים.

אָבער דעם 24טען מערץ אין דער פריה האָט איירטאָן מיט זיינע הענד אָנגעצייגט אויף א פונקט אין האָריזאָנט. ער האָט אָנגעווענדעט זיינע לעצטע קרעפטען און ער האָט זיך פריהער אויפגעהויבען אויף דיא קניע, דאן האָט ער זיך געשטעלט אויף זיינע פיס און ער האָט בעוועגט זיינע הענד, אזוי וויא ער זאָל געבען א סיגנאל.

א שיף איז געזעהן געוואָרען פון דער ווייטענס. זיא איז געפאָהרען מיט א גלייכע ליניע צום פעלז אויף וועלכען דיא אונגליקליכע האָבען זיך געפונען. זיא איז געלאָפען שנעל און זיא איז שוין ניט זעהר ווייט געווען פון דיא הילפלאָזע קאָלאָניסטען.

— דיא "דאָנקאן"! — האָט איירטאָן אויסגעשריען און ער איז געפאלען בעוואוסטלאָז אויף'ן פעלז.

---

ווען סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען זיינען צו זיך געקומען, צו פערדאנקען דיא הילף וואָס מען האָט זיי געגעבען, האָבען זיי זיך געפונען אין א קאיוטע פון א דאמפף־שיף, ניט וויסענדיג וויא אזוי זיי זיינען אהין געקומען און ווער עס זיינען זייערע רעטער. איין וואָרט פון איירטאָן'ס מויל האָט אלעס ערקלערט.

— דיא "דאָנקאן"! — האָט סיירוס הארדינג אויסגעשריען, און אויפ־הויבענדיג זיינע הענד צום הימעל, האָט ער געזאָגט:

— אה, אלמעכטיגער גאָט! דוא מיט דיינע גנאדען האָסט אונז גע־רעטעט!

דאָס איז ווירקליך געווען לאָרד גלענארוואן'ס יאכט שיף דיא "דאָנקאן", קאָמאנדירט פון ראָבערט, דער זוהן פון קאפּיטאן גרענט, וועלכער איז גע־שיקט געוואָרען צום אינזעל טייבאָר אויפזוכען דעם פערשטויסענעם איירטאָן און ברייגגען איהם אהיים, נאָך דרייצעהן יאָהר אָבקומענים פאר זיינע אמאָליגע זינד.

דיא קאָלאָניסטען זיינען ערשט געווען ניט נור גערעטעט, זאָנדערן אויף'ן וועג צו זייער פאָטערלאנד.

— קאפּיטאן גרענט — האָט סיירוס הארדינג געפרעגט — נאָכדעם זויא

איהר האָט איירטאָן'ען ניט געפונען אויף'ן אינזעל טייבאָר, ווער האָט אייך געגעבען דיא אידעע צו קומען זוכען איהם דאָ?

— קאַפּיטאַן האַרדינג — האָט ראָבערט גרענט געענטפערט — איך בין גע־קומען אהער ניט נור געפינען איירטאָן, זאָנדערן אייך אַלע.

— אונז אַלע?

— יאָ, אייך און אייערע קאָמפּאַניאָנען אויף'ן אינזעל לינקאָלן.

— אויף'ן אינזעל לינקאָלן? — האָבען דיא קאָלאָניסטען אויסגעשריען אַלע מיט אמאָל.

— פון וואַנען האָט איהר גאָר געוואוסט אז אן אינזעל לינקאָלן עקזיס־טירט? — האָט סיירוס האַרדינג געפרעגט — דיעזער געוועזענער אינזעל איז דאָך גאָר ניט געוועזען פערצייכענט אויף קיין מאַפּ?

— איך האָב דאָס געוואוסט פון א דאָקומענט וואָס איך האָב געפונען אויף'ן אינזעל טייבאָר — האָט דער יונגער גרענט געענטפערט.

— א דאָקומענט? — האָבען אַלע פערוואונדערט געפרעגט.

— יאָ, מיינע העררען, א דאָקומענט — האָט ראָבערט גרענט געענטפערט און ער האָט זיי געצייגט א שטיקעל פּאַפּיר אויף וועלכע עס איז געוועזען בעצייי־כענט וואו דער לינקאָלן אינזעל געפינט זיך און אז איירטאָן און פינף פערוואָר־פענע אמעריקאַנער געפינען זיך דאָרט.

— דאָס איז קאַפּיטאַן נעמאָ'ס ארבייט! — האָט סיירוס האַרדינג אויס־געשריען, ווייל ער האָט דערקענט דיא האַנד־שריפט וואָס איז געוועזען גלייך צו דער האַנד־שריפט פון דעם צעטעלע וואָס נעמאָ האָט פאַר זיי איבערגעלאָזט אין איירטאָן'ס שטיבעל ביי דיא שטאַהלען.

— אה, ערשט פערשטעה איך שוין — האָט פּענקראָפט געזאָגט — דאָס האָט קאַפּיטאַן נעמאָ אמאָל גענומען אונזער "באָנאַדווענטשור" און איז מיט איהר געפאָהרען נאָך'ן אינזעל טייבאָר און דאָרט איבערגעלאָזט דיעזען דאָ־קומענט. זעהט איהר שוין, ברידער, איך האָב געזאָגט, אז זאָגאַר נאָך זיין טויט וועט אונז דער קאַפּיטאַן אויך א טובה טהאָן.

— מיינע פריינדע — האָט האַרדינג געזאָגט — לאָמיר אַלע בעטען פאַר דער נשמה פון דעם פערשטאָרבענעם קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אונז אזוי פיעל גוטעס געטהאָן.

איירטאָן האָט זיך דאַן געווענדעט צום אינזשיניר און געפרעגט:

— וואו וועלען מיר דיעזען קאַסטען אוועקשטעלען?

דאָס איז געוועזען דער קאַסטען מיט דיא טהייערע שטיינער וואָס קאַפּי־טאַן נעמאָ האָט דיא קאָלאָניסטען אוועקגעשענקט. איירטאָן האָט דעם קאַסטען געראַטעט, וועהרענד דיא אַנדערע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע איז עס זאָגאַר

אין זינען ניט געלעגען אין דער צייט וואָס א שרעקליכער טויט איז זיי געשטאַנען פאר דיא אויגען.

— איירטאָן, איירטאָן! — האָט סיירוס הארדינג געזאָגט העכסט געריהרט, דאן האָט ער זיך געווענדעט צו ראָבערט גרענט און האָט געזאָגט:

— מיין הערר, איהר האָט אויף'ן אינזעל טייבאָר איבערגעלאָזט א קרימינעלען פערברעכער און איהר האָט אויף זיין פּלאַץ געפונען א העכסט אָרענטליכען מאַן, וועמעס האנד איך בין שטאָלץ צו דריקען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען דאן דעם יונגען גרענט דערצעהלט פון אלעם וואָס עס האָט מיט זיי פּאסירט אויף'ן אונטערגעגאנגענעם אינזעל.

אין איינינע וואָכען ארום זיינען דיא קאָלאָניסטען אָנגעקומען קיין אמעריקא און זיי האָבען געפונען זייער לאַנד אין פריעדען נאָך דער שרעקליכער קריעג אין וועלכע זיי האָבען זיא פערלאָזען. דיא גערעכטיגקייט האָט געזיעגט.

פאר א גרויסען טהייל פון דעם אוצר וואָס קאפּיטאַן נעמאָ האָט אוועקגעשענקט צו דיא קאָלאָניסטען פון לינקאָלן אינזעל, האָבען זיי געקויפט א גרויסעם שטיק לאַנד אין שטאאט אייאָווא און זיי האָבען זיך דאָרט בעזעצט. איין פּערל, דער גרעסטער וואָס איז געווען אין קאסטען האָבען זיי אוועקגעשיקט צו מאדאם גלענארוואן אין נאָמען פון דיא פערוואָרפענע וואָס זיינען גערעטעט געוואָרען אויף דער שיף "דאָנקאן".

דאָרט אין זייער טעריטאָריע האָבען דיא זעקס חברים געלעבט גליקליך אין רייכטהום און אין כבוד. זיי האָבען געגרינדעט א גרויסע קאָלאָניע און זיי זיינען געווען גאסטפריינדליך צו אלע וואָס האָבען זיך דאָרט געוואָלט בעזעצען, אזוי וויא זיי האָבען געדענקט צו טהאָן אויף'ן אינזעל לינקאָלן.

זיי האָבען זייער קאָלאָניע א נאָמען געגעבען "לינקאָלן", צום אנדענקונג פון דעם פערזונקענעם אינזעל. א טייך וואָס האָט זיך געצויגען ביי דער קאָלאָניע, האָבען זיי א נאָמען געגעבען "מערסי", א בארג וואָס דאָרט איז געווען, האָבען זיי גערופען "מאונט פרענקלין", אן אָזיערא — "לייק גרענט" און א וואלד "פאר וועסט". זיי האָבען אלזאָ געהאט אלעס וואָס זיי האָבען געהאט אויף'ן אונטערגעגאנגענעם אינזעל. זייער שאדען האָט זיך אומגעקעהרט.

זיי זיינען געווען ערפאָלגרייך אין אלע זייערע אונטערנעהמונגען. זיי האָבען געלעבט צוזאמען און געשאפט צוזאמען, ווייל זיי האָבען געשוואָרען אז זיי זאָלען זיך קיינמאָל ניט שיידען.

נעב איז פערבליבען נעבען זיין ווירטה. איירטאָן איז צו אלע זיינע רעטער און וואָהלטהעטער געווען איבערגעגעבען מיט לייב און זעלע און פּענקראָפט האָט זיך אָבגעגעבען מיט ערד ארבייט און ער האָט דיא מאטראָזען־קונסט אין גאנצען פערגעסען. הערבערט האָט אונטער דיא אויפזיכט פון סיירוס הארדינג

שטודירט און ער איז געוואָרען א וויסענשאפטסמאן און גידעאָן ספּילעט האָט עררייכט זיין וואונש און ער איז געוואָרען דער ארויסגעבער פון א זשורנאל מיט'ן נאָמען "ניו לינקאָלן העראָלד", וואָס איז געווען איינער פון דיא בעסטע זשורנאלען אין דער וועלט.

לאָרד גלענארוואן און זיין פרוי, קאפּיטאן מאנגעלס און זיין פרוי, דיא שוועסטער פון ראָבערט גרענט, ראָבערט גרענט אליין, מאיאָר מעק'נאב און אלע אנדערע וואָס האָבען אנטהייל גענומען אין דער געשיכטע פון קאפּיטאן גרענט און קאפּיטאן נעמאָ, פלעגען אָפט קומען צו א בעזוך צו סיירוס הארדינג און זיינע קאָמפּאניאָנען און זיי פלעגען פערברייננגען צוזאמען אין גרויס פערגעניגען.

צום שלוס דארף געזאָגט ווערען, אז דיא אלע פערזאָנען וואָס האָבען געשפּיעלט א ראָלע אין דער געשיכטע פון געהיימניספאָלען אינזעל, זיינען פערבליבען גליקליך זייער גאנצען לעבען. אָבער זיי האָבען קיינמאָל ניט געקענט פערגעסען יענעם אינזעל, אויף וועלכען זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען אָרים און עלענד, יענעם אינזעל וואָס אין פערלויף פון פיער יאָהר האָבען זיי דאָרט ערוואָרבען אלעס וואָס זיי האָבען געדארפט, יענעם אינזעל וועלכער איז פערניכטעט און אָבגעשווינקט געוואָרען פון דיא וואסערען פון שטילען מעער און וואו עס געפינט זיך דער קבר פון א מאן, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען "קאַפּיטאן נעמאָ".

ע נ ד ע.